אַננאַ לאַנגפוס

# זאַלץ און שוועבל

ראָמאַן

ייִדיש: באָרווין־פרענקעל

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תשכ"ט — 1969

**Anna Langfus**

**LE SEL ET LE SOUFRE**

roman

édité par le Foyer Ouvrier Juif, Paris
aux Editions I. L. PERETZ
31, Allenby St., Tel-Aviv

**אַננאַ לאַנגפוס / זאַלץ און שוועבל**
**פאַרלאַג י.ל. פרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב**

**אַרויסגעגעבן דורכן „אַרבעטער־היים״, פּאַריז**
**מיט דער הילף פון דעם פּאַראייניקטן סאָציאַלן פאָנד (F.S.J.U.)**
**און פון דער געזעלשאַפט „פאַראייניקטע לובלינער און אומגעגנט״ פון פּאַריז.**

**נדפס בישראל תשכ״ט**
Imprimé en Israël 1969



**נסדר: לינו־טור, רח׳ יסוד־המעלה 39, ת״א**
**נדפס: דפוס „ערבה״, רח׳ ליבנדה 36, ת״א**

# אינהאַלט


| | |
|---|---|
| צוגרייטונג־קורס | 7 |
| אַ וועג אַן אַ צוריק | 32 |
| אין געלויף נאָכן מאָרגן | 91 |
| אַ רויק שטיל ווינקעלע | 147 |
| די געזעצן פון גאַסטפריינדלעכקייט | 169 |
| דער לעצטער שטאָפּל | 235 |
| אין שויץ פון דער צייט | 283 |
| דאָס וואָס בלייבט | 334 |

גפרית ומלח שרפה כל ארצה...
דברים כ״ט

# צוגרייטונג־קורס

ווען הער לוקאַ פלעגט לאַכן, פלעגט ער פאַרוואַרפן דעם קאָפּ אויף הינטן און מען פלעגט בלויז זען ווי ס׳טרייסלט זיך זיין בויך. מען האָט געקענט מיינען, אַז אָט דער בויך גיט עס אַרויס די מאָדנע קלאַנגען, דורך וועלכע ס׳פלעגט זיך אויסדריקן הער לוקאַס הילכיק לאַכן. די, וואָס פלעגן עדות זיין פון אַזאַ אָנפאַל, פלעגט אַרומכאַפּן אַ געוויסע אומרויִקייט, ווייל פון די דאָזיקע דערשטיקטע קליינע אויסגעשרייען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איבערחזרן איינער נאָכן אַנדערן, האָט מען געקענט אַרויסדרינגען, אַז ס׳ווערט באַגאַנגען עפּעס אַ שרעקלעכער מאָרד. דער הער לוקאַ האָט געלאַכט און דערפאַר, קען זיין, האָט מען זיי נישט געהערט אָנקומען. ווען מיר האָבן זיי דערזען, זענען זיי שוין געווען איבער אונדז, דורכשניידנדיק דעם דורכויס בלויען הימל. זיי האָבן געבלאַנקט אין זון אַזוי ווי ווערטפולע און פּרעציזע מכשירים. מיין מאַמע האָט געקוקט אויף זיי אַ באַגייסטערטע און אירע אויגן האָבן געפינקלט. איך האָב געקוקט אויף מיין מאַן, וואָס איז געזעסן ביי מיינע פיס און געהאַלטן זיין האַנט אָנגעלענט אויפן שטערן כדי זיך צו שיצן פון דער זון. מיר זענען יענעם טאָג אַלע געזעסן אויפן באַלקאָן און האָבן נאָר וואָס געהאַט אָפּגעגעסן מיטאָג. דאָס ליכט האָט אויסגעשניטן ווי אין מעטאַל די בלעטער פון גאָרטן. צוויי אַרבעטער האָבן זיך געפּאָרעט ביים צורעכטמאַכן אַ פּאַרקאַן. זייערע באַוועגונגען זענען געווען פּאַמעלעכע. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אויך זיי זענען ווי איינגעדרימלט דורך דער אויסער־געוויינטלעכער חמימה פון דעם סעפּטעמבער־טאָג. עס האָבן זיך באַוויזן אַנדערע אַוויאָנען ווי אַרויסגעטויכטע פון דער בלויקייט און זיי האָבן גענומען פלייסיק אויסוועבן אַן אומגעזעענע נעץ.

— טוט נאָר אַ קוק, האָט הער לוקאַ געזאָגט, און זיין קאָפּ האָט זיך צוריק

באַוויזן אויף זײַנע אַקסלען, און זאָל מען מיר נישט דערציילן, אַז מיר זענען אומפּעיִק זיך צו פאַרטיידיקן. קוקט זיך בעסער צו און זייט מודה, אַז מיר פאַרמאָגן אַזוינס וואָס זאָל אַרויסרופן צו אונדז דרך ארץ, אוי, וויפל ס׳איז אַלץ דאָ... פוילן גרייט זיך. און אין זיין שטים האָט וויברירט אַ מענלעכע אַנטשלאָסנקייט.

מיין פאָטער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אָנגעגאָסן זיין דריט גלאָז טיי און האָט גוטמוטיק געשמייכלט. די ביימער פון גאָרטן האָבן זיך אויפגעוועקט, אויפגעטרייסלט דורך אַ פּלוצעמדיקן ציטער, הגם מ׳האָט נישט גע־פילט דעם מינדעסטן בלאָז פון אַ ווינט. די צווייטע באַמבע איז געפאַלן אויף דער אַנדערער זייט פאַרקאַן, ביי וועלכן די אַרבעטער האָבן געאַרבעט. כ׳האָב געזען, ווי זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף ד׳רערד. מיין טאַטע האָט אַ רגע איינגעהאַלטן זיין גלאָז נאָענט פון די ליפן און איצט האָט ער עס צוריק פאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג ווי לייכט עס קען זיך צעברעכן. הער לוקאַ האָט כסדר געליאַרעמט: — ס׳איז אַ טעות, איך זאָג אייך, ס׳איז אַ טעות, אַ פּשוטער טעות...

מיין מוטערס ברעמען האָבן זיך צונויפגעשרומפּן, אויסגראַבנדיק אַ טיפן קנייטש, דורך וועלכן ס׳האָט זיך צוריקגעצויגן די גאַנצע יונגקייט פון איר פּנים.

— קינדער, גייט אַריין אין שטוב, האָט זי געזאָגט, גייט שנעל אַריין.

איר שטים האָט אויפגעקלונגען ווי אַ שלעכט נאָכגעמאַכטע. מיר האָבן געפאָלגט און זענען צוריק אַריינגעגאַנגען אין עסצימער און, נישט וויסנדיק אַפילו פאַר וואָס, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף אונדזערע שטענדיקע פּלעצער אַרום דעם גרויסן טיש. מיר האָבן געהערט ווי ס׳פאַרמאַכן זיך איינס נאָכן אַנדערן די פענצטער אין דער וווינונג. אַזוי האָט מיין ניאַנקע זיך צוגעאײלט אָפּצוטיילן אונדזער קליין וועלטל פון דער צעררודערונג פון דרויסן. דער אויפרייס פון דער דריטער באַמבע האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם געבראַזג פון אונדזער קרישטאָלענעם זשיראַנדאָל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעשמעטערט אין מיטן פון טיש. קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן אַחוץ דעם הער לוקאַ, וואָס האָט זיך גענומען דרייען אין אַלע זייטן, כדי זיך אַרויסצוקריגן פון דעם פאָטעל, אין וועלכן ער איז געזעסן אַן אַריינ־

געקוועטשטער. איך האָב באַטראַכט אַ שפּליטער פון זשיראַנדאָל, וואָס איז געלעגן אַנטקעגן מיר און אין וועלכן דאָס ליכט האָט אָפּגעשפּיגלט זיינע פאַרבן. כ׳האָב דערהערט ווי מען רוקט אַ שטול און ווען כ׳האָב אויפגעהויבן די אויגן, האָב איך דערזען ווי מיין מוטער פאַרשווינדט אין אַ דערבייאיקן צימער. אין זעלבן מאָמענט האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויפן פּנים פון מיין מאַן. אַ ברייטער פּאַס בלוט האָט פאַרצויגן זיין שטערן. אויף אַ קורצער ווײַלע האָב איך דערזען אין מיין דמיון אַ גראַווויור, וואָס האָט אילוסטרירט איינעם פון מיינע אַלטע ביכער פון געשיכטע און וואָס האָט פאָרגעשטעלט, אונטער די געוועלבן פון אַ קעלער, אַ מאַן, וועלכער ווערט געפּייניקט. דאַן האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זשאַקן און אים געטומען דריקן אין מיינע אָרעמס. אין האַלדז האָט מיך געדריקט אַ ניי אומדערטרעגלעך געפיל און כ׳האָב בלויז געקענט איבערחזרן זשאַקס נאָמען. ער האָט געמיינט, אַז איך האָב פּשוט מורא פאַר די אַוויאָנען און האָט געפּרוּווט מיך באַרוּיקן:

— זיי זענען שוין אַוועק, האָט ער געזאָגט, זיי וועלן מער נישט קומען, ס׳איז געענדיקט... כ׳האָב דערהערט ווי מיין ניאַנקע האָט אויסגעשריגן הינטער מיר: יעזוס מאַריאַ! איר זענט דאָך פאַרווּנדעט, הער זשאַק!

— איך? זאָגט זשאַק אַן איבערראַשטער און רוקט מיך פּאַמעלעך אָפּ אָן אַ זייט. ער האָט דורכגעפירט אַ האַנט איבער זיין שטערן און זי צוריקגעצויגן אַ פאַררויטלטע פון בלוט.

מיין מוטער איז צוריקגעקומען מיט אַ גאַנצער אַפּטייק אין אירע הענט. מיט אויטאָריטעט פאָרעט זי זיך אַרום מיין מאַן. מיט פּרעציזיע און אויס־גערעכנטע באַוועגונגען האָט זי אויסגעוואַשן און דעזינפעקטירט זיין ווונד און אַרויפגעטאָן אויף איר אַ באַנדאַזש פון ליקאָפּלאַסט. דערביי האָט מיין ניאַנקע די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן:

— ס׳איז סוף וועלט, ס׳איז סוף וועלט.

הער לוקאַ האָט זיך אַרויסבאַקומען פון זיין פאָטעל, איז פאַרבליבן שטיין אויפן אָרט און אַ צעטומלטער זיך צוגעקוקט צו מיין מוטערס באַוועגונגען. זיין בויך האָט פאַרלוירן אַ ביסל פון זיין אַראָגאַנץ. ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער הענגט אַ ביסל אַראָפּ, ווי אַ האַלב אויסגעבלאָזענער באַלאָן. שעמעוו־דיקערהייט האָט ער נאָך אַלץ געפּרוּווט מאַכן אַן אָנשטעל:

— ס׳איז זיכער אַ טעות, ס׳קען טרעפֿן, אַז עס געשעט אַ טעות בעת די מאַנעווורעס...

די אמתע באַמבאַרדירונג פֿון וועלכער מיר האָבן בלויז פֿאַרזוכט דעם פֿאַרשפּיל, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. די באָמבעס זענען געפֿאַלן כמעט אָן איבעררייס, אויפֿרייסנדיק אַ מאָל אַ ביסל אין דער ווייט. אַ מאָל אין דער נאָענט, ענדערנדיק אויף אַ נישט פֿאַרויסגעזעענעם אופֿן דאָס שלאָגן פֿון אונדזערע הערצער. די ברוכברעקלעך פֿונעם זשיראַנדאָל אויפֿן טיש האָבן פּלוצעם אָנגעהויבן צו וויברירן און עס איז אַנטשטאַנען אַ מין ציטערן פֿון ליכט און פֿון קאָלירן. מיר האָבן געהערט דעם געבראַזג פֿון שויבן אין אַ צימער. כ׳האָב באַמערקט, אַז די קליינע וואָנצע ביי מיין טאַטן האָט געציטערט נאָר פֿון איין זייט אויף זייער אַ קאָמישן אופֿן ווי זי וואָלט געטרייסלט געוואָרן דורך אַ נערוועזיש צוקן. הער לוקאַ, פֿון זיין זייט, האָט זיך געקלאַמערט אָן קרעדענס. די מאַמע האָט זאָרגפֿעליק צונויפֿגעקליבן די ברעקלעך פֿון זשיראַנדאָל, וואָס זענען געווען פֿאַרשפּרייט איבער אַלע פֿיר עקן פֿון עסצימער. זשאַק האָט איר צוגעהאָלפֿן. זי האָט עס געטאָן געלאַסן און מיט אַן אויסדרוק פֿון ערנסטקייט, וואָס האָט באַטייט, אַז דאָס איינציקע וואָס דער שׂכל איז איצט מחייב צו טאָן איז טאַקע צוריקצוברענגען אָרדענונג אין צימער.

— מאַדאַם מאַריאַ, צי גלייבט איר, אַז דאָס וועט נאָך לאַנג אָנהאַלטן? האָט געפֿרעגט הער לוקאָס קליין שטימעלע. איך דאַרף אַהיימגיין, טאַקע אין דער אמתן, איך מוז גיין אַהיים, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט.

— אויב איר האָט מוט, גייט, אויב נישט, וואַרט צו און פֿאַרבלייבט רויִק.

לוקאַ האָט מיט אַ מאָל פֿאַרגעסן זיין מורא און צוגעוואָרפֿן אַ בייזן בליק מיין מוטער.

— מען זאָגט, אַז זיי מאַכן נישט קיין שפּאַס מיט די יידן...

ער האָט געלאָזט פֿאַרבייגיין עטלעכע סעקונדעס, כדי צו זען וואָסער איינדרוק ס׳האָבן געמאַכט זיינע ווערטער, וועלכע האָבן בלויז נאָך אַ מאָל געמאַכט אויפֿצוקן מיין טאַטנס וואָנצע. דאַן האָט ער איבערגעחזרט, אַרויס־ברענגענדיק געווי יעדע זילב: מען זאָגט, אַז זיי מאַכן שוין גאָרנישט קיין שפּאַס מיט די יידן...

דאָס הויז האָט אויפגעציטערט, און כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער דיל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אונטער מיינע פיס.

הער לוקאַ האָט ווידער געלאָזט הערן זיין אונטערטעניק און אומבאַ־שטימט שטימעלע:

— ס׳וואָלט אפשר געווען גלייכער אַרונטערצוגיין אין קעלער אַריין.

— די טיר פון קעלער געפינט זיך פונקט אונטער די שטיגן, רעכטס — האָב איך געזאָגט. אין מיינע אויגן האָט ער אויפגעהערט צו זיין קאָמיש. אין דעם מאָמענט איז ער מיר שוין געוואָרן אָפּשטויסנדיק, כ׳האָב געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון זיין מיאוסן בלאַסן פּרצוף. ס׳איז אָבער נישט נויטיק געווען אים צו ווייזן דעם וועג. ווי נאָר איך האָב אַרויסגעזאָגט די ווערטער האָט ער זיך מיט זיינע קליינע טריטעלעך אַוועקגעלאָזט צו דער טיר, וואָס איז געבליבן אָן אָפענע הינטער אים.

— די דייטשן וועלן דאָ האָבן כאַטש איין פּאַרבינדעטן, זאָגט מיין מאַמע.

מען האָט נאָך געהערט צוויי אָדער דריי פּאַרטויבטע ווייטע אויפרייסן. אַן אַוויאָן איז אַדורכגעפלויגן זייער נידעריק, דערנאָך איז געוואָרן שטיל. מיין פאָטערס פּנים איז געוואָרן רויִקער. ער איז צוגעגאַנגען צום בופעט פון וועלכן ער האָט אַרויסגענומען אַ קאַראַפקע מיט ליקער און אַ גלעזל. נאָך דעם ווי ער האָט עס אָנגעפילט, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אונדז:

— איך דאַרף זיך אַ ביסל אויפהייטערן.

דאָס איז געווען זיין שטענדיקער אופן זיך צו באַרעכטיקן יעדעס מאָל, ווען עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ גלעזל משקה. און מער האָבן מיר נישט באַדאַרפט כדי מיר זאָלן אָנהויבן גלייבן, אַז אַלץ וועט ווידער אָנגיין ווי אַ מאָל, אַז אונדזער טעגלעכער סדר וועט אָנהאַלטן אָן אַ סוף, נישט געקוקט אויף דער מלחמה, נישט געקוקט אויף די דייטשן.

— דאָס וואָס מען דערציילט וועגן די דייטשן, זאָגט מיין טאַטע, זעט מיר אויס צו זיין אַ היפּש ביסל איבערגעטריבן. וואָס ווייס מען אייגנטלעך וועגן זיי, וועגן דעם וואָס זיי טוען יאָ אָדער נישט? — גאָרנישט, גאָרנישט באַשטימטס. לויט מיר, וואָלט געווען נאַריש זיך איבערצונעמען מיט די קלאַנגען, וואָס קיינער האָט נישט נאָכקאָנטראָלירט.

אָנגעלענט אָן בופעט, האַלטנדיק דאָס גלעזל אין דער האַנט, האָט מיין

טאַטע זיך אויפגעקלערט פאַר וואָס מען דאַרף זיך נישט אַלאַרמירן. מיר האָבן זיך מער צו אים נישט צוגעהערט. מיר האָבן אַלע גערעדט אויף אַ מאָל, מיר האָבן געלאַכט, מען האָט זיך געוויצלט, כדי וואָס גיכער צוריקצושטעלן דעם אויף אַ ווײַלע צעשטערטן גלײַכגעוויכט.

— און אפשר וועט מען שפּילן אַ פּאָקער? האָט פאַרגעלייגט זשאַק.

אין די וויַיטערדיקע טעג האָבן מיר אַ סך געשפּילט אין פּאָקער. מיר האָבן מיט אַ כוונה זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער צוקונפט. פאַר אונדז איז וויכטיק געווען בלויז דער פאַקט וואָס מיר זענען צוזאַמען, צווישן אונדז, אין אונדזער גוט אָפּגעשלאָסענעם קליינעם וועלטל. מיר האָבן אויפ־געקלעפּט סטענגעס פּאַפּיר אויף די שויבן אין דער פאָרעם פון אַ צלם, כדי זיי זאָלן זיך האַלטן און האָבן געגעומען מיינען פון איצט אָן, אַז מיר זענען אויסער געפאַר. די באַמבאַרדירונגען האָבן מער נישט באַוויזן אונדז צו באַ־אומרויִקן. מיר האָבן געהאַלטן, אַז צו אונדז האָט עס קיין שייכות נישט. באַמבעס זענען געפאַלן און מיר האָבן געשפּילט אין פּאָקער.

איינער פון מיינע אַלטע חברים איז געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער ביי אונדז. איידער ער פלעגט זיך אַוועקזעצן, פלעגט ער אַוועקלייגן פאַר זיך אויפן טיש אַ קליינע גאַז־מאַסקע. מען האָט אין יענע צייטן אַ סך גערעדט וועגן גאַז־באַמבעס. ווי נאָר ס'פלעגן זיך דערהערן די ערשטע אויפרייסן, פלעגט ער אַוועקלייגן די קאָרטן און זאָגן העפלעך: „אַנטשולדיקט מיר", און אָנטאָן די מאַסקע אויפן אונטערשטן טייל פון זיין פּנים. דערנאָך, רויִק, צוריק אָנהייבן שפּילן.

מיר האָבן זיך געפּילט ווי אין דער מיט פון אַ גרויסן זייפנבלאָז, וואָס שוועבט אין חלל, וויַיט פון דער ערד, און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וחשבון פון דער נישטיקייט פון אונדזער באַהעלטעניש, האָבן מיר געשפּילט אין פּאָקער, בעת די חיה איז אומברחמנותדיק פאָרויסגעגאַנגען אויף אירע טויזנטער פיס, געפרעסן מיט אירע טויזנטער מיילער און געטראָגן דעם טויט אויף אירע טויזנטער הענט. זי איז אַריינגעדרונגען ביי נאַכט אין דער שטאָט אַריין, אָן רעש, און האָט זיך באַזעצט אין מיטן פון מענטשנס שלאָף.

די נאַכט איז געווען ווי די אַנדערע נעכט, אַ מילדע. אַזוי ווי איך האָב זיך אויפגעפירט פון קינדוויַיז אָן ביז מיין חתונה, פלעג איך די ערשטע גיין

שלאָפן, ווייל זינט איך בין צוריקגעקומען אַ היים, האָב איך אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן גענומען זיך אויפפירן אַזוי ווי אַ מאָל. די דערשטיקטע שטימען פון דערוואַקסענע, וואָס פלעגן צו מיר דערגיין, די פון מיין מאַן און פון מיינע עלטערן, פלעגן מיר פאַרשאַפן אַ געפיל פון רויִקייט און פון זיכערקייט אין בעט, און וואָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אַנדערע האָבן געוואַכט, אַנדערע האָבן באַשלאָסן, אַנדערע האָבן געוווּסט וואָס מען דאַרף טאָן אין אַלע באַדינגונגען, אַזוי אַז איך האָב זיך נישט געדאַרפט דערמיט פאַרנעמען. דאַן פלעגט דערשיינען די ניאַנקע מיט דעם אייביקן נאַכט־טעפּל אין דער האַנט. כאָטש כ׳האָב יעדעס מאָל פּראָטעסטירט, זיך דענערווירט, דערקלערט אַז כ׳בין שוין גענוג דערוואַקסן כדי אַליין אויפצושטיין, האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיין ניאַנקע מיט איר באַליידיקט פּנים האָט געהאַט איין תשובה: „זיכער וועסטו זיך אויפהייבן און לויפן באָרוועס און וועסט זיך פאַרקילן. איך קען דיך צו גוט". אויב איך פלעג זיך איינשפּאַרן, פאַרזיכערנדיק אַז איך דאַרף בכלל נישט אַרויסגיין ביי נאַכט, פלעגט זי ענטפערן ערנסט, אַז „דאָס קען מען קיין מאָל נישט פאָרויסזען", און זי פלעגט לאָזן דאָס נאַכט־טעפּל לעבן בעט אַזוי אַז מען זאָל עס קענען גלייך דערזען. גראָד דעם אָוונט האָב איך באַטראַכט די יוסטע פאָרם פון ווייסן פאָרצעליי, וואָס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך מיט מיר געקרייצט. געוויינלעך, פלעג איך, ווי נאָר די ניאַנקע איז אַרויס, עס אַרונטערשאַרן אונטערן בעט. אָבער נישט דעם אָוונט. איך האָב נישט געקענט אָפּווענדן מיינע אויגן פונעם נאַכט־טעפּל, כ׳האָב אין אים געפונען עפּעס אַ לצנישן און גלייכצייטיק באַרויִקנדיקן אויסזען. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז עס פאַרמאָגט אַ שעלמישן און גוטמוטיקן אויסדרוק, אַ ביסל אַ שווערן. עס איז געווען אַ טייל פון די געוויינלעכע און סאָלידע זאַכן אויף וועלכע עס שטייט אַ טאָג־טעגלעכער אוניווערס, אַ גוטהאַרציק קאַרליקל, אַ שטוב־געטשקע און הויז־באַשיצער. אַן אומצופרידענע האָב איך פלוצעם גענומען פרעגן זיך אַליין פאַר וואָס איך דאַרף זיך מיט אים שעמען, פאַר וואָס איך האָב דורכויס געוואָלט אים פאַרשטעקן, און כ׳האָב אויך גענומען טראַכטן וועגן מיין ניאַנקע, וועגן אירע קושן, וואָס האָבן געהאַט דעם ריח פון וועש, פון טאַבאַק און, מאָדנע, אויך פון וואַניליע. איידער זי איז אַרויס האָט זי מיר געזאָגט: „דער הער זשאַק

איז זייער אַ פיינער מענטש, נאָר פון דעסטוועגן, האָט מען נישט באַדאַרפט אַזוי פרי דיך חתונה מאַכן". יעדן אָוונט פלעגט זי ביים אַרויסגיין איבערחזרן די זעלבע ווערטער. איך האָב זיך געפילט שולדיק לגבי איר. שולדיק וואָס איך בין אָוועק מיט מיין מאַן אויף אַ גאַנץ יאָר אין אויסלאַנד, וואָס כ'האָב דערלאָזט, אַז אַן אַנדער עקזיסטענץ, אַנדערע געוווינהייטן, אַנדערע פּנימער זאָלן מיך אַרומנעמען. איך האָב געטראַכט וועגן איר אייפערזוכט לגבי אַלע אַנדערע גוווערנאַנטקעס, וואָס האָבן זיך איינע נאָך דער אַנדערער פאַרנומען מיט מיר און אויף וועלכע זי האָט תמיד געהאַט עפּעס אויסצורעדן אַזוי ווייט, אַז מיין מאַמע פלעגט, צוליב שלום־בית, צום סוף אָפּזאָגן איינע און נעמען אַן אַנדערע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין נאָך אַן ערגערע. די דאָזיקע געדאַנקען זענען נישט געווען ניי. אָבער אַנשטאָט זיי צו פאַר־טרייבן ווי כ'פלעג עס תמיד טאָן, האָב איך גראָד דעם אָוונט זיי לאַנג געהאַלטן אין קאָפּ. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען לענג־אויס מיין קינדהייט, אַזוי ווי מען וואַרפט אַ לעצטן בליק אויף אַ היימישער לאַנדשאַפט, איידער מען פאַרלאָזט זי אויף אייביק.

אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי די ניאַנקע איז אַרויס, איז מיין מאַמע אַדורך דורך מיין צימער. איך האָב זי צוגערופן. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבער מיר און מיר געגעבן אַ קוש. איך האָב זי פעסט אַרומגענומען.

— וואָס איז? האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן. איך האָב זי כסדר געהאַלדזט און נישט געענטפערט. — זע זאָלסט גוט דורכשלאָפן נאָך איין נאַכט.

— דו גלייבסט טאַקע אַז זיי...

— איך גלייב, מיין קינד, אַז דו דאַרפסט שנעל ווערן אַ דערוואַקסענע.

אַ פירעק ליכט שניידט זיך אַריין אין צימער. אין דער מיט שטייט מיין פאָטער אין אַ פּיזשאַמע, באָרוועס. די קלעפּ אין דער טיר הערן אַ ווײַלע אויף, דערנאָך ווערן זיי שטאַרקער. מיין פאָטער רירט זיך נישט. זשאַק, וואָס האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט, זיצט אין בעט און הערט זיך איין. די שטים פון דער מאַמען דערגרייכט צו אונדז נאָך פול מיט שלאָף.

— וואָס איז געשען?

קיינער ענטפערט איר נישט. מיר בלייבן דאָ אַלע דריי אָן לשון, אַז

באַוועגונג. אין דער זעלבער צייט ווערן די קלעפּ אין דער טיר אומגעדול־דיקער. מיין מאַמע גייט שנעל אַדורך דאָס צימער און פאַרשווינדט אין קאָרידאָר, מיר הערן ווי ס׳קלאַפּן אירע פּאַנטאָפל בעת זי דערנענטערט זיך צו דער טיר.

— ווער איז עס ? פרעגט זי און איר שטים איז מאָדנע רויק.

דער ענטפער קומט גלייך. איין איינציק דייטלעך וואָרט, וואָס זיין וואָג צעשטערט אין איין רגע דעם גלייכגעוויכט פונעם וואָרטן און שלײַדערט אונדז אַריין אין דער וועלט פון מורא :

— אויפמאַכען !

איך שפּרינג אַראָפּ פון בעט. שטייענדיק לעבן מיין פאָטער, וואָס איז ווי פּאַראַליזירט, הער איך דעם קלאַנג פונעם טיר־קייטל, וואָס מען ציט אַרויס, דעם גערויש פון שלאָס, וואָס מען שליסט אויף, דאָס שטילע קרעכצן פון דער טיר, וואָס עפנט זיך.

— מיר זענען געשלאָפן, זאָגט מיין מאַמע אויף דייטש.

— איך באַדויער, זאָגט די אַנדערע שטים אַן אומפּערזענלעכע, וויפל מענער געפינען זיך דאָ ?

— צוויי.

— ווי אַלט ?

— דריי און פופציק יאָר און...

יענער אָבער הערט שוין נישט. ס׳דערנענטערן זיך שווערע טריט. אַ ליכט־סנאָפּ פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ שניידט דורך די פינצטערניש פון צימער, כאַפּט אויף דאָס פנים פון מיין פאָטער, אַנטפּלעקט זיין ציטערדיקע וואָנצע און זיינע אויגן־לעפּלעך, וואָס לויפן אַרויף און אַראָפּ איבער די צעשראָקענע אויגן. דערנאָך קומט מיין ריי. דאָס ליכט פאַרהאַלט זיך לאַנג אויף מיר איידער עס אַנטדעקט זשאַקן.

— איר דאָרט, זאָגט דער מאַן, וואָס איז פאַרשטעקט הינטער דעם פאַרבלענדנדיקן בליץ פון זיין עלעקטרישן לאָמפּ, טוט זיך אָן און קומט מיט מיר.

איך גיב זיך אַ וואָרף פאָרויס, אָפּשטופּנדיק דעם ליכט־סנאָפּ וואָס צעשיידט אונדז, איך כאַפּ אָן זיין אַרבל.

— ער קען נישט גיין מיט אײַך, זאָג איך אין אַ צעקאַליעטשעטן דײַטש. ער איז קראַנק, זייער קראַנק.

— צינדט אָן דאָס ליכט, זאָגט ער, אַזוי ווי ער וואָלט מיך נישט געהערט. עמעצער דרייט אויף דעם עלעקטרישן קנאָפּ און דער פֿאַרשווין באַוויזט זיך צווישן אונדז: אַ יאָר פֿערציק. ברייטע פּלייצעס, דער קערפּער כמעט אַ פּירעקיקער. זיינע אויגן זעען אויס ווי אויסגעשניטענע אינעם שטאָף פֿון זיין גרינעם מונדיר. ס׳איז בלויז אַ מענטש, אַ מענטש ווי אַלע מענטשן — און מיין מורא פֿאַרשווינדט.

— איר קענט אים נישט מיטנעמען מיט זיך, זאָג איך אַנטשלאָסן.

ער קוקט מיך אָן אַזוי ווי איך שטיי אין מיין דורכזיכטיקן נאַכט־העמד מיט דעם קליינעם שמייכל, וואָס עס וואָלט געהאַט יעדער מאַן אויף זיין אָרט. איך ווער ביי מיר נאָך אַ ביסל זיכערער.

— איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט פֿאַרשטיין.

זיין שמייכעלע פֿאַרשווינדט מיט איין מאָל.

— איך באַדויער, זאָגט ער, דער באַפֿעל איז צונויפֿצוזאַמלען אַלע מענער אין עלטער פֿון מיליטער־דינסט.

— אָבער אַז איך פֿאַרזיכער אײַך...

איך געפֿין נישט מער מיינע ווערטער, קוקנדיק אויף דעם פֿאַרשטיינערט געוואָרענעם פּנים.

— ס׳איז אומזיסט צוצושטיין, זאָגט ער נאָך, ס׳איז אַ באַפֿעל.

זשאַק שטעלט זיך אויף און הייבט זיך אָן אָנטאָן פּאַמעלעך, מעטאָדיש.

— שנעלער, זאָגט דער דײַטש.

— וווּהין נעמט איר אים? פֿרעג איך אים און גיב זיך שוין בשעת מעשה אונטער זיין ווילן.

— ער וועט ווערן געהיט ווי אַן ערובניק. מיר ווילן זיין זיכער, אַז אייערע מיטבירגער וועלן זיך פֿאַרהאַלטן רויִק. אויב אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, וועט איר אים אין גיכן ווידער זען.

זשאַק ענדיקט זיך אָנטאָן. ער געהערט נישט מער צו מיר. ער געהערט צו דעם מאַן אין גרין מיט דעם אויסדרוקלאָזן פּנים. ווען ער איז שוין גרייט, דערלאַנגט אים מיין מאַמע דעם רעגנמאַנטל. די פּשוטע באַוועגונג

מיט וועלכער ער נעמט אים, צעטומלט מיך. איך טראַכט נישט מער צו בויען זאַצן. מיט ווערטער אָן שום טאָלק אין דייטש, פויליש העגג איך זיך אָן אין דעם מענטש, וועלכן די נאַכט האָט אַ שליידער געטאָן צווישן אונדז. איך בעט זיך ביי אים, ער זאָל נישט אַוועקנעמען מיין מאַן. בעסער זאָל ער מיך מיט־נעמען, מיך, און זאָל מיך אפילו הרגענען... מיט אַ האַנט־באַוועגונג רוקט ער מיך אָפּ און אַ שאָטן פון פאַראַכטונג לויפט אַדורך אין זיינע אויגן. אין דער רגע ווען זיי גייען ביידע אַרויס, הייב איך אָן צו שרייען, צו שרייען וואָס אַ מאָל שטאַרקער. מיין מוטער האַלט מיך צו, דריקט מיך צו צו זיך. אָנט־שלאָסן און אומברחמנותדיק.

די טיר פאַרהאַקט זיך הינטער זיי און מיט איין מאָל באַרויִק איך זיך. מיין טאַטע שטייט נאָך אַלץ אומבאַוועגלעך אין דער פּיזשאַמע. זיין לעבער־לעכע קליינע וואָנצע ציטערט פון איין זייט. איך באַמערק מיין ניאַנקע, וואָס באַהאַלט זיך אין אַ ווינקל. אַלע דריי האָבן זייערע אויגן געוואָנדן אויף מיר פול מיט מיטלייד. מיין מאַמע פּרוווט מיך אַ גלעט צו טאָן, איך שטויס זי אָפּ. דער דאָזיקער כעס, וואָס נעמט זיך פון מיין אומבאַהאָלפנקייט ווענדט זיך פּחדניש קעגן זיי.

— אויף וואָס וואַרט איר, אייגנטלעך, כדי זיך צוריקצולייגן שלאָפן? איר וועט זיך פילן אַ סך באַקוועמער אין אייערע וואַרעמע בעטן. ס׳לוינט נישט צו שפילן אַ קאָמעדיע. איר האָט אים קיין מאָל נישט ליב געהאַט, ער האָט מיך צוגענומען פון אייך. ער וועט אפשר נישט צוריקקומען, זיי וועלן אים אפשר דערהרגענען... אָבער מיך וועט איר אויך שוין מער נישט זען. איך גיי אַוועק, איך גיי אַוועק!

אויף דער שנעל הייב איך זיך אָן אָנצוטאָן. איך צי אַרויף מיינע קליידער אויף דער לינקער זייט, און מיט רוגזה טו איך זיי אָן אויף דאָס ניי. מיין טאַטע גייט אַרויס פון זיין אומבאַוועגלעכקייט. ער מאַכט אַ שריט צו מיר.

— קוק אָן דיין מאַמען, קוק זי אָן. זי האַלט שוין מער נישט אויס.

— ניין, דאָס נישט. שפּילט נישט אויף די געפילן. איר האָט גאָרנישט געטאָן, מען זאָל אים נישט אַוועקפירן, גאָרנישט.

— האָסט דאָך אַליין געזען, אַז מען האָט גאָרנישט געקענט טאָן.

מיין לעבערלעכע האַלטונג, מיין אומגויטיקע פּחדנות, מיינע אומזיסטע בקשות — אַלץ קומט מיר אין דעם מאָמענט אין זכרון.

— איך האָב איך פיינט! איך האָב איך פיינט! גייט אַוועק!

די ניאַנקע רוקט זיך אַרויס פון איר ווינקל און לאָזט זיך גיין צו מיר. אָבער מיין מאַמע פאַרהאַלט זי, הייסט איר אַרויסגיין און גייט אַליין אַרויס מיטגעמעגדיק מיין פאָטער.

ווען כ׳בלייב אַליין באַמי איך זיך מיט כוח אַריינטאָן מיינע פיס אין די שיך און, ווען עס געלינגט מיר, פרעג איך זיך אייגנטלעך צו וואָס איך האָב עס געטאָן. אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען די נאַכט, ציט זיך פּלוצעם צוריק אין אַ תהומיקער פאַרגאַנגענהייט. איך בין דאָ אויף דער שטול, ווי כ׳וואָלט אויף איר געזעסן אַן אייביקייט. איך דערפיל אַן אומבאַשטימטן וויטיק, ערגעץ ווו אין מיר עגבערט אַ זייער אַלטער וויטיק, וואָס זיינע וואָרצלען דערגייען טיפער ווי מיין זכרון. פאַר וואָס בין איך דאָ אַליין? ווו זענען די אַנדערע? מיינע אויגן שטעלן זיך אָפּ אויף אַ פונקט לעבן בעט, אויף עפּעס, וואָס איז טיף, שוואַרץ און גלאַנציק. ביסלעכוויז פאַרשטעלט אַ נעפּל מיינע אויגן. איך דריי אַוועק דעם קאָפּ, דער נעפּל פאַרשווינדט און מיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף זשאַקס לעדערנעם פאַנטאָפל. איך כאַפּ זיך אויף מיט איין שפרונג און שריי אויס: „מאַמע". און מיט אַ מאָל נעמען מיך אַרום אירע אָרעמס, דריקן מיך, וויגן מיך...

...ביז איך באַמערק דעם נייעם טאָג וואָס גייט בלאָס אויף היגטער די לאָדנס. איך זאָג געלאַסן: „איך וועל אַרויסגיין, איך מוז זיך דערוויסן וווהין מען האָט אים אַוועקגעפירט".

— זיי פאַרזיכטיק, ענטפערט מיין מאַמע און זאָגט מער גאָרנישט.

איך פאַרמאַך שטילערהייט די טיר הינטער מיר. די גאַס איז פוסט. איך גיי לאַנג ביז איך טרעף אָן דעם ערשטן מענטשן. „זיי זענען דאָרטן" זאָגט ער מיר, „אויפן ליפּאָווער פּלאַץ". און אין דער אמתן געפינען זיי זיך דאָרט צונויפגעדריקטע אין מיטן פּלאַץ, אַ פינצטערע מאַסע אין וועלכער מען קען נישט דערקענען קיין איין פּנים. אַ מויער פון דייטשע סאָלדאַטן טיילט אָפּ פון דער וועלט. מיט שטילע טריט גיי איך פון איינעם צום צווייטן, שטעל זיך אָפּ פאַר יעדן פון זיי און קוק זיך לאַנג איין אין די פּנימער,

זוכנדיק אַ שפּעלטל דורך וועלכן איך זאָל זיך קענען אַדורכגליטשן, אָבער איך פּיל, אַז ווען כ׳וואָלט אַפילו געקענט קלאַפּן מיטביידע פויסטן אין זייערע האַרטע ברוסטן, וואָלט קיין אויג זייערס אַ צוק נישט געטאָן. בלויז איין יונגער סאָלדאַט טוט צו מיר אַ שמייכל. אפשר דורך דעם שמייכל... די איינציקע שפּאַלט אין דער דאָזיקער וואַנט. איך דערנענטער זיך הכנעה־דיק, בעטנדיק. ער הערט זיך צו און שאָקלט מיטן קאָפּ. ניין, ער קען מיך נישט אַדורכלאָזן, פאַרבאָטן, אַ באַפעל איז אַ באַפעל. איך שטיי צו. דער שמייכל פאַרשווינדט. דער בליק אַנטלויפט וויט איבער מיין קאָפּ. איך רינגל אַזוי עטלעכע מאָל אַרום דעם גרויסן ליפּאָווער פּלאַץ, גייענדיק פון איינעם צום צווייטן פון די נישט דערגרייכבאַרע פאַרשטיינערטע געשטאַלטן. ווען איך ווער צו מיד, זעץ איך זיך אַוועק אויף דער ערד. דאַן הייב איך אָן פון דאָס ניי. אַ בליק, אַן אויסדרוק ווי פאַרביילויפנדיק ער זאָל נישט זיין, צי ער דריקט אויס איראָניע אָדער נייגיריקייט, איז פאַר מיר גענוג כ׳זאָל אָנהייבן גלייבן, אַז ס׳וועט זיך דאָ דורך אַ נס באַווייזן עמעצער, צו וועלכן איך וועל קענען רעדן, ביי וועלכן איך וועל זיך קענען בעטן, וועמען כ׳וועל קענען איבערצייגן. אָבער די ווערטער פאַלן אָפּ ווי אַ הויפן זשוויר, וואָס מען האָט אַ וואָרף געטאָן קעגן אַ מויער. צום סוף קען איך בלויז מעכאַניש איבערחזרן: „לאָזט מיך אַדורך, לאָזט מיך אַדורך״.

אויף מאָרגן זענען די ערובניקעס באַפרייט געוואָרן. איך האָב באַגעגנט זשאַקן בעת איך בין געגאַנגען צום ליפּאָווער פּלאַץ. עס האָט נישט לאַנג געדויערט ביז איך בין צוריק אַריין אין מיינע אַלטע געוווינהייטן. איך האָב צוריק אָנגעהויבן אַרויסצוגיין מיט יוליאַ. יוליאַ איז געווען אַ הויך מעלאַנ־כאָליש מיידל מיט אַ לאַנגער נאָז, אַ ביטער מויל און אַ טרויעריקן בליק פאַר אַלע יונגע בחורים, וואָס עס איז אונדז אויסגעקומען צו באַגעגענען אין גאַס. ליבע איז געווען איר גרויסע דאגה און האָט זי שטאַרק באַאומרויִקט. דאָס איז געווען כמעט די איינציקע טעמע פון אירע געשפּרעכן. גענוג געווען, אַז עמעצער זאָל מיר, פאַרבייגייענדיק, צווואַרפן אַ בליק, זי זאָל תיכף אויס־בויען די אומוואָרשיינלעכסטע אינטריגעס. דערפאַר טאַקע פלעג איך אַרויס־גיין מיט איר. איך האָב זיך גענויטיקט אין אַ ווען פאַר וועלכן ס׳האָט אין לעבן גאָרנישט עקזיסטירט אַחוץ ליבע־מעשׂיות. איך האָב געדאַרפט לעבן

אַזוי ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. יוליאַ און איך האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער ווירקלעכקייט און דאָס איז געווען נישט לייכט. אין די גאַסן פלעגן אָפּקלינגען פרעמדע ווערטער, דער בליק פלעגט זיך אָנשטויסן אין פּנימער, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט אומזיכערקייט און פּחד. אָבער צו ביסלעך האָב איך באַוויזן זיך צו מאַכן טויב און בלינד לויט מיין ווילן. כ׳האָב נישט געוואָלט הערן און זען קיין שום זאַך, וואָס האָט געקענט שטערן דאָס לעבן וואָס כ׳האָב געפירט אויסער דער צייט. ביז איין טאָג, ווען איך האָב אָנגעטראָפן דעם אַלטן יידן, ווי ער איז געזעסן אויף אַ טרעפּל פון אונדזערע שטיגן.

ער זיצט און האַלט דעם קאָפּ צווישן די הענט. מ׳קען נישט אַדורכגיין. איך שטיי אַנטקעגן אים, ער האָט אָבער ווי נישט באַמערקט מיין אָנוועזנהייט. איך זאָג צו אים:

— אַנטשולדיקט מיר, הער.

ער רירט זיך נישט. דער שפּיץ פון זיין באָרד ציטערט. ערשט דעמלט פאַרשטיי איך, אַז ער וויינט.

— זייט מיר מוחל, איך וואָלט וועלן אַדורכגיין.

ער הייבט אויף דעם קאָפּ און איך באַגעגן זיינע אַרויסשטאַרצנדיקע און רויטע אויגן. ער מורמלט אַ וואָרט וואָס איך פאַרשטיי נישט און ער פּרוּווט וואָס שנעלער זיך אויפצושטעלן. ער מאַכט אַ באַוועגונג און זיין האַרטער קאַפּעליוש פאַרלירט דעם גלייכגעוויכט, פאַלט אַראָפּ און נעמט זיך קייקלען פון טרעפּ צו טרעפּ. איך לויף אים נאָך, אָבער קען אים נישט דערכאַפּן. ער קייקלט זיך אַרונטער ביזן פאַרטער. ערשט דאָ הייב איך אים אויף און שטויב אים אָפּ, איך גיי צוריק צום אַלטן יידן, וואָס זיצט נאָך אַלץ אויפן זעלבן טרעפּל. ער האָט מסתּם אויסגעווישט זיינע טרערן מיט אַ נישט איבעריק ריינער האַנט, ווייל אויף זיין פּנים זעען זיך לאַנגע שוואַרצע שטרייפן.

— אָט איז אייער קאַפּעליוש, זאָג איך.

ער נעמט אים, נישט אַרויסזאָגנדיק קיין וואָרט און טוט אים אָן. דערנאָך הייבט ער זיך אויף און וויל אַרונטערגיין די טרעפּ, שטעלט אַ פאַלשן טריט און כאַפּט זיך אָן אין פּאַרענטש.

— אַנטשולדיקט מיר, זאָגט ער, איך בין אַן אַלטער מאַן.

און ער זעצט זיך ווידער אַוועק, דאָס מאָל האַרט קעגן דער וואַנט, כדי איך זאָל קענען דורכגיין. איך זאָג אים:

— קומט מיט מיר. איר קענט דאָ נישט בלייבן.

ס׳זעט אויס ווי זיינע גרויסע אויגן וואָלטן אַ ווײַלע אַרויס פון זיין פּנים.

— כ׳וועל באַלד אַוועקגיין און מער קיינעם נישט באַלעסטיקן.

איך נעם אים אונטערן אָרעם.

— קומט.

און מיט אַן אָנשטרענגונג העלף איך אים זיך אויפצוהייבן. איך האַלט אים אונטער און מיר גייען ביידע אַרויף די עטלעכע טרעפּלעך, וואָס פירן צו אונדזער דירה. די ניאַנקע עפנט אונדז די טיר.

— וואָס איז דאָס? פרעגט זי מיט פאַרדאַכט.

— דער הער וועט ביי אונדז טרינקען אַ גלאָז טיי, זאָג איך. ער איז מיד און דאַרף זיך אַ ביסל אָפּרוען.

איך העלף אים זיך אַוועקזעצן אין קיך. די ניאַנקע, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, מיט אַן אומצופרידענער מינע, שטעלט פאַר אים אַוועק אַ פּאָר מינוט שפּעטער אַ גלאָז טיי.

— איר דאַרפט זיך נישט, פריילין, אַזוי פיל באַמיען, זאָגט דער אַלטער מאַן, איך בין בלויז אַ ביסל מיד, איך בין געגאַנגען צוואַנציק קילאָמעטער.

— איר זענט נישט פון דאַנען?

— ניין. דאָ וווינט מיין זון, דער אַדוואָקאַט קאַגאַנאָווסקי. ער גלייכט זיך אַ ביסל אויס. דער אַדוואָקאַט קאַגאַנאָווסקי איז מיין זון.

— איך קען אים, זאָג איך. ער וווינט אויפן דריטן שטאָק. אָבער פאַר וואָס האָט ער אייך געלאָזט אַוועקגיין אין אַזאַ צושטאַנד?

פּלוצעם האָט ער דעם אויסדרוק פון אַ חיה, אַן אַריינגעפאַלענע אין אַ פאַסטקע. זיינע אַלטע צערונצלטע הענט צעעפּענען זיך און ער זאָגט:

— ער האָט מיך אַרויסגעוואָרפן.

— אַזוי, זאָגט די ניאַנקע הינטער אים, ווער וואָלט עס געקאָנט גלייבן? ער איז דאָך אַן אויסוווּרף אייער זון.

דער אַלטער הייבט האַסטיק אויף זיין קאָפּ.

— מען דאַרף אַזוי נישט זאָגן, מאַדאַם, מען דאַרף אים נישט פאַר־אורטיילן. ער האָט מורא.

— אַלע מענטשן האָבן מורא, ענטפערט די ניאַנקע, ס׳איז מלחמה.

— ער איז אַ ייד, מאַדאַם. אַן אַלטער מאַן ווי איך, וואָס מען דערקענט גלייך, איז געפערלעך פאַר אים. יידן זענען אין אַ סכנה, מאַדאַם, אין אַ טויט־סכנה. ביי אונדז האָט זיך עס שוין אָנגעהויבן, מ׳האָט שוין דערהרגעט פינף יידן. איך האָב נישט געדאַרפט מורא האָבן, איך בין אַן אַלטער, אָבער איך האָב שטאַרק מורא געהאַט, דערפאַר בין איך אַהער געקומען, צו מיין זון. דער אומגערעכטער בין איך.

— טרינקט אייער טיי, זאָגט די ניאַנקע, אייער זון איז אַ פּאַסקודניאַק.

— ניין, מאַדאַם, ער איז תמיד געווען אַ גוטער זון, אָבער איצט האָט ער מורא, שרעקלעכע זאַכן גרייטן זיך פאַר אונדז.

ער טרינקט דעם טיי און הייבט זיך אויף.

— איך דאַנק אייך זייער, איך וויל צוריק אַהיים.

אַ געוויסע צייט האָב איך נישט געוואָלט אַרויסגיין, דערנאָך האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט יוליאַ. די טעג פאַרגייען אָנגענעמע, פּוסטע. דער ווינטער איז געקומען און מיט אים דער שניי. די גרויסע קאַכל־אויוונס זענען אָנגעפּראָפּט מיט קוילן. היינט נאָך מיטאָג האָבן מיר געפייערט מיין געבוירן־טאָג. איך האָב אָנגעטאָן מיין שענסט קלייד. דער שאַמפּאַניער טאַנצט אין די גלעזער. דער שאַמפּאַניער מאַכט אַלץ פּשוטער. און איך טרינק און טרינק כדי אַלץ זאָל זיין נאָך פּשוטער, לייכטער. בלויז איך און יוליאַ זענען געבליבן זיצן ביים טיש בעת די געסט זענען פאַרזאַמלט אין סאַלאָן און רויכערן, שמועסן און שפּילן קאָרטן. איך קוק אויף יוליאַס נאָז, און מיר דאַכט זיך, אַז זי ציט זיך אויסערגעוויינלעך אויס.

— אפשר וועלן מיר מאַכן אַ שפּאַציר?

— אַ שפּאַציר? זאָגט זי אַ צופרידענע, ווי אַזוי?

— וועסט זען. גיי אַרויס שטילערהייט, טו זיך אָן און וואַרט אויף מיר פאַר דער טיר.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער גייען מיר אַרונטער פון די טרעפּ, איינגעגנורעט

אין אונדזערע פוטערס. אין דרויסן איז דער אָוונטשניי בלוילעך. מיר גייען אַדורך דעם הויף. פאַרן הויז טו איך אַ רוף זייער הויך: „דראָזשקאָזש״.

ס׳דערהערט זיך אַ גערויש פון גלעקלעך און אַ שליטן טיילט זיך אָפּ פון שאָטן.

— ווּהין? פרעגט דער קוטשער, וואָס זעט אויס ווי אויסגעשניטן אין דער פינצטערער מאַסע פון שליטן, בעת מיר זעצן זיך אַריין.

— ווּהין ס׳זאָל נישט זיין, אַבי איר זאָלט פאָרן שנעל.

און שוין נעמט דער שליטן פליען. מיר שוועבן דורך פוסטע גאַסן און די וואַקלענדיקע פראָנטן פון די הייזער צעפאַלן זיך שטיל הינטער אונדז. די גלעקלעך קלינגען ווי אַ חוזק־וואָרענונג. קלאַמערנדיק זיך אין יוליאַס אָרעם, שטעל איך זיך אויף. דער ווינט וואָרפט זיך אויף מיר און איך שריי: „גיכער, קוטשער, גיכער. אויב איר פאָרט שנעלער, וועל איך באַצאָלן דאָפּלט״.

— זעץ זיך אַוועק, בעט זיך ביי מיר יוליאַ, וואָס פּרוּווט צו באַפרייען איר אָרעם, ביסט אין גאַנצן שיכור.

און דער קוטשער קנאַקט מיט דער בייטש. די גאַס שפּרינגט אונדז אַנטקעגן, די אויסגעלאָשענע לאַמטערנס שטרייכלען די נאַכט. איך פאַל צוריק אויפן געזעס און שטעל זיך גלייך ווידער אויף.

— גיב אַ קוק, מיין טייערע יוליאַ, גיב אַ קוק אויף די הייזער. הינטער די פענצטער זענען פאַראַן מענטשן, וואָס שלאָפן אין זייערע בעטן. דאָס זענען מערדער. יעדער פון זיי שלאָפט מיט אַ מת אונטערן בעט. אַ שיינער קליינער מת, וואָס האָט זייער פּנים, דאָס זעלבע וואָס זיי האָבן נאָך נעכטן געהאַט און מיט וועלכן זיי האָבן גערעדט, געלאַכט, געגעסן. דו פאַרשטייסט? ניין, דו פאַרשטייסט נישט. דעם מענטשן, וואָס זיי זענען נעכטן געווען, האָבן זיי דערהרגעט, ווייל ער איז געפערלעך פאַרן מענטשן פון היינט, דו פאַר־שטייסט? זיי האָבן אים געהרגעט, דערשטיקט, דערנאָך האָבן זיי דעם בר־מינן אַרונטערגערוקט אונטערן בעט, כדי אים נישט צו זען.

— זעץ זיך אַוועק, בעט יוליאַ, דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט.

— איך ווייס שוין יאָ, וואָס איך זאָג. איך האָב דאָס זעלבע געטאָן. אָבער איך האָב נישט געוואָרגן גענוג שטאַרק. אַ גרויסער שאָד. אָפּט מאָל וועקט זיך מיין מת אויף, ער גייט אַרויס פון אונטערן בעט און קומט כאַפּן

אַ שמועס. זאָג נאָר מיין טייערע יוליאַ, צי האָסטו אים נישט דו, דיין קליינעם מת? אויב נישט, איז עס דערפאַר וויל דו ביסט צו נאַריש. אָבער נעם זיך נישט איבער. אויך דו וועסט קלוג ווערן. און אַזוי אַלע. די דאָזיקע מלחמה איז אונדזער איינציקער שאַנס פאַר אַלע קלוג צו ווערן. קוטשער! זאָגט מיר קוטשער, איר האָט שוין געהרגעט, איר?

דער קוטשער שטעלט מיר אויס זיין שטייפע פּלייצע. יוליאַ ציט מיין אָרעם כדי מיך אַוועקצוציִען.

— זיכער זענט איר שוין גרייט, קוטשער, צו דער צייט פון די טויטע, וויל די צייטן וועלן זיך ענדערן. איר וועט מיט אַ מאָל ווערן אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, קוטשער. אפשר וועט מען אפילו מורא האָבן פאַר אייך, אפשר וועלן אייערע אַמאָליקע קליענטן זיך טיף פאַרבייגן פאַר אייך. איך בין איבערצייגט, קוטשער, אַז איר האָט זיך שוין פון לאַנג דערצו צוגעגרייט.

— פאָרט צוריק, קוטשער, שרייט יוליאַ, איך קען זי מער נישט איינהאַלטן.

אָבער איך שריי נאָך שטאַרקער ווי זי:

— גיכער, קוטשער, גיכער, ווייטער און ווייטער, איך צאָל.

אָבער איך האָב איינגעשלונגען צו פיל פּראָסטיקע לופט, ס'פאַרפעלט מיר אָטעם. איך פאַל צוריק אַוועק אויפן געזעס.

— פאָרט צוריק, קוטשער, פאָרט גלייך צוריק, בעט זיך יוליאַ.

איך רעאַגיר נישט מער. אַלץ ווערט מיר מיט אַ מאָל גלייכגילטיק. איך פיל זיך לעכערלעך און טרויעריק. דער שליטן דרייט זיך אויס אויף צוריק. איך נורע זיך איין אין דער וואַרעמקייט פון מיין פוטער־קאָלנער און פאַרמאַך די אויגן.

יוליאַ מוז מיר העלפן אַרונטערצוציִען פון שליטן און זי טראָגט מיך כמעט אַרויף אין אונדזער דירה.

פון היינט אין דער פרי איז די היץ געפאַלן. אין דער דעמערונג געשטאַלטיקט זיך געהיימנישפול די וועלט פון דאָס ניי. העענט באַוועגן זיך אַרום מיר און באַמיען זיך אויסצופילן מיינע באַגערן נאָך איידער איך האָב זיי אַרויסגעזאָגט. מען רעדט צו מיר שטיל, מען הייבט אונטער מיין קאָפּ

כדי מיר צו געבן צו טרינקען. אַ וועלט, וואָס האָט אַלע געפּעליקייטן, וואָס איז לייכט, גרינג. דער שלאָף קומט בעת איך הער ווי שטימען שושקען זיך אין דעם שכנותדיקן צימער.

...מען רירט אָן מיין שטערן, מען פרעגט מיך אויס, איך שווייג. איך פאַרמאַך די אויגן און שווייג. איך שטויס אָפּ דעם טאָג. צווישן די געעפנטע פאָרהאַנגען דרינגט אַריין דאָס ליכט אומברחמנותדיק. איך וויל עס נישט. איך וויל נישט דאָס דאָזיקע צימער, וואָס דאָס ליכט דעקט אויף און איך לאָז נישט צו צו מיר די צערטלעכע ווערטער פול מיט ציטער כל זמן מען וועט מיר נישט צוריקגעבן דעם אומקלאָרן אוניווערס, וואָס האָט מיך פאַרטיידיקט.

איצט קען איך שוין זיך אויסדרייען אין בעט אָן שווערקייטן און מיינע הענט זוכן פרישקייט אונטער די קישעלעך, און דער עיקר האָב איך צייט רחמנות צו האָבן איבער מיין לאַנגער קראַנקייט, איבער מיין יוגנט, איבער מיין שטודיום וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דער מלחמה. דאָס פאַרשאַפט מיר אָן אַנגענעמע סאַטיספאַקציע.

איך האָב צום סוף שלום געמאַכט מיטן טאָג און מיט דער אָנוועזנהייט פון די ביימער הינטערן פענצטער. די אומבאַוועגלעכקייט פון זייערע שוואַר־צע צווייגן גיט מיר צו זיכערקייט. איך לייען, שפּיל אין קאָרטן, איך רוף אַ מאָל דעם, אַ מאָל יענעם אָן אַ סיבה, בלויז צוליב דעם פאַרגעניגן צו הערן ווי מען בייזערט זיך אויף מיר, צו זען ווי ס׳בייגט זיך איבער אַ כלומרשט אָנגעברוגזט פּנים.

סוף כל סוף האָב איך געמוזט מסכים זיין מען זאָל מיך אָנטאָן, אָבער באַלד דערנאָך לייג איך זיך אויפן בעט.

— די פיס טוען מיר ווי, זאָג איך, איך קען נישט גיין.

אַזוי אַרום געווין איך נאָך אַ וואָך.

היינט האָב איך פאַרזיכטיק געמאַכט אַ פּאָר שריט אין צימער. דאָס צימער איז צו גרויס פאַר מיר און כ׳האָב זיך באַלד צוריקגעלייגט. באַלד נאָך מיטאָג קומט מיך זען יוליאַ. ס׳באַגלייט זי אַ שלאַנקער און שיינער סאָלדאַט. ער דערלאַנגט מיר אַ שלאַבעריקע האַנט און זעצט זיך אַוועק אויפן דיוואַן, נעבן יוליאַן, וואָס איז געשמינקט, צערייצט און באַרעדעוודיק.

— איך שטעל דיר פאָר מיין חתן, זאָגט זי און לענט אָן איר קאָפּ אויפן

אַקסל פון יונגן־מאַן. ער טוט זיך נישט קיין ריר, ער איז בלייך און גלייכ־גילטיק.

יוליאַ דערלאָזט נישט מער אַז איר פּנים זאָל זיך אַראָפּבייגן אונטער דער לאַסט פון איר צו לאַנגער נאָז. איצט הייבט זי אים מיט שטאָלץ אויף ווי אַ מתנה פאַרן מאַן, וואָס זי האָט זיך אויסגעפונען. אָבער עס זעט אויס, ווי ער וואָלט זי נישט געזען. איבעריקנס זעט עס אויס ווי ער וואָלט גאָרנישט געזען. ער הערט זיך אפילו נישט צו צו דעם, וואָס יוליאַ דערציילט מיר וועגן איר איינציקער און אויסערגעווינלעכער ליבע־געשיכטע. „ער געפינט זיך אין אַ לאַגער פאַר יידישע געפאַנגענע״, זאָגט זי מיר. ער האָט דאָס רעכט אַרויסצוגיין איין מאָל אַ וואָך. אָבער זי זעט אים דאָרט אין לאַגער יעדן טאָג. „ער זעט שוין איצט אַ סך בעסער אויס. ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל געטראָפן איז דאָס געווען אַן אמתער סקעלעט. נישט אמת, מיין טייע־רער?״ ער קוקט מיך אָן צום ערשטן מאָל.

— יוליאַ ברענגט מיר יעדן טאָג פעקלעך, זאָגט ער. און באַלד נעמט ער ווידער אָן אַן אויסזען ווי ער וואָלט געווען ערגעץ אַנדערש, בעת יוליאַ ווערט אַלץ מער און מער באַרעדעוודיק. ענדלעך הייבט זי זיך אויף און זאָגט מיט איר שטים פון אַ באַלעבאָס:

— נו, מיין טייערער, מיר וועלן גיין.

דער יונגער־מאַן שטרעקט מיר ווידער אויס זיין שלאַבריקע האַנט. ערשט נאָך זייער אַוועקגיין, דערפיל איך ווי די צייט איז פאַרביי. ס׳איז שוין אַזוי לאַנג ווי איך בין קראַנק און אין דרויסן קומען פאָר פאַרשידענע געשעענישן.

דריי טעג שפּעטער ווערן מיר אַרויסגעוואָרפן פון אונדזער וווינונג, און מיר געפינען זיך אין צוויי ענגע צימערלעך. די גאַנץ אַרום און אַרום זענען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָט. אומזיסט האָבן מיר זיך באַמיט איבער־צוצייגן די ניאַנקע, זי זאָל נישט מיטגיין מיט אונדז. מיר האָבן איר געזאָגט, אַז דאָ, אויסגעמישט צוזאַמען מיט יידן, ריזיקירט זי מיט איר לעבן. אָבער זי האָט געענטפערט: „אין מיינע יאָרן איז שוין נישט וויכטיק אויב מען העלפט אונדז אַ ביסל צו צו שטאַרבן״. נאָר ווען מען האָט רעקווירירט איינעם

פון אונדזערע צוויי צימערן פאַר פּליטים פון דייטשלאַנד, און ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז פאַר איר איז מער נישטאָ קיין אָרט, האָט זי ביי זיך געפּועלט אונדז צו פאַרלאָזן. איך האָב איר געהאָלפן מאַכן איר קליינעם פּעקל, וואָס זי האָט מיטגענומען מיט זיך. זי האָט זיך געבעטן ביי מיר: „קום מיט מיר, בלייב נישט דאָ״...

איך האָב זי געהאַלטן אַ ציטערנדיקע אין מיינע אָרעמס.

— ס׳וועט גוט זיין, ניאַנקעלע, האָב איך צו איר געזאָגט. ס׳איז בלויז אַ שלעכטער מאָמענט איבערצוקומען.

איך האָב זי אָנגעיאָגט אויף די טרעפּ און אַריינגעטאָן אין אירע הענט מיין קאַץ.

— זאָל די ניאַנקע זי מיטנעמען, נישט דאָ איז דאָס אָרט פאַר אַ קאַץ.

אין אָוונט האָב איך ווידער באַקומען היץ. מערערע וואָכן בין איך געבליבן פאַרמאַכט אין דעם פרעמדן צימער און שמערצלעך איבערגעלעבט דאָס פעלן פון דער ניאַנקע.

אויף דער אַנדערער זייט גייט דאָס לעבן אָן ווייטער. דאָרט גייען זיך מענטשן מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט שנעלע טריט, אַזוי ווי זיי זענען געוווינט צו גיין. אַ פּאָר מעטער פון דאַנען, אויפן ברעג פון טראָטואַר, שטייען צוויי פרויען אַריינגעטאָן אין אַ גרויסן שמועס. ס׳זעט אויס, ווי זיי וואָלטן מיך נישט געזען. אין דער אמתן געפינען זיי זיך גאָר גאָר ווייט פון דאַנען. צווישן אונדז איז פאַראַן די נעץ פון שטעכלדראָט מיט אַרויסשטאַרנדיקע שפּיצן. דער קאָפּ שווינדלט מיר. ס׳איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ׳גיי אַרויס און איך שטיי נאָך נישט גענוג פעסט אויף מיינע פיס. איך האַלט זיך אָן אין די שטעכלדראָט. אַ שטאָך אין פינגער צווינגט מיר זיי אָפּצולאָזן. איך קוק אויף דעם טראָפּן בלוט וואָס שפּריצט אַרויס פון מיין גראָבן פינגער — הינטער דעם שטעכלדראָט לעבן מיר נאָך, הייסט עס, אַז איך לעב. מיר עקזיסטירן. איך גיי צוריק אַריין, איך טו זיך אויס און לייג זיך אַוועק מיטן פּנים צו דער וואַנט. איך וועל מער נישט אַרויסגיין.

איצט קען איך שעהען לאַנג זיצן אויף מיין בעט און באַטראַכטן מיין מאַמען, וואָס שיילט אומגעלומפּערט קאַרטאָפל, אָדער זיך צווזען וואַסער

אָנשטרענגונג זי מאַכט, כדי צוצוגרייטן אויף אַן אַלקאָהאָל־מאַשינקעלע דאָס עסן פאַר אונדז פיר. איך זע ווי זי שטעקט אַרויס אַ שפּיץ פון איר צונג אַזוי ווי עס טוען פלייסיקע קינדער בעת זיי שטרענגען זיך אָן גוט אויס־צופירן אַ שווערע אויפגאַבע. אָפט מאָל גיט זי זיך אַליין עצות און רעדט צו זיך אַליין. איך זאָג איר: „מיט אַ ביסל געדולד וועסטו ווערן אַ גוטע קעכין״. אָבער עס פאַלט מיר נישט איין זיך אויפצוהייבן פון בעט און איר צוהעלפן.

זשאַק אַרבעט אין דרויסן. אין איינעם אַן אָוונט, ווען ער קומט אַהיים, זאָגט ער אונדז אַז אין גיכן דאַרף פאַרקומען אַ קאָנטראָלע. די וואָס וועלן נישט האָבן קיין אַרבעט־קאַרטע, זאָגט מען, וועלן געשיקט ווערן אין לאַגערן. איך גיי זיך לייגן פריער ווי געוויינלעך. מיין בעט איז געוואָרן אַ שוץ־אָרט קעגן מיינע גערדאַנקען, קעגן מיין פּחד און דעם עקל, וואָס איך דאַרף וווינען אין אַזאַ ענגן אָרט.

די קאַרטע פון אַן אַרבעטער באַשיצט בלויז זיין פרוי און זיינע קינדער. מיינע עלטערן זענען אַזוי אַרום פאַרמשפּט דעפּאָרטירט צו ווערן. ווען מיין פאָטער קומט אַהיים, נאָך דעם ווי ער האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט אונדזערע שכנים, זאָגט ער אונדז, טריומפירנדיק, אַז מען האָט געפונען אַ גלענצנדיקע באַהעלטעניש, ווו מען וועט זיך קענען אויסבאַהאַלטן בעת די קאָנטראָלעס. איך פּרוּוו איינשלאָפן אַ באַרויִקטע. אין דער אמתן איז די מלחמה אַן ענין פאַר דערוואַקסענע מענטשן.

דער טאָג פון דער קאָנטראָלע איז געקומען: די דייטשן פאַרנעמען די פּוסטע גאַס און שטעלן אַוועק אַ וואַך פאַר יעדן הויז. איך בין אַליין אין צימער און האַלט מיינע פּאַפּירן צונויפגעקוועטשט אין דער האַנט. ס׳הערשט אַ שטילקייט, אַלץ האָט אויפגעהערט צו אָטעמען. איך קען נישט דאָס אָרט ווו מיינע עלטערן באַהאַלטן זיך אויס, ערגעץ ווו צווײ שטאָק העכער. אַזוי ווי כ׳קען זיך זיי נישט פאָרשטעלן אין קיין היימישן אַרום, באַטראַכט איך זיי ווי פאַרלוירענע.

די טיר עפנט זיך און איך דערלאַנג מיט ציטערדיקע הענט מיינע פּאַפּירן.

— מען דאַרף נישט אַזוי וויינען, זאָגט דער דייטש, אייערע פּאַפּירן זענען אין אָרדענונג. עס וועט איך נישט געשען קיין שלעכטס.

פון אַלע טירן הערן זיך קלעפּ פון פויסטן. כ׳בין פאַרבליבן שטיין אויפן אָרט, די הענט פאַרקלעמט אויף די פּאַפּירן, וועלכע דער דייטש האָט מיר צוריקגעגעבן. די מורא אין מיר ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און כ׳הער נישט אויף צו וויינען. ביי די ערשטע שאָסן, וואָס איך דערהער, פאַרהאַלטן זיך מיינע טרערן. עס נעמט אַ לאַנגע צייט ביז איך עפן די טיר. פאַר מיר ציען זיך אומענדלעכע טרעפּ. צוויי שטאָק העכער זע איך ווי דער דייטש, וואָס האָט קאָנטראָלירט מיינע פּאַפּירן און וואָס האָט צו מיר אַזוי העפלעך גערעדט, פאַרמאַכט אַ טיר הינטער זיך... באַמערקנדיק מיך, טוט ער אַ שמייכל. איך שטויס זיך אין אים אָן ווען ער גייט אַדורך. ווי באַר איך בין אַריין, פלאַצט ווי אַ זייפן־בלאָז די שטילקייט וואָס האָט געהערשט איבער די פאַרגליווערטע מענטשן. אין איינעם נעמען זיי שרייען. אַ פרוי הייבט אויף אירע הענט צום האַלדז און צערייסט האסטיק איר בלוזקע. איך גיי פון איינעם צום אַנדערן און שאָקל זיי. זיי באַמערקן מיך אפילו נישט. און איך קוויטשע מיט זיי צוזאַמען: „מיינע עלטערן, מיינע עלטערן״. די פרוי מיט דער צעריסענער בלוזקע פאַלט אויף די קני און הייבט אָן צו שאָקלען איר קאָפּ פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס און דערביי רייסט זיך פון איר אַרויס דער זעלבער לאַנגער מאָנאָטאָנער געיאָמער. אַ ביסל העכער איבער איר פּלייצע באַמערק איך די טויטע קערפּערס, זיי ליגן דאָ אויף אַן ענגן שטח אונטער דעם משופּעדיקן דאַך. מען דאַרף זיך אַרונטערבייגן כדי זיי צו זען. דאָס זענען צוויי מענער, צוויי פרויען און צוויי קליינע קינדער, צונויפגעוואָרפענע איינער איבערן אַנדערן. די קליינע קינ־דער ליגן גאָר אונטן. איך ווענד זיך צו די אַנדערע און נעם שרייען: „ווו זענען מיינע עלטערן?״.

אָבער דאָ אין דעם צימער עקזיסטיר איך נישט. איך גיי אַרויס און פאַרמאַך נישט די טיר הינטער מיר. איך הייב אָן אַרונטערצוגיין די טרעפּ. דערנאָך, נישט וויסנדיק אַליין פאַר וואָס, שטעל איך זיך אָפּ. איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ טרעפּל און לאָז מיין קאָפּ זיך באַוועגן פון איין אַקסל צום צווייטן, פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס. ביז וואַנען כ׳דער־הער מיין פאָטערס פריילעכע שטים, וואָס פרעגט מיך:

— וואָס טוסטו דאָ אויף די טרעפּ?

ביידע גייען זיי אַרונטער, ער און די מאַמע.

— מיר זענען געווען אויפן בוידעם, זאָגט מיין פאָטער מלא שמחה. אין דער אמתן האָב איך נישט געהאַלטן די באַהעלטעניש פאַר אַ דורכויס זיכערע. אָבער, צום טייוול, וואָס טוסטו דאָ? און וואָס איז דאָס געווען די שיסעריי?

— זיי זענען אַלע טויט, זאָג איך מיט אַ גלייכגילטיקער שטים.

— ווער?

— די, וואָס זענען געווען אין דער באַהעלטעניש.

— אָ, איך האָב געהאַט אַ ניוך, זאָגט דער טאַטע טריומפירנדיק.

די מאַמע זעצט זיך אַוועק לעבן מיר אויף דעם שמוציקן טרעפּל. זי חזרט מילד איבער: „געענדיקט, מיין קינד, ס'איז געענדיקט".

איך מאַך מיטן קאָפּ אַ סימן אויף יאָ. נישט קוקנדיק אויף איר, הייב איך זיך אויף. ווי נאָר איך בין אַריין אין שטוב, לייג איך זיך אַוועק און צי אַריבער די קאָלדרע איבער מיינע אויגן.

אין אָוונט קומט זשאַק אַהיים אַ בלאַסער און אַ געשפּאַנטער. מען רעדט שוין וועגן אַנדערע קאָנטראָלעס.

— וועט מען זיך ווידער אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם, זאָגט דער טאַטע.

— זיי וועלן אַרויפגיין אויפן בוידעם, זיי וועלן זוכן אין קעלערס, זאָג איך, זיי וועלן אַדורכגיין דורך די מויערן, זיי וועלן אונדז אַלע כאַפּן.

אַ ביסל שפּעטער קומען אָן זשאַקס עלטערן. מיר שטעלן זיך אויף כדי צו מאַכן פּאַר זיי אָרט, אָבער זיי באַמערקן עס נישט. זיי בלייבן שטיין אומבאַוועגלעך.

— זיי וועלן ליקווידירן אַלע געטאָס פון פּוילן, זאָגט מיין שוויגער. אַלע געטאָס אַחוץ דעם וואַרשעווער.

מיין פאָטער ציט מיט די אַקסלען.

— ווי אַזוי קען מען עס וויסן?

— אויב איר ווילט, קענט איר דאָ בלייבן. מיר, מיר פאָרן קיין וואַרשע. דאָס איז אונדזער איינציקער שאַנס. אין די אויגן פון מיין שוויגער האָבן מיר אויפגעהערט צו עקזיסטירן. זי ווענדט זיך בלויז צו זשאַקן.

— מען מוז אַוועק ווי אַמגיכסטן.

זשאַק, וואָס שטייט צווישן זיינע עלטערן און אונדז, מאַכט אַ שריט אין אונדזער ריכטונג און זאָגט:

— מיר ווען זיך איבערלייגן.

אין מיטן דער נאַכט האָב איך געשריען: „לאָמיר אַוועק פון דאַנען, מאַמע, לאָמיר אַוועק, לאָמיר אַוועק”...

# אַ וועג אָן אַ צוריק

די זון לאַכט זיך אויס פון די מויערן. זי איז איבער די גאַסן, איבער די הייזער, איבער אונדזערע קעפּ. איך גיי ווו די אויגן טראָגן מיך. מיין לייכט קליידל קלעפּט צו מיין לייב און טראָפּנס שוויס קייקלען זיך פּאַמעלעך אַראָפּ לענג־אויס מיינע אָרעמס. איך בין ווי פאַרשלונגען דורך דער מאַסע. עס שטופּן מיך די, וואָס גייען הינטער מיר, די וואָס קומען אָן פון פאָרנט, קעגן שטראָם, און אויך די, וואָס פראַלן אַרויס פון די זייטן־געסלעך און פּרוּוון זיך אַריינצודרייען רעכטס אָדער לינקס און באַמיען זיך איינצוגלידערן אין דעם שלאַבעריקן און כאַאָטישן גאַנג. אַ יונגע, זייער עלעגאַנטע פרוי, וואַרפט מיר, פאַרבייגייענדיק, אין פּנים אַריין אַ געררוך פון פּאַרפום. איך קען דעם פּאַרפום, אָבער קען זיך נישט דערמאָנען ווי ער הייסט. מען וואָלט אים געקענט רופן: „דערנענטערונג" אָדער גאָר „שאָטן" אָדער „אַנזאַג", אָדער אפשר „לעצטער פּאַרפום".

גייענדיק, דריי איך אַ ביסל אַוועק דעם קאָפּ, כדי זיי נישט צו זען, די אַנדערע. אָבער זיי זענען פּאָרט דאָ, תּמיד ביי די מויערן, אין שמאַטעס, מיט אָן אויסגעשטרעקטער האַנט, באַשעפענישן אָן געשלעכט, מיט גלוסטיקע אויגן וואָס האַלטן אייך אין איין פאַרפאָלגן. מען מאַכט אַ שריט אויף צוריק אויס מורא, אַז די האַנט, וואָס זיי שטרעקן אויס, זאָל אייך נישט פאַרהאַלטן, מען טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, כדי נישט צו פאַרשטיין די ווערטער, וואָס קומען אַרויס פון זייערע מיילער, כדי נישט צוצוגעבן, אַז זיי רעדן די זעלבע שפּראַך וואָס איר. טייל פון זיי זענען אַזוי מאָגער, אַז עס דאַכט זיך, אַז אָט וועלן זייערע ביינער דורכלעכערן די הויט. ספּעציעל זיי דאַרף מען אויס־מיידן. פאַראַן נאָך אין זייערע ביינערדיקע פינגער אַ נישט געאַנטע קראַפט, און ווען זיי קלאַמערן זיך אין אייער קלייד, אין אייער אָרעם, זענען אפילו

צוויי גוט דערנערטע הענט נישט צו פיל זיי פון אייך אָפּצורייסן. נישט דער־נענטערן זיך, נישט קוקן... נישט אַרונטערלאָזן די אויגן, כדי נישט צו זען די, וואָס קענען שוין מער זיך נישט האַלטן אויף די פיס. זיי זיצן לענג־אויס די מויערן, מיט בלייכע און אויפגעבלאָזענע פּנימער, מיט שלאַבעריקע און אַראָפּהענגענדיקע באַקן, מיט געשוואָלענע, נאַקעטע פיס, אויסגעשטרעקטע אויפן טראָטואַר; זיי זעען אויס ווי מענטשן, וואָס האָבן צו פיל געגעסן און וואָס זיצן דאָ אומבאַוועגלעכע, ווי געליימטע דורך דער פאַרדײַונג. זייערע אויגן זוכן אייך נישט, זיי פאַרמאָגן נישט דעם מינדעסטן אויסדרוק, זיי זענען פאַרשווומען אין דעם ווייכן ווייסן פלייש. זיצנדיק אומבאַוועגלעך לענג־אויס די מויערן, זעען זיי אויס, אפילו אויף דער זון, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין עפּעס אַ נאַסן פינצטערן קעלער, שוין פון לאַנג, טיף אונטער דער ערד ווי קרענקלעכע, אומגעזונטע אויסוווקסן. זינט ווען האָבן זיי זיך נישט צוגע־רירט צו דער מינדעסטער שפּייז, אָט די גרויסע עסערס, געשוואָלענע פון הונגער? זיי זיצן דאָ ביז עס וועט נעמען אַ סוף. דערנאָך וועט מען זיי צודעקן מיט אַ בויגן גראָב פּאַפּיר, וואָס מען וועט אין די פיר עקן פאַרפעסטיקן מיט פיר שטיינער, איידער מען וועט זיי אַוועקנעמען, כדי צו לאָזן דאָס אָרט פאַר אַנדערע. מענטשן, וואָס וועלן זיך יאָגן, וועלן איבער זיי אַריבער־שפּרינגען, כדי זיך איינצבערענגען צוויי אָדער דריי טריט. ס׳טרעפט אָבער, אַז דער ווינט רייסט אַוועק דאָס פּאַפּיר און דעקט אויף די גראָבע ווייסע היפּטן, די מוראדיקע קעפּ, וואָס זעען אויס ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעכאַפּט און מאַכן העויות צו די דורכגייער. מען שפּרייזט איבער זיי דאָך אַריבער און מען רייסט נישט איבער קיין שמועס. דאָ רופט דער טויט פון אַנדערע נישט אַרויס קיין פּחד. יעדער האָט זיין אייגענעם טויט, וואָס גייט אים נאָך, וואָס טשאַטעוועט אויף אים, גרייט צום שפּרונג און וואָס שפּרינגט טאַקע צו, ווו עס זאָל נאָר נישט זיין, אין ערטער, וואָס מען וואָלט אפילו נישט געקענט פאַרויסזען. מען דאַרף זיין זייער כיטרע, כדי פון אים צו אַנטרינען. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז דער בעסטער אופן איז זיך נישט וויסן מאַכן, אַז ער עקזיסטירט. אפילו ווען איר פילט אים שוין גאַנץ נאָענט, באמת זייער נאָענט, דאַרף מען זיך מאַכן נישט וויסנדיק, פאַרבלייבן גלייכגילטיק, פונקט ווי דאָס וואָלט אייך בכלל נישט אָנגעגאַנגען. אין דער לעצטער מינוט קענט

איר זיך נאָך אַ קער טאָן אָן אַ זייט און אפשר וועט דאָן עמעצער אַנדערש פאַרנעמען אייער אָרט. דער טויט איז נישט אַזוי סובטעל. ער וועט נישט באַמערקן דעם טעות. פון הינטן זענען אַלע מענטשן ענלעך איינער צום אַנדערן. מען דאַרף פאַרשטיין זיך, זיך נישט לאָזן צעשטרייען דורכן טויט פון די אַנדערע.

אַ שווערע האַנט לייגט זיך אויף מיין אַקסל. איך שפּרינג אויף.

— גוט מאָרגן, פּרינצעסין.

ער שטייט לעבן מיר אין זיין פּאָליציאַנטיש היטל, די פּאַלקע צוגעבונדן צום פּאַסעק. ער איז שענער און צוציִענדיקער ווי תמיד. דאָס איז מאַרק. ער איז געווען אַ סטודענט אַזוי ווי מיר. ער דערציילט מיר וועגן דער שולע און וועגן די אַמאָליקע חברים, דערמאָנט פּאַקטן, איינצלהייטן „דו דערמאָנסט זיך?" און ער חזרט איבער ווערטער, וואָס זענען אַ מאָל געזאָגט געוואָרן, און זיין געלעכטער איז ווי אַ ווידערקול פון די אַמאָליקע געלעכטערס; ער דערמאָנט מיט פּרטים, אַז אין דעם און דעם טאָג, בעת דעם און דעם קורס פון... איז געווען... און אויך... — „דו דערמאָנסט זיך?" „יאָ, איך דערמאָן זיך". ער ברענגט מיר מיט אַ מאָל צוריק אַ פאַרשווונדענע וועלט, די זכרונות פון אַן אַנדער לעבן, ווי ווערטפולע זאַכן, וואָס זענען ביז איצט פאַרשטעקט געווען אין אַ שופלאָד, פון וועלכן כ'האָב פאַרלוירן דעם שליסל. אויס דאַנק־באַרקייט גיב איך אים די האַנט. אין זיינע אויגן טאַנצט אַ קליין פלעמל פון צופרידנקייט, וואָס צינדט זיך תמיד אָן אין די אויגן פון מענער, וועלכע ווייסן ווי צו געפעלן. ער נעמט מיין אָרעם, דריקט אים צו צו זיך. מיר האָבן שוין אַ מאָל אַזוי שפּאַצירט אַ גאַנצע נאַכט אין בעלגיע, אַהיימגייענדיק פון אַ באַל. — ווייסטו, אַז איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין דיר? — זאָגט ער, איבערבויגנדיק זיך איבער מיר.

— דו פאַרלירסט דיין צייט, זאָג איך, לאַכנדיק. כ'האָב נישט ליב קיין פּאָליציאַנטן. טאַקע פאַר וואָס שפּאַצירסטו אַרום אין דעם לעכערלעכן הולך?

דער דרוק פון זיין האַנט אויף מיין אָרעם ווערט שוואַכער.

— ווייניקע וועלן איבערלעבן, כ'באַמי זיך צו האַבן אויף מיין זייט די גרעסטע צאָל שאַנסן. דערווייל דאַרפן זיי מיך האָבן — כל זמן עס וועלן נאָך דאָ זיין מענטשן.

— נאָך וואָס? פרעג איך תמעוואַטע, כדי צו זיכערן די אָרדענונג?

ער באַפרייט מיין אָרעם און איך בעסער אויס:

— כדי אויסצופירן די באַפעלן פון די דייטשן?

ער ענטפערט מיר מיט אַ קאַלטקייט:

— ס'איז אמת. ווי ס'זאָל נישט זיין, די באַפעלן מוז מען אויספירן.

מיר מאַכן אַ פּאָר שריט שווייגנדיק, דערנאָך נעמט ער צוריק מיין אָרעם און ווערט אויפסנויי אַזאַ, ווי איך האָב אים געקענט, לייכט און זאָרגלאָז, צופאַסנדיק אינסטינקטיוו זיין האַנדלונג צום טיפּ פון אַ שיינעם יונגן־מאַן, פאַר וועלכן ער האַלט זיך, אַזוי ווי מען רעגולירט אַ באַלייכטונג אויף אַ סטאַטוע. פאַר אים איז דאָך אומעט אָדער פאַראיבל בלויז אַ געשמאַק־פעלער.

— דו ווייסט, מיר זענען שוין דאָ זעקס? הענריק, טאַדעק, פעליקס, דו, איך, און זשאַק. מען דאַרף זיך טרעפן אַ נאַכט, וואָס מיינסטו? איך נעם זיך אונטער צו באַזאָרגן שאַמפּאַניער. מיר וועלן מאַכן אַ הוליאַנקע, אַז אַלץ וועט גיין כאַדאַראַם. מסכים?

נישט וואַרטנדיק אויף מיין תשובה, פּונקט ווי ער וואָלט זי שוין געקענט פון פריער, לאָזט ער זיך פון דאָס ניי אַריין אין זכרונות און איך פאָלג אים נאָך. ער מאַכט אויסגעצייכנט נאָך אונדזערע פּראָפעסאָרן, זייערע אינטאָ־נאַציעס, זייערע זשעסטן און מיר לאַכן ווי משוגעים. גראַד דאַן כאַפּט זיך איינע פון די סקעלעטישע הענט, וואָס שטרעקן זיך אויס פון דער מויער, אָן אין מיין קלייד. איך שטעל זיך אָפּ, אָבער איידער כ'האָב נאָך באַוויזן צו מאַכן דעם מינדעסטן זשעסט, לאָזט זיך מאַרקס פאַלקע אַראָפּ אויף דער האַנט, וואָס טוט זיך אַ צי אויף צוריק אַזוי ווי איינע פון די לעבעדיקע פלאַנצן פון די ים־אָפּגרונטן, וואָס פאַרשווינדט פלוצעם אין אַן אויסהוילונג פון אַ פעלדז, ווען אַ שׂונא האַלט זיך אין דערנענטערן צו איר. עס פאַלן אויף אונדז קללות, יללות און זידלערייען. מאַרק פּרוּווט צוריק אָנהייבן דעם שמועס, אָבער איך הער אים מער נישט. ער באַמערקט עס.

— נו, אויף ווידערזען, איך וואַרט אויף אייך.

מעכאַניש דערלאַנג איך אים די האַנט. ער האַלט זי אין זיינער און זאָגט: — אין גיכן וועסטו זיין ווייניקער סענטימענטאַל. אין אָנהייב מאַכן עס אַלע דורך.

איך גיי ווייטער מיין וועג אַליין. איך גיב גוט אַכטונג זיך נישט צו דערנענטערן צו דער מויער. אויפֿן ברוק שלייכט פֿאַרביי אַ וועגעלע, געצויגן פֿון אַ פֿרוי. ס׳ליגן אויף אים צוויי קליינע קינדער מיט געשוואָלענע בייכלעך. די רעדער סקריפּען. דאָס וועגעלע שפּרינגט אונטער איבער די שטיינער; פֿון מאָל צו מאָל שטויסן זיך די קעפּלעך פֿון די קינדער אָן איינס אָן דאָס אַנדערע. ביי דער זייט גייט אַ מאַן, אַ שרעקלעך מאָגערער. מיט איינעם פֿון זיינע פֿינגער טייטלט ער אויפֿן וועגעלע און ער זינגט זיך אונטער אַ מאָנאָטאָנעם, אומאויפֿהערלעכן יאָמערדיקן געזאַנג, פּונקט ווי ער וואָלט אויפֿגעוויקלט אַ פֿאָדעם אין עפּעס אַ טונקעלן לאַבירינט, וואָס זיין פֿינצטערניש פּילט אָן זיינע האַלוצינירטע אויגן: „יידן, האָט רחמנות אויף אַן אָרעמער מאַמען, וואָס שלעפּט אירע שטאַרבנדיקע קינדער. אַ שטיקעלע ברויט, אַ קליין פּיצעלע ברויט"... איך פֿאַרקערעווע אין דער ערשטער זייטיקער גאַס. „...וואָס שלעפּט אירע שטאַרבנדיקע קינדער. אַ שטיקעלע ברויט. אַ קליין פּיצעלע ברויט"... איך דריי זיך אַריין אין נאָך אַ גאַס און דאַן אין נאָך איינער. ווען איך פֿאַרלאַנגזאַם מיינע טריט, הערט מען שוין מער גאָרנישט.

די קליינע גאַס, אויף וועלכער איך גיי, פֿירט צו אַ פּלאַץ. איך דערקען דאָס אָרט. אין דער מיט געפֿינט זיך אַ גרויסער קאַשטאַן־בוים, וואָס וואַרפֿט אַ מילדן שאָטן. קעגנאיבער איז די קירך. איך בלייב אַ ווײַלע שטיין און לאָז נישט אָפּ די אויגן פֿונעם הויז פֿון דעם גאָט פֿון די קריסטן אין יידישן קעניגרייך. גאָר אין דער הויך פֿון טורעם, וואָס שניידט זיך אויס אויפֿן געטאָ־הימל, שטרעקט אַ שוואַרצער צלם אויס זיינע פֿאַרשטאַרטע אָרעמס איבער דעם יידישן פֿאָלק. אַ ביסל נידעריקער זענען פֿיר ווייסע מלאכים אויסגעשטעלט קעגן אַלע פֿיר זייטן. ווען כ׳קום צו נענטער, זע איך, אַז זייערע פֿליגל זענען צונויפֿגעבונדן מיט אַ גרויסער שטריק. ביז איצט האָב איך עס נישט באַמערקט. צי האָט מען זיי צונויפֿגעבונדן, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט, זיי זאָלן נישט אַוועקפֿליען און שנעל פֿאַרלאָזן דעם גהינום אין וועלכן זייער ווייסקייט האָט פֿאַרבלאָנדזשעט? ס׳קען זיין, אַז מען האַלט זיי דאָ ווי עדות און אפֿשר — פֿאַר וואָס נישט — פּשוט כדי זיי זאָלן זיך דערוויסן. מלאכים מיט בליקן פֿון אומשולדיקע קינדער... גאָר ווייסע אין דעם בלוי

פון הימל, אָבער נישט געגוג הויך אַז דער עיפּוש פון אונדזער ערד זאָל נישט קענען צוקומען ביז צו אייערע שטיינערנע נאָזלעכער. אָבער עס מאַכט נישט אויס! ס׳וועט זיך תמיד געפינען געגוג ווייררויך אויף דער ערד און אין די הימלען, כדי צו פאַרדעקן דעם ריח פון די הויפנס מתים. שטרעקט אויס דעם האַלדז, דרייט אַ ביסל אויס אייער קאָפּ... ביי דעם מלאך פון דער דרום־זייט פעלט אַ שטיקעלע פליגל. כמעט גאָרנישט. אָט דער קליינער פּגם איז גענוג ער זאָל באַקומען אַ ביסל אַן אויסזען פון מענטשלעכקייט... פון עפּעס, וואָס קען צעבראָכן ווערן, קאַליע ווערן, וואָס רופט אַרויס מיטלייד. מען קאָן אַ מאָל האָבן אַ רחמנות־געפיל פאַר אַ שטיין וואָס קרישלט זיך...

איך שטיי דריי טריט ווייט פון דער שווערער קירך־טיר. און אָט עפנט זי זיך גראָד און ס׳באַווייזט זיך אַ הויכע שוואַרצע געשטאַלט. דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב זי געזען, בין איך נישט געווען מער איבערראַשט ווי איצט. אמת, אַז דאָ לערנט מען זיך אויס זיך נישט צו איבעררהאַשן פון גאָר־נישט. איך זאָג:

— גוט מאָרגן, הער גלח.

ער שמייכלט צו מיר:

— קום אַריין, מיין קינד.

די זון שטרייכט אונטער די הייליקע אויף די וויטראַזשן. שטילערהייט גייען מיר נאָך דעם גאָלגאָטאַ־וועג. יעזוס קוקט אויף אונדז מיט זיינע פאַר־שידענע פּנימער. די אויגן פאַרגרעסערט דורך די ליידן. אַרום אים חוזקן די תּלינים, אָבער מאַריאַ מאַגדאַלענאַ שטייט דערנעבן, און זי ווישט אָפּ מיט אירע האָר דאָס בלוט און דאָס שפּייעכץ. און איך טראַכט, און אין דרויסן ביי דער מויער גוסן צו פיל מענטשן, כדי אפילו אַן אויסגעלאָסענע זאָל אויף זיי רחמנות האָבן.

דורך אַ קליינער טיר און אַ טונקעלן קאָרידאָר גייען מיר אַריין אין אַ שיינעם, העלן און באַקוועמען צימער. דער גייסטלעכער הייסט מיר זיך זעצן און איך פאָלג אים, אַזוי ווי כ׳האָב אים געפאָלגט שוין מיט אַ לאַנגער, גאָר לאַנגער צייט צוריק. אויך ער געהער צו מיין פאַרגאַנגענהייט, אָבער צו אַ פריערדיקער ווי די, אין וועלכער מאַרק האָט מיך נאָר וואָס אַריינגעצויגן. איך דאַרף בלויז אָנקוקן דעם גלח, כדי אויפסניי צו דערפילן די לאַסט פון

מיין שול-טעקע, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט ביכער, כדי צוריק צו געפינען די אויפרעגונג פון פאַר די עקזאַמענס, מיין פאַרלעגנהייט און שעמעוודיקייט פאַר די פּראָפעסאָרן. נאָך די לעקציעס פלעגט מיך דער גלח אָפּט פאַרהאַלטן און מיר אַריינשטעקן אין האַנט אַריין אַ הייליק בילד. איצט זיצט ער קעגן איבער מיר און זיינע האָר זענען נאָך אַלץ אַזוי ווייס און זיין פּנים אַזוי ראָזע. ווען כ'בין ביי אים געווען דאָס ערשטע מאָל, האָב איך אים געפרעגט:

— אָבער איר, פּאַניע קשיאָנדז, וואָס טוט איר דאָ? און ער האָט, זיפצנדיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— עס שיינט, אַז מיינע זיידעס זענען געווען יידן. איך אַליין האָב עס נישט געוווּסט. און אַזוי ווי לויט זיי איז מען אַ ייד ביז אין דריטן דור אַריין...

ער האָט צו מיר פריינדלעך אַ שמייכל געטאָן:

— דאָ זענען פאַראַן קריסטלעכע נשמות, וואָס בייטיקן זיך אין מיר.

דאַן האָב איך נאַרישעוואַטע איבערגעחזרט מיין פראַגע:

— וואָס מאַכט איר דאָ, פּאַניע קשאָנדז?

— איך טו דאָס, וואָס אַ גייסטלעכער דאַרף טאָן, מיין קינד, איך בעט צו גאָט.

און ער שאָקלט אויפסניי מיטן קאָפּ און שמייכלט און זיפצט אונטער. אַזוי ווי זי פלעגט אַ מאָל אַריינקומען איז זיין שוועסטער אויך איצט אַריינ־געקומען, בעת מיר שמועסן. זי דערלאַנגט מיר אַ קליין ווייס, פלײשיק הענטל און פאַרבעט מיך גלייך צו דער טיי. איך ווייס, אַז דאָס וועט נישט זיין קיין צוגעפּאַרבט הייס וואַסער, נאָר אמתע טיי.

— מיט אונדזער באַשפייזונג פאַרנעמען זיך גלייביקע, וואָס זענען פונקט ווי מיר דאָ פאַרשפּאַרט — האָט זי מיר איין מאָל דערקלערט. פון צייט צו צייט טראָגן זיי אונדז צו אַ ספּעציעלן מאכל...

מיר טרינקען טיי און שמועסן. דער גלח און איך ברענגען אַרויס פאַר־שידענע זכרונות. זיין שוועסטער לאָזט נישט אַראָפּ אירע אויגן פון אים: „טרינק דיין טיי, זי וועט ווערן קאַלט. אפשר נאָך אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער?". ער פאָלגט זי, ער איז שוין לאַנג צוגעוווינט, זי זאָל אים אַזוי קעכלען. מיר טרינקען אונדזער טיי, ערגעץ ווו אויסער דער צייט, אויף טיש־

טעכלעך פון שפּיצן און צווישן דעם מילדן אָפּשיין פון גוט אויסוואַקסירטע מעבל. פון דער וואַנט קוקט אַראָפּ אַן אויסגעמאַטערטער קריסטוס פון העל־פאַנט־ביין. די קליינע לעפעלעך קלינגען אָפּ דיסקרעט, די שטימען זענען גלאַטיק, די ווערטער פאַרשווינדן און רירן גאַרנישט און קיינעם נישט אַן אין צימער. מען פילט זיך גוט ווי אין אַ סאַמעטענעם קבר.

דער גלח הייבט זיך אויף:

— אַנטשולדיק מיר, מיין קינד, עס איז די שעה פון געבעט. די גלייביקע וואַרטן אויף מיר, קום נאָך אַ מאָל וואָס גיכער.

איך גרייט זיך אויך אַוועקצוגיין, אָבער זיין שוועסטער האַלט מיך אָפּ:

— בלייבט נאָך אַ ביסל מיט מיר, מיר זענען דאָ אַזוי איינזאַם. די קירכע איז פאַר אונדז ווי אַ שיף אויף אַן אומבאַקאַנטן, פיינטלעכן ים. מיר פאַרלאָזן זי קיין מאָל נישט. שטעלט אייך פאָר, אַז איך בין נאָך נישט געגאַנגען ווייטער ווי ביז צום קאַשטאַן־בוים אויפן פּלאַץ. ווי שרעקלעך ס׳איז צו זיין דאָ אַזוי פאַרשפּאַרט. אַזאַ אויסטערלישע געשיכטע, די יידישע זיי־דעס, איר קענט זיך לייכט פאַרשטעלן, אַז דאָ האַנדלט זיך אין אַ נידער־טרעכטיקער פערזענלעכער נקמה. און ווייסט איר ווער דאָס האָט אונדז אָפּגעטאָן?

זי רוקט צו איר שטול צו מיינעם און רעדט שטילער:

— דאָס זענען די זעלבע, וואָס האָבן געקרייציקט יעזוס־קריסטוסן, די יידן. זיי האָבן געשלאָגן מיין ברודער, דעם הייליקן מאַן, אַזוי ווי זיי האָבן געשלאָגן אונדזער אויסלייזער.

איצט רירט איר אָטעם אָן מיין באַק.

— איך ווייס, איך ווייס ווער ס׳האָט עס געטאָן. דאָס איז דער מנוול ראָזענטאַל, דער פאָטער פון דעם קליינעם. און מיין ברודער האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן, כדי צו ראַטעווען דאָס קינד... איך רעד נישט פון זיך, נאַטיר־לעך, וואָסער ווערט קען האָבן דאָס לעבן פון אַן אַלטער אָרעמער פרוי? נאָך אַ גלעזל טיי? יאָ יאָ... איך ווייס ווי שווער ס׳איז היינט צו קריגן טיי. און צוקער... איז אויך זייער זעלטן, נישט אמת? אָ, נעמט נאָך אַ קלעצל, איר דאַרפט זיך נישט קרעמפּירן, כ׳האָב אַזוי פיל פאַרגעניגן אייך מכבד צו זיין. ביטע, ביטע...

פון דער וויטנס דערגייט צו אונדז דאָס קול פון גלה, וואָס ריכט אָפּ דעם גאָטעסדינסט.

— ווי געפעלט אייך די טיי? איך וועל אייך דערציילן די גאַנצע געשיכטע, אָבער זאָגט מיר צו, אַז איר וועט קיין מאָל נישט איבערחזרן קיין וואָרט דערפון מיין ברודער. אויב איך באַהאַלט פון אים געוויסע זאַכן, איז עס כדי נישט צו פאַרשווערן זיין לעבן, וואָס איז שוין אַזוי אויך גענוג שווער. ער האָט זיך תמיד מקריב געווען פאַר אַנדערע. צום גליק בין איך דאָ, כדי אים צו דערמאָנען, אַז אפילו הייליקע פאַרמאָגן אַ שטערבלעכן קערפּער, וואָס מען מוז דערנערן און פלעגן. ווען נישט דאָס, וואָלט ער שוין לאַנג נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

— אָ! איך בין זייער צופרידן וואָס כ'קען אייך דאָס זאָגן. איר פאַר־שטייט, מען האָט אַ מאָל אַ באַדערפעניש צו רעדן, צו עפענען דאָס האַרץ, די דאָזיקע איינזאַמקייט איז אַזוי האַרט, אַזוי פּיינלעך. זייט וויסן, אַז איך באַדויער גאָרנישט, איך האָב זיך גאָרנישט פאָרצוואַרפן, איך האָב עס געטאָן, ווייל כ'האָב אים ליב. ער איז דאָך ווי אַ קינד, אַזוי אומבאַ־האָלפן אין זיין אומשולד. איך דאַרף אים שיצן קעגן אים אַליין. כ'האָב אייך שוין דערציילט, אַז מיר האָבן פאַרלאָזט לובלין אין יאַנואַר, כדי זיך צו באַזעצן אין באָזשעוואָ. מיר וואָלטן דאָרט געקענט רויִק לעבן אין דעם שטעטל ביזן סוף פון דער מלחמה. אָבער די יידן האָבן אונדז אומגליקלעך געמאַכט, די יידן און די הייליקע גוטסקייט פון מיין ברודער. קיין סך יידן זענען אין באָזשעוואָ נישט געווען, אָבער פאַרשטייט זיך, אַז די שענסטע געשעפטן פון דער שטאָט האָבן געהערט צו זיי. שוין אַזוי פיל הונדערטער יאָרן שפּייזן מיר זיי און זיי זענען ווי אַ בלאָטער אויף אונדזער קערפּער, אַ בלאָטער וואָס מען קען נישט אויפשטעכן. ס'זענען אויך געווען אין באָזשעוואָ יידישע אָרעמעלייט אָדער זיי האָבן געמאַכט אַזאַ אָנשטעל, גאַנץ מעגלעך. מיין ברודער האָט געקענט איינע פון אַזעלכע קבצנסקע משפּחות, וואָס מען ווייסט נישט ווי אַזוי זיי לעבן. אַלע זענען זיי צונויפגעקוועטשט אין איין צימער, איך שמוץ און אין געשטאַנק. און מיין ברודער האָט געהאַט דעם מוט אַריינצוגיין צו זיי. שטעלט אייך פאָר... מיר ווערט נישט גוט בלויז קלערנדיק דערפון. מען וואָלט געקענט גלייבן, אַז דער אויבערשטער האָט

פון אים פאַרטריבן די שלעכטע ריחות. און ווען די דייטשן האָבן אַרויס־
געגעבן אַ באַפעל איבערצוזידלען די יידן, כ׳וויים אַליין נישט ווו, קומט צו
אונדז אַריין אין מיטן דער נאַכט אַ פרוי פון דער משפחה; זי האָט געהאַלטן
אַ ייִנגעלע ביי דער האַנט. צום אומגליק האָט דער גלח איר געעפנט די טיר.
ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין אַ צימער מיט איר און מיטן קינד און כ׳האָב
געהערט ווי די פרוי האָט געוויינט. צען מינוט שפּעטער איז זי אַוועק און
האָט אונדז געלאָזן דעם קליינעם. מיר וועלן זיך מיט אים פאַרנעמען, זאָגט
צו מיר מיין ברודער, און אויב מענטשן וועלן דערזען, אַז ער איז ביי אונדז,
וועט מען קענען לייכט זאָגן, אַז ער איז אונדזערער אַ קרוב. הייליקער יעזוס.
ער איז פּונקט אַזוי נאַיִוו ווי גוט. געענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויפן ייִנגל,
מיט זיין בלייכער צערע, זיין לאַנגער נאָז, זיינע רונדע, שוואַרצע אויגן,
אויף זיין אויסגעדאַרט און שוין איינגעהויקערט קערפּערל, כדי צו טרעפן
ווער ער איז. דער גלח איז אָבער אַן עקשן, אַזוי הייליק ווי ער איז. האָב
איך זיך פאַרנומען מיטן קינד. כ׳האָב אים אָפּגעשוירן זיינע לאַנגע, שוואַרצע
און שמוציקע האָר, כ׳האָב אים אויסגעצוואָגן. דאָס האָט אָבער נאָך בולטער
געמאַכט זיין נאָז און זיינע אָפּשטייענדיקע אויערן. כ׳האָב אים געמוזט אויס־
באַהאַלטן אין אַ פינצטערער קאַמער און אים פאַרזאָגט ער זאָל פון איר נישט
אַרויסגיין. און איר ווייסט, ער האָט מיר תמיד געפאָלגט. אַ געהאָרכזאַם
קינד, כ׳מוז עס צוגעבן. ער האָט געקענט זיצן שעהען לאַנג אויפן זעלבן
אָרט און זיך נישט רירן. איך האָב זיך צום סוף אַליין געפרעגט צי ער האָט
נישט אַמאָל מורא פאַר מיר. צום ביישפּיל, ווען כ׳פלעג אים ברענגען עסן,
פלעגט ער זיך טאָן אַ קליינעם צי אויף צוריק, ווי ער וואָלט זיך וועלן אויס־
באַהאַלטן, כאָטש געדעדט האָב איך צו אים מילד און האָב אים נישט גע־
זשאַלעוועט קיין עסן. און אַן עסער איז דאָס שוין איין מאָל געווען, און
קיין מאָל נישט קיין וואָרט פון דאַנקבאַרקייט, אפילו נישט קיין שמייכל.
כ׳האָב ליב קינדער, כ׳האָב זיי זייער ליב, אָבער ווער וואָלט זיך דאָס געקענט
צובינדן צו אַזאַ קליינעם נפשל? דאָס האָט מיר אָבער נישט געשטערט צו
טאָן פאַר אים אַלץ, וואָס מען האָט באַדאַרפט. פון דעסטוועגן האָט מיין
ברודער אויסגעפונען, אַז ער זעט אויס בלאַס, האָט מען אים דעריבער
געמוזט לאָזן פון צייט צו צייט אַ ביסל אויפן הויף. דער גלח פלעגט אַרויס־

קומען און רעדן צו אים — וואָס אַ הייליקער מענטש קען אַלץ טאָן — און דער קליינער האָט אָנגעהויבן זיך אויסצומענטשלען. איין מאָל האָט ער מיך אפילו אַ פרעג געטאָן צי זיין מאַמע וועט אין גיכן קומען. איך בין געווען גערירט ביז טרערן. ס׳איז דאָך פאָרט געווען אַ קינד. נאָר אָט האָט מען אים באַמערקט. מענטשן האָבן מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן. ס׳איז שווער צו זאָגן ליגן, ווען מען איז דערצו נישט געוווינט. איך האָב געזען אַז זיי גלויבן מיר נישט. ווי אַזוי האָט מען איבעריקנס געקענט גלייבן אין אַזאַ אומוואָרשיינלעכער געשיכטע, וואָס מיין ברודער האָט צוגעטראַכט? און איין טאָג האָט מיר אַ קרעמערקע געזאָגט, בעת מיר זענען גראָד געווען מערערע אין איר שפייז־קראָם: ס׳איז אמת, אַז איר באַהאַלט אויס ביי אייך אַ זשידעק? איך האָב געדאַרפט האַנדלען שנעל כדי צו ראַטעווען מיין ברודער. גראָד איז ער אַוועק מיט אַ וויזיט צום גלח פון אַ שכנותדיקער פאַראַפיע. אָוונט־צו האָב איך גענומען דאָס יינגעלע און בין מיט אים אַוועק אין וואַלד אַריין. כ׳האָב זיך מיט אים לאַנג אַרומגעדרייט איבער קליינע שטעגן און דאַן בין איך מיט אים אַריין טיף אין וואַלד צווישן די ביימער. זיינע הענט האָב איך אָנגעפילט מיט צוקערלעך...

איך פאַרגעס צו טרינקען מיין טיי, די אמתע טיי, וואָס איז אַזוי זעלטן, און וואָס ס׳האָט זיך מיר אַזוי געוואָלט טרינקען. איך הער זיך צו צו די רייד פון דער פרוי און טראַכט: ס׳איז נישט אמת, מען דערציילט מיר דאָס מעשׂהלע פונעם קליינעם פינגערל. זי שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מינוט און אירע אויגן ווערן פייכט.

— איך האָב זיך פאַרשטאָפּט די אויערן, כדי אים נישט צו הערן. ער איז געבליבן שטיין אויפן זעלבן אָרט ווי כ׳האָב אים געלאָזן. ער האָט מיך גערופן, ער האָט זיך נישט גערירט, ווייל איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל אויף מיר וואַרטן און זיך נישט רירן. ער האָט מיך כסדר גערופן און געוויינט. זאָל מיר גאָט מוחל זיין. כ׳האָב עס געטאָן, כדי צו ראַטעווען מיין ברודער. אים האָב איך געזאָגט, אַז אַ פעטער איז געקומען צוריקנעמען דאָס קינד, און גראָד דריי חדשים שפּעטער קומט צוריק דער טאַטע פונעם קינד, וואָס איז אַנטלאָפן פון איינעם פון די ערטער, ווו מען שפּאַרט איין די יידן. איך בין דאַן געווען אין גאַס. מיין ברודער האָט געאַרבעט אין גאָרטן. אַ שכנה

האָט מיר שפּעטער דערציילט די סצענע. דער אַ ראַזענטאַל האָט זיך אויף אים געוואָרפן, אים אָנגערופן מנוול און אים געדראָט, אַז ער וועט זיך אין אים נוקם זיין, אַז ער וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען. ווען כ׳בין צוריק־געקומען, האָט מיר מיין ברודער געזאָגט: „אויב דו האָסט געוואָלט פּטור ווערן פון קינד, זאָל גאָט אויף דיר רחמנות האָבן״.

טרערן רינען איצט אַראָפּ פון אירע באַקן.

— זאָל אים גאָט מוחל זיין זיין אכזריותדיקייט לגבי מיר. פאַר אים האָב איך דאָך מיין נשמה פאַרלוירן. דאָס האָט ער מיר נישט געדאַרפט זאָגן. ניין, ער האָט נישט געדאַרפט... איר כאָטש, כ׳זע, איר פאַרשטייט מיך. קומט צו מיר ווידער, קומט אָפּט. מיר וועלן צוזאַמען טרינקען טיי. און דער עיקר — איר האָט מיר צוגעזאָגט נישט צו דערציילן קיין איין וואָרט מיין ברודער.

דאָס ווייטלעכע קול פון גלח דערגייט נאָך צו אונדז:

— איר מוזט נישט דורכגיין דורך דער קירך, זאָגט מיר די פרוי עפּענענדיק פאַר מיר אַן אַנדערע טיר.

כ׳געדענק נישט צי כ׳האָב אַרויסגעזאָגט כאָטש איין וואָרט. איך בין אַרומגעגאַנגען אַרום דער קירך און, פאַרבייגייענדיק פאַר דעם טויער, האָב איך נאָך געהערט דאָס קול פון גלח: „אָראַ פּראָ נאָביס״ (בעט פאַר אונדז) און פאַראייניצלטע שטימען האָבן געענטפערט „אָראַ פּראָ נאָביס״.

כ׳געפין זיי אַלע דריי פאַרן הויז: מיינע עלטערן און זשאַקן. זיי זענען אויסערגעווייינלעך אומרויק. מען פרעגט מיך אויס און איך צי מיט די פּלייצעס. ווו איך בין געווען? ווי ס׳זאָל נישט זיין קען מען ווייט נישט גיין. איך בין מיד און לייג זיך אַוועק אין קליינעם קיכל, ווו מיר שלאָפן, זשאַק און איך.

ליגנדיק אין בעט, זע איך דעם הויף, ווו מיינע עלטערן און מיין מאַן שמועסן מיט עטלעכע שכנים. פון דער ווייטנס הערט זיך אַ געוויין פון אַ קינד. דערנאָך ווערט שטיל. איך קוק אויף די ביימער. אַ ווינט וואָס איז געקומען פון ערגעץ ווו בייגט פּלוצעם איין זייערע צווייגן, הינטער וועלכע עס פאַרשווינדן מיינע עלטערן און זשאַק. איך שפּרינג אַרויס דורכן פענצטער און וויל צוגיין צו זיי, אָבער זיי זענען שוין מער נישטאָ. איך רוף זיי. מיין

קול דערגייט נישט ווייט, עס פאַרלירט זיך אין די פאַלדן פון די בלעטער, וואָס הענגען אומבאַוועגלעך זייער נידעריק איבער מיין קאָפּ. אַן אויסגע־צאַנקט ליכט צעמישט די פאָרמען. אַלץ זעט אויס ווי אַן אויסגעהאָפּטענער קאַוויאַר, אַ פאַרגעסענער אין עפּעס אַ פינצטערער שטוב. איך פּרוּוו לויפן. איך שטויס זיך אָן אָן וואָרצלען אוןביימער, וואָס קנוילן זיך פאַר מיר. זיי פאַרשטעלן מיר דעם וועג, זיי מערן זיך אין געדיכטע שורות, כמעט אָן אַ סוף, און צעגייען אין בין השמשותדיקע טיפקייטן. זיי ווערן אַלץ געדיכטער, איינגעשפּאַרטער, בייזער. איך וויל זיין כיטרע... איך קלייב אויס איינעם פון זיי און מאַך זיך גיין גלייך אויף אים און אין מאָמענט גיב איך אַ שפּרונג אָן אַ זייט, פּרוּוו אים איבערראַשן, אויסמיידן, און זיך אַ וואַרף טאָן פאָרויס... אָבער באַלד שטויס איך זיך אָן אויף אַ צווייטע שטערונג. מען וואָלט געזאָגט, אַז זי איז ווי אַרויסגעוואַקסן פון דעם שטח אָן טיפקייט. בעת עס גייט אָן אָט דער מאָדנער שפּיל, רוף איך ווייטער, אָבער מיין קול באַוויזט קוים אויפצורודערן די שטילקייט. איך פיל זיך ווי אַ געפאַנגענע אין די פאַלדן פון אַ שווערן פאָרהאַנג. כ׳ווער דערשטיקט, מיינע הענט און פיס פאַרפּלאָנטערן זיך. מיין האַלדז פאַלגט נישט מער און די געשרייען קנוילן זיך צונויף אין אַ קנופּ פון ווייטיקן. צי איז נאַכט? ווי קען מען עס וויסן אין אָט דער פלאַכער טונקלקייט, אין וועלכער די פאָרמען וואַקלען זיך, אומזיכערע? די ביימער רינגלען מיך אַרום, זיי דערנענטערן זיך אַלץ מער... זייערע צווייגן נעמען אַרום מיינע פּלייצעס, קוועטשן צונויף מיינע קני, צעדראַפּען מיר מיין פּנים. איך קען נישט מאַכן די מינדעסטע באַוועגונג. כ׳בין געבונדן, פּאַראַליזירט אי דורך דער מורא, אי דורך די רימענס. כ׳וואָלט געדאַרפט פּרובירן צו באַפרייען כאָטש איינע פון מיינע הענט... דער דרוק פון די שטאַמען אַרום מיר ווערט אַלץ אומברחמנותדיקער... ס׳פעלט מיר אויס לופט, כ׳ווער דערשטיקט... איך זאָג צו זיך אַליין, אַז כ׳דאַרף קעמפן, באַפרייען צו ערשט אַ האַנט... ס׳וואָלט גענוג געווען איין האַסטיקער אָנ־שטרענג. אָבער איך מאַך נישט דעם אָנשטרענג, איך קען אים נישט מאַכן. איך ריר זיך נישט, כ׳בלייב ווי טעראָריזירט. די פינגער פאַרקלאַמערט אויף די צוקערלעך, וואָס פילן אָן מיינע הענט. ווי אַזוי באַפרייט מען זיך פון דער אַרומנעמונג, אויב איך עפן נישט די פויסטן, אויב איך אַנטשליס זיך נישט

אַוועקצוּוואַרפֿן די פּאָר קלעפּעדיקע אומפֿאַרשטענדלעכע צוקערלעך? איך ווייס, אַז כ׳מוז זיי האַלטן פֿאַר יעדן פּרייז. עפּעס אַנדערש ווייס איך נישט. מיינע געדאַנקען צעקריכן זיך... איך אונטערשייד נישט מער צווישן מיין קערפּער און דעם האַרטן האָלץ, וואָס קלעמט מיך איין. און כסדר די משונה־דיקע איבערצייגונג, אַז כ׳טאָר נישט אויפֿמאַכן די פֿינגער. דאָס ליכט איז אין גאַנצן אויסגעלאָשן. איך בין אין גאַנצן פֿאַרגליווערט אין דער מאַסע פֿון דער נאַכט. מער גאָרנישט... בלויז אָט די דערנענטערונג, וואָס ווערט קלאָרער. זיי שטייען דאָ צווישן דיביימער און די ביימער מאַכן אַ וואַרע, פֿירן זיי און ברענגען זיי צו מיר, דער שטומער און אומבאַהאָלפֿענער. שטילערהייט, אומברחמנותדיק דערנענטערן זיי זיך. איך קען זייער בליק, זייער פֿאַרזיכטיקן גאַנג, איך ווייס ווי אַזוי זיי טראָגן פֿאַרויס זייער מאַשין־געווער. זיי האָבן פֿאַרמאַכט דעם קרייז אַרום מיר אויף אייביק. דאַן קניפּט זיך אויף מיין האַלדז און דער געשריי רייסט זיך אַרויס און באַפֿרייט מיך... דאָס הייסע געזאַלצענע בלוט פֿילט אָן מיין מויל... איך הויל זיך אויס און ווער לייכט, לייכט, לייכט... עס בלייבן מיר נישט מער ווי מיינע פֿאַרמאַכטעביידע הענט, און אין זיי — צוקערלעך.

דריי טעג שפּעטער זענען מיר געגאַנגען, זשאַק און איך, זיך טרעפֿן מיט אונדזערע חברים אויפֿן אַדרעס, וואָס מאַרק האָט אונדז אָנגעגעבן. איך האָב אָנגענומען די איינלאַדונג. זשאַק האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט. ער רעדט אַלץ ווייניקער און ווייניקער און זיין נישט דרייסטער, קינדישער, צוטרוילעכער שמייכל באַווייזט זיך זעלטן און פֿאַרשווינדט גיך. זיינע באַקן פֿאַלן איין. צוויי פֿאַלדן ציען אַראָפּ זיין מויל נאָך אונטן. צו דער פֿאַרב פֿון זיינע אויגן איז עפּעס צוגעקומען אַן אַנדער פֿאַרב, אַן אומבאַשטימטע. אפֿשר גאָר די פֿאַרב פֿון דער לופֿט, וואָס רינגלט אונדז אַרום אויף דעם שטח וואָס איז איינגעקלאַמערט צווישן די מויערן, אַ פֿאַרב וואָס שטאַמט פֿון דעם געפּרעסטן געמיש פֿון דער מורא, פֿונעם הונגער, פֿון פֿיבער, פֿון דער שנאה און פֿון דער אויפֿגעצווונגענער זאָרגלאָזיקייט, וואָס איז בלויז אַן אַנדער פֿאָרעם פֿון פּחד. צי קען די שאַרפֿקייט פֿון געפֿילן, די מענטשלעכע געפֿאַלנקייט, אָננעמען אַ ממשותדיקע פֿאָרעם און זיך אַנטפּלעקן פֿאַר אונדז

ווי אָט די מאָדנע קאָליר אָן אַ נאָמען? איך ווייס, אַז זי עקזיסטירט יאָ און אַז מיר אַליין שאַפן זי, אַז זי באַשטייט פון אונדזער חומר און פון אונדזערע געפילן, אַז זי איז די אויפלייזונג פון אונדזער נשמה, צעשמאָלצן דורך די געטאָ־סמען, אַז דאָס זענען די פּראָדוקטן פון דער מוראדיקער כעמיע, וואָס רייסן זיך אַרויס פון אונדז גופא, פליען אַרום אין דער לופט, ווו זיי טרעפן אָן טויזנטער אַנדערע אויסגעלייזטע נשמות, און דאָס אַלץ מישט זיך צונויף, פאַרצוקט זיך קעגנזייטיק, פאַרגייט איינס אין דאָס אַנ־דערע, כדי ס'זאָל געבוירן ווערן אָט די לעבעדיקע קאָליר, וואָס מאַכט געדיכטער די לופט וואָס מיר אָטעמען איין.

— וואָסער נומער? פרעגט זשאַק.

— נומער זיבעצן.

מיר געפינען זיך פאַרן נומער 11. אַ פּאָר צענדליק מעטער ווייטער — אַ גרויס פירעקיק שטיק פּאַפּיר, געהאַלטן דורך צוויי שטיינער, וואָס פּרוּווט אומזיסט אַוועקצופליען מיטן ווינט פון דעם הייסן און טרוקענעם טאָג. הלוואי זאָל עס נישט זיין דאָ. ס'איז אָבער יאָ דאָ, טאַקע דאָ. דער מת ליגט אויס־געצויגן פאַרן טויער. דאָס פּאַפּיר, וואָס הייבט זיך רעגלמעסיק אויף, דעקט אויף אַ נאַקעטן גוף ביז צו די היפטן, דער בלויער בויך איז מגושמדיק, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים געבוירן אַ קינד, אַ פאַרזעעניש, די פּרוכט פון דער באַהעפטונג צווישן דער פּרוי מיטן געטאָ. דאָס פאַרקאַטשעטע קליידל פאַרדעקט איר די פּלייצעס און דעם קאָפּ. כדי אַריינצוגיין אין הויז נומער 17 מוז מען אַריבערשפּרייזן דעם מת.

אַ פּרוי גייט אַרויס פונעם הויז. זי וואַרט געלאַסן, דער ווינט זאָל צוריקוואַרפן דאָס פּאַפּיר, דערנאָך שפּרינגט זי אַריבער. איך דערנענטער זיך. אויך איך וואַרט דער קערפּער זאָל ווערן צוגעדעקט און דאַן שפּרינג איך אַריבער. איך דריי זיך אויס צו זשאַקן. ער רירט זיך נישט, ער קוקט אויך נישט. ער בלייבט שטיין אויפן אָרט, מיט דער מאָדנער פאַרב אין די אויגן.

— שפּרינג, האָב איך צו אים אַ געשריי געטאָן.

ער מאַכט עס אומגעשיקט. דאָס פּאַפּיר האָט זיך אויפגעהויבן און ער פאַרטשעפּעט אין אים זיינע פיס. ער פּרוּווט זיך אַרויסקריגן, פאַרפּלאָנטערט

זיך און טוט אַ שטויס דעם מת. דער קערפּער, וואָס איז געלעגן אַ ביסל אויף אַ זייט, לייגט זיך איצט אויפן רוקן, די היפּטן צעשפּרייטן זיך און דער בויך רייסט זיך אַן בושה צום הימל. די האָר פון געשלעכט זענען באַדעקט דורך אַ שיכט שטויב. כ׳נעם אַן זשאַקס האַנט.

— קום, זאָג איך, מיר האָבן שוין פּאַרשפּעטיקט.

ער הערט זיך נישט צו. ער קוקט אויף דער פרוי, אַזוי ווי ער וואָלט זי ערשט איצט באַמערקט. דאַן דרייט ער זיך אויס צו מיר.

— גיב מיר דיין רעגנמאַנטל, זאָגט ער.

אַן איין וואָרט דערלאַנג איך אים דעם מאַנטל. ער שטעלט זיך אויף די קני און באַמיט זיך צוצודעקן דעם קערפּער מיטן מאַנטל אַזוי ווי מען דעקט איין אַ קינד אין זיין בעטל. בלויז די פיס ביז צו די קני זעען זיך נאָך אַרויס, ער וויקלט זיי איין אין פּאַפּיר. דער ווינט בלאָזט ווייטער צו ביסלעך, אָבער ס׳געלינגט אים מער נישט פּאַרצוזעצן זיינע פינצטערע שפּילן.

— צי האָסטו אויף אַן אמת חשק צו גיין אַהין? פרעגט מיך זשאַק.

— איך ווייס אַליין נישט, מיר האָבן דאָך אָבער צוגעזאָגט.

— אויב אַזוי, טאָ לאָמיר גיין.

מיר גייען אַרויף אויפן פערטן שטאָק. געזאַנגען און געלעכטערס פירן אונדז ביז צו דער טיר. מאַרק עפנט אונדז די טיר און נעמט אונדז אויף מיט זיין שענסטן, מיט זיין זאַרגלאָזסטן שמייכל.

— די פּרינצעסין און איר מאַן, מעלדעט ער.

הענריק, טאַדעק און פעליקס זיצן אויף אַ ברייטן דיוואַן מיט דריי מיידלעך, וועלכע איך קען נישט. זיי שטעלן זיך אויף און רינגלען אונדז אַרום, דריקן אונדז די הענט און ווייזן אונדז אַרויס זייער גרויסע פריינדשאַפט און זייער פאַרגעניגן אונדז צו זען. מיר געפינען זיך אין אַ גרויסן און שיינעם צימער. די שטאָרן זענען פאַרצויגן און אַ מילד ליכט וואַרפט שאָטנס אין די ווינקלען. דער רויך פון די פּאַפּיראָסן, דער פאַרפום פון די מיידלעך, וואָס ליגן האַלב אויסגעצויגענע אויפן דיוואַן, גיבן אָנצוהערן, אַז דאָ איז אַ צונויפקום־אָרט פאַר לייכטע און געהיימע פאַרגעניגנס. איך פיל אויף וויפל זשאַקס אָנוועזנהייט דאָ איז נישט אויפן אָרט.

אַ לענגערע צייט רעדן מיר פון דאָס און פון יענץ. מאַרק, די דריי

אַנדערע און מיר, שעפּנדיק פון דעם איינציקן יאָר שטודיום אין בעלגיע, באַרוישן זיך און אַנטציקן זיך ביים דערמאָנען די קלענסטע געשעענישן, וואָס מיר פאַרוואַנדלען אין עפּישע פּאַסירונגען און שאַפן פון זיי אַ לעגענדע.

די מיידלעך שווייגן, ברוגזן זיך און רויכערן.

— צו אַלדע טייוול, זאָגט ענדלעך פעליקס, מיר האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן די מיידלעך, און ווי אין אַ גוט אויסרעזשיסירטער סצענע, דרייען זיך דריי בחורים אום צו זיי, זעצן זיי אַוועק אויף זייער שויס, און נעמען זיי גלעטן די האָר, דעם האַלדז און דעם ביוסט. פון דאָס ניי הילכט אָפּ דאָס געלעכטער פון די מיידלעך שאַרפער און נערוועזשער. איך זוך מאַרקן מיט די אויגן. ער זיצט אין אַ פאָטעל, אין אַ זייט און האַלט אויף אַ מיידל אויף די קני. מען קען נישט געפֿינען זען אירע שטריכן, אָבער זי פאַרהאַלט זיך רויק. איר קליידל צניעותדיק אַראָפּגעצויגן, אירע לאַנגע שוואַרצע האָר פאַלן פריי אַראָפּ איבער איר רוקן. קוים וואָס זי רירט זיך. קיינער האָט אונדז די מיידלעך נישט פאָרגעשטעלט — אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אַ טייל פון דער דעקאָראַציע. איצט זע איך זיי בעסער. זיי זענען זייער יונג, פיין צוגעשמיבקט, שיין אָנגעטאָן. זיי ווילן אויסזען ווי עמאַנציפּירטע פרויען, און פּרוּוון מאַכן אַן איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען אַנדערשוווּ.

מאַרק שטעלט זיך אויף און איז אונדז מכבד מיט שאַמפּאַניער און זיין מיידל גייט אַרויס פון שאָטן. אַ קליין, בלייך פּנימל מיט אויגן, וואָס ציען זיך צו די שלייפן...

— ווער איז עס? פרעג איך מאַרקן, וואָס דערלאַנגט מיר אַ גלאָז. מאַרק דרייט זיך אויס צו איר.

— לאַלאַ, קום אַהער.

געהאָרכזאַם הייבט זיך דאָס מיידל אויף און קומט צו. זי איז הויך און דין, דעליקאָט. זי דערלאַנגט אונדז איר האַנט מיט אַ זיסן שמייכל.

— אָט איז לאַלאַ, זאָגט נאָך אַ מאָל מאַרק, אַזוי ווי אַלץ וואָלט זיך געפונען אין די פּאָר ווערטער. איך פיל, כ׳ווייס נישט פאַר וואָס, אַז דאָס מיידל, פּונקט ווי זשאַק, איז דאָ נישט אויפן אָרט. מיט אַ מאָל געפין איך, אַז מאַרק איז צו רוישיק און צו וווּלגאַר.

נאָך אייניקע גלעזער שאַמפּאַניער הייבט מיר אָן צו דרייען דער קאָפּ.

פון אַ פּאַטעפּאַן הערט זיך אַן אויפהער טאַנץ־מוזיק. איך דערזע, אַז זשאַק און לאָלאַ טרינקען קוים קוים. מאַרק דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך איינ־געשאַפט דעם שאַמפּאַניער: אַ פּאָליאַק האָט עס אים אַריבערדערלאַנגט דורך אַ לאָך אין דער געטאָ־מויער. ער האָט באַצאָלט זייער טייער. און ער גיט צו, לאַכנדיק: „דאָס געלט איז שווער אין דער קעשענע און דער שאַמפּאַניער מאַכט דעם קאָפּ לייכט". לעבן פענצטער טאַנצן דריי פּאָרלעך אויף איין אָרט. איך לעג אַן מיין קאָפּ אויף זשאַקס ברוסט און אַלץ זעט מיר אויס מיט אַ מאָל צו זיין וווּנדערבאַר. די מיידלעך זענען שיינע, די מוזיק וויגט איין, און צי זענען די אַ בחורים נישט מיינע בעסטע פריינד? כ׳וואָלט געוואָלט לאַכן אַזוי הויך ווי די מיידלעך, טאַנצן ווי זיי, באַוועגנדיק מיט די היפּטן. אפשר וועט מיך מאַרק פאַרבעטן צום טאַנץ... איך דריי זיך אויס צו אים מיט אַן איינלאַדנדיקן שמייכל. ער זעט מיך נישט. ער קושט לאָלאַס מויל. איר פּנים איז בלייך און געשפּאַנט, אירע ברייט צעעפנטע אויגן באָדן זיך אין דעם אומבאַשטימטן קאָליר פון געטאָ. איך בין זיכער אַז דאָס איז זי, איך האָב זי דערקענט. זיינע הענט קרעמפּן זיך איין אין מיידלס אַקסלען. ער מוז זיי זייער שטאַרק דריקן, ווייל זיינע פינגער־געלענקען ווערן בלאַס. איך בייג אַוועג דעם קאָפּ. עס שטערט מיר. איך וויל לאַכן און זיך ווילן. צי מוז איך אָפּגעפינען דעם חותם פון געטאָ אפילו אין דער געזעלשאַפט פון די יונגע, טומלדיקע עקסטראַוואַגאַנטע און נאַרישע יונגע־לייט? צי קען מען זיך נישט אַוועקרייסן אויף אַ ווײַלע פון דאַנען און פּשוט לאַכן און טאַנצן אין ריטעם פון אַ באַנאַלער מעלאָדיע? ס׳איז געווען אַזוי וווּנדערבאַר ערשט מיט אַ מינוט צוריק, איצט איז אויס, ווי ס׳איז אויס מיט אַלץ צווישן די פאַרשאָלטענע מויערן, צווישן די טויזנטער פאַרמשפּטע, וואָס נערן די אימה און פאַרשפּרייטן זי אומעטום. איך קוק אויף די פּאָרלעך, וואָס דרייען זיך אויף אַן אָרט. דער רויך ווערט געדיכטער און פּאַמעלעך צעלאָזן זיי זיך פאַר מיינע אויגן... עס בלייבט נישט מער ווי אַ גרויער נעפּל. איך לעג אַן מיין קאָפּ אויף זשאַקן און שלאָף איין.

צו מאָרגנס זענען די מויערן ווידער צעהיצט, די זון ברענט ווי אַ פייער. איך זאָג צו זשאַקן:

— איך גיי אויף דער פּלאַזשע. זאָג עס נישט די עלטערן, זיי וועלן זיין אומרויִק.

— מיר געפעלט עס אויך נישט צו שטאַרק, זאָגט ער מיר.

— ס'איז לעכערלעך, איך בין נישט די איינציקע.

זשאַק טוט אָן זיין מאַרינאַרקע.

— דו גייסט מיט מיר ?

— ניין, איך גיי צו העלאַ.

איך שווייג. איך ווייס, אַז ער גייט איצט אַהין כמעט יעדן טאָג און פאַרבלייבט דאָרט שעהען. מיר גייען אַרויס. אויף די גאַסן האָב איך ווידער דעם זעלבן איינדרוק פון אומווירקלעכקייט. איך גלייב, אַז איך האַלט אים אויף מיט אַ כיוון. מען לייגט פיל ווייניקער אַכט אויף דעם, וואָס איז נישט ממשותדיק.

איך באַגלייט זשאַקן. העלאַ וווינט אין צוויי גרויסע צימערן אויף אַ פּאַרטער. די טיר איז קיין מאָל נישט פאַרמאַכט און מיר גייען אַריין. אין ערשטן צימער געפינט זיך אַ שמאָל בעטל, אַ טיש, אַ שטול און אויף די ווענט הענגען פּאַליצעס ווו מען לייגט אַלץ אַוועק: ביכער, קליידער, עסנ־וואַרג. די פענצטער פון צווייטן צימער גייען אַרויס אויפן הויף. דאָ שטייען בענקלעך לענג־אויס די ווענט און קליינע נידעריקע טישלעך. אומעטום הענגען צוגעפּעסטיקט מיט פּלוסקעווקעס פּילקאָלירקע און אומגעשיקטע צייכענונגען פון קינדער. איינע פון זיי באַמערק איך צום ערשטן מאָל. דאָס איז אַ מין ליאַלקע אָדער מענטש מיט אַ גרויסן קאָפּ אָן אויסדרוק, מיט אַ גרויסן בויך און מיט פיס אָנגעלאָפּענע מיט וואַסער. אַ קינד פאַרמאָגט נאָך נישט דעם זין פאַר פּראָפּאָרציע. דער פאַרשוין האַלט זיך שלעכט אויף זיינע פיס, מען פילט, אַז ער קען אומפאַלן אַ ליאַדע מינוט, און אָט די אומזיכערע פּאָזיציע, דאָס נישט פאַרענדיקטע אין זיין פאָרעם, גיט אים פּלוצעם צו אַ באַאומרויִקנדיקן לעבן. ניין, דאָס איז נישט מער אַ קינדישע ליאַלקע אָן פּראָפּאָרציעס... איך דערקען דאָ איינע פון די געשטאַלטן, וואָס מען זעט לענג־אויס דער געטאָ־מויער, געשוואָלענע פון הונגער, גרייט אומצופאַלן און זיך צו צעשיטן. און וואָס לענגער איך קוק, אַלץ מער דאַכט זיך מיר, אַז זי איז אַ שטיק קרענקלעכע ווירקלעכקייט. איך זע עס, דאָס קינד, וואָס זיצט

געבויגן ביי אַ קליין טישל איבער אַ בויגן ווייס פּאַפּיר. עס גריזשעט שטי־
לערהייט דעם בלייער, עס לאַנגווייליקט זיך. דאַן דערנענטערט זיך הינטער
אים איינס פון די באַשעפענישן, אַ פּראָדוקט פון אונדזער ציוויליזאַציע,
שווער, וואַקלדיק... מען אונטערשיידט שלעכט זיינע שטריכן, זיין פּנים איז
אַן אומרעגולערער, אומדורכזיכטיקער גלאָבוס, מיט צוויי לעכער אַנשטאָט
אויגן. קיינער באַמערקט עס נישט, אויך נישט די קינדער, וואָס זיצן געבוי־
גענע איבער זייערע בלעטלעך, נישט העלאַ, וואָס פּאַטשט אין אירע הענט
און זאָגט פריילעך: „נו, גיכער קינדערלעך, לאָמיר נישט איינשלאָפן, לאָמיר
מאַכן שיינע צייכענונגען צו באַצירן אונדזערע ווענט״. דאָס באַשעפעניש
נעמט אַריין דעם קינדס האַנט אין זיינער און בייגט זיך איין מיט אים איבערן
וויסן בויגן פּאַפּיר, אויף וועלכן זיין אָפּבילד באַווייזט זיך באַלד ווי אין אַ
מוטנעם שפּיגל.

מיר גייען אַרויס אויפן הויף, וואָס שניידט זיך איין צווישן צוויי מיאוסע
און שמוציקע הייזער. העלאַ אין איר גרויען קלייד און העל־רויטן פאַרטעך,
זעט אויס ווי אַן אַלטע פרוי, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קליין מיידעלע.
אַ דרייסיק קליינע קינדער פון דריי ביז זעקס יאָר לויפן אַרום, שטופּן זיך,
פאַלן, לאַכן און וויינען. העלאַ איז אומעטום. זי דערלאַנגט קליינע פּעטשעלעך
און קושן,ביידע אין דער גלייכער מאָס. ענדלעך דערזעט זי אונדז, און איר
צאַרט געזיכט, אַרומגענומען מיט אַ לעכערלעכן צאָפּ, צעשטראַלט זיך.

— אָט איז זשאַק, מיינע קינדערלעך, שרייט זי מיט אַ דינעם קול.

די קינדער קומען צולויפן פון אַלע זייטן און הענגען זיך אָן אין זיינע
הענט און קליידער. ער הייבט אויף אַ קליין קינד זייער הויך איבער זיין קאָפּ.
„העכער, העכער!״, שרייט דאָס קינד. און זשאַק הייבט אים אויף אַזוי הויך
ווי ער קען נאָר און זיינע אויגן געפינען צוריק זייער שמייכל, זיינע אויגן
וואָס זענען איצט די זעלבע ווי זיי זענען געווען פאַר דער מלחמה. איך דער־
פיל ווי אַ קלעמונג אין האַרצן. העלאַ שרייט איצט מיט אַן עגבערנדיק קול:

— מאַכט אַ ראָד, מיינע קינדערלעך, אַ ראָד.

די קליינע הענטלעך נעמען זיך צונויף, און אָט שטייט זשאַק אין דער
מיט, אָפּגעטיילט פון מיר דורך דעם לעבעדיקן ראָד, וואָס הייבט זיך אָן
צו דרייען.

### זאלץ און שוועבל

— קומט אַריין, זאָגט מיר העפלעך העלאַ.

— ניין, אַ דאַנק, איך דאַרף אַוועקגיין.

וואָסער בלימל האָסטו ליבער —
דאָס סאַמעטל, צי גאָר די רויז?
נאָר אויב ווילסט בעסער אונדז׳רע קושן,
איינעם צווישן אונדז קלייב אויס.

דאָס זענען קינדער פון פּריווילעגירטע, פון די וואָס פאַרמאָגן נאָך אַ ביסל געלט. די דאָזיקע קינדער עסן נאָך. זיכער זענען עטלעכע פון זיי מאָגער, האָבן קליינע אויסגעצויגענע פּנימלעך, ס׳בלייבט זיי נאָך אָבער גענוג כוח זיך צו דרייען אין אַ ראָד און צו זינגען. אויף די גאַסן געפינען זיך די אַנדערע, און זיי וועלן קיין מאָל שוין נישט מאַכן קיין ראָד...

וואָסער בלימל האָסטו ליבער —
דאָס סאַמעטל, צי גאָר די רויז?

ווער האָט עס געוואָגט צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די קינדער? די קינדער, וואָס זענען דאָ, האָבן זייערע עלטערן אַנפאַרטרויט העלאַן, בעת זיי אַליין אַרבעטן ביי די דייטשן, כדי איינצוהאַלטן די פּריווילעגירטע אַרבעט־קאַרטע, אין וועלכער זיי גלייבן נאָך בלינדערהייט. אַן אַרבעט־קאַרטע באַדייט, אַז מען דאַרף אייך האָבן, דאָס הייסט, אַז מען גאַראַנטירט אייך דאָס לעבן. וואָסער חוזק! און העלאַ גיט זיך אָפּ מיט לייב און לעבן. צי שטעלט זי זיך פאָר, אַז זי וועט קענען דערוויטערן דאָס געשפּענסט מיט קינדער־קאַראַהאָדן? זשאַק קושט אַ שמייכלדיק מיידעלע. ער זעט מיך נישט מער. איך פאַרשווינד דיסקרעט.

ביי מיינע עלטערן וועט זיך דאָס געלט סוף כל סוף אויסשעפּן, און זיי וועלן דאַן פאַרנעמען זייער פּלאַץ לענג־אויס דער מויער — פרייע פּלעצער וועלן דאָרט אין גיכן זיין איבערגענוג... מיט אַזעלכע נאָכטראַכטעניש פרוּוו איך געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר מיר, ווייל מיט אַ מאָל שעם איך זיך

מיט מיינע פּוסט און פאַסטע טעג. איך גיי איבער די גאַסן, איך זע גאָרנישט, אַריינגעטאָן אין עפּעס גאָר טיף אין מיר און וואָס שטערט מיר. דערנאָך קלעטער איך אויף אומענדלעכע טרעפּ, פּרווונדיק ציילן געוויסנהאַפט די שטיגן. דאָס איז אַן אַלט חושכדיק הויז. אויפן לעצטן שטאָק שטייט כמעט גראָד אַ לייטער וואָס פירט צו אַ פירעק ליכט. עס דערגרייכט צו מיר אַ גערויש פון שטימען, פון געלעכטערס, פון פאַטעפאָן־מוזיק. איך גיי אַרויף פּאַמעלעך און קריך אַרויס אין דרויסן דורך אַ לופטשיק. אָט בין איך אויף אַלע פיר אויפן דאַך און האַלט מיין בייטל צווישן די ציין. כ׳געפין זיך אויף דער פּליאַזשע. כ׳זעץ זיך אַוועק פאַרזיכטיק, ווייל פון דער זייט איז דער דאַך שטאַרק משופּעדיק. פּאָרלעך אָדער פרויען אַליין ליגן אויסגעצויגן אויף קאָלדרעס, אָדער גאָר אויף די צעהיצטע דאַכעווקעס און פירן זיך אויף אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אויף אַן אמתער פּליאַזשע. אָנגעטאָן אין באָד־קאָסטיומען שטעלן זיי געדולדיק אויס זייערע קערפּערס אויף דער זון. אַ טייל פון זיי איז שוין דערגאַנגען צו אַ פאַרב פון קאַווע מיט מילך, וואָס מען באַקומט צום סוף פון די פעריען. זיי פאַרברענגען דאָ מסתם זייערע טעג.

איך פאַרנעם אַ פּלאַץ. נישטאָ וואָס צו גיין אויף דער אַנדערער זייט, ווו דער דאַך איז פּלאַך. דאָרט איז שוין מסתם נישטאָ אפילו אַן אָרט אויף צו זיצן. איך לייג זיך אויס אויף מיין באָד־האַנטעך און באַמי זיך צו קוקן אין דער זון ביז רויטע און פיאָלעטע פאַרבן הייבן אָן צו טאַנצן פאַר מיינע אויגן, דערנאָך מאַך איך זיי צו און בלייב ליגן אַ פאַרשטאַרטע. אָט די קליינע זאַך אין מיר, וואָס האָט מיר אַזוי געשטערט, איז איינגעדרימלט.

— גוט מאָרגן, זאָגט אַ שטים, צי קען איך זיך אַוועקזעצן לעבן אייך?

דאָס איז אַ יונג מיידל, שלאַנק און ברונעט, די אויגן באַהאַלטן הינטער ברילן מיט גערויכערטע גלעזער.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, זאָג איך.

איך האָב נישט ליב איר שטים. זי האָט אַ וואַרעמע און לאַשטשנדיקע שטים, וואָס וועקט אויף די געדאַנקען, צערייצט די פאַנטאַזיע. כ׳האָב זיך אַזוי גוט געפילט. די זון האָט מיך אין גאַנצן אויסגעליידיקט, כדי זיך אין מיר באַקוועם איינצוקוואַרטירן.

— איר דערקענט מיך נישט? פרעגט מיך דאָס יונגע מיידל, וואָס האָט זיך אַוועקגעלייגט לעבן מיר.

איך הייב זיך אונטער אויף אַן עלנבויגן און קוק זי אָן.

— איך באַדויער, זאָג איך.

— מיר האָבן זיך באַגעגנט אויף אַ סיורפּריז־פּאַרטי. איר זענט מאַרקס אַ פריינדין. ער האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן אייך. איר דערמאָנט זיך? איר זענט איינגעשלאָפן...

צו וואָס קומט זי מיר דערמאָנען גראָד דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט פאַרגעסן? איך שעם זיך נאָך, וואָס כ'האָב געשלעפּט זשאַקן צו אַזאַ נאַרישער מסיבה. איך שווייג.

— איך האָב דאָס אויך נישט ליב, זאָגט זי. אַזוי ווי איך וואָלט אַרויס־געזאָגט מיין געדאַנק הויך אויפן קול.

איך זאָג טרוקן:

— טאָ צו וואָס גייט איר אַהין?

— ווייל ער האָט נאָך זייער מורא, איך דאַרף זיין לעבן אים.

— ווער?

— פאַרשטייט זיך, מאַרק.

— ער באַווייזט זיין מורא אויף אַ מאָדנעם אופן.

— ער מאַכט עס ספּעציעל, כדי די אַנדערע זאָלן עס נישט באַמערקן.

— און איר?

איך פיל, אַז עפּעס ציט מיך צו צו איר אַלץ מער און מער, זי לאַכט.

— וואָס שייך מיר, איז עס אַ סך פּשוטער. איך האָב מורא און איך ווייז עס אַרויס.

זי נעמט אַראָפּ אירע ברילן און איך געפין צוריק אירע טונקעלע, פייערדיקע און צוגליך מילדע אויגן.

— אַלע האָבן מורא, נישט אמת? מאַרק פונקט ווי די אַנדערע, אָבער ער שעמט זיך, ער ווייס נישט, אַז ס'איז נאַטירלעך.

— נאַטירלעך? זאָג איך אַן אויפגעבראַכטע, קיין זאַך איז נישט אַזוי נידעריק, אַזוי גבזהדיק...

— ס'איז נאַטירלעך אין די באַדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן. כ'מאַך

שלום מיט דער מורא. כ׳וואָלט געוואָלט, אַז מאַרק זאָל אויך שלום מאַכן מיט איר, ער איז אָבער נאָך צו יונג, כדי שלום צו מאַכן מיט דעם וואָס מען צווינגט אים אויף.

איך קוק זי אָן אַ פאַרוווּנדערטע.

— איר זענט נאָך ייִנגער פאַר אים.

זי שמייכלט.

— יאָ, אָבער איך האָב אַדורכגעמאַכט אַ צוגרייטונג־קורס. איך בין אַ צייט געווען קראַנק און אָפּגעלעגן אומבאַוועגלעך לאַנגע יאָרן, דאָס העלפט אַ סך.

— און איצט ?

— איצט פיל איך זיך זייער גוט. איך גיב נאַטירלעך שטאַרק אַכטונג. איך צי זיך אויס און פאַרמאַך די אויגן. איצט זיצט זי און באַטראַכט מיך. איך אָבסערוויר זי דורך מײַנע וויעס.

— איר מיינט אַז עס איז נאַריש, איך זאָל איצט אַזוי פיל אַכטונג געבן, נישט אמת ? איך וויל אַזוי זיין געזונט. איך וועל זיך פאַר אייך מודה זיין אין עפּעס וואָס וועט אפשר אויסזען פאַר אייך פאַרברעכעריש : איך לעב גראָד איצט אַדורך דעם בעסטן טייל פון מיין עקזיסטענץ. איך ווער שטאַרקער, איך קען גיין, טאָן אַזוי ווי אַלע. מאַרק האָט מיך ליב. אַוודאי שעמט ער זיך אויך צוליב דעם. ער טראַקטירט מיך אָפּט זייער שלעכט, ווייל ער וויל נישט צוגעבן, אַז ער קען זיך מער אָן מיר נישט באַגיין.

— און אַרום אייך, צי זעט איר כאָטש אויך דאָס וואָס קומט פאַר אַרום אייך ?

— אַוודאי זע איך... כ׳האָב קיין מאָל נישט געהאַט דאָס, וואָס כ׳האָב איצט. אפשר בין איך צו גליקלעך ?

איר האַנט רירט אָן מיין אָרעם.

— פאַר אייך מוז עס זיין שרעקלעך.

— אַבסאָלוט נישט, זאָג איך האַסטיק. מיין מאַן און מײַנע עלטערן זענען לעבן מיר. פון דעם איבעריקן לאַך איך זיך אויס.

— איר זענט פונקט אַזוי ווי מאַרק.

מיר שווייגן אַ לענגערע צייט. עפּענענדיק די אויגן, זע איך ווי לאָלאַ

זיצט און האַלט אין איין קוקן אויף עפּעס. איר פּנים איז אויפגעטרייסלט.

— אויף וואָס קוקט איר אַזוי?

זי דרייט זיך אויס צו מיר. זי זעט מיט אַ מאָל אויס ווי פאַרעלטערט.

— איך קום דאָ זעלטן, זאָגט זי. בלויז דאַן ווען איך וואַרט אויף מאַרקן. כ׳האָב נאָך ביז איצט נישט באַמערקט, אַז מען זעט פון דאַנען די גאַס און דאָס הויז אין וועלכן כ׳האָב פריער געוווינט, אָט דאָרט, איר זעט?

איך נעם קוקן אין דער ריכטונג, וואָס זי ווייזט מיר, אויף דער אַנדערער זייט מויער, ווו מענטשן גייען פריי אַרום איבער די גאַסן, ווו עס זענען נישטאָ קיין מתים. זיי לעבן אַזוי ווי די וועלט פון געטאָ וואָלט געהערט צו אַן אַנדער פּלאַנעט. אָפט מאָל האָט זיך מיר געהאָט פאַרוואָלט אַרויסגיין פון דאַנען דורך אַ לאָך אין דער מויער בלויז כדי צו מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר און איינעטעמען די נאָרמאַלע לופט פון מענטשן, אָן דער ווייטיקלעכער קלעמעניש, וואָס מען דערפילט, ווען מען עטעמט איין די פאַרפעסטעטע לופט פון געטאָ. סיידן, אַז... ווען כ׳וואָלט אַרויס, צי וואָלט דאַן די וועלט פון „דער אַנדערער זייט״ זיך נישט צוריקגעצויגן פאַר מיר? צי וואָלט איך אַ מאָל זיך נישט ווידער געפונען פאַר אַ נייער מויער, אין אַן אַנדער געטאָ? די וועלט פון פרייע מענטשן איז אפשר בלויז אַ קאָלעקטיווע אילוזיע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אונדזערע צערודערטע מוחות... אַ גלייבן, אַ האָפענונג?

— איר זעט? שטייט צו לאַלאַ.

איך זאָג יאָ, גלאַט אַזוי, נישט וויסנדיק וועגן וועלכן הויז ס׳האַנדלט זיך. לאַלאַ זאָגט ווייטער: — איך קען אויף דעם הויז מער נישט קוקן. כ׳וואָלט וועלן, עס זאָל קיין מאָל נישט האָבן עקזיסטירט. יאָ, ס׳איז מאָדנע, מען זאָל קענען האַסן אַ הויז, ווייל יאָ, איך האַס עס. איך האָב תמיד מורא, עס זאָל מיר אויסקומען זיך ווידער צו געפינען צופעליק לעבן אים. אָבער איצט איז עס אוממעגלעך. צום גליק אוממעגלעך.

איך טראַכט, אַז איר קליינער פערזענלעכער געטאָ האָט מער שליטה איבער איר ווי דער, אין וועלכן מיר אַלע געפינען זיך. פּאַמעלעך צי איך אויף מיר אַרויף מיין קלייד. איך בין אַנגעזאַפּט מיט זון.

— איר גייט שוין אַוועק? פרעגט לאַלאַ.

# אַ וועג אַן אַ צוריק

— יאָ, איר גייט מיט מיר?

— אָ ניין, איך וואַרט אויף מאַרקן. אַ מאָל קומט ער, אַ מאָל נישט, איך וואַרט אָבער דאָך.

— אַ גוטן טאָג.

איך שטויס זי שוין אָפּ פון מיר, האָפנדיק, אַז כ׳וועל זי אין גאַנצן פאַרגעסן. זי צווינגט מיך צו טראַכטן און דאָס האָב איך נישט ליב.

— אויף ווידערזען גאָר אין גיכן, זאָגט זי. זי פאַרהאַלט מיין האַנט. אַן איבערצייגונג זאָג איך: — אפשר.

ס׳ציט זיך ווייטער. איך גיי ווייטער איבער די גאַסן... און יעדן טאָג קום איך צוריק אַהיים, געפין צוריק מיינע עלטערן, מיין מאַן. איך עס רעגלמעסיק — ווייל מיר האָבן נאָך געלט. און איך שטויס פאַרצווייפלט אָפּ פון מיר אַלץ וואָס מיינע אויגן זעען, אַלץ וואָס איך הער. איך פּרוּוו לייענען ביכער, מיך איבערצונעמען מיט זייערע קליינע דראַמעס, געוויסן־דעבאַטעס, אינטימע קאָנפליקטן, ליבע־ליידן, בעת די אַנדערע רעדן, ווייל זיי הערן נישט אויף צו רעדן. דער איז דערהרגעט געוואָרן, בעת ער האָט געפּרוּווט אַדורכצוקריכן זיך אויף דער אַנדערער זייט מויער, אַן אַנדערער איז געפּייניקט געוואָרן, ווייל ער האָט נישט גענוג גיך אַראָפּגעצויגן דאָס היטל פאַר אַ דייטש. צום גליק קומען זיי אַהער נישט אָפט. נישט אָפט, אָבער דאָך פון צייט צו צייט. דאַן מאַכן זיי אַ שפּיל און שיסן אויף דער מענטשן־מאַסע אַזוי זיך, אַן אַ פאַרוואָס. מען רעדט אויך וועגן יודענראַט, וואָס באַשטימט איצט וועגן שטייערן, אַרבעט־קאַרטן און שפּייז־קאַרטן. מען זאָגט, אַז זיי זענען גרייט אויף אַלעם, כדי צו געפעלן די דייטשן און צו ראַטעווען זייער הויט, אַז זיי זענען פאַררעטער. מען זאָגט אויך, אַז זיי זענען ווי אַלע אַנדערע, אַז זיי קענען אַנדערש נישט טאָן. מען זאָגט, אַז דער סוף איז נאָענט, אַז דאָ וועלן מיר אַלע געראַטעוועט ווערן, מען זאָגט אָבער אויך, אַז מען האָט אונדז דאָ פאַרשפּאַרט, כדי אונדז לייכטער אויסצוראָטן, אַז קיינער אין דער וועלט קען שוין גאָר נישט טאָן פאַר אונדז, אַז מיר זענען פאַרמשפּט. ווי אַזוי קען מען דאָס אַלץ אויסהערן? אַזוי ווערן זיי נישט מיד זיך צו באַוועגן, צווישן דעם אומזיניקן בטחון און דעם פינצטערן פּעסימיזם. אויף דער גאַס

זאָגן אַן די אָרעמעלייט דעם סוף פון דער וועלט, און רעדן צו די דורכגייער זיך צו פאַרזיכערן אַן אָרט אין גן־עדן מיטן געבן אַ נדבה אַ שטיקל ברויט. און איך באַמי זיך נישט צו הערן, נישט צו פאַרשטיין. טייל מאָל קומט מיר אויס, אַז מיר געפינען זיך דאָ מיט אַ טעות, בלויז אויף אַ זייער קורצער צייט, און אַז אייגנטלעך האָט עס נישט קיין שום שייכות מיט אונדז. מיין מאַן, מיין פאָטער און איך האָבן פאַלשע אַרבעט־קאַרטן. זיי קאָסטן זייער טייער, אָבער מיר זענען פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. כ׳ווער צעטרייסלט ווען איך זע די ליבע פּנימער אין וועלכע די געטאָ־נעגל האָבן זיך שוין איינגעקריצט. זייערע שטריכן פאַרטיפן זיך, זייערע באַקן הוילן זיך אויס, קנייטשן פון פאַרביטערונג צייכענען אונטער די מויל־ווינקלען. איך באַטראַכט מיין פּנים אין שפּיגל. ניין, נישט אַזוי... איך גיב מיר אַליין אַ צעשטראַלטן שמייכל. געלויבט צו גאָט, זי איז תמיד די זעלבע, תמיד יונג און שיין. איך באַגריס זי: — ווי גייט עס?

— נישקשה, זאָגט זי.

— מען מאַכט זיך נישט וויסנדיק, נישט אמת?

זי איז מסכים. דער עיקר איז, אַז מיר זאָלן זיך אַלע פיר ראַטעווען. וואָס שייך די אַנדערע... סיי ווי סיי קענען מיר דאָך גאָרנישט העלפן, איז שוין בעסער זיך האַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון דעם קאָשמאַר, אַזוי ווי אויף אַ דינער שיכט אייז, איבער אַ פאַרפרוירענעם וואַסער. מען דאַרף אויף אים גיין פאָרזיכטיק, אַז נישט פּלאַצט עס און דער געטאָ פאַרשלינגט אייך.

די טעג פאַרגייען. פאַר אַ טייל איז יעדער טאָג, וואָס הייבט זיך אָן, דער לעצטער און זיי גליטשן זיך קאָפּשווינדלעריש צום תהום פון אָוונט. פאַר אַנדערע, אַזוי ווי איך, ציען זיך די טעג אָן אַ סוף, ספקדיקע, נישט רעאַלע, כמעט ווי נישט עקזיסטירנדיקע. פּלוצעם הייבט זיך אָן דאָס משוגעת מיט די בונקערס. מען טראַכט נאָר דערוועגן. מען רעדט דערפון שטיל, באַהאַלטענערהייט, ווייל מוסרים געפינען זיך אומעטום. ס׳האָט זיך אפילו געשאַפן אַ גרופּע ספּעציאַליסטן, וואָס מאַכן די באַהעלטענישן, פאַבריצירן זיי שנעל און אויף אַ דיסקרעטן אופן. באַהעלטענישן זענען שוין דאָ אומעטום: אונטער דער ערד, אויף די דעכער, אויף די בוידעמער, אין די קעלערס. זיי קענען זיך געפינען אונטער אַן אויוון פון אַ בעקער, אָדער אין דער

ווינונג גופא פֿאַרשטעלט דורך אַ טיר. מען קלאַפּט צונויף אין גרויס איילע־ניש ווענטלעך, און מען לאָזט איבער צווישן זיי און דער וואַנט גענוג פּלאַץ אויף צו שטיין. ביי אונדז האָבן מיר עטלעכע נעכט נאָך אַנאַנד געגראָבן אין דער מויער פון קלאָזעט און געמאַכט דאָרט אַ באַהעלטעניש, אין וועלכער מיר וועלן קענען, ביי אַ געלעגנהייט, מאַכן אַ סוף צו אונדזער ליידן דורך דערשטיקונג. מען האָט דאַן געערדט, אַז מען וועט קאָנטראָלירן די אַרבעט־קאַרטן. מיין מוטער האָט קיין אַרבעט־קאַרטע נישט געהאַט. מיר זענען געווען שטאָלץ פון אונדזער ווערק, אַזוי קונציק איז עס געווען געמאַכט און פֿאַרשטעלט.

דערנאָך האָט זיך די אויפרעגונג איינגעשטילט. דאָס לעבן גייט ווייטער, אויבנאויפיק ענלעך אויף דעם, וואָס ס׳איז פריער געווען. נאָר דאָס געפיל וואָס כ׳האָב געהאַט ביז איצט, אַז מיר געפינען זיך אויף אייביק אָפּגעשניטן פון דער וועלט, איז פֿאַרשוווּנדן. אויף דער אַנדערער זייט גרייט זיך עפּעס, ווערט עפּעס רייף, וואַקסט אָן און וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף אונדז. די מויערן, וואָס אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מ׳קען זיי נישט אַריבערשפּרייזן, זענען שוין נישט אַזוי הויך, אַז זיי זאָלן עס קענען איינהאַלטן. די מענטשן לויפן דורך די גאַסן מיט אייליקע טריט, זייי רעדן שנעל, פיבערדיק, צעשיידן זיך מיט אַ מאָל אין מיטן פון אַ זאַץ, דערוויטערן זיך, מיטנעמענדיק ווערטער, פון וועלכע זיי האָבן זיך געוואָלט באַפרייען. בלויז די בעטלער זענען פֿאַרבליבן ווי זיי זענען געווען. זיי פֿאַרהאַלטן אייך ווען איר גייט אַדורך און שטייען צו צו אייך אַזוי ווי פריער, קלאַמערן זיך אין אייערע קליידער און וואַרפן אייך אין פּנים אַריין די זעלבע יללות. מען מיידט זיי אָבער מער נישט אויס. מען יאָגט זיך פֿאַרויס, נישט קוקנדיק אויף זיי, מען רייסט זיך אַרויס פון זייערע נעגל מיט אַ ברוטאַלער גלייכגילט. די, ביי וועמען ס׳איז נאָך פֿאַרבליבן אַ בלאַסער רחמנות אָדער שולד־געפיל און וואָס פלעגן פֿאַרבייגייענדיק אַוועקרייסן די אויגן, קוקן זיך איצט אויף זיי נישט אום. די פֿאַרבאָרגענע געפאַר, וואָס הענגט איבער אונדזערע קעפּ, נידערט אַרונטער פּאַמעלעך. מענטשן ווענדן באַהאַלטענערהייט זייערע בליקן צום הימל און זייערע אויגן פילן זיך פּלוצעם אָן מיט אַ שרעק, אַזוי ווי זיי וואָלטן באמת עפּעס געזען. דאַן פֿאַרשנעלערן זיי נאָך מער זייער גאַנג לענג־אויס

די גאַסן, וואָס זענען נישט מער ווי פראַגמענטן פון אַנדערע גאַסן דאָרט הינטער די מויערן — אָפּגעשניטענע אברים, פאַרכאַפּטע דורך דער גאַנגרענע, און וואָס צעפאַלן זיך אויף דער זון. איצט וואָלט אונדז אפילו אָט די צעפאַלונג געוועזן זיס. אָבער פאַר די, וואָס געפינען זיך אין דרויסן, גייט זי נישט געבוג געשווינד פאָרויס.

היינט אין דער פרי זענען מיר באַפרייט געוואָרן פונעם וואַרטן. דורך דעם הויפּט־טויער פון געטאָ קומען אָן אָפּגעדעקטע לאַסט־אויטאָס, געפירטע דורך די דייטשן. די גאַסן ליידיקן זיך אויס אין איין אויגנבליק. אין די הייזער קריכן מענטשלעכע נפשות אויף הענט און קני און פאַרנורען זיך ווי קראַנקע חיות אין זייערע קליינע לעכער, וואָס זענען געווען צוגעגרייט פון פריער. אַנדערע בלייבן אומבאַוועגלעך, פאַרשטאַרט מיט זייערע אַרבעט־קאַרטן אין דער האַנט. און איך זע מיין מאַמען, אָט די וווּנדערבאַרע גרויסע און שטאַרקע פרוי, ווי זי באַמיט זיך אַ פאַרצווייפלטע אַדורכצושטופּן אירע שיינע, רונדע אַקסלען דורך דער עפענונג פון דער נאַרע, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט פאַר איר. איר קאָפּ איז שוין אַריינגעשטעקט, און איר קערפּער, וואָס רוקט זיך פאָרויס אויפן בויך, פּרווּט אים נאָכצוגיין. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אַן עדות פון די לעצטע גסיסה־צאַפּלען פון אַ געקעפּטן קערפּער.

— דענערוויר זיך נישט, זאָגט מיין פאָטער, געלאַסן... נישט ביידע אַקסלען מיט אַמאָל... אַ ביסל אויף אַ זייט... אָט אַזוי... נאָך אַ ביסעלע.

— איך קען שוין נישט מער.

דאָס קול פון מיין מאַמען דערגייט צו אונדז פון זייער ווייט. אַ קול פון אַ קליין מיידעלע, איר קלייד האָט זיך פאַרשאַרצט און דעקט אויף אירע פולע און ווייסע היפטן. ווען כ׳דערזע דאָס דאָזיקע מאַכטלאָזע פלייש און דערהער די שטים וואָס איז ווי די שטים פון אַ קליין מיידעלע, וואָס חזרט כסדר איבער „איך קען נישט מער״, מוז איך אַרויסגיין פון שטוב. איך וואַרף זיך אויף מיין בעט און גראָב איין מיין קאָפּ אין קישן. באַלד דערנאָך קומט אַריין זשאַק.

— אַלץ איז אין אָרדענונג, די באַהעלטעניש איז אַן אויסגעצייכנטע.

איך הייב זיך אויף, און אַלע דריי, מיין פאָטער, זשאַק און איך וואַרטן מיט די אַרבעט־קאַרטן אין האַנט.

## אַ וועג אָן אַ צוריק

דאָס דערנענטערן זיך פון דעם לאַסט־אויטאָ מאַכט אויפטרייסלען די שויבן. אויפן ווייטיקלעכן גרילץ פון די ברעמזן ענטפערן מיר מיט אַ שטילן זיפץ, ווי ס׳וואָלט אונדז לייכטער געוואָרן. ס׳קומען אַריין יידישע פּאָליציאַנטן. מיר ווייזן אונדזערע קאַרטן.

— נישטאָ מער קיינער?

אַלע טירן עפענען זיך... די שאַפעס, די וואַנט־שענק, דער קלאָזעט... מיין האַרץ שטעלט זיך אָפּ. ס׳געשעט גאָרנישט. די טיר פאַרמאַכט זיך. מיר בלייבן דאָ און האַלטן נאָך אַלץ די קאַרטע אין דער האַנט, בעת די איינגאַנג־טיר פאַרקלאַפּט זיך הינטער זיי. אויף מיין פאָטערס פּנים באַווייזט זיך אַ נעבעכדיקער שמייכל.

— ריר זיך נישט, זאָג איך, זיי זענען נאָך אין הויז.

אין דער אומהיימלעכער שטילקייט שרייט עמעצער אויס:

— איר טאָרט דאָס נישט טאָן, איר זענט דאָך יידן ווי מיר...

מען הערט אַ גערויש פון אַ שווערן מעבל־שטיק, וואָס מען רוקט איבער.

— זיי האָבן געפונען די באַהעלטעניש ביי נוסבוימען, זאָגט זשאַק: זיי האָבן פאַרמאַסקירט אַ טיר מיט אַ שאַנק, פאַר דער פרוי און די קינדער.

— זיי וועלן זיי נישט מיטנעמען, זאָג איך, דאָס זענען דאָך נישט קיין דייטשן, זיי וועלן פשוט זיך הייסן באַצאָלן.

אָבער די געשרייען האַלטן אָן. איצט שרייען אויך די פרוי און די קינדער. אַ ווײַלע שפּעטער גייען אַלע פאַרביי אונדזער טיר. די פרוי געוואַלדעוועט:

— מנוולים, מנוולים, אַלע וועט איר פּגרן, אַלע, אַלע... ביז צום לעצטן...

— זיי האָבן זי מיטגענומען מיט די קינדער, זאָגט זשאַק און דאָס בלוט ציט זיך צוריק פון זיין פּנים.

דער לאַסטאויטאָ איז אַוועק. אַ ביסל ווייטער שטעלט ער זיך אָפּ. איך לויף עפענען די באַהעלטעניש, איך זאָג צו דער מאַמען:

— ס׳איז געענדיקט, אָבער וואַרט נאָך אַ ביסל אונטער, מען קען קיין מאָל נישט וויסן.

— עס איז מיר שוין נמאס צו ליגן איינגענורעט ווי אַ קרעט, ענטפערט די מאַמע.

און איך דערפיל זיך מיט אַ מאָל גליקלעך. כ׳האָב צוריק געפונען איר שטים, די אמתע שטים פון מיין מאַמען, די אומגעדולדיקע, איראָנישע און תקיפותדיקע. איך ווייס איצט פאַר וואָס כ׳האָב זיך צום מערסטן געשראָקן: ווידער צו הערן דאָס מאָדנע קול פון אַ קליין מיידעלע, וואָס דער קערפער פון אָט דער רייפער פרוי גיט פון זיך אַרויס. זי קריכט אַרויס פון לאַך מיט באַוועגונגען וואָס ווייזן, אַז זי איז אין כעס אָבער באַקלאָגט זיך נישט מער. איך טו אַ שמייכל. מיין מאַמע איז צוריק געוואָרן מיין מאַמע. דאָס לעבן הייבט זיך ווידער אָן.

אַ ביסל שפּעטער קאָכן מיר אויף וואַסער און טוען אין אים אַריין די שמוציקע באַפּאַרבונג, וואָס גיט אים דעם קאָליר פון טיי. די וואַרעמקייט פון דער פליסיקייט דערגייט פּאַמעלעך צו אונדזערע באַקן.

— ס׳איז אַ גוטע באַהעלטעניש, זאָגט מיין טאַטע. אויב מען קוועטשט זיך אַ ביסל צונויף, קען זיין אָרט פאַר דריי, אפשר פאַר פיר.

אין דעם מאָמענט קלאַפּט מען שטיל אין טיר. מיר פאַרבלייבן שטום מיט די גלעזער אין די הענט. מען קלאַפּט ווייטער. די מאַמע שטעלט אַוועק דאָס גלאָז מיט אַ טרוקענעם קלאַפּ און גייט עפענען. ס׳איז אונדזער שכן. ער קומט אַריין, נישט אומקוקנדיק זיך אויף אונדז און בלייבט שטיין אין מיטן צימער. ס׳זעט אויס ווי ער זאָל האָבן פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז געקומען. קיינער וואָגט נישט אַרויסצורעדן קיין וואָרט. מיר שטעלן אַוועק די גלעזער פאַרזיכטיק, כמעט אין געהיים. מיר פילן, אַז מען דאַרף עפּעס זאָגן, כדי אַרויסצורייסן דעם מאַן פון דעם קרייז, וואָס מען האָט אַרום אים געשאַפן. אָבער אונדזערע מיילער בלייבן שטום. וואָסער באַדייטונג קענען שוין האָבן ווערטער, און ווי ס׳זאָל נישט זיין, צי איז ער נאָך פעיִק זיי צו פאַרשטיין? ער שטייט אַ פאַרגליווערטער אין מיטן צימער, אַן אַפּוועזנדיקער אונטער אונדזערע בליקן און די אַפּוועזנהייט, וואָס ער ברענגט מיט זיך, משפט און פאַראורטיילט אונדז, אונדז, וואָס זיצן צוזאַמען אַרום אַ טיש אויף וועלכן עס שלאָגט נאָך אַ פאַרע פון די גלעזער. איך קען נישט מער אויס־האַלטן, און גיב זיך אַ שטעל אויף, אַנשטויסנדיק האַסטיק מיין שטול. דאַן הייבט ער אויף זיין קאָפּ און זאָגט מיט אַ פּוסטער שטים:

— זיי האָבן זיי אַלע אַוועקגעפירט, מיין פרוי און מיינע קינדער. בלויז

איך האָב געהאַט אַן אַרבעט־קאַרטע. זיי האָבן מיך געלאָזן איינעם אַליין.

מיין מאַמע געפינט צוריק אירע באַוועגונגען און טראָגט אים אונטער אַ שטול. ער בלייבט שטיין.

— זעצט אייך, זאָגט מיין פאָטער און זיין קול קלינגט פאַלש.

ער זעצט זיך דאָך אַוועק און זאָגט: „אַ דאַנק". מיר כאַפּן זיך אָן אָן דעם קליינעם וואָרט, וואָס מאַכט זיין ווייטיק מער מענטשלעך, מער צוגענג־לעך. מיינע עלטערן האַלטן, אַז איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט צו רעדן צו אים און זיי רעדן. דאָס פּנים פון דעם מאַן שלאָגט אָפּ די ווערטער ווי קליינע קייקעלעך. ער זיצט זייער רויִק. ער זעט אונדז נישט, ער הערט אונדז נישט. פון צייט צו צייט חזרט ער איבער איינטאָניק: „זיי האָבן זיי אַלע אַוועקגעפירט". איך פיל, אַז כ׳וועל באַלד אָנהייבן קוויטשען און גיי אַרויס. עמעץ וואַרפט מיין נאָמען ווי אַ געשריי.

די גאַס איז אויסגעליידיקט, פאַרפלייצט מיט זון. נישטאָ קיין לאַסט־אויטאָס, נישטאָ קיין דייטשן, נישטאָ קיין יידן, פאַראַן בלויז אָט די אומדער־טרעגלעכע שטים, וואָס שלעפט זיך נאָך נאָך מיר: „זיי האָבן זיי אַלע אַוועק־געפירט", און פּלוצעם האָב איך דעם איינדרוק, אַז איך געפין זיך אויף אַ פאַרוואָרטן שטח, אַז כ׳בין אַדורך עפּעס אַ גרענעץ און גיי אין אַן אַנדער דימענסיע. די דאָזיקע גאַס געהער שוין נישט צו אונדזער וועלט. אין דער שטאַרק צעהיצטער לופט ציטערן אומבאַקאַנטע פאָרמען, אומגעאַנטע און וואָס דראָען אָנצונעמען פלייש און בלוט. איך נעם לויפן, איך לויף כדי צו אַנטרינען, כדי אויפסנייַ צו זיין צווישן מענטשן. איך קום אַרויס אויף אַ קליינעם פּלאַץ, אויך ער איז פּוסט. עס שטייט בלויז אויף אים אַ גרויסער לאַסטאויטאָ איבערגעפּולט מיט מענטשן. זיי זענען ווי צונויפגעדריקט איי־נער צום צווייטן, אַזוי, אַז עס קומט אויס, ווי זיי וואָלטן אַלע צוזאַמען געוועזן איין קערפּער מיט צענדליקער קעפּ. אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע קומט מיר אויס, אַז איך געפין זיך פאַר אַ קאָלאָסאַלער פאָטאָגראַפיע, עפּעס, וואָס עקזיסטירט נישט אין דער אמתן, אַ בילד אַזאַ. דערנאָך נעמט זיך אַלץ באַוועגן ווי אין סינעמאַ. עס הייבט זיך אָן מיט אַ מיליטער־מאַרש. די מענטשן אין לאַסטאויטאָ ווערן צוריק לעבעדיק. אומצאָליקע הענט קלעפּן זיך אָפּ פון דעם איינציקן קערפּער, באַוועגן זיך, מיילער עפענען זיך, אָבער די

געשרייען שטאַרבן אָפּ, דערטרונקען אין די כוואַליעס פון דער מיליטערישער מוזיק. איצט באַמערק איך דייטלעך די פרויען, וועמעס הענט שטרעקן זיך אויס אויף אַ העלפט און טוליען זיך צו די קינדער. כ׳זע די אַלטע, וואָס הייבן זייערע הענט צום הימל. זיי האָבן צוריקגעפונען זייער מענטשלעכע ווירדע נאָך דעם ווי זיי האָבן אַזוי לאַנג געלעבט אין חיהשער מורא און מענטשלעכער געפאַלנקייט. כ׳באַמערק אויך די יונגע־לייט מיט פאַרצערטע און פיבערהאַפטע פּנימער, וואָס שווייגן. און אונטער די קלאַנגען פון מי־ליטער־מאַרש, וואָס באַוויזט מער נישט צו פאַרהילכן די געשרייען, רירט דער לאַסטאויטאָ שווער פון אָרט, הוסט אונטער, שטיקט זיך, ביז ער געפינט זיין רוישיקן אָטעם. נאָך אים גייען נאָך צוויי יידישע פּאָליציאַנטן, עלעגאַנטע, מיט פּאַלקעס אין די הענט. אין זייער אופן פון שטעלן די טריט איז פאַראַן עפּעס פייערלעכעס. ס׳זעט אויס ווי אַ קאָלעקטיווע לוויה, ווו די טויטע וואָלטן אויפגעשפרונגען און אויסגעשריען זייער רעוואָלט צו די לעבעדיקע, וואָס ווילן זיי נישט הערן.

זיי פאַרשווינדן ביים ראָג פון אַ גאַס. איך נעם זיך אָן מיט מוט און מאַך אַ פּאָר שריט פאָרויס און געפין זיך איינע אַליין אין מיטן פון פּוסטן פּלאַץ. די האָפערדיקע און זיגרייכע מוזיק בלייבט מיט מיר. איך הייב אויף מיין קאָפּ. דער הילכער קוקט מיך אָן. ער פאַרענדיקט זיין מיליטער־מאַרש און הייבט אָן אַ לעבעדיקע פּאָלקע ספּעציעל פאַר מיר. איך הער זי געדולדיק אויס, נישט רירנדיק זיך און מיין לינקער פוס הייבט אָן צו קלאַפּן אין טאַקט פון זיך אַליין, שטילערהייט. איך קוק זיך צו אים צו. ער הערט אויף. דער לאַסטאויטאָ איז דאָ, גאָר נאָענט פון מיר. דאָס איז דער אומפאַרשעמטסטער און מוראדיקסטער געשפּענסט, וואָס קומט אַזוי צוריק אין מיטן טאָג אָן אַ פּיצל איינזען פאַר די איינגעשטעלטע מנהגים. די שטימלאָזע געשרייען הילכן אָפּ אין מיין שיידל. די פאַרשווונדענע הענט טרייסלען זיך ליידנשאַפטלעך. איך הער נישט מער די פּאָלקע. איך האָב מורא. איך פּרוּוו קוקן אין אַ זייט, אָבער דער געשפּענסט באַוועגט זיך צוזאַמען מיט מיינע אויגן. און אפשר איז עס גראָד אַן אַנדערער? איך דריי זיך אויס און צענדליקער לאַסט־אויטאָס פון דעם זעלבן מין דרייען זיך אויס אין דער גלייכער צייט. איך ווייס נישט מער צי איך שלעפּ זיי מיט אָדער איך פאָלג זיי נאָך אין דעם

משוגענעם קאַראַהאַד. איך ווייס בלויז, אַז אויב איך וועל זיך תיכף נישט אַרויסרייסן, וועל איך פון אים שוין קיין מאָל נישט אַרויס. מיט פאַרמאַכטע אויגן וואַרף איך זיך פאַרויס און רייס אַדורך דעם קרייז.

איך געפין זיך אין אַ פוסטער גאַס. איך עטעם טיף אָפּ מיט דאַנקבאַרקייט. איך פאַרלאַנגזאַם מיין טריט, מיין האַרץ ווערט רויִקער, לאָזט זיך פאַרגעסן. איך האָב נאָר איין פאַרלאַנג: צו גיין אַהיים, צו זען זיי אַלע דריי, זיי אָנצורירן, זיי צו הערן, כדי מיך צו איבערצייגן, אַז דאָס איז די איינציק מעגלעכע ווירקלעכקייט. וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַס? איך דערקען זי נישט. צי קען דען זיין, אַז אַרומגייענדיק איבער די געטאָ־גאַסן, אַזוי ווי כ׳טו עס שוין זיבנט וואָכן, זאָל איך קיין מאָל דורך דאָנען נישט האָבן אַדורכגעגאַנגען? איך וואַקל זיך און ווייס נישט וואָסער ריכטונג כ׳זאָל נעמען. אַ מאָדנער געדאַנק קומט מיר אויפן זין. צי האָט די דאָזיקע גאַס בכלל וועגן עס איז עקזיסטירט? צי איז זי נישט קיין אויסטראַכטעניש? גייענדיק ווייטער, וועל איך אפשר אָנקומען אין אַן אַנדערער וועלט, וווּ די מלחמה וועט שוין זיין פאַרענדיקט, וווּ די טויטע וועלן שוין זיין פאַרגעסן און וווּ אַלץ וועט זיך ווידער אָנהייבן פון דאָס ניי. ביי דער ערשטער גאַסן־קרייצונג שטעל איך זיך אָפּ. לינקס, צי רעכטס? ס׳דאַכט זיך מיר, אַז מען דאַרף גיין רעכטס, און אַזוי ווי כ׳פאַרמאָג נישט די מינדסטע אָריענטאַציע־פעיִקייט און כ׳בין זיך תמיד טועה, גיי איך לינקס. איך גיב זיך אַ דריי און טרעף זיך אָן פנים אל פנים מיט אַ דייטש. דערזעענדיק מיך, שמייכלט ער.

— אַזוי, אַזוי, מען באַהאַלט זיך אויס?

— איך דאַרף זיך נישט אויסבאַהאַלטן, זאָג איך, איך האָב מיין אַרבעט־קאַרטע.

— ווייזט זי פון דעסטוועגן.

— איך האָב... איך האָב זי געלאָזן אין שטוב.

— אַ, אַזוי? זאָגט ער, נאָך אַלץ אַ שמייכלענדיקער. אויב אַזוי, לאָמיר צוגיין אַהיים. איך וויל אייך נישט קיין שלעכטס טאָן. ס׳וואָלט געווען אַ שאָד צו שיקן אַזאַ שיין מיידל דאָרט, וווּ מען שיקט די אַנדערע.

ס׳קען קיין רייד נישט זיין כ׳זאָל אים פירן צו אונדז. סיידן כ׳זאָל אים וועלן פאַרשטעלן מיין מאַמען, וואָס האָט נישט קיין קאַרטע. איך ריר זיך

נישט. איך קאַלקוליר די שאַנסן פון אַנטלויפן. זיי זענען נול. די טויערן פון די הייזער זענען געשלאָסן. לויפן? ער וועט אויף מיר שיסן.

— נו, מען גייט?

— איך האָב נישט קיין אַרבעט־קאַרטע.

ער זעט אויס אַ גליקלעכער.

— כ׳האָב גאַנץ גוט געוווּסט. שיינע מיידלעך ווי דו אַרבעטן נישט. אויב אַזוי וועסטו גיין מיט מיר.

און איך גיי אים נאָך. אונדזערע טריט זענען נישט קיין גלייכע און זייער קלאַפּן צעטיילט זיך אויף צווייען, אַזוי ווי עמעץ וואָלט געטרעטן צוויי מאָל מיטן זעלבן פוס. ער פייפט. ער איז צופרידן. איך וווּנדער זיך סתּם פון מיין נאַרישקייט, וואָס צוליב איר בין איך אַרויסגעגאַנגען אָן דער אַרבעט־קאַרטע. אין דער אמתן אַרט עס מיך נישט אַזוי שטאַרק. איך האָב ווידער דעם איינדרוק, אַז איך געפין זיך ערגעץ־ווו אַנדערש. אַ ספּערע פון אומ־רעאַלקייט הילט מיך איין. אין אַ געוויסער מאָס בין איך אפילו נייגיריק צו וויסן וואָס דאָ וועט פּאַרקומען. דאָס דאָזיקע געפיל איז אַזוי אומוואַר־שיינלעך און אַזוי נישט אויפן אָרט ווי עס קען זיין מיין געפינען זיך דאָ, ביי דער זייט פון אָט דעם דייטש. די גאַסן ציען זיך איינע נאָך דער צווייטער, פּוסטע, ווי אַרויסגערופענע פונעם גאַרנישט ספּעציעל פאַר אונדז. זיכער פאַרשווינדן זיי ווי נאָר מיר גייען זיי אַדורך. די הייזער שטעלן אויס זייערע פראַנטן, אַזוי ווי אַ דעקאָראַציע הינטער וועלכער ס׳איז קיינער נישטאָ. ס׳טרעפט, אַז די זון צינדט אָן אַ שויב פון וועלכער ס׳רייסן זיך אַרויס פאַר־בלענדנדיקע און קאַלטע פלאַמען. דער סאָלדאַט פייפט כסדר אונטער און איך גיי געהאָרכזאַם לעבן אים. כ׳האָב אויפגעהערט זיך צו שטעלן פראַגעס, כ׳האָב אויפגעהערט מורא צו האָבן. מיר גייען אָן איילעניש און אונדזערע טריט גלייכן זיך אפילו צום סוף אויס. דער דייטש שטעלט זיך אָפּ און קוקט מיך אָן.

— מיד? פרעגט ער מיך.

איך שאָקל מיטן קאָפּ.

— ס׳איז שוין מער נישט ווייט, מיר וועלן באַלד אָנקומען. מען מוז אַרבעטן. אַלע אַרבעטן. די יידן האָבן נישט קיין רעכט צו לעבן און נישט אַרבעטן. צי איז עס נאָרמאַל, ניין? צי איז עס יושרדיק? וואָס פאַרלאַנגט

מען פון איך? געהאַרכזאַמקייט און אַרבעט. אָבער איר, איר ווילט לעבן פון יענעמס פּראַצע און איר זאָגט ליגנט. איר זענט אַ שעדלעך פאָלק.

ער גיט מיר צו פאַרשטיין, נישט דענערווירנדיק זיך. ער איז געדולדיק און העפלעך. די גאַס איז נאָך אַלץ פּוסט, אָבער פון דער ווייטן דערגייט צו אונדז אַ רעש, ענלעך אויף דעם, וואָס מען דערהערט, ווען מען דערנענטערט זיך צו אַ שטאָט. דער דייטש, וואָס ווערט מיט אַ מאָל העכער, גלייכער, פאַרשנעלערט די טריט.

— אומשלאַג־פּלאַץ, זאָגט ער.

און איך זע. אַ גרויסער פּלאַץ און ווייטער באַנרעלסן. אַ געדיכטע מאַסע אַרומגערינגלט פון דייטשע סאָלדאַטן מיט אויסגעשטרעקטע מאַשינען־געווער, גרייט צום שיסן. מיר זענען אָנגעקומען. די ראָל פון מיין באַגלייטער איז פאַרענדיקט. ער גיט מיך איבער צו אַן אַנדערן סאָלדאַט און זאָגט פּשוט: „נאָך איינע". מען גיט מיך אַ שטויס און איך געפין זיך אָנגעשפּאַרט אַן אַ רוקן. דער רוקן קערט זיך אָפּ און אַן עלנבויגן פּרוווט זיך איינגראָבן אין מיינע זייטן. ווידער אַ געשטופּ און איך פאַל אויף אַ ברוסט. די שטופּעניש ווערט שטאַרקער. מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם פּרוו איך פאַרצווייפלט זיך אַ ביסל אויסצודרייען, לויזער צו מאַכן דעם געדראַנג. אַ שטראָם באַפאַלט מיך פלוצעם און פּרעסט מיך אַריין אַ ביסל ווייטער אין דעם קנויל, און וואַרפט מיך אויף אַנדערע בייכער, אויף אַנדערע פּלייצעס, אַנדערע ברוסטן. קניען שטויסן מיך, פיס צעטרעטן מיינע פיס, אַ גרויסער מאָגן האָט זיך פאַרמאַכט אויף מיר און הייבט אָן זיין מגושמדיקע פאַרדייונג.

אַלץ איז אַריינגעטאָן אין אַ געטומל פון אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, פון קינדערישע געוויינען, יאָמערן, קרעכצן. איך פּרוו אומזיסט צו באַגעגענען אַ מענטשלעך פּנים. כ'זע בלויז מאַסקעס פאַרפלאָמבירטע דורך דער שרעק. אויגן אַרויסגעקראָכענע פון זייערע לעכער לויערן אויף אַ געהיימען צייכן, וואָס רופט אַרויס ספּאַזמעס פון דער מאַסע. איך גיי נאָך דער ריכטונג פון די בליקן. צום סוף דערזע איך דאָרט אַ גרופּע דייטשע סאָלדאַטן. איינער פון זיי שטעלט אָן אויף אונדז זיין רעוואָלווער, ווי ער וואָלט זיך פאַרנומען צו שיסן. פון צייט צו צייט דרייט ער זיך אויס צו זיינע קאָלעגעס און לאַכט אַ צופרידענער. ער איז, זעט אויס, פאַרכאַפּט דורך דעם שפּיל.

— ער וועט דאָך נישט שיסן, זאָג איך אַזוי זיך.

— עס זענען שוין דאָ פינף טויטע, ענטפערט מיר אַ שטים. ער צילעוועט זייער לאַנג און געני, און אײַלט זיך נישט. מיר דאַכט זיך, אַז די קליינטשינקע רער איז אָנגעשטעלט אויף מיר און אינסטינקטיוו טו איך זיך אַ רוק אויף צוריק. איך צעקוועטש עפּעס, וואָס קלאַמערט זיך אין מײַן קלייד. דאָס קינד וויינט. די מוטער מיט אַן אַנדער קינד אין אירע אָרעמס פּרוּווט זיך דערנענטערן און באַוואַרפט מיך מיט זלזולים. אַ ביסל ווייסער שוים באַווייזט זיך אין ווינקל פון איר מויל. צום גליק טיילט אונדז פונאַנדער אַ געשטויפּעריי. דער דײַטש האָט נאָך נישט אויסגעשאָסן. איך שעם זיך פאַר זיך אַליין, וואָס כ׳האָב זיך אונטערגעגעבן דער פּאַניק. איך שעם זיך פאַר די צעטומלטע פּנימער, פאַר די ווילדע באַוועגונגען, מיט וועלכע יעדער פּרוּווט אַוועקצושטעלן זיין גאָענטן צווישן זיך גופא און דעם טויט.

איך רוק אָפּ מיט מײַנע עלנבויגנס די, וואָס רינגלען מיך אַרום און שטרענג זיך אָן זיך פריי צו מאַכן אַ וועג אין דעם ראַיענדיקן פלייש. מיט עקשנות און געדולד שטופּ איך זיך פאָרויס און רײַס זיך יעדעס מאָל אַרויס פון דאָס ניי ווען דער שטראָם פאַרשטויסט מיך צוריק אין דער מאַסע אַריין. אַ לעצטע אָנשטרענגונג שליידערט מיך אַריין אין פרייען שטח, ווו איך מאַך איניקע וואַקלדיקע טריט איבעראַשט פון דעם, וואָס איך טרעף נישט מער אָן קיין ווידערשטאַנד. דער אויסגעצייכנטער שיסער געפינט זיך אַ ביסל רעכטס פון מיר. איך עטעם טיף אָפּ. כ׳בין גרייט אויף אַלץ אַבי נישט פון דאָס ניי צו ווערן אַ טייל פון דעם מאָנסטער־קערפּער, וואָס איך לאָז הינטער מיר. מען שטאַרבט דאָרט צו פיל, מען שטאַרבט יעטוועדע סעקונדע, טויזנטער מאָל, צוזאַמען מיט די טויזנטער נפשות צונויפגעקוועטשטע — אײַנע קעגן די אַנדערע. אַזוי פיל טויטע קען איך נישט איבערטראָגן. איך גיי פאָרויס. די סאָלדאַטן געפינען זיך גאָר נאָענט, נייגעריקע אויגן קוקן מיך אָן. איך האָב אויסגעקליבן מײַן אייגענעם טויט. קיין אַנדערן וויל איך נישט. איך וויל נישט האָבן קיין שום געמיינזאַמעס מיט די, וואָס כ׳האָב געלאָזן דאָרט. זייער גורל גייט מיך נישט אָן. דאָס רחמנות־געפיל, דאָס שרעקלעכע רחמנות־געפיל, דערשטיקט מיך נישט מער. מען האָט תמיד רחמנות ווען מען פילט זיך שולדיק. איצט איז מיר שוין אַלץ אײנס.

דער אויסגעצייכנטער שיסער באַמערקט מיך. מיר קוקן זיך אָן. איך הייב אויף מיין קאָפּ און האַלט אים שטייף, גאַר גלייך. אַ כוואַליע פון אַ נאַרישן שטאָלץ פאַלט אויף מיר אַרויף און זי איז אַזוי שטאַרק, אַז כ׳קען נישט אונטערשיידן צי דאָס, וואָס מאַכט אויפציטערן מיין האַרץ, איז דער פּחד, אָדער דאָס באַוווסטזיין פון דערהויבנקייט. דער רעוואָלווער איז אָנגע־שטעלט אין מיין ריכטונג. דער דייטש לאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט געגאַנגען מאַכן אַ קאַטאָוועסל. די צייט שטעלט זיך אָפּ. מיין שטאָלץ פאַרלאָזט מיך. מיינע פיס ווערן שלאַבעריק. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זיי טיילן זיך אָפּ פון מיין גוף. און פּלוצעם נעם איך בענקען נאָך דער לעבעדיקער מאַסע, ווו יעטוועדע אינדיווידואַליטעט איז אויפגעלייזט געוואָרן, ווו מען האָט בלויז באַדאַרפט זיך לאָזן גיין מיטן שטראָם, נישט מאַכנדיק אַליין די מינדעסטע אָנשטרענגונג, כדי זיך צו האַלטן אויף די פיס. בלויז די לופט רינגלט מיך אַרום און דאָס האַלט נישט אונטער. דאָס רופט בלויז אַרויס אַ פאַרלאַנג זיך אויסצוציען אין דער גאַנצער לענג אויף דער פעסטער און האַרטער ערד, אויף דער באַרויִקנדיקער, שטאַרקער ערד... איך קוק נישט מער אויפן דייטש, איך שוועב אין אַ נעפּל. מיין קאָפּ ליידיקט זיך פאַמעלעך אויס... אַ לעצטער געדאַנק גייט אַדורך: דער קאָפּ פון אַ טויטן דאַרף וועגן הונדערט מאָל מער ווי דער קאָפּ פון אַ לעבעדיקן... הונדערט מאָל מער ווי דער קאָפּ פון אַ לעבעדיקן. אַ מענגלעכער אָרעם נעמט אַרום מיינע פּליי־צעס, און מיט אַ זיפץ שוועב איך אַוועק.

— מיין אָבערלויטנאַנט, דאָס איז מיין שוועסטער.

— אַ, יאָ? טאָ ווי אַזוי געפינט זי זיך דאָ?

דער אָרעם דריקט מיך ביז ווייטיק. פונעם נעפּל שווימט אַרויס מאַרקס פּנים. ער פרעגט מיך ברוטאַל:

— וואָס טוסטו דאָ? איך ווען זיך, אַז דו ביסט אַרויסגעגאַנגען אַליין, יאָ?

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ: יאָ, איך בין אַרויסגעגאַנגען אַליין.

— צי האָט זי געזאָגט, אַז איר ברודער געהערט צו דער פּאָליציי? פרעגט דער אָפיציר.

— כ׳האָב עס געזאָגט, אָבער מען האָט מיך פון דעסטוועגן אַהער־געבראַכט.

איך כאַפּ זיך צוריק, און הער אויף זיך אָנלענען אויף מאַרקן.

— פיר דיין שוועסטער אַהיים און זאָל זי זיך מער נישט אַרומבלאָנקען, ווען דו ביסט אין דינסט.

— אַ דאַנק, מיין אָבערלויטענאַנט.

מאַרק נעמט אַוועק די האַנט כדי צו סאַלוטירן.

— נו געגאַנגען, זאָגט ער מיר. ער זעט אויס צו זיין אין כעס. איך גיי אים נאָך און מיר גייען אַריבער דעם פּלאַץ. איך פיל טויזנטער אויגן אויף מיין רוקן.

— מאַך גיכער — זאָגט מאַרק.

ס'דערהערט זיך אַ שאָס. איך שטויס זיך אָן אָן אַ שטיין.

— צו אַלדע טייוול, אייל זיך צו.

מיר גייען אַהיים דורך אויסגעליידיקטע גאַסן, קען זיין די זעלבע, וואָס איך בין שוין אַדורגעגאַנגען מיט אַזאַ לאַנגער צייט צוריק, ביז צום אומשלאַג־פּלאַץ. מאַרק פאַרלאָזט מיך פאַר מיין הויז, נישט דערלאַנגענדיק מיר די האַנט. ער גייט אַוועק וואַרטשענדיק, איך האָב אים אויך נישט וואָס צו זאָגן.

— מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן, זאָגט מיר די מאַמע, ביסט געבליבן אַזוי לאַנג אויבן.

איך צי זיך אויס אויפן בעט. זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין ביי דער שכנטע, איז בעסער אַזוי. זיי זענען אַלע דריי לעבן מיר. די מאַמע לייגט אַוועק איר האַנט אויף מיין שטערן.

— ביסט אין גאַנצן בלאַס, פילסט זיך נישט גוט?

זי גרייט שוין צו טיי און זוכט אַספּירין.

— ס'איז גאָרנישט, זאָגט מיין טאַטע, אַ ביסל דענערווירט.

איך וויל נישט, מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט מיר. איך וויל מען זאָל מיך לאָזן צו רו. איך פאָלג און טרינק דעם טיי און שלינג אַרונטער די פּיל כדי ס'זאָל וואָס גיכער נעמען אַ סוף. זשאַק דערנענטערט זיך און שטרעקט צו מיר אויס זיין אָפענע האַנט. אויף זיין דלאָניע ליגט אַ גרויס צוקערל, איינגעוויקלט אין אַ ראָזאַ־צעלאָפאַן־פּאַפּירל.

— כ'האָב עס באַהאַלטן פאַר דיר, זאָגט ער.

דאָס בילד, וואָס איז איינגעקריצט אין מיין געדאַנק, צעברעכט זיך אויף

טויזנטער שטיקלעך ווי אַ פֿאַרשאָלטענער „פּעדזול". איך נעם אַרויס דאָס צוקערל פֿון זײַן שײנעם ראָזאַ־פּאַפּירל און לײג עס אַרײַן אין מויל. אַלע דרײַ געפֿינען זיך דאָ, רינגלען מיך אַרום און קוקן אויף מיר.

— ס'איז דיר בעסער? פֿרעגט דער טאַטע.

מיט אַ מאָל פֿאַראײניקן זיך די טײלן פֿון „פּעדזול" און דאָס בילד פֿון אומשלאַג־פּלאַץ פֿאַרשלינגט די גאַנצע וועלט. אַ צוקערל כּדי צו פֿאַרגעסן די פּוסטע גאַסן, דעם לאַסט־אויטאָ, כּדי צו פֿאַרגעסן דעם אומשלאַג־פּלאַץ און דעם דײַטש מיטן רעוואָלווער. איך באַמי זיך נאָך צו געפֿינען אין אים עפּעס אַ טעם, אָבער עס איז נישט מער ווי אַ געשמאַקלאָז קײַקעלע, וואָס באַלעסטיקט מײַן מויל. איך שלינג עס אַרונטער כּמעט גאַנצערהייט, כּדי צו מאַכן אָרט אויף דעם וואָס גײט אויף אין מיר. די טרערן זענען געקומען צו שפּעט. זײ ברענגען מיר נישט קײן שום פֿאַרלײכטערונג. איך קוק אויף זײ און זע, ווי זײ פֿאַלן אַראָפּ אײנע נאָך דער אַנדערער אויף דער קאָלדרע: איך פֿיל זײ נישט.

דעם אָוונט האָבן מיר זיך געלײגט שלאָפֿן, נישט אויסרעדנדיק מער קײן וואָרט.

צו מאָרגנס נאָך מיטאָג קומט צו אונדז אַרײַן מאַרק. ער האָט צוריק־געפֿונען זײַן גאַנצע זאָרגלאָזיקײט.

— נו, הײַנט שפּילט מען זיך נישט מער אין אַ טוריסט? פֿרעגט ער מיך.

איך מאַך אים אַ צײכן צו שווײַגן, אָבער צו שפּעט. ער האָט זיך שוין צערעדט. אַ גליקלעכער וואָס ער קען רעדן, דערצײלט ער מיט אַלע פּרטים די אומשטענדן פֿון אונדזער באַגעגעניש. איך זע דעם כּעס אין מײַן מאַמעס אויגן און דאָס פּנים פֿון מײַן מאַן, וואָס ווערט מיט אַ מאָל אַלט. מאַרק גײט זיך אָפּ אַ חשבון פֿון זײַן באַגאַנגענעם פֿעלער און פּרוּווט דאָס אויס־בעסערן, אָננעמענדיק אַ לײַכטערן טאָן אין ווײַטערדיקן טײל פֿון זײַן דער־צײלונג.

— זי פֿאַרמאָגט נישט קײן פּיצל שׂכל, זאָגט מײַן מאַמע.

— איך קען עס נישט גלײבן, זאָגט מאַרק, לאַכנדיק, זי איז געווען אַזוי באַגאַבט פֿאַר מאַטעמאַטיק.

ער ווענדט זיך צו זשאַקן. זײַן שמײכל פֿאַרשווינדט.

— דיך בין איך געקומען זען. כ׳האָב דיר עפּעס פאַרצושלאָגן. ערשטנס אַ פראַגע: צי איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל געלט?

— יאָ, זאָגט זשאַק, מיר האָבן נאָך.

— גוט, וועט מען עס קענען אַדורכפירן. דו וועסט קענען אַריין אין דער פּאָליציי. איך וועל דיר העלפן, נאָר מען מוז עס מאַכן שנעל, עס זענען דאָ אַ סך קאַנדידאַטן.

— פאַר וואָס ווילסטו איך זאָל אַריין אין דער פּאָליציי? כ׳האָב דאָך מיין אַרבעט־קאַרטע.

— מאַך דיר נישט קיין אילוזיעס, זאָגט מאַרק. עס זענען צו מיר דער־גאַנגען קלאַנגען, אַז ביי דער נאָענטסטער אַבלאַווע וועלן די אַרבעט־קאַרטן מער נישט זיין קיין באַשיצונג. אין דער צייט, וואָס דאָס — און ער לייגט אַוועק זיין פּאָליציי־היטל אויפן טיש — דאָס האָט נאָך אַ ווערט.

— איך גלייב נישט, אַז אַזאַ גאַראַנטיע איז צוגעפּאַסט פאַר מיר, זאָגט רויִק זשאַק, אָבער עס איז פיין פון דיין זייט, וואָס דו האָסט דערפון געטראַכט.

— מאַך זיך נישט נאַריש. צי האָסטו דען נישט קיין חשק זיך צו ראַטעווען מיט איר?

— איך וויל עס פונקט ווי יעדער איינער.

— איבערלעבן וועלן נישט קיין סך. בלויז דו דאַרפסט וויסן צי דו ווילסט זיין צווישן זיי. צי איז עס אַ פראַגע פון געלט?

— ניין, פאַרלויפיק האָבן מיר נאָך. עס זענען אָבער פּשוט דאָ זאַכן, וואָס מען קען טאָן, און אַנדערע...

— הייסט עס, אַז אויך דו באַטראַכסט מיך ווי אַ מנוול?

מאַרק שטעלט זיך אויף און טוט צוריק אָן זיין היטל.

— איך האָב זיך קיין מאָל נישט דערלויבט צו משפּטן אַנדערע, זאָגט זשאַק.

מען קלאַפּט אין טיר, די מאַמע גייט עפענען. ס׳איז אונדזער שכן. אַ שלאָפלאָזע נאַכט זעט זיך אָן אויף זיין פּנים. ער ברענגט מיט זיך זיין וויִיטיק ווי אַ קאָלאָסאַלן פּאַק, וואָס ער לייגט אַוועק מיט גרויס ערנסט, אין מיטן פון צימער, וועלכער שיינט מיט אַ מאָל צו ווערן צו קליין. די מאַמע דערלאַנגט אים אַ שטול. אַ פּאָר סעקונדעס שפּעטער באַמערקט ער מאַרקן,

וואָס שטייט נאָך אַלץ. פּאַמעלעך נעמט זיין פּנים אַן אַ פאַרב. פלוצעם שפּרינגט ער אויף פון זיין שטול און וואַרפט זיך אויף מאַרקן קוויטשענדיק: „מערדער, מערדער, ווו האָסטו פאַרשלעפּט מיין פרוי און מיינע קינדערלעך?". מאַרק רירט זיך נישט פון אָרט. זשאַק שטעלט זיך אַוועק צווישן זיי:

— באַרויִקט אייך, הער נוסבוים, איר האָט אַ טעות. ער האָט קיין שייכות נישט דערמיט. ער איז דאָ נישט געווען.

דער מאַן שטיקט זיך:

— נישט געווען... נישט געווען... אָבער איך דערקען דאָך זיין היטל.

— אַלע האָבן זיי היטלען, זאָגט זשאַק, איר קענט זיי נישט אונטערשיידן.

— איך וועל אים הרגענען. איך וועל אים הרגענען מיט מיינע אייגענע הענט. דעם אויסוווּרף... דעם זון פון...

זשאַק האַלט אים אָפּ און איך נעם אַוועק מאַרקן אין דרויסן. כ'זאָג אים:

— איך באַדויער זייער.

— ווער איז עס? פרעגט ער מיך.

— אַ שכן. נעכטן האָט מען אַוועקגעשלעפּט זיין פרוי און זיינע קינדער. יידישע פּאָליציאַנטן.

מאַרק פירט צוויי מאָל דורך זיין האַנט איבערן שטערן, דערנאָך טוט ער אויף מיר אַ קוק.

— זיכער איז פיל לייכטער זיך צו מאַכן פאַר אַ קרבן, אָבער איך צו אַלדע טייוול, איך האָב קיין שום חשק נישט צו פגרן. אַדיע. לאָלאַ לאָזט דיך גריסן. זי וואָלט דיך געוואָלט זען.

— גיב איר אַ קוש פון מיר, זאָג איך.

ער פאַרלאָזט מיך מיט אַ שמייכל, וואָס איז אַן אומגעלונגענע נאָכמאַכונג פון זיין געוויינלעכן שמייכל. איך בין צופרידן, וואָס ער גייט אַוועק. דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט, וואָס כ'וואָלט געדאַרפט האָבן פאַר אים און וואָס איך האָב נישט, מאַכט אויף מיר דעם אומאָנגענעמען איינדרוק פון אַ חוב, וואָס איך באַוויז נישט אָפּצוגעבן.

אין דער היים זיצט איצט דער הער נוסבוים ביים טיש און האַלט דעם קאָפּ צווישן זיינע הענט. מיר שווייגן און מיידן אויס צו מאַכן אַ רעש בעת מיר באַוועגן זיך. ער לאָזט אונדז איבער אַן ענגן שטח צו לעבן, ווו מיר

באַוועגן זיך זייער פּאַרזיכטיק, אַזוי ווי ביים ראַנד פון אַ תהום. ענדלעך הייבט ער זיך שווער אויף און קוקט אונדז אָן טרויעריק.

— איך האָב אייך געהאַלטן פאַר פיינע מענטשן, זאָגט ער, אָבער אויך איר זענט קעגן מיר.

— אָבער, הער נוסבוים, וואָס רעדט איר?... הייבט אָן מיין מאַמע.

ער מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זיך פון אונדז אַלע געוואָלט אָפּזאָגן. נישטאָ ביי אים קיין כעס. נאָר ער איז פּשוט אַליין, איינער אַליין אין דער וועלט. מיט אַ געלאַסענער, נייטראַלער שטימע, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס שטעלט עפּעס פעסט, וואַרפט ער אונדז צו די ווערטער, איידער ער גייט אַוועק:

— אויך איר זענט אויף דער זייט פון די מערדער.

די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער אים און מיין פאָטער שרייט אויס אַן אויפגעבראַכטער:

— ער טרייבט פון דעסטוועגן איבער!

זשאַק גייט צו צום פענצטער און דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע צו אונדז. ער זאָגט:

— ווי אַזוי וועט ער איצט קענען לעבן?

ס׳כאַפּט מיך אַרום אַ שרעקלעכער כעס, ווייל איך פיל זיך אוממעכטיק אין אַנבליק פון דעם ווייטיק, ווייל זשאַק, שטייענדיק אַזוי מיט זיין עטוואָס איינגעבויגענעם רוקן, זעט אויס ווי אַן אַלטער שוין באַזיגטער מאַן. ס׳ווילט זיך מיר וויינען, שרייען.

— וואָס מיינסטו? ער וועט פונקט אַזוי לעבן ווי אַלע. ער וועט זיך קלאַמערן אין לעבן ווי אַלע מענטשן. ער וועט באַגיין אַלע נידעריקע טאַטן, כדי עס אָפּצוהיטן, אַט דאָס לעבן, וואָס דו האָסט אַזוי מורא, אַז ער וועט עס נישט קענען איבערטראָגן. זאָל נאָר קומען אַ פרישע אַבלאַווע און דו וועסט זען אַז ער וועט אַלץ טאָן אַזוי ווי אַלע כדי זיך פון איר אַרויסצודרייען, אַזוי ווי אַלע.

איך פיל ווי מיין שטים ווערט שטאַרקער. איך באַהערש מיך נישט מער. זשאַק גיט זיך האַסטיק אַ דריי אויס און קומט צו צו מיר:

— פאַר וואָס פייניקסטו דו זיך? זאָגט ער צו מיר.

— איך פֿייניק זיך? פֿאַרקערט! דאָס גייט מיך קנאַפּ אָן. ער איז נישט דער איינציקער, עס זענען דאָ הונדערטער ווי ער אין דעם מאָמענט. פֿאַר וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל זיך דערמיט איבערנעמען? איך וועל דיר זאָגן, וואָס מיך גייט יאָ אָן; דאָס איז, אַז ביי דער נאָענטסטער אַבלאַווע וועלן אונדז אונדזערע מ׳שטיינס געזאָגט אַרבעט־קאַרטן אויך נישט העלפֿן.

— דו וואַרפֿסט מיר פֿאַר, וואָס איך האָב אָפּגעוואָרפֿן מאַרקס פֿאַרשלאָג? זאָגט זשאַק.

מיר קוקן זיך אָן שווייגנדיק, מיין כעס לאָזט מיך אָפּ.

— ניין, זאָג איך ענדלעך, איך גלייב באמת נישט, אַז אַזאַ היטל וואָלט דיר געקליידט.

ער טוט אַ שמייכל און די שטומע פּנימער פֿון מיינע עלטערן לייטערן זיך אויס.

מיר זיצן איצט אַלע פֿיר אויף מיין בעט. דער טאָג ציט זיך מיט באַ־דויערן צוריק. די ווינקלען פֿון צימער ווערן מילדער.

— איר קענט דאָ נישט בלייבן, זאָגט צום סוף מיין מאַמע. זי רעדט שטיל. צי פֿילט זי אַזוי ווי איך די אָנוועזנהייט, וואָס לאָדט אָן די בין־השמשות־שעה און זי האָט מורא זי צו דערשרעקן? און אפֿשר האָט זי פּשוט מורא פֿאַר די ווערטער, וואָס זי רעדט אַרויס? קיינער רעדט נישט מער קיין וואָרט.

— איר מוזט פֿון דאַנען אַוועק, חזרט זי איבער.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, איך וועל קיין מאָל נישט אַוועק אָן דיר.

אין מיטן פֿון מיינע רייד גיב איך זיך שוין אָפּ אַ חשבון פֿון זייער געמיינהייט. אָבער די רייד האָבן שוין געווירקט.

— אויב זיי באַשליסן אַוועקצוגיין, וועסטו גיין מיט זיי, זאָגט מיין טאַטע.

— אָבער, פּאַפּאַ, דו וועסט אויך גיין מיט אונדז. איך האָב זיך שלעכט אויסגעדריקט.

די בושה ברענט מיר דאָס פּנים. איך זע ווי מיין פֿאָטער שמייכלט טרויעריק אין דער טונקלקייט.

— מיט מיין נאָז וועט איר ווייט נישט גיין. איבעריקנס פֿיל איך זיך דאָ גוט. אפֿילו ווען די אַרבעט־קאַרטן האָבן נישט קיין גרויסן ווערט, האָב איך

פון דעסטוועגן אַ גוטע באַהעלטעניש. מיר האָבן זי אויסגעפּרוווט, נישט אמת ?

ער רעדט כמעט האָפּערדיק, אָבער אַ נערוועזשער טיק באַוועגט זיין וואַנצע. מיין מוטער לאָזט פון אים די אויגן נישט אַראָפּ.

— איך וועל זיך פון דאַנען נישט רירן, זאָגט זי ענדלעך.

— ביסט נישט גערעכט, די קינדער דאַרפן דיך האָבן, אָבער איך... איך וועל מיר זייער גוט אַן עצה געבן. איבעריקנס ווייסטו דאָך ווי זי איז, די קליינע. זי וועט דיך נישט פאַרלאָזן. אויב דאָס אַנטלויפן גיט זיי אַ שאַנס זיך צו ראַטעווען, האָסטו נישט קיין רעכט זי ביי זיי צוצונעמען. און אַחוץ דעם גלייב איך נישט אין דעם אַלעמען וואָס מען דערציילט. מען פאַרלירט צו שנעל דעם קאָפּ. ס׳וועלן זיין אַזעלכע, וואָס וועלן איבערלעבן אין געטאָ. אין דעם בין איך זיכער, איר, איר וועט זיך מאַכן אייער קליינעם אויספלוג אין דרויסן און איר וועט צוריקקומען. אפשר וואָלטסטו אונדז צוגעשטעלט אַ גלעזל טיי, מאַרי ?

נאָכן טיי האָבן מיר פאַרענדיקט דעם אָוונט, שפּילנדיק אין קאָרטן. קיינער האָט נישט געגעבן די מינדעסטע אָנצוהערעניש אויף אונדזער אַוועקגיין.

אויף מאָרגן איז דער טאָג געווען אַ גרויער און אַ טריבער. זשאַק קוקט זיך צו ווי כ׳מאַך מיינע הכנות.

— גייסט אַרויס ? פרעגט ער מיך.

— ס׳האָט זיך מיר פאַרוואָלט שעפּן אַ ביסל לופט.

— איך גיי מיט דיר, כ׳וויל גיין צו העלאַן.

דאָס געטאָ האָט צוריק באַקומען זיין געוויינלעך פּנים. נאָך דעם ווי מיר זענען געגאַנגען אַ ביסל צוזאַמען, צעשיידן מיר זיך.

— אַ גוטן שפּאַציר — זאָגט ער צו מיר — גיב אַכטונג.

איך גיי מיט איילי‌קע טריט, איך מוז אַרויסקריגן פון דאַנען זשאַקן און די מאַמען. כ׳האָב נישט קיין אַנדער ברירה. מיין איינציקער אויסוועג איז דער מאַן וואָס וווינט אין דרויסן, ווייט פון דאַנען, אַ פּאָר הונדערט קילאָ־מעטער און אַ סך ווייטער נאָך אין מיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט מיך זיכער שוין פון לאַנג פאַרגעסן, אָבער וואָס קען איך טאָן ? כ׳האָב נישט קיין ברירה.

איך וועל זיי ביידע פון דאַנען אַרויסבאַקומען, כ׳מוז עס. דאָס בילד פון מיין פאָטער צעטומלט מיך אַ ווײַלע. אָבער וואָס קען מען טאָן? ער טראָגט זיין וויזיט־קאַרטע אויף זיין פנים. ווי האָט זי שוין געזאָגט, די שוועסטער פון גלח? „מען האָט בלויז געדאַרפט זען זיינע אויגן, זיין נאָז, זיין מויל, כדי צו טרעפן דאָס איבעריקע". איך פאַרטרייב האַסטיק דעם דאָזיקן געדאַנק. ווי עס זאָל נישט זיין, איז נאָך גאָרנישט געטאָן געוואָרן, נאָך גאָרנישט באַשטימט געוואָרן. צום ערשט דאַרף איך אויסגעפינען דעם מאַן, זיך טרעפן מיט אים, פאַרוואַרפן אַ בריק איבער דער צייט. איך דאַרף אים גיין זוכן אַזש אין מיין קינדהייט, אים אַרויסרופן פון אַ וואַלד־שפּאַציר, בעת די נאַכט איז צוגעפאַלן, ווען ער האָט אָנגענומען די האַנט פון אַ מיידעלע, אַ צעטומל־טער צוליב די געהיימעניישן פון די שאָטנס און פון די ביימער. שפּעטער האָב איך אים אָפט געזען. אָבער דאָס איז שוין מער נישט געווען דער מאַן פון וואַלד. ער פלעגט קומען צו אונדז אַזוי ווי אַנדערע געסט, וואָס פלעגן זיך באַגריסן, זיך אַוועקזעצן און רעדן געלאַסן וועגן זאַכן צו וועלכע איך האָב זיך קיין מאָל נישט צוגעהערט. ער איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש און האָט מיך מער נישט אינטערעסירט. נאָך מיין מאַטורע, האָט מיר מיין מאַמע געזאָגט, אַז ער האָט געבעטן מיין האַנט, אָבער וואָסער שייכות האָט עס געהאַט מיט מיר? איך האָב שוין דאַן געקענט זשאַקן. דעם טאָג פון מיין חתונה האָב איך באַקומען פון אים אַ וווּנדערבאַרן בוקעט רויזן. אין אָט דער באַנאַלער געשיכטע פּרווו איך איצט אָנהענגען דאָס לעבן פון די, וואָס איך האָב ליב. ס׳איז קינדעריש צו טראַכטן, אַז אָט דער מאַן, אפילו אויב ער דערמאָנט זיך, אפילו אויב ס׳וועט מיר געלינגען אים צו דערגרייכן, וועט אונדז העלפן. אָבער נאָך אַלעמען, וואָס ריזיקיר איך דען? אַן אָפּזאָג? נו, וועל איך אים אַרונטערשלינגען און קיינער וועט דערפון גאָרנישט ווייסן.

קלאַפּנדיק מיט מיינע הויכע קנאַפּל, ווי אַ מיידל, וואָס איז זיכער פון דעם איינדרוק, וואָס זי רופט אַרויס, גיי איך אַן אַנטשלאָסענע אַריין אין פּאָליציי־ביוראָ, פון וואַנען מען קען זיך נאָך טעלעפאָניש פאַרבינדן מיטן דרויסן. איך פרעג זיך אויף מאַרקן. ער איז אַרויסגעגאַנגען, נאָר אַזוי ווי איך בין זיינע אַ פריינדין, קען מען מיר אפשר פאַרלייכטערן די זאַך. מען

פרעגט מיך וועמען איך וויל אָנרופן. איך זאָג דעם נאָמען פון דאָרף, איך זאָג דעם נאָמען פון מאַן. איך האָב זיי איינגעהאַלטן אין אַ ווינקל פון מיין זכרון און חזר זיי איבער אויף אַ מעכאַנישן אופן. זיי רופן ביי מיר גאָרנישט אַרויס. איך זעץ זיך אַוועק און וואַרט. דאָס צימער איז כמעט ליידיק, אויף דער וואַנט הענגען באַקאַנטמאַכונגען אין דייטש און אין פויליש. איך לאָז אַרונטער די אויגן. אויפן דיל וואַלגערט זיך שפּייעכץ פאַרקנאָטן אין שטויב. דער קלינג פון טעלעפאָן רייסט מיך אַרויס פון דעם עקל וואָס כאַפּט מיך אָן. אַ מטורפדיקע האַפענונג נעמט מיך אַרום מיט אַ וואָרעמער כוואַליע. איך שטעל זיך אויף. ס׳איז נאָך גאָרנישט פאַרלוירן. שטייענדיק לעבן שטול, קוק איך זיך צו צו די לאַנגזאַמע באַוועגונגען פון פּאָליציאַנט. ענדלעך נעמט ער אַרונטער דאָס טרייבל: „האַלאָ... גיט מיר אים איבער...״ איך מאַך אַ טריט פאָרויס „האַלאָ... האַלאָ״... איך פיל, אַז איך וועל געפינען די נויטיקע ווערטער, אַז ער וועט זיך צוהערן צו מיר. „האַלאָ... דאָס זענט איר, מיין הער, איך וואַרט אויף אייער טעלעפאָן שוין איבער אַ שעה״. איך עטעם טיף אַרויס די לופט, וואָס האָט אָנגעבלאָזן מיין ברוסט. איך פיל זיך מיט אַ מאָל דער־שלאָגן. איך גיי צוריק אַ שעמעוודיקע אויף מיין אָרט. איך קוק פאַר מיר, נישט טראַכטנדיק פון גאָרנישט. דער טעלעפאָן קלינגט נאָך צוויי מאָל, אָבער איך ריר זיך נישט. „עס דויערט אָפט מאָל זייער לאַנג״ זאָגט מיר דער פּאָ־ליציאַנט. איך באַשענק אים מיט אַ שמייכל פון אַ גוט דערצויגן מיידל — „ס׳מאַכט נישט אויס, איך האָב גענוג צייט״ איך האָב גענוג צייט. איך חזר איבער אָט די נאַרישע פראַזע אַ סך מאָל און די צייט שטעלט זיך ווידער אָפּ. איך לאַנגווייליק זיך נישט. כ׳פאַרליר נישט דאָס געדולד. דאָס שמוציקע צימער ווערט פאַרשטאַרט אין אַ גרויער אייביקייט, וואָס ווערט פון צייט צו צייט געשפּאָלטן דורך דעם קלינגען פון טעלעפאָן.

— דאָס איז פאַר איך, מאַדאַם. דער פּאָליציאַנט שטייט הינטער זיין טישל, מיטן טעלעפאָן־טרייבל אין האַנט און גיט מיר אַ צייכן. נישט דער־מאָנענדיק זיך צי כ׳האָב זיך געריררט פון אָרט, געפין איך זיך מיטן טרייבל ביים אויער. איך מורמל: „האַלאָ״.

— האַלאָ, ענטפערט אַ ווייטלעכע שטים, אַן אומבאַקאַנטע, האַלאָ, ווער רעדט?

## א וועג און א צוריק

— דאָס בין איך, זאָג איך נאַריש.

— האַלאָ, ווער רעדט? ווערט די שטים אומגעדולדיק.

איך זאָג מיין פאַרנאָמען און מיין מיידלשן פאַמיליע־נאָמען. דאָס קול ווערט מיט אַ מאָל נאָענט, לויפט אַדורך הונדערטער קילאָמעטער און קומט מיר רעדן אין אויער אַריין, אַ וואַרעמע, אַן אומרויִקע. איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן. ער פרעגט מיך אויס און איך ענטפער: „יאָ, יאָ, ניין". ער פרעגט מיך נישט פאַר וואָס איך האָב אים אָפּגערופן. ער רעדט, רעדט: מיר טאָרן נישט בלייבן דאָ, מיר דאַרפן אַוועקגיין וואָס שנעלער. איך ענטפער: יאָ, זעלבסטפאַרשטענדלעך. ער שטייט צו, ער ווערט באַפעלעריש, און איך ענטפער כסדר יאָ. אַ ווײַלע ווערט שטיל. איך פיל, אַז איך דאַרף אויך רעדן, אַז מען דאַרף אים פאַרהאַלטן. אָבער איך שווייג און דאָס קול נעמט רעדן אויפסניי, עס איז נענטער ווי פריער.

— דאָ האָט מען נישט קיין צרות, קום אַהער, איך נעם אַלץ אויף זיך, דו הערסט מיך?

— מיר זענען דריי, זאָג איך אַ ביסל שווערלעך.

— דריי אָדער צען, עס איז מיר אַלץ איינס, קום און נעם זיי מיט.

איך באַזאָרג פאַר אייך קאַרטן און אַ וווינונג, דו הערסט מיך?

ער זאָגט מיר נאָך אָן צו זיין זייער פאָרזיכטיק בעתן פאָרן. איך זאָג יאָ, כסדר יאָ, דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען אַרויסרעדן. ער גיט מיר נייע עצות, דערנאָך פאַרענדיקט ער: „אויף ווידערזען אין גיכן".

איך חזר איבער: „אין גיכן" און הענג צוריק אויף דאָס טרייבל. איך באַצאָל פאַרן געשפּרעך און גיי אַרויס. אין פאָדערהויז שטעל איך זיך אָפּ. ס'איז דאָ קיינער נישטאָ, זעץ איך זיך אַוועק אויף אַ טרעפּל און וויין.

איך קום אַהיים אַרום מיטאָג־צייט. זשאַק איז שוין דאָ צוריק. ער איז שוואַרץ ווי אַ קוימענקערער. ער מאַכט צורעכט די קיך. איך לייג אַוועק מיין בייטל אויפן טיש און זאָג רויִק:

— מ'גייט אַוועק פון דאַנען.

— טאַקע? זאָגט די מאַמע. האָסט געפונען דאָס אָרט? שוין? — איך ווייס נישט פאַר וואָס זי חוזקט.

— מיר פאָרן אין איקס... צו מישעלן.

דערנאָך פרעגט זשאַק:

— האָסט מיט אים גערעדט?

— יאָ, ער וואַרט אויף אונדז. דאָרט זענען זיי רויִק.

איך מייד אויס צו קוקן אויף מיין פאָטער.

— און דו מיינסט, אַז מען קען אַזוי לייכט אַרויסגיין פון געטאָ, אָט אַזוי זיך, זאָגט די מאַמע.

— מיר וועלן נישט זיין די ערשטע וואָס וועלן עס טאָן, זאָג איך. מיט געלט קען מען נאָך טאָן נישט ווייניק זאַכן. געלויבט צו גאָט.

זשאַק בייגט זיך איין איבער דער קיך. ער קוקט נישט מער אויף מיר. איך ווענד זיך צו אים:

— דאָס איז אַלץ וואָס דו האָסט צו זאָגן?

— איך האָב נישט קיין חשק אַוועקצוגיין פון דאַנען, זאָגט ער ענדלעך.

— אַוודאי, זעלבסטפאַרשטענדלעך. ס'טוט ווי דאָס האַרץ איבערצולאָזן טאַטע־מאַמע און די גאַנצע משפחה. ס'איז שיין, ס'איז נאָבל. שטעל זיך אָבער פאָר, אַז כ'האָב אויך נישט קיין חשק דאָ צו פגרן. און אויך נישט צו זען ווי איר שטאַרבט דאָ איינער נאָכן אַנדערן. געמיינזאַמער גורל, שיינע געפילן, איך פייף אויף זיי. און דיין האַרץ, וואָס איז צעבראָכן צוליב דעם צעשיידן זיך מיט דיין משפחה גייט מיך אויך ווינציק וואָס אָן. צי לאָז איך דען נישט איבער מיין טאַטן איינעם אַליין? און פאַר וואָס? כדי מען זאָל דיך נישט הרגענען צוליב זיין יידישער נאָז.

— הייסט עס, אַז צוליב מיר ווילסטו עס טאָן?

— פאַר מיר, פאַר מיר אַליין, ווייל איך דאַרף דיך האָבן, אָבער דו — דו שטייסט העכער פון דעם אַלעם. מענער אַזוי ווי דו דאַרפן נישט חתונה האָבן. איינער אַליין קען מען פגרן מיט די נאָבעלע געדאַנקען, זאָל מען אָבער נישט צווינגען דעם אַנדערן, וואָס ווינט מיט דיר זיך צוצוקוקן צו אַזאַ ספעקטאַקל. דו האַלטסט זיך פאַר אַ גוטן, אַ ברייטהאַרציקן. אין דער אמתן פאַרמאָגסטו נישט קיין שמץ מענטשלעכקייט.

— רעג זיך נישט אויף, זאָגט ער מיר.

ס'איז אַלע מאָל אַזוי. ס'דאַכט זיך, אַז ער הערט זיך אַפילו נישט צו צו דעם וואָס איך זאָג אים. רעג זיך נישט אויף. זאָל דאָס קינד אויספלאַפלען

אַלע נאַרישקייטן, וואָס עס האָט אין זיין קליינעם קעפּעלע, אַבי עס זאָל נישט דענערוווירן, דאָס קען אים נאָך שאַטן.

— דענערוויר זיך נישט, מיין טייערע. דו זעסט ווי איך היט דיך אָפּ. מיר וועלן דאָ פאַרבלייבן אַלע צוזאַמען און וועלן צוזאַמען פּגרן, רו׳יק, שטיל, אָן אויפרעגונג. ער לייגט אַרויף זיין האַנט, וואָס איז שוואַרץ פון קוילן, אויף מיין אַקסל. — נו גוט, זאָגט ער. מיר וועלן אַוועק פון דאַנען.

דערנאָך וואַשט ער זיך די הענט זייער לאַנג.

— דער פאָטער קען דאָ נישט בלייבן אַליין, ער וועט זיך אַריבערקלייבן צו מיינע עלטערן.

— וואָס הייסט עפּעס אַליין ? זאָגט די מאַמע. איך בין נאָך דאָ, איך.

איך דריי זיך אויס צו איר. דאָס איז נישט בלויז געווען אַ מאַמע. דאָס איז געווען די שענסטע, די ריינסטע פון די פרויען, מיין איינציקער פריינד, פאַר וועמען איך בין געווען דורכזיכטיק און וואָס האָט מיך געשיצט קעגן מיר אַליין, איך הייב אָן :

— הער מיך אויס, מאַמע...

און דערנאָך מער גאָרנישט, איך בין אויסגעליידיקט.

— פּרוּוו נישט מיך איבערצורעדן ווי תמיד, זאָגט זי. מען דאַרף האַנדלען ווי עס דאַרף צו זיין. דו גייסט מיט דיין מאַן און דאָס איז ריכטיק. אָבער אויך איך האָב אַ מאַן.

זיכער איז זי גערעכט, איך בין מקריב מיין פאָטער מיט דעם גאַנצן כּוח פון מיין עגאָ׳יזם אויף אַ מיאוסן און שענדלעכן אופן. אין דער אמתן, וואָסער פּנים האָט עס ? אַרויסגיין פון געטאָ. און וואָס ווייטער ? דער טויט וואַרט אויף אונדז אויך אויף דער אַנדערער זייט. פאַר וואָס אים לויפן אַנטקעגן ? צו שטאַרבן איז דאָ נישט ערגער ווי אַנדערשוואו. איך זעץ זיך אַוועק אויף מיין בעט מיטן רוקן צו זיי.

— איך באַדויער, זאָג איך, מיר וועלן דערפון מער נישט רעדן.

אין דעם מאָמענט דערהערט זיך די שטים פון מיין פאָטער. ער זאָגט, אַז אין די צייטן וואָס מיר לעבן דורך, זענען עצות פון אַ קנאַפּן ווערט. נישטאָ מער קיין לאָגיק און נישטאָ מער קיין מעגלעכע פאָרויסזעונגען.

יעדער דאַרף הערן זיין אייגענע שטים. ער ווענדט זיך צו דער מאַמען.

— זי דאַרף הערן די שטים, וואָס ראַט איר אַוועקצוגיין.

— זאָל זי אַוועק מיט זשאַקן, זאָגט מיין מאַמע.

— צי וועט זי דען אַוועק אָן דיר? און דו ווייסט דאָך ווי זי איז נישט פעיִק זיך אַן עצה צו געבן אין טעגלעכן לעבן. זיי וועלן שטאַרבן פון הונגער, ווייל זי קען נישט צוגרייטן קיין מאָלצייט. דו דאַרפסט גיין מיט זיי, זיי זענען נאָך קליינע קינדער. אויב מיר וועלן ביידע דאָ בלייבן, וועלן מיר די גאַנצע צייט האַלטן אין איין נאָכקלערן, זיך פאָרשטעלן כלערליי געפאַרן, וואָס באַ־דראָען זיי, די נאַרישקייטן וואָס זיי קענען אָפטאָן. זשאַק האָט זי צו שטאַרק ליב און סוף כל סוף לאָזט ער זי אָפטאָן אַלע נאַרישע זאַכן, וואָס פאַלן איר איין אין קאָפּ. אויב כ'וועל וויסן, אַז דו ביסט מיט זיי, וועל איך זיין רויִקער.

די מאַמע וויל אים איבעררייסן, ער רעדט אָבער ווייטער שנעל:

— איך וועל גיין וווינען מיט זשאַקס עלטערן, אויב זיי וועלן מסכים זיין. האָסט נישט קיין שום סיבה זיך צו באַאומרויִקן. אין אַ קורצער צייט אַרום וועלן מיר ווידער אַלע זיין צוזאַמען און איר וועט דאַן זען, אַז עס איז באמת נישט געווען פון וואָס צו מאַכן אַזאַ טראַגעדיע. נו, גיי שטעל אונדז צו אַ גלעזל טיי.

זשאַק צינדט אָן דעם קיך־אויוון און שטעלט אַוועק דעם טשאַיניק. די מאַמע בלייבט זיצן אויף אַ שטול אָן באַוועגונג.

מיר טרינקען דעם טיי שווייגנדיק. בלויז מיין טאַטע באַמיט זיך צו רעדן. ער מאַכט פלענער ווי אַזוי מיר זאָלן אַנטלויפן און לייגט פאָר מיטלען, ווי אַזוי איינצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן אונדז. איך קוק אים אָן, און פּלוצעם קומט אין מיר אויף אַ געדאַנק, ממש אַ זיכערקייט: איך וועל אים שוין מער נישט זען. כ'ברעך אויס אין אַ געוויין. מען קען מיך נישט באַרויִקן. איך באַוויין מיין טאַטן, מיין טאַטן, וואָס איך וועל שוין מער נישט זען און דורך מיינע טרערן הער איך, ווי ער זאָגט: „קוק עס נאָר אָן, מאַרי, אָט דאָס ווילסטו לאָזן אַוועקגיין אַליין?".

איך דערמאָן זיך נישט אין די ווייטערדיקע טעג. זיי זענען געווען נעפּל־דיקע, אומבאַשטימטע, אַזוי ווי מען פילט זיך איידער מען וועקט זיך אויף: מען ווייס, אַז די אויגן וועלן זיך באַלד עפענען, אַז מען וועט זיך דאַרפן

באַוועגן, רעדן, אָבער מען לאָזט זיך וואָס לענגער טראָגן צו די אומקלאָרע ברעגעס פון ערגעץ־לאַנד. אין דעם האַלבן באַוווסטזיין פון דעם אייגענעם קערפּער. איך פלעג זיך ווייטער אַרומבלאָנקעז איבער די גאַסן, פלעג זיך וואַרעמען אויף דער זון ווען זי איז געווען. איך פלעג אויסמיידן מיינע שוויגער־עלטערן און זייער עגמת־נפש מיט די נאַסע קושן. איך בין געווען גלייכגילטיק צו די צוגרייטונגען. מאַרק, מיט וועמען זשאַק האָט גערעדט וועגן אונדזער פּראָיעקט, האָט גענומען אויף זיך אַלץ צו דערלעדיקן. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וואָס האָט פאַר אַ גרעסערער סומע מסכים געווען צו וואַרטן אויף אונדז, אין דער אָפּגערעדטער נאַכט, אויף דער אַנדערער זייט מויער און אונדז האַלטן ביי זיך איבער נאַכט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט אים גאָרנישט נישט געקענט שטערן צוצונעמען דאָס געלט, וואָס מען וועט אים געבן פאָרויס און אונדז דערנאָך אויסגעבן. אָבער מאַרק האָט גאַראַנטירט פאַר זיין אָנשטענדיקייט.

דער טאָג איז געקומען. מיר האָבן אַוועקגעפירט דעם פאָטער צו מיינע שוויגער־עלטערן, כדי ער זאָל נישט בייוווינען אונדזער אַוועקגיין. דאָס גע־זעגענען זיך האָט לאַנג געדויערט. מען האָט זיך אַ סך געקושט, מען האָט אַ סך געוויינט. מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געווען די איינציקע, וואָס האָט נישט געוויינט. איך בין נאָך אין גאַנצן נישט געווען אויפגעוועקט. מיר זענען אַוועק אַלע דריי צוריק אַהיים און איצט וואַרטן מיר אויף דער נאַכט. די צוויי טשעמאָדאַנעס זענען שוין פון לאַנג גרייט. עס בלייבט מיר נישט מער ווי זיך איינצוקוקן אין אַ זייגער, וואָס שטעלט זיך אָפּ ווי נאַר מען קוקט אויף אים. ס׳איז אַזאַ שפּיל. איך מאַך זיך אין אים פאַרגעסן אַ שטיקל צייט, כ׳בין כלומרשט פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש און וואַרף אַ האַסטיקן בליק אויף אים ווי פון אַ באַהעלטעניש. דער גרויסער ווייזער האָט זיך אַ קליין ביסל אַ ריר געטאָן, זייער ווייניק. איך קער אָפּ מיינע אויגן און זאָג זיך צו, אַז איצט וועל איך אויסהאַלטן אַ לענגערע צייט. פאַרשטייט זיך, אַז איך מאַך שקרות.

אין דער צייט וואָס איך בין געווען אַריינגעטאָן אין דער שפּיל מיט דער צייט, איז אונטערגעקומען די נאַכט. דאָס צימער צעגייט זיך אָן רעש אינעם שאָטן. מיר האָבן נישט פאַרצויגן די פאָרהאַנגען, מיר האָבן נישט

אַנגעצונדן קיין ליכט. מיר רירן זיך נישט. יעדער פון אונדז, ווי ער וואָלט פלוצעם פאַרשטויסן געוואָרן אין אַן אַנדער עק וועלט, קוקט אויף זיין איי־גענעם תהום ביי זיינע פיס. מיר האָבן געלאָזן די טיר אַ ביסל אָפן און מאַרק טרעפט אונדז אַן אַזוי ווי מיר זיצן אומבאַוועגלעכע. אַן שום אַריינפיר פרעגט ער אונדז:

— איר האָט באַגאַזש?

ער נעמט אונדזערע צוויי טשעמאָדאַנעס און פאַרשווינדט. אַ שטאַרקע אַנגסט שטיקט מיך. צוליב וואָסער משוגעת גיי איך אַריינוואַרפן אין אַ פינצ־טערער אַוואַנטורע אָט די צוויי מענטשן, וואָס כ׳האָב צום ליבסטן? דאָ איז די נאַכט אַ רויקע, ס׳איז נאָך אַ נאַכט מיט זיי צוזאַמען. ס׳כאַפּט מיך אַן אַ חשק זיי צו זאָגן: „דערבאַרעמט איך, לאָמיר נישט גיין. איך האָב מורא. מאָרגן וועלן מיר דעם טאַטן צוריקברענגען אַהיים״. אָבער איך זאָג גאָרנישט, איך ריר זיך נישט. איצט בין איך שוין גוט אויסגעטשוכעט. זשאַק הייבט זיך אויף און טוט אָן דעם מאַנטל. זיין סילועט שניידט זיך אויס אַ שוואַרצע אויף דער נאַכט. אָן ווערטער העלפט ער מיין מאַמען זיך אָנטאָן.

— ווו איז דיין מאַנטל? פרעגט ער מיך ענדלעך.

— מיין מאַנטל? ווי קען מען אים געפינען אין אַזאַ פינצטערניש? זשאַק און די מאַמע זוכן בלינדערהייט. מיט אַ מאָל באַמערק איך, אַז איך טראָג אים אויף זיך. איך דערמאָן זיך נישט ווען איך האָב אים אָנגעטאָן.

— איך טראָג אים, זאָג איך, און זיי הערן אויף צו זוכן.

מיר וואַרטן נאָך. איך וואָלט וועלן, אַז צו דעם וואַרטן זאָל נישט נעמען קיין סוף. וואָלט איך כאָטש זיך נישט באַדאַרפט באַוועגן, וואָלט מיין שרעק אַוועק.

— זשאַק...

שוין איז זשאַק לעבן מיר.

— אַלץ וועט גיין כשורה, איך בין זיכער.

זיין מאַנטל רייבט אָן מיין פנים. כ׳הייב אויף מיין קאָפּ, זע איך ווי מאַרק שטייט פאַר אונדז און זאָגט:

— קומט.

ער גייט אַרויס דער ערשטער און מיר נאָך אים. מיר טרעטן אַריין

אין אַ גאָר אַנדערער נאַכט, די נאַכט פון דרויסן, די נאַכט פון אַ פיינטלעכער און געפערלעכער וועלט. די שטיינער פון דער גאַס נעמען אויף אונדזערע טריט, וואָס הילכן אָפּ אין אַלע עכאָס ווי אַלאַרם־סיגנאַלן לענג־אויס די גאַסן. בייזוויליקע געלעכטערלעך שטיקן זיך אין די געסלעך. אַלע בייזע שרעקן פון דער קינדהייט טויכן אויף. די מורא פאַרן טויט, וואָס באַגלייט די דער־וואַקסענע, נעמט מיך דאַן פאַר דער האַנט. איך באַמי זיך צו גיין אַזוי שנעל ווי די אַנדערע, ווייל כ׳גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג פון די אינטריגעס, וואָס גרייטן זיך אין שאָטן. מאַרק שטעלט זיך אָפּ.

— אָט דאָ, זאָגט ער.

אַ פּאַס פון אַ געדיכטער פינצטערניש זאָגט אָן, אַז דאָס איז די מויער. מאַרק רופט כמעט שושקענדיק:

— פּאַניע וואָזשניאַק, איר זענט דאָ?

און דאָס קול פון דער נאַכט ענטפערט:

— גיט מיר איבער דעם ערשטן, גיכער.

קיינער רירט זיך נישט.

— אײַלט זיך צו, זאָגט מאַרק. איר, מאַדאַם, גייט די ערשטע.

מיין מאַמע הייבט זיך אויף פּאַמעלעך. זי גיסט זיך צונויף מיט דער פינצטערניש פון דער מויער. דערנאָך זע איך ווי איר קאָפּ און אירע פּלייצעס הייבן זיך אַרויס אויפן פאָן פון הימל. די שטים זאָגט:

— וואַרפט אַריבער די פיס אויף דער אַנדערער זייט, אויף וואָס וואַרט איר? גיכער... לאָזט אייך אַנבעמען פאַר די הענט...

מיין מאַמע פאַרשווינדט.

— דער נאָענסטער.

זשאַק דריקט מיין אָרעם.

— ביין, גיי דו פריער, זאָג איך.

אַ פּאָר סעקונדעס שפּעטער בין איך אַליין מיט מאַרקן.

— זאָל זיין מיט מזל, זאָגט ער מיר.

איך האַלט שוין מיין האַנט אויף דער לייטער, איך זאָג אַ דאַנק און קלעטער אַרויף. איך שפּרינג אַריבער די מויער און לאָז זיך פאַלן אויף דער אַנדערער זייט.

איך הער די שטים זייער נאָענט, הינטער מיר. זי זאָגט:

— אויב מען וועט אונדז אַרעסטירן, וועל איך זאָגן, אַז איך פיר אייך צום פּאָליציי־פּאָסטן. איך האָב אייך געפּאַקט. איר האָט געפּרוווט אַנטלויפן פון געטאָ און גראָד בין איך אָנגעקומען אין דעם מאָמענט. איך קען אַנדערש נישט טאָן, איך ריזיקיר מיט מיין הויט.

אָן איין וואָרט גייען מיר נאָך דעם מאַן, צו ווען ס׳געהערט די שטים. פאַר וואָס גייט ער אַזוי פּאַמעלעך, אַזוי מיושבדיק? מיר וואָלטן דאָך באַ־דאַרפט לויפן, לויפנדיק וואָלטן מיר זיך דאָך שוין געוועז גערעטעוועט. ער דרייט זיך אויס צו אונדז און זאָגט: „לאָמיר זיך צואיילן״, יאָ לאָמיר זיך צואיילן, אָבער ער גייט ווייטער מיטן זעלבן שריט. מיר דרייען זיך אַריין אין אַ קליין געסל, וואָס איז פינצטערער ווי די אַנדערע, ווייל פּיל שמעלער. דער מאַן שטעלט זיך אָפּ, עפּנט אַ טיר. מיר גייען אַדורך אַ הויף, גייען אַרויף אויף שטיגן. דער מאַן זאָגט: „שטיל״, וואָס דאָס מיינט זיכער נישט, אַז מיר זאָלן גיין פּאַמעלעכער נאָר מיר זאָלן גיין שטילער — און מיר שטעלן אונדזערע פיס זייער פאָרזיכטיק אויף די שטיגן. צום ערשט דעם שפּיץ דערנאָך דעם קנאַפל, אָבער דער מאַן האַלט אין איין איבערחזרן: „פּאַוואָליע״ עטלעכע מאָל, ווייל די שטיגן האָבן אַ לייכטן שלאָף און ס׳איז בלויז געגנוג זיי אָנצורירן, כדי זיי זאָלן זיך אויפוועקן סקריפּענדיק און קרעכצנדיק. אויפן דריטן שטאָק עפנט דער מאַן נאָך אַ טיר. מיר בלייבן שטיין אומבאַוועגלעך אין דער פינצטער. ווען עס ווערט ליכטיק, איז דער מאַן פון דער נאַכט געוואָרן אַ פּשוטער פּאָליציאַנט.

— זעצט אייך אַוועק, זאָגט ער.

אַ פאַרשטויבט עלעקטריש לעמפּל הענגט אַראָפּ איבער אונדז אויף אַ דראָט. די אומפאַרזענלעכע מעבל זענען מעבל פון אַן עסצימער.

— איר וועט דאַרפן דאָ וואַרטן ביזן פרימאָרגן, זאָגט נאָך דער פּאָ־ליציאַנט.

ס׳דערנענטערן זיך שלעפּעדיקע טריט. ס׳קומט אַריין אַ פרוי, נאָך אַ יונגע, דאָס פּנים געשוואָלן פון שלאָף, די האָר אָפּגעבלאַקעוועט. זי טראָגט אַ רויטן שלאָפראָק. זי באַקוקט אונדז איינעם נאָכן אַנדערן און זאָגט:

— ווידער אַ מאָל יידן, דו וועסט זען ווהין דאָס וועט דיך פירן.

זי רעדט אַזוי ווי מיר וואָלטן נישט געקענט פאַרשטיין, אַזוי ווי מיר וואָלטן געוועזן גאָר אַנדערש פון איר כּדי צו פאַרשטיין.

— גיי בעסער און מאַך טיי, באַפעלט אונדזער פּאַליציאַנט.

די אויגן פון דער פרוי צינדן זיך אָן. מיט די הענט אויף די היפּטן גייט זי אַנטקעגן איר מאַן, וואָס ווערט פּלוצעם ווי איינגעשרומפּן.

— צו מיר זאָגסטו דאָס? מיר הייסטו באַדינען דיינע זשידעס? דערנאָך גייען געשרייען, קללות, דראָונגען.

מיין מאַמע שטייט אָן אומבאַוועגלעכע מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן און קוקט מיט אויפמערקזאַמקייט אויף אירע שיך. איך דריי אויס דעם קאָפּ צו זשאַקן. ער הערט זיך איין אָן אויפמערקזאַמער צו דעם, וואָס עס זאָגט די פרוי, פּונקט ווי אַ שילער, וואָס באַמיט זיך צו פאַרשטיין דעם זין פון דעם פּראָפעסאָרס ווערטער. איך הייב זיך אויף. מיין האַנט האַלט פעסט אַ מעסער, וואָס זיין גאָר לאַנגע קלינג וואַרפט אַ קאַלטן בלאַסק. מיט אַן אָפן מויל און משוגענע אויגן קוקט די פרוי, ווי איך קום צו נענטער און נענטער צו איר. איר שלאָפראָק האָט זיך צעעפנט אויף אַ רונדיקן און בלאַסן בויך. זי רוקט זיך צוריק ביז צו דער וואַנט, זי קלעפּט זיך צו איר צו, דרינגט אַריין, אָבער איר בויך סטאַרטשעט אַרויס, גיט זיך איבער דעם מעסער, וואָס שניידט זיך אַריין פּאַמעלעך, טיף, אָן שום אָנשטרענגונג. איך צי אים צוריק אַרויס מיט דער זעלבער גרינגקייט, און פון בויך שטראָמט אַרויס אַ שוואַרץ געדיכט בלוט, אַזוי ווי בלאָטע. אַ ליידיקער קאָנווערט פאַלט אויפן דיל, מיין מאַמע הייבט אויף דעם קאָפּ, זשאַק מורמלט: „מען טאָר נישט הרגענען"... און איך וואַרף זיך אויף זיין האַלדז און שריי: „דאָס וועט זיין מיין שענסטער אָנדענק, דאָס וועט זיין מיין שענסטער אָנדענק פון דער מלחמה"...

די שטילקייט קומט מיר אויס פּלוצעם צו זיין אומהיימלעך. מיר זענען אַליין אַלע דריי, יעדער זיצט אויף זיין שטול, איך פרעג: ווו זענען זיי?

זשאַק קוקט אויף מיר מיט אַן אומרויִקן אויסדרוק.

— זיי זענען אַוועק זיך לייגן שלאָפן.

אַ פּאָר שעה שפּעטער קומט דער פּאַליציאַנט אַריין און עפנט פאַר אונדז די איינגאַנג־טיר. איידער ער לאָזט אונדז אַרויס, זאָגט ער:

— מאַכט נישט קיין רעש אויף די טרעפּ און נעמט אייך גוט אין זינען:
„איך האָב אייך קיין מאָל נישט געזען".

מיר זענען אַרויס און האָבן קיינעם נישט באַגעגנט. אַן אומבאַקאַנטע גאַס נעמט אונדז אויף, זי איז נאָך פּוסט. מיר ווייסן נישט וואָסער ריכטונג צו נעמען. ווי ס'זאָל נישט זיין, האַנדלט זיך דער עיקר אַז אונדזער גאַנג זאָל אויסזען נאַטירלעך, ווי פון מענטשן, וואָס זענען דאָ ביי זיך, דאָ אויף דער גאַס, אויף אַלע גאַסן, אין דער גאַנצער שטאָט, אין דער וועלט. און אָט קומט אונדז עמעצער אַנטקעגן... איך ווייס נישט צי ער איז יונג, אַלט, גרויס צי קליין. עס איז בלויז איינער פון די מענטשן אַן אַ צאָל, וואָס קענען מאַכן מיט אונדז, וואָס זיי ווילן. איך פרעג אים ווי מען גייט צום וואָקזאַל. איך האָב נישט קיין העזה אויף אים צו קוקן, ווייל כ'האָב מורא צו באַגעגענען דאָס פּנים פון אונדזער גורל. אָבער ער אינפאָרמירט אונדז מיט אַ הערלעכן גלייכגילט. און אפשר מאַכט ער עס בלויז אַזוי? איך קוק זיך אום, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. ער קוקט אונדז נישט נאָך. ער דערווייטערט זיך מיט אַ שנעלן טריט.

ווען מיר קומען אָן, שטייט שוין די באַן, וואָס מיר דאַרפן נעמען אויפן וואָקזאַל. מיר האָבן כסדר באַגעגנט אַ סך מענער און פרויען, אַלץ מער און מער. אין אָנהייב האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ שטע־רונג, אַדורכצוקומען, אַז אַן אויפגעבראַכטער בליק וועט זיך אָנשטעלן אויף אונדז, אַז אַ מויל וועט זיך עפענען, און שרייען, מסרן, אַז הענט וועלן אונדז אָנכאַפּן. דערנאָך האָט זיך אונדזער פּחד פאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַשטימטן געפיל, אַזוי ווי ווען עס טוט וויי אַ צאָן, אָבער ס'איז אַ ווייטיק וואָס מען קען אויסהאַלטן, וועגן וועלכן מען הערט אויף, צום סוף, צו טראַכטן. און אַזוי בין איך געגאַנגען אָן באַזונדערע עמאָציעס קויפן די בילעטן. אין וואַגאָן האָבן מיר געפונען ליידיקע פּלעצער. איך זעץ זיך אַוועק לעבן אַ דיקער פּויערטע, וואָס ווייזט גלייך אַרויס איר אומצופרידנקייט, בורטשעט, דרייט זיך, און שטופּט איר עלנבויגן אין מיינע ריפּן. זעענדיק, אַז איך פּראָטעסטיר נישט, זעצט זי פאָר וואָס אַ מאָל שטאַרקער. עס קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז מיין געדולד קען מיך מאַכן פאַרדעכטיק. עס קען באַדייטן, אַז איך וויל מען זאָל זיך מיך נישט באַמערקן, אַז איך וויל נישט קיין טומלעניש. די

גראָבע פֿאַרשװינטע שטופּט מיר װידער איר עלנבויגן אין מײַנע זײַטן. דרײ איך זיך אױס צו איר:

— זאָגט נאָר, איר האָט נאָך אַזױ אױף לאַנג? איך װעל זיך נישט אױפֿהײבן, װײל איר באַדאַרפֿט האָבן צװײ פּלעצער, כּדי צו זיצן באַקװעם.

אַ קלײנער רױטלעכער מאַן, װאָס זיצט אַנטקעגן פּלאַצט אױס מיט אַ געלעכטער און זאָגט הױך, אַז איך בין גערעכט. די פֿרױ נעמט זיך צו אים. איך באַטראַכט זיך, װי איך װאָלט נישט מער געהאַט צו דעם קײן שום שײכות, און אַזױ װי מענטשן לאַנגװײלן זיך שטאַרק בעת זײ װאַרטן די באַן זאָל זיך רירן, מישן זיך דערװײל אַלע אַרײן אין דעם ענין, האַלטנדיק פֿאַר אײן צד אָדער פֿאַרן צװײטן. די צײַט גײט, די באַן פֿאָרט, די קריגערײ שטילט זיך אײַן. ס׳הערן זיך נאָך אַ פּאָר װערטער־אױסטױשן, שױן בלאַסערע, װי כּדי יוצא צו זײַן. דערנאָך גיט זיך יעדער איבער זײַן אײנזאַמקײט. און אין צענטער פֿון אונדזער אײנזאַמקײט, פֿון אונדז דרײ, באַזעצט זיך אַ מין קאָשמאַר: די פּאַפּירן־קאָנטראָלע. אָנקומען אױפֿן אָרט אָן קײן שום קאָנ־טראָלע, אָן קײן שום קאָנטראָלע... דערנאָך נעמט מען אױספּאַקן אַרום אונדז אַן אױסערגעװײנלעכע מענגע עסנװאַרג פֿאַר אַ צײַט פֿון באַגרענעצונגען, הונגער און שפּײַז־קאַרטן. דער ריח פֿון װורשט קיצלט מײַנע נאָזלעכער און דערמאָנט מיר, אַז איך בין הונגעריק. איך זע װי די אַנדערע עסן און דער הונגער פֿאַרטרײַבט די מורא. װען דאָס גאַנצע עסנװאַרג איז פֿאַרשװוּנדן, בלײַבט דער הונגער און דער פּחד קומט צוריק, שפּרײט זיך אױס איבער אים און מאַכט נאָך טיפֿער דאָס גריבעלע װאָס איך פֿיל אין מאָגן. זאָל מען נאָר אָנקומען אָן קײן שום קאָנטראָלע, אָן קײן שום קאָנטראָלע... די רעדער פֿון דער באַן כאַפּן אױף די װערטער, װאָס איך טראַכט, צעהאַקן זײ און חזרן זײ איבער אָן אַ סוף ביז איך פֿאַל אַרײַן אין אַן אומקלאָרן דרעמל, פֿון װעלכן עס ציט מיך מיט אַ מאָל אַרױס אַ שטים:

— די בילעטן, ביטע.

איך עפֿן די אױגן און דערזע פֿאַר מיר אַן אױסגעשטרעקט האַנט, װאָס האַלט אַ בילעט. די האַנט איז מײַנע, די הכנעהדיקע בעטנדיקע האַנט... דער קאָנטראָלער דערלאַנגט מיר צוריק דעם בילעט און זאָגט אַ דאַנק. ער זאָגט אַ דאַנק מײַן מאַמען, זשאַקן. ער גײט אַװעק. איך קוק אַ װײַלע אױף די

שטיקער פעלדער וואָס וואַלגערן זיך הינטערן פענצטער, אין דעם גרויען טאָג. זאָל מען נאָר אָנקומען... איך פאַל צוריק אַריין אין דעם אומבאַשטימטן, צעברעכלעכן, צו דינעם שלאָף, כדי צו פאַרדעקן די אומרויִקייט, וואָס עג־בערט מיין פאַרשטאַרטן באַוווסטזיין... קיין שום קאָנטראָלע...

מיר קומען אָן אַרום זעקס אַזייגער אין אָוונט. קיינער איז נישטאָ אויפן פעראָן. מיר פילן זיך באַדראָט, באַשטימט פאַר בליקן ווי ציל־פונקטן אויף דעם דאָזיקן פוסטן פעראָן. אָן עלטערער פאַרשוין נעמט צו שווייגנדיק אונדזערע בילעטן. מיר גייען אַרויס פון וואָקזאַל, גייען אַדורך דעם קליינעם פלאַץ. דערנאָך גייט אַ וועג ביי די זייטן באַוואַקסן מיט סאָסנעס. מיר באַשיצן זיך אונטער די ביימער. איך הייב אויף אַ שישקע און זאָג זיך צו, אַז כ'וועל זי תמיד אָפּהיטן, תמיד ?... וואָס פאַראַ זין קען נאָך האָבן דאָס וואָרט ?

אין דער הויפּט־גאַס פונעם דאָרף פרעג איך. מען קוקט אונדז לאַנג אָן, מען ענטפערט מיט אַ שטילן קול און מען דערווייטערט זיך שנעל. איך קלינג אָן אין הויז, וואָס מען האָט אונדז אָנגעוויזן. די טיר עפנט זיך און דער מאַן צו וועלכן מיר זענען געקומען שטייט פאַר אונדז אין בלויע אַרבעט־קליידער, שלעכט ראַזירט מיט צעשויבערטע האָר. ער לאָזט אונדז אַריין זייער שנעל אָן איין וואָרט. די האַנט, וואָס ער דערלאַנגט אונדז איז שלאַבעריק, גליטשיק. דערנאָך זאָגט ער מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגן: „איר דאַרפט אַוועק פון דאַנען ווי צום שנעלסטן, זיי האָבן שוין אָנגעהויבן דאָ, איר קאָנט דאָ נישט בלייבן".

מיר זענען פאַרבליבן ביי אים דריי וואָכן, אין אַ צימער מיט פאַרמאַכטע לאָדנס. ער טעלעפאָנירט פאַר אונדז אין געטאָ, גיט אונדז איבער די ווערטער פון מיין פאָטער, וואָס זאָגט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, אַז מיר זענען באַגאַנגען אַ פעלער וואָס מיר זענען אַוועק. ער גיט איבער די ווערטער פון זשאַקס מאַמען, וואָס זאָגט, אַז דער געטאָ וועט פאַרניכטעט ווערן, נאָר אַז זיי האָבן געפונען אַ באַהעלטעניש אויף דער אַנדערער זייט. און אין אַ געוויסן טאָג באַקומט ער דעם אַדרעס פון דער באַהעלטעניש. ער, דער מאַן מיטן פנים, וואָס איז גרוי פון פחד, וועלכן איך דערקען נישט מער, שטייט פאַר אונדז מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, און מיר ווייסן אויף וואָס ער וואַרט, וואָס ער וואָגט נישט צו זאָגן : אַז מיר האָבן אָן אָרט וווהין צו גיין, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן, מיר קענען נישט לענגער בלייבן ביי אים.

# אין געלויף נאָכן מאָרגן

— דאָ איז עס, זאָג איך.

דער ווייסער קנאָפּ פון גלעקל בלאַנקט מילד, אָבער מיר בלייבן שטיין אומבאַוועגלעך און מיט אומצוטרוי פאַר דער אומבאַקאַנטער טיר.

— קלינג, זאָגט די מאַמע, מיר קענען דאָ לאַנג נישט בלייבן. יעדע מינוט קאָן עמעצער אָנקומען.

פאַר וואָס קומט מיר אַזוי שווער אָן צו מאַכן די באַוועגונג ? זשאַק שטרעקט אויס די האַנט און טוט אַ דריק אויפן קנאָפּ. מען הערט קוים אַ שטילן ציטער פון גלעקל, ווי דערשטיקט אונטער דיקע פאָרהאַנגען. ס'דער־נעענטערן זיך טריט און די טיר עפנט זיך פאַר אונדז. אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, עלעגאַנט אָנגעטאָן, מיט אַן אָפן פנים, שמייכלט צו אונדז.

— קומט אַריין. מען האָט מיר צוזויסן געגעבן וועגן אייער קומען. ער פירט אונדז אַריין אין אַ קליינעם סאַלאָן און דאָ טוט ער מיין מוטער און מיר גאַלאַנט אַ קוש אין האַנט. דאַן דריקט ער פעסט די האַנט פון זשאַקן.

— אייערע עלטערן זענען געזונט, זאָגט ער צו אים, איר וועט זיי באַלד זען, זעצט אייך צו. איך וועל אייך צו ערשט מכבד זיין מיט אַ טרונק.

דער הער וואָלינסקי קומט צוריק מיט אַ פלאַש בראָנפן. ער טרינקט צוזאַמען מיט אונדז. איך טונק איין מיינע ליפּן אין דער פליסיקייט און פאַרקרים זיך. ער באַמערקט עס.

— טרינקט, איר דאַרפט זיך שטאַרקן נאָך אייערע איבערלעבענישן. איך ווייס וואָס עס באַדייט פאַר אייך און פאַר אייערע, זיך צו געפינען הייני־טיקע צייטן אין דרויסן.

— מיר האָבן נישט געהאַט קיין שוועריקייטן, זאָגט זשאַק.

— אויב אַזוי, האָט איר געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך מזל. דאָ טשאַ־

טעוועט מען אויף אייערע. אַדורכגיין אַ גאַס איז פאַרבונדן מיט טויט־געפאַר. צום באַדויערן פאַרפאַלגן איך נישט בלויז די דייטשן. געהיים־אַגענטן, קאַלאַבאָראַטאָרן, כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג...

ער מאַכט אַ לאַנגע פויזע און האַלט אַרונטערגעלאָזט די אויגן. דערנאָך זאָגט ער שטיל, נישט קוקנדיק אויף אונדז: — איך שעם זיך פאַר אונדז, איך שעם זיך, ווייל כ׳האָב נישט געטאָן גענוג פאַר אייער פאָלק. איך שעם זיך צוליב מיין אָרעמקייט, וואָס צווינגט מיך אָנצונעמען אייער געלט, כדי אייך צו דערנערן.

ער הייבט אויף זיין גלעזל און ליידיקט עס אויס אויף אַ מאָל, אַ פריי־לעכער, ווי ער וואָלט געטרונקען פאַרן געזונט פון עמעצן, וואָס איז אים טייער.

— זייט מיר מוחל די טרויעריקע באַדינגונגען, אין וועלכע עס וועט אייך אויסקומען צו זיין. איר וועט זיין עלף אין איין צימער. דאָס איז מיין שולד. איך קען נישט אָפּזאָגן, ווען מען ווענדט זיך צו מיר. צי האָב איך איבעריקנס דאָס רעכט אָפּצוזאָגן? ווי אַזוי קען איך באַשטימען, איך, וואָס בין נישט מער ווי אַ מענטש: דער וועט יאָ איבערלעבן און דער נישט? מיין באַלוינונג וועט זיין, אַז כ׳וועל האָבן געהאָלפן וואָס מער אייערע איבער־צולעבן.

ער מאַכט ווידער אַ פויזע און דאָס מאָל קוקט ער אונדז אָן אויפמערק־זאַם, איינעם נאָכן אַנדערן. קען זיין, אַז ער וואַרט מיר זאָלן אים עפּעס זאָגן. אפשר דאַרף מען איצט עפּעס זאָגן? אָבער מיר שווייגן. מיר זענען זיכער צו מיד. די שטילקייט פאַרציט זיך און ווערט אומבאַקוועם. צום סוף ווענדט זיך הער וואָלינסקי צו זשאַקן און זאָגט:

— איר זענט אַוודאי אומגעדולדיק צו זען אייערע עלטערן.

ער שטעלט זיך אויף און פירט אונדז דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר. אונדזער „צימער" געפינט זיך ביים סוף. אַ פאָרהאַנג פאַרשטעלט די טיר. איידער ער לאָזט אונדז אַריין, זאָגט ער:

— פאַרגעסט נישט, אַז דאָ זענט איר ווי ביי זיך און אַז איך בין דאָ צו אייער דינסט.

מיין בליק איז אַ צעשוווּמענער. זיכער קומט עס פון בראָנפן. מענער

און פרויען שלייכן אַרויס פון אַלע ווינקלען פון צימער, מערן זיך, דער־נענטערן זיך שנעל, רינגלען אַרום דעם הער וואָלינסקי און הייבן אָן צו רעדן אַלע מיט אַמאָל. ער ענטפערט זיי שמייכלענדיק, הייבט אויף מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אַ קליין ייִנגעלע, וואָס לאַכט הילכיק. אַלע באַווייזן אַ צופרידענעם שמייכל. ווען מיר האָבן זיך געענדיקט קושן מיט זשאַקס עלטערן, איז שוין וואָלינסקי פאַרשוווּנדן. איצט רינגלט מען אונדז אַרום אַלע דריי. עס פליען פראַגעס פון אַלע זייטן, שניידן זיך דורך, פּלאָנטערן זיך צונויף, צעמישן זיך מיט ברעקלעך תשובות, צעצווייגן זיך. מיר געלינגט זיך אַרויסצובאַקומען פון רעדל. איך בין אויסגעשעפּט און וויל זיך אַוועק־זעצן. איך באַמערק דאָן, אַז אין צימער איז נישט פאַראַן קיין שום מעבל. מאַטראַצן, בלויז מאַטראַצן לענג אויס די ווענט, אין מיטן, אומעטום. מאַ־טראַצן און וואַליזעס, אָנגעהויפטע איינע אויף די אַנדערע, אָדער גלאַט צעשטעלט דאָ און דאָרט אויפן דיל. איך דערקען אונדזערע אין אַ ווינקל. זיי זעען אויס, ווי זיי וואָלטן מער צו אונדז נישט געהערט. איך פאַל אַוועק אויפן נאָענטסטן מאַטראַץ. מיין ליידיקער מאָגן געוויינט זיך שלעכט צו צום ביסל בראָנפן, וואָס כ׳האָב אויסגעטרונקען. ביסלעכוויז צי איך זיך אויס, קורטשע איין פאָרזיכטיק מיינע פיס אַזוי ווי איך וואָלט וועלן, אַז די באַוועגונג זאָל נישט ווערן באַמערקט, אָבער קיינער לייגט אויף מיר נישט קיין אַכט. אַ נעפּל פון צעמישטע ווערטער פּילט אויס די שטוב. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז מען רעדט אין אַ פרעמדער, מאָדנע זשומענדיקער שפּראַך. די קולות פאַרלירן זיך אין חלל, דערוייטערן זיך אונטער מאָנומענטאַלע געוועלבן... פּלוצעם זאָגט דייטלעך עמעצער, וואָס געפינט זיך גאָר נאָענט: אַ רחמנות אויף איר, זי איז איינגעשלאָפן.

מיין מאַמע זיצט לעבן מיר און דערלאַנגט מיר אַ שיסעלע זופּ. איך בין געשלאָפן ביזן אָוונט. איך זע זשאַקן און זיינע עלטערן אַרום צוויי טשעמאָ־דאַנעס, וואָס דינען זיי פאַר אַ טיש. איך בין נישט הונגעריק.

— עס, זאָגט מיין מאַמע.

איר פּנים איז גרוי. איך שטעל אַוועק דאָס שיסעלע אויף דר׳ערד.

— צוליב מיר איז ער געבליבן אַליין, זאָג איך.

— פאַרלויפיק פילט ער זיך גוט, ער האָט נאָך אַ ביסל געלט.

איך קוק אויף מיינע שוויגער־עלטערן.

— פֿאַר וואָס האָבן זיי אים נישט מיטגענומען מיט זיך?

— ער האָט נישט געוואָלט, ער האָט זיך איינגערעדט אַז זיין אָרט איז דאָרטן. נו, עס שוין.

זי דערלאַנגט מיר ווידער דאָס שיסעלע. געהאָרכזאַם נעם איך אַ לעפל זופּ אין מיין מויל אַריין, דערנאָך אַ צווייטן און הער אויף. איך וועל שוין קיין מאָל מער נישט זען מיין פֿאָטער. אין די פֿינצטערנישן פֿון דער צוקונפֿט זע איך בלויז פֿלעמלען אָט די זיכערקייט. איך וועל שוין קיין מאָל מער נישט זען מיין פֿאָטער.

— גענוג שוין, זאָגט מיין מאַמע, עס.

צווישן אירע אויגן האָט זי איר פֿאַלד פֿון די שלעכטע טעג. איך נעם צוריק דאָס שיסעלע. די אַנדערע זיצן אויף די מאַטראַצן, אויף די טשעמאָ־דאַנעס און עסן. זיי זעען אויס צו זיין צופֿרידן פֿון זייער גורל.

— ווער זענען זיי? פֿרעג איך.

— זיי קומען אַלע פֿון געטאָ. זיי זאָגן, אַז וואַלינסקי איז זייער אַ ווילער, אַז מען קען האָבן צו אים דעם פֿולן צוטרוי.

נאָך דעם ווי מען האָט צונויפֿגענומען די שיסעלעך, נעמט מען גלייך צוגרייטן דאָס צימער צום שלאָפֿן. אין אָוונט צינדט מען קיין מאָל נישט אָן קיין ליכט. פּיזשאַמעס און נאַכט־העמדער ווערן אַרויסגענומען פֿון די וואַ־ליזעס, וואָס מען רוקט שפּעטער ענג צונויף אין אַ ווינקל. די מאַטראַצן ווערן אויסגעלייגט אין צוויי רייען, און צווישן זיי אין דער מיט בלייבט אַ קליינער דורכגאַנג. איך לייג זיך צווישן דער מאַמען און זשאַקן. דאָס קליינע יינגל קומט צו יעדן, אויך צו אונדז, ווינטשן אַ גוטע נאַכט. איך פֿיל פֿון אים אַרויס דעם ריח פֿון דער זופּ.

לאַנג האַלטן נאָך אָן די שמועסן צווישן די מאַטראַצן. מען לאַכט, מען וויצלט זיך. דער סוף פֿון דער מלחמה דערנענטערט זיך און ס׳איז באמת אַ מזל, וואָס מען געפֿינט זיך דאָ. אָפֿט ווערט דערמאָנט דער נאָמען פֿון וואַלינסקין. מען רעדט אויך וועגן זיין פֿרוי. ער איז אַ „הייליקער", זי איז אַ „משוגענע", וואָס האָט אַ „גאָלדן האַרץ".

די מאַמע און זשאַק שלאָפֿן שוין. איינע נאָך די אַנדערע שטילן זיך איך

די קולות. ס׳רעדט בלויז ווייטער אַ מאָנאָטאָנע שטים פון אַן עלטערער פרוי, וואָס גיט זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז קיינער הערט זי נישט מער. ביז זי ווערט מיד. דאָס פענצטער האָט נישט קיין טאָפּלטע פאָרהאַנגען און דאָס לבנה־ליכט רינגלט אַרום די קליינע טונקעלע קופּקעלעך פון די שלאָפנדיקע מענער און פרויען. אַ שטים שושקעט: „לאָז מיך צו רו״. אָבער זיכער איז עס נישט מער ווי אַ פאָרמולע, ווייל באַלד דערנאָך לאָזט זיך הערן אַ פאַר־שנעלערט עטעמען. אויך דאָס פּאָרל ווערט פאַרזונקען אין דער שטילקייט.

איך האַלט שוין ביים איינשלאָפן, ווען אַ קיל ווינטל באַרירט מיין פּנים. איך עפן די אויגן. אַ סילועט פון אַ פרוי שניידט זיך אויס אין דעם שוואַרצן, לענגלעכן פירעק פון דער טיר. אין אירע העלע האָר איז פאַרטשעפּעט אַ לבנה־שטראַל. זי פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און לאָזט זיך פאַלן אויף דעם מאַטראַץ, וואָס געפינט זיך לעבן אירע פיס. כדי זי צו זען, דאַרף איך זיך אונטערהייבן, איך וואַג עס אָבער נישט צו טאָן. אָבער איך הער זיך איין מיט צוגעשפּיצטע אויערן. עמעצער ברומט אַן אומצופרידענער, וואָס מ׳האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין שלאָף. דערנאָך אַ שושקען זיך:

— אָ, דאָס זענט איר?

— יאָ, דאָס בין איך, ענטפערט די פרוי. כ׳בין געקומען און כ׳וועל ווייטער קומען. זי לאַכט שטילערהייט. דו זעסט, איך האָב נישט קיין פאַר־אורטיילן, דו ביסט מיין ייד. דו האָסט מיר אַלץ צו פאַרדאַנקען, דו הערסט? אַלץ, איך האַלט דיין לעבן אין מיינע הענט. אייער אַלעמענס לעבן האַלט איך. בלויז איין וואָרט פון מיר און ס׳ווערט אַ סוף צו אייך אַלע, אָבער איך וועל עס נישט טאָן, אויב דו וועסט מיך שטאַרק ליב האָבן, שטאַרק.

ער שווייגט און די פרוי ווערט אומגעדולדיק.

— אויף וואָס וואַרטסטו? האָסט נישט קיין בלוט אין די אָדערן?

איר קול ווערט צודרינגלעך. אירע רייד זענען פול מיט תאווה און מיט דראָונגען. הייסט עס, אַז אָט פון דעם איז אָפּהענגיק אונדזער לעבן? אויב זי וועט פון דאַנען אַרויס אַ נישט באַפרידיקטע, וועט זי אונדז פאַרמסרן.

— איר טוט מיר ווי, באַקלאָגט זיך דער מאַן. ס׳זעט אויס, אַז ער פאַרשטייט נישט פאַר וואָס גראָד מיט אים פּאַסירט אַזאַ זאַך.

— דו ווילסט נישט? זאָגט זי.

— אָבער יאָ, יאָ...

ער טראַכט נישט צו באַהאַלטן זיין שרעק. שוין אַ ווײַלע ווי איך פּרוּוו טרעפן ווער ס׳איז עס דער, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק געגלוסט. און פּלוצעם ווערט מיר קלאָר. דאָס איז אַ גאָר יונג בחורל מיט אַ שײַנעם קאָפּ ווי אַ מיידל. דערהויפּט דערמאָן איך זיך אין צוויי גרויסע בלויע אויגן, וואָס זייער נאַיִווער בליק רײַסט זיך אַדורך דורך די וויִעס, וואָס זענען אַזוי לאַנג אַז עס דאַכט זיך, אַז זיי האַלטן אונטער מיט זייער געדיכטקייט די אויף אַ העלפּט אַרונטערגעלאָזענע אויגן־לעפּלעך. איך האָב געהערט ווי זײַן מאַמע רעדט צו אים און רופט אים „קרוין פון מײַן קאָפּ״.

איצט שווייגן זיי ביידע. אַ פּאָרל ווי אַנדערע פּאָרלעך. איך פֿאַרדעק זיך מיט דער קאָלדרע און פֿאַרשטאָפּ מײַנע אויערן. עס גלוסט זיך מיר וויינען פון כעס און דערנידערונג.

ווען איך עפן די אויגן, האָט דאָס צימער שוין צוריק באַקומען זײַן אויס־זען פון נעכטן. די פּאַנאַנדערגעוואָרפענע טשעמאָדאַנעס פירן ווידער אויס די פונקציע פון טישן און שטולן. ווען איך טו זיך אָן אונטער דער קאָלדרע, פיל איך, אַז מען קוקט מיך נאָך. איך באַגעגן אַ בלויען בליק וואָס קערט זיך תיכף אָפּ.

אַ פרוי קומט אַרײַן מיט אַ סך טעפּלעך, מיט אַ קאַווע־קענדל און מיט אַנגעשניטענע שטיקלעך ברויט אויף אַ גרויסער טאַץ. איר שמוציקער שלאָפּראָק איז צעעפנט אויף אַ שוואַרצער קאָמבינעזאָן. אירע אויגן זענען רויט און געשוואָלן פון שלאָף. אירע בלאָנדע האָר זענען צונויפגענומען נאָכ־לעסיק אויפן שפּיץ קאָפּ.

— גוט מאָרגן, זאָגט זי מיט אַ כמורנער שטימע.

פון אַלע זייטן ענטפערט מען איר אָפּ מיט וואַרעמקייט. מען נעמט צו פון איר די טאַץ, מען שטעלט איר צו אַ טשעמאָדאַן, אויף וועלכן זי לאָזט זיך אַרונטער אַ גלייכגילטיקע. דאָס ברויט און די קאַווע ווערן פאַרטיילט. די פרוי רירט זיך נישט. זי זיצט אַ דערשלאָגענע. איר בליק איז ווייט פון דאַנען. פּלוצעם זעט זי אויס צו קומען צו זיך. זי שטעלט זיך אויף, פאַרמאַכט איר שלאָפּראָק, זעצט זיך ווידער אַוועק. אירע אויגן ווערן לעבעדיקער. דאַן הייבט זי אָן צו רעדן זייער לאַנג. זי זאָגט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך נישט

באַאומרויִקן, אַז מיר זאָלן האָבן געדולד. זי און איר מאַן וועלן אַלץ טאָן, וואָס איז אין זייערע כוחות, כדי אונדז צו שיצן. מיר דאַרפן האָבן דעם פולן צוטרוי צו זיי. אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאָ בלייבן קען אונדז נישט געשען קיין שום שלעכטס. זי נעמט אַרויס אַ צוקערל פון איר טאַש און גיט עס דעם קליינעם ייִנגל.

— איר פּיעשטשעט אים צו פיל, מאַדאַם וואָלינסקי, איר זענט באמת צו גוט, שרייט אויס דעם ייִנגלס מוטער.

די פרוי וואָלינסקאַ פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער, אַ מאָדנער יונגער געלעכטער, ביי אַט דער פרוי, וואָס איז שוין נישקשהדיק אָפּגענוצט. אירע אויגן זוכן דעם בחור מיט די בלויע אויגן. ער אָבער איז אַריינגעטאָן אין זיין טעפּעלע קאַווע, וואָס ער האַלט אין איין באַטראַכטן.

— מיר מאַכן פאַר אייך אַלץ, וואָס מיר קענען, זאָגט זי. מיר בעטן אייך בלויז אַרויסצווייזן אַ ביסל האַרץ. בלויז אַ ביסל האַרץ.

זי לייגט אַריין אין די ווערטער אַ געוויסע כוונה. די דראָונג איז קוים אַ פאַרשטעלטע. פון אַלע זייטן הערן זיך לויב־ווערטער, מען בענטשט זי, מען בענטשט איר מאַן. אָבער זי הערט זיך מער נישט צו. זי איז מער נישט דאָ. איר שלאָפראָק צעעפנט זיך ווידער, די פּלייצעס פאַלן אַרונטער, איר בליק פאַרלירט זיך. מען נעמט צונויף די טעפּלעך אויף דער טאַץ, מען שטעלט אויף איר אַוועק דאָס קענדל, דערנאָך ווערט אַ ווײַלע שטיל. דאַן שטעלט זי זיך אויף, נעמט די טאַץ און גייט אַרויס מיט אַ טריט פון אַ לבנה־קריכערין.

נאָך מיטאָג קומט צו אונדז סאַם, מיין שוואָגער. ער האָט געפונען אַ באַהעלטעניש ביי אַ פריינד, וועלכן ער האָט צופעליק באַגעגנט אין וואַרשע. ער איז זייער עלעגאַנט אָנגעטאָן און האָט אָפּגעפאַרבט זיינע האָר מיט זויערשטאָף־וואַסער כדי אויסצוזען ווי אַן אמתער בלאָנדער אַריער. אַ ביסל שפּעטער נעמט דער גלאָק שטאַרק קלינגען. אַ שאָטן גייט אַריבער איבער די פּנימער. עס ווערט שטיל. פעסטע טריט דערנענטערן זיך. מיר הערן די שטים פון הער וואָלינסקי.

„איך זאָג דאָך אייך, אַז קיינער איז ביי מיר נישטאָ... עס איז פּשוט אַן אַלקערל... איך פאַרזיכער אייך״...

די טיר עפנט זיך און צוויי מענער אין שוואַרצע לעדערנע קורטקעס קומען אַריין. וואַלינסקי האַלט זיך פון הינטן. איינער פון די מענער גיט אַ לייכטן פייף.

— גיב נאָר אַ קוק, ס׳איז דאָך פול מיט זיי. טוט אייך אָן גיך און קומט מיט. — קיינער רירט זיך נישט — צו וועמען רעד איך?

זיין קאָלעגע נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון די וואַליזעס, מען קען שווערן, אַז ער ציילט זיי. וואַלינסקי מישט זיך אַריין.

— איר וועט דאָך נישט טאָן אַזאַ זאַך, איר זענט דאָך אונדזעריקע, איר זענט דאָך נישט קיין דייטשן.

— מיר האָבן באַפעלן. איבעריקנס, קען איך נישט פאַרטראָגן קיין יידן.

— באַפעלן, זאָגט וואַלינסקי, דאָס שליסט נישט אויס, אַז מען קאָן אַדורכקומען.

דער אַנדערער מאַכט זיך נישט הערן.

— נו, שוין, יאָגט איך צו אַ ביסל.

— כ׳בין זיכער, אַז מען קען אַדורכקומען, שטייט צו וואַלינסקי. קומט, מיר וועלן אויסטרינקען אַ גלעזל.

— אַ גלעזל? מסכים. זאָגט דער צווייטער, אָבער איר דאַרפט נישט רעכענען, אַז איך וועל זיך איינשטעלן פאַר אייערע פּראָטעזשירטע.

איידער ער גייט אַרויס דרייט זיך וואַלינסקי אויס צו אונדז און גיט אונדז אַ צייכן, וואָס קען ווערן אויסגעטייטשט ווי אַ דערמוטיקונג. דער שאָרך פון די שטימען דערווייטערט זיך אין לאַנגן קאָרידאָר, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ טיר צו דער דירה. דערנאָך ווערט שטיל. —

— לאָמיר זיך ראַטעווען, זאָגט סאַם.

אויף די שפּיץ פינגער לויפט ער אַריין אין קאָרידאָר און נאָך אים די איבעריקע. אין מאָמענט, ווען ער דערגרייכט די טיר, גיט זי זיך אָן עפן אויף און ס׳באַווייזט זיך אין איר מיט אַ שמייכל דער פאַרשוין פון די צוויי, וואָס האָט גאָרנישט געזאָגט.

— כ׳האָב געוואַרט אויף אייך. גייט גיכער צוריק אויף אייער אָרט.

אַזוי ווי אַ גוטמוטיקער שול־לערער, וואָס האָט געפּאַקט זיינע תלמידים אָפּטאָן אַ שפּיצל, קוקט ער זיי נאָך ווי זיי גייען צוריק אין צימער אַריין

מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. אַ פּרוי ברעכט אויס מיט אַ געוויין. דאָס איז דער סיגנאַל. און אָט שלוכצן שוין דריי, פיר. ענדלעך קומט וואָלינסקי צוריק. זיין בלייכקייט האַקט אָפּ דעם אָטעם ביי די וואָס וויינען.

— איך האָב געפּרוווט טאָן אַלץ, וואָס כ׳האָב נאָר געקענט — ער חזרט איבער טרויעריק: „אַלץ וואָס כ׳האָב נאָר געקענט״ און ער שאָקלט מיטן קאָפּ — דאָס זענען נישט קיין מענטשן, די מענטשן זענען פאַרשווונדן פון דער ערד.

— זיי פירן אונדז אַוועק? — פרעגט סאָם מיט אַ מאַטער שטימע.

— יאָ, זאָגט וואָלינסקי: אָדער... ער שטעלט זיך אָפּ און לאָזט זיין בליק איבערגיין איבער די פּנימער, וואָס רינגלען אים אַרום און רעדט אַרויס מיט אַ זשעסט פון אָנמעכטיקייט: — זיי ווילן אַ סך געלט. זיי זענען אויסוווּרפן.

— וויפל?

— פינף טויזנט זלאָטעס.

— פּרוּווט זיך מיט זיי דינגען, זאָגט סאָם.

— שוין אַ פערטל שעה ווי איך האַלט זיך מיט זיי אין איין דינגען. פאַרלאַנגט האָבן זיי אַ סך מער.

— טאָ וואָס זאָלן מיר טאָן, פּאַניע וואָלינסקי?

— איך שעם זיך, איך שעם זיך פאַר זיי.

— וואָס זאָלן מיר טאָן? בעטן זיך צעטומלטע שטימעס.

— איך מיין, אַז ס׳איז גאָרנישטאָ צו מאַכן. סיידן באַצאָלן. אָבער זייט זיכער, אַז דאָ זייט איר ווי ביי אייך, אפילו ווען איר וועט מער שוין קיין געלט נישט האָבן. אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט מיר נאָך פאַרבלייבן אַ שטיקל ברויט, וועל איך זיך טיילן מיט אייך.

— ווי אַזוי קען מען זיין זיכער, אַז זיי וועלן אונדז נישט מסרן נאָך דעם ווי זיי וועלן נעמען אונדזער געלט? זאָגט סאָם.

— איר קענט זיין רויק, זיי ווייסן מיט וואָס זיי ריזיקירן.

די מענער נעמען זיך צוזאַמען אין אַ ווינקל און מיין שווער זאַמלט צונויף דאָס געלט.

— אָט איז עס, זאָגט ער און גיט עס וואָלינסקין, דאָס איז אַ גרויסע סומע.

נאָך דעם ווי וואָלינסקי איז אַרויס, האָט קיינער נישט קיין העזה איבער־צורייסן די שטילקייט, אַחוץ דער מוטער פונעם בחור מיט די בלויע אויגן, וואָס זיצט אויף אַ וואַליזע, די הענט אָנגעלייגט אויף אירע קני, און מורמלט.

— קרוין פון מיין קאָפּ... ווו איז די קרוין פון מיין קאָפּ?...

מען באַמערקט דאָן, אַז איר זון איז פאַרשוונדן און יעדער איינציקער פילט זיך מיט איין מאָל דערלייכטערט, אַזוי ווי די אַלטע פרוי, וואָס זיצט אויף דער וואַליזע, וואָלט גענומען אויף זיך דעם פּחד פון אַלע דאָ און וואָלט אים אויסגעדריקט מיט די אומזיניקע ווערטער: — ווו איז די קרוין פון מיין קאָפּ?

ווען וואָלינסקי קומט צוריק אַריין, גיבן מיר אים צו וויסן, אַז דער בחור איז נישטאָ.

— ער האָט נישט געקענט אַרויסגיין, זאָגט ער, וואַרט, איך וועל גיין זען.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער דאָ. ער לייגט צו אַ פינגער צום מויל, ווי ער וואָלט אונדז געוואָלט איינרוימען אַ סוד, און גיט אונדז אַ צייכן מיר זאָלן אים נאָכגיין. מיר גייען אַריין נאָך אים אין קליינעם סאַלאָן און דאָרט ווייזט ער אונדז דעם פאַרשוונדענעם. אין דער אמתן זעט מען נישט מער ווי זיינע פיס, וואָס סטערטשען אַרויס פון אונטער אַ קאַנאַפּע.

— נו גייט אַרויס פון דאַנען, באַפעלט וואָלינסקי מיט אַ גראָבער שטים.

ווי אַ תשובה דערגייט צו אונדז אַן איבערגעשראָקן שטאַמלען:

— ניין... ניין... איך בין נישטאָ... נישט איך בין עס...

וואָלינסקי פּלאַצט אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער, וואָס איז נאָך מער דערשטוינענדיק, צוליב דעם וואָס ער האָט אונדז צוגעוווינט מיט דער דיסקרעטקייט פון זיינע מאַניערן. די מוטער פון יינגל לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני.

— קום מיין קינד, זיי זענען שוין אַוועק. קיינער וועט דיר נישט טאָן קיין שלעכטס.

זי העלפט אים אַרויסקריכן פון אונטער דער קאַנאַפּע און מיר קערן זיך צוריק אין אונדזער צימער. עס גייט אונדז נאָך דער הילכיקער געלעכטער פון וואָלינסקין.

אין אָוונט ברענגט אונדז פרוי וואָלינסקאַ די זופּ. אַנשטאָט דעם שלאָפּ־ראָק, טראָגט זי איצט אַ צעקנייטשטן קאָסטיום, און תּיכף צעקאָכט זי זיך.

— איך בין געוואָרן, וואָס עס האָט פּאַסירט אין מיין אָפּוועזנ־הייט. מיר וועלן צוליב אייך אַריינפּאַלן אין טורמע. איר נעמט אויף וויזיטן, איר גייט אַרויס... איר האַלט אונדזער דירה פאַר אַ האָטעל. איצט באַצאָלן מיר די שפּאַצירן פון אייער זון. און זי ווענדט זיך צו דער מוטער פונעם יונגן־מאַן. אונטערטעניק שטימט יענע צו.

— די מאַדאַם איז גערעכט, זאָגט זי. פאַר וואָס מוזסטו אַרויסגיין? דו ריזיקירסט אומזיסט, דוד.

דאָס ייִנגל האַלט זיינע אויגן אַרונטערגעלאָזט איבער זיין שיסעלע און עסט, אַזוי ווי דאָס אַלץ וואָלט גאָר קיין שייכות נישט געהאַט מיט אים.

— דו הערסט, וואָס די פּאַני וואָלינסקאַ האָט געזאָגט? מען איז דיר אפשר נאָכגעגאַנגען?...

— ניין, מען איז מיר נישט נאָכגעגאַנגען, זאָגט דוד צווישן צוויי לעפל זופּ.

— און איר האָט נישט קיין מורא אַרויסצוגיין אַליין אויף דער גאַס? פרעגט פרוי וואָלינסקאַ מיט אַן אָפּשפּעטערישן קול. מיין מאַן האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי מען האָט אייך היינט נאָך מיטאָג געפונען... אונטער דער קאַנאַפּע.

דודס האַנט פאַרהאַלט זיך צווישן דעם שיסעלע און דעם מויל. נישט אויפהייבנדיק די אויגן, זאָגט ער:

— אין דרויסן האָב איך נישט קיין מורא, מען קען תּמיד אַנטלויפן, אָבער דאָ איז פּונקט ווי אין אַ פּולאַפּקע.

— אַ פּולאַפּקע... דאָס איז אַ חוצפּה, צעשרייט זיך פרוי וואָלינסקאַ. איר דערלויבט זיך צו פיל. איך וועל עס זאָגן מיין מאַן און איך האָף, אַז ער וועט אייך אַלע משלח זיין.

מען רייסט איבער דאָס עסן. הענט, וואָס האַלטן נאָך דעם לעפל, שטרעקן זיך אויס מיט תּחנונים צו דער פרוי וואָלינסקאַ.

— איר וועט דאָס נישט טאָן, טייערע פרוי, עס איז דאָך אַ קינד, ער ווייס נישט וואָס ער רעדט, מען דאַרף נישט נעמען ערנסט ווערטער פון אַ קינד, טייערע פרוי...

— בעט גלייך איבער די פרוי וואַלינסקאַ, דו הערסט דוד, בעט איבער...

דאָס ייִנגל עסט זיך רויק ווייטער און זיין פּנים פאַרמאַגט ווי תּמיד אַ ביסל אַ פאַרחלומט און אַ ביסל אַ נאַריש אויסזען. די מאַמע כאַפּט אים שטאַרק אָן ביים האַנט־געלענק:

— בעט איבער, דוד.

נאָכגיביק, זאָגט ער:

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם.

ס׳איז קלאָר, אַז די ווערטער האָבן נישט פאַר אים קיין שום באַדייט. איך בין אים מקנא, וואָס עס קומט אים אַזוי לייכט אָן זיך אָפּצוזונדערן פון דער וועלט, וואָס רינגלט אים אַרום, אפשר איז עס די פּריווילעגיע פון תּמעוואַטע.

— איר האָט מיך דענערווירט, זאָגט פרוי וואַלינסקאַ, מיך, וואָס האָב אייך אַזוי ליב, דאָס איז נישט שיין.

איצט פאַרמאָגט זי אַ גאַר קליין שטימעלע און ס׳דאַכט זיך, אַז אָט אָט צעוויינט זי זיך. מ׳רינגלט זי אַרום, מ׳טרייסט זי, מען אַנטשולדיקט זיך. מ׳קושט איר די הענט. זי זאָגט אונדז „אַ גוטע נאַכט“, און גייט אַרויס ווי זי וואָלט אויף זיך אַרויפגענומען אַלע חטאים פון דער וועלט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, איך זאָל קענען דעם גאַנצן רעפּערטואַר פון פרוי וואַלינסקאַ. איר יעדעס אַריינקומען צו אונדז איז געווען איינשטודירט ספּעציעל פאַר דער סצענע, וואָס זי וועט שפּילן. ס׳איז געווען אַזוי ווי אַ הייליקע דראַמע, אַ „פּאַסיע“*, וואָס אירע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט איין אָדער צוויי מאָל טעגלעך, כדי מיר זאָלן פאַרשטיין. זי האָט זיך געקענט אויף אַלץ דערלויבן. איר פּובליקום האָט זי נאָכגעפאָלגט. נאָך דער עמפּערונג פלעגט קומען אַ סצענע פון פאַרצווייפלונג, נאָך דער פאַראַכטונג — אַ סצענע פון רחמנות. איך האָב שוין געהאַט איבערגענוג דערפון.

— איך גיי אַרויס, זאָג איך אויף אַ הויך קול.

איך קעם זיך צו ווי ס׳דאַרף צו זיין, אונטער די קריטישע בליקן פון די

---

* קאַטוילישע מיטלאַלטער־דראַמעס.

שכנים, דערנאָך טו איך אָן מיין מאַנטל. איך מאַך זיך נישט הערן אַלע ביי־וויליקע באַמערקונגען אויף מיין אַדרעס. זשאַק באַגלייט מיך ביז צו דער טיר.

— איך וועל נישט צוריקקומען פאַרן אָונט, זיי נישט אומרויק.

— זיי פאָרזיכטיק, זאָגט ער מיט אַ שמייכל, וואָס פאַרשווינדט גלייך.

אָט האַלט איך שוין ביים אומקערן זיך, אָבער ביים בלויזן געדאַנק וועגן דעם לאַנגן טאָג, דעם זעלבן וואָס נעכטן און אייערנעכטן, וואָס כ׳וועל דאַרפן פאַרברענגען אין דעם אָ צימער, פאַרמאַך איך די טיר מיט רוגזה און לויף אַרונטער. אין דרויסן איז זוניק. פרויען גייען פאַרביי מיט נאַקעטע פיס אונטער זייערע קורצע קליידער. איך גיי אין זייער ריטעם, און איל זיך נישט. כ׳שטעל זיך אָפּ ביי די שויפענצטערס פון געשעפטן.

— וואָס וואָלט איר עפּעס געזאָגט מכח אַ גלאָז טיי מיט קיכלעך ? הערט זיך אַ שטים בעת איך באַטראַכט אַ פענצטער פון אַ צוקערניע.

— איך מיין, אַז דאָס איז אַ גוטער געדאַנק.

דער מאַן איז נאָך יונג, עלעגאַנט אָנגעטאָן. זיין פּנים דריקט אויס ערנסטקייט און אַנטשלאָסנקייט. איך באַמערק, אַז ער דאַרף זיך אָנשטרענגען כדי אַרויסצוברענגען אַ שמייכל. מיר גייען אַריין און זעצן זיך צו אין אַ ווינקל ביי אַ קליין טישל.

זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף מיין קדושין־פינגערל.

— איר זענט אַ חתונה־געהאַטע ?

— יאָ.

— איך אויך. איר ווינט מיט אייער מאַן ?

— ניין, איך בין איינע אַליין. זיין שמייכל אויף באַשטעלונג, באַווייזט זיך ווידער, אָבער איך זוך נישט, מען זאָל מיך טרייסטן, גיב איך צו.

— איך האָט חתונה געהאַט זייער יונג.

— איך ווייס נישט, מיר דאַכט זיך, אַז כ׳בין געקומען אויף דער וועלט שוין אַ חתונה־געהאַטע.

— אַזוי לאַנג זעט עס אייך אויס ?

— ס׳איז מיר שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז איך האָב געקענט עקזיסטירן, איידער איך האָב אים געקענט — איך שטעל זיך אויף — אַנטשולדיקט מיר, איך דאַרף טעלעפאָנירן.

ער שטעלט זיך אויך אויף, לאָזט מיך אַדורכגיין און מאַכט נישט קיין שום באַמערקונג. איך פאַרמאַך זיך אין דער קאַבינע. אַ מענער־קול ענטפערט גלייך, אַזוי ווי ער וואָלט אויף מיר געוואַרט.

— ס׳איז דרינגנדיק. הערט זיך גוט צו. איך בין אין אַ טיי־סאַלאָן, דער נומער... ער איז אָנגעשריבן אויפן אַפּאַראַט... 1183. קלינגט אָן צו מיין טאַטן און זאָגט אים ער זאָל מיר טעלעפאָנירן 1183, איר האָט פאַרשטאַנען? איך וועל וואַרטן, אָבער מאַכט עס זייער שנעל, למען השם.

— עס וואָלט געווען בעסער, פריילין, ווען איר גיט מיר דעם נאָמען און אַדרעס פון אייער פאָטער.

— איך אַנטשולדיק זיך, איך בין אַזוי... אַזוי...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי זייער גוט, איך הער אייך.

איך גיב אים אַלע איינצלהייטן.

— איך וועל דאָ וואַרטן, איך בעט אייך.

איך וואַרט אָפּ איינע אָדער צוויי מינוט, כדי צוריקצוגעפינען מיין רויִקייט, איידער איך גיי צוריק אויף מיין אָרט. ווי נאָר ער דערזעט מיך, באַמיט זיך דער מאַן צו שמייכלען. איך פרעג זיך פאַר וואָס דאָס קומט אים אָן אַזוי שווער.

— מען דאַרף מיר אַהער טעלעפאָנירן. עס וועט אפשר לאַנג דויערן. איך וויל אייך נישט לאַנג אויפהאַלטן.

— איך האָב אַ סך געלט און אַ סך צייט.

זיין שמייכל האַלט אָן אויף אַן אומאָנגענעמען אופן. מען ברענגט צו דעם טיי און די קיכלעך.

— וואָס ווילט איר בעסער, רעדן אָדער שוויגן? זאָגט ער.

— לאָמיר רעדן, זאָג איך.

אין משך פון אַ פּאָר מינוט זאָגן מיר נישט אַרויס קיין וואָרט. מיטן שפּיץ פינגער צייכן איך אויף דעם טישטעך אויסגעטראַכטע צייכענונגען. ער שפּילט זיך מיט אַ שעכטעלע שוועבעלעך.

— ווען מען שווייגט, זעט די צייט אויס לענגער, זאָגט ער ענדלעך.

— צי האָט איר ליב קעץ?

מערקווירדיק וואָס מ׳קען אַלץ רעדן וועגן קעץ.

מיר האָבן נאָך נישט געהאַט אויסגעשעפּט אַלע מעשיות, וואָס מיר האָבן געקענט וועגן קעץ, ווי איך הער די קעלנערין אויסרופן מיין נאָמען.

— אַ טעלעפאָן פאַר איך, זאָגט זי מיר.

איך צווינג זיך אַדורכצוגיין דעם זאַל, און נישט לויפן. איך נעם מיר אפילו צייט צו פאַרמאַכן די טיר פון דער קאַבינע.

— האַלאָ, זאָג איך, גאָר שטיל.

— האַלאָ, זאָגט דאָס קול פון טאַטן, ווו זענט איר?

— מיר זענען מיט די עלטערן פון זשאַקן, און דו? וואָס מאַכסטו?

— מען דאַרף נישט בעסער, דאָ איז אַלץ רויק.

— טאַטע, דו מוזסט קומען און פאַרבלייבן מיט אונדז.

— ס׳איז אוממעגלעך, מיין קינד. דאָ בין איך ביי זיך. איך קען אַרומשפּאַצין מיט מיין נאָז ווו נאָר איך וויל.

— מאַרק איז נאָך דאָ?

— זיכער, אַ טייערער בחור, ער קומט צו מיר פון צייט צו צייט, מיט דער האָפענונג עפּעס צו הערן פון דיר.

— הער, פּאַפּאַ, מאַרק וועט דיר העלפן זיך אַרויסצוקריגן, אַזוי ווי אונדז.

— דאָס קומט נישט אין פראַגע, איך בלייב דאָ.

— אָבער פּאַפּאַ... אַלע גייען אַוועק... אַלע, וואָס האָבן נאָר אַ מעגלעכקייט.

— זיי טוען נישט גוט. דערצייל מיר בעסער וואָס עס מאַכט די מאַמע.

— די מאַמע פילט זיך זייער גוט, אָבער כ׳בעט זיך ביי דיר, הער מיך אויס... אָבער איך ווייס מער נישט, וואָס אים צו זאָגן, כדי אים איבערצוצייגן. אויב דו ווילסט מיך נאָך זען... אויב דו ווילסט אונדז נאָך זען.

— אָבער מיר וועלן זיך אין גיכן זען... נאָר איר, איר וועט האָבן אַ סך אַרומגעלאָפן און איך וועל האָבן רויק פאַרבליבן אויף מיין פּלאַץ. אויב איר וואָלט זיך באַטראַכט, וואָלט איר געקומען אַהער.

איך פאַרשטיי, אַז ס׳איז אומזיסט צוצושטיין. ער איז בלינד, זיינע איבערצייגונגען זענען באַזונדערס שטאַרק, ווייל זיי שטיצן זיך נישט אויף קיין שום רעאַליטעט.

— פּאַפּאַ...

— יאָ, איך הער דיך, מיין קינד.

— גיב גוט אַכטונג אויף דיר.

— אָבער איך פיל זיך אויסגעצייכנט.

זיין זאָרגלאָז געלעכטער דערגייט צו מיינע אויערן.

— אויב עס פּאַסירט עפּעס... איך וויל זאָגן... אַזוי ווי פּאַר אונדזער אַוועקגיין...

— מיר האָבן אַלץ פאַרויסגעזען, דאגה נישט.

— צי האָסטו גענוג געלט?

— מער ווי איך באַדאַרף. ס׳וועט מיר נאָך בלייבן גענוג, כדי צו מאַכן אַ הוליאַנקע נאָך דער מלחמה.

— איך מוז איבעררייסן, טאַטע...

— נו, אויף ווידערזען...

און לאַנג גיט ער מיר צו דערקלערן, וואָס איך האָב איבערצוגעבן דער מאַמען און זשאַקן. ער זאָגט אָן גוטע עצות, אַזוי ווי די געפאַר וואָלט געווען גרעסער אויף אונדזער זייט. איך מאַך מער נישט קיין שום באַמיִונגען איינצוהאַלטן מיינע טרערן. אין מאָמענט ווען איך וויל אויפהענגען דאָס טרייבל, זאָגט ער אַזוי אַזוי שטיל, אַז איך הער קוים:

— איך בין גליקלעך, וואָס דו האָסט מיר טעלעפאָנירט, טייערינקע.

איידער איך קער זיך אום אין זאַל, גיי איך אין וואַשצימער, כדי זיך אָפּצוּוואַשן דאָס פּנים. כ׳וואָלט וועלן אַנטלויפן, נישט זעענדיק מער דעם מאַן, וואָס וואַרט אויף מיר דאָרטן. דאָס איז אָבער אוממעגלעך. ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער אַרויסגאַנג.

כ׳האָב זיך קוים אַוועקגעזעצט, ווי ער האָט אויפסניי באַשטעלט טיי. שווייגנדיק, וואַרט ער מען זאָל אים סערווירן.

— טרינקט, זאָגט ער.

איך שאָקל אויף ניין מיטן קאָפּ און מיינע טרערן הויבן ווידער אָן צו פליסן. מיט אַ פאַרלעגענעם זשעסט רירט ער אָן מיין האַנט.

— קיין שום זאַך דויערט נישט, זאָגט ער, קיין שום זאַך, נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע.

איך קוק אים אָן און ער ציט צוריק זיין האַנט.

— לאָמיר גיין, זאָג איך.

— ווישט אייך אויס דאָס פּנים, ס׳איז נישט נייטיק צו ציען די אויפ־מערקזאַמקייט. און ער דערלאַנגט מיר אַ טיכל.

ווען מיר זענען שוין אין דרויסן, זאָגט ער מיר:

— צי ווילט איר, איך זאָל אייך באַגלייטן, אָדער ווילט איר בעסער גיין אַליין?

— באַגלייט מיך ביזן סוף גאַס.

איידער מיר האָבן זיך צעשיידט, פרעגט ער מיך, צי ער קען מיך ווידער זען און איך גיב אים אַ ראַנדעוווּ אין דריי טעג אַרום, פאַר דעם זעלבן טיי־סאַלאָן.

איך בין געוואָרן די קרעציקע שאָף פון דער סטאַדע. איך גיי איצט אַרויס צוויי דריי מאָל אַ וואָך און פאַר יעדן אַרויסגאַנג מיינעם קומט פאַר דער זעלבער צערעמאָניאַל. צום ערשט אַ שטילשווייגן, מען פאַרשט מיט די אויגן מיינע זשעסטן, ווען איך טו אָן מיין מאַנטל. דערנאָך רופט עמעצער אויס:

— איר וועט זען, זי וועט נאָך ברענגען אַן אומגליק אויף אונדזערע קעפּ. די מוטער פונעם יינגעלע גיט באַלד צו: „און ווען מען טראַכט, אַז דאָס לעבן פון מיין קינד הענגט אָפּ פון אַזאַ"... זי פאַרענדיקט קיין מאָל נישט איר פראַזע. זיי צעהיצן זיך קעגנזייטיק: „נו יאָ, די מאַדאַם איז אונדז מקריב, ווייל עס גלוסט זיך איר אַ שפּאַצירל, און איך, צי דערלויב איך זיך אויף אַ שפּאַציר?" אַ מאָל ענטפער איך, אַ מאָל נישט. עס ווענדט זיך אין מיין געמיט. דאָס רוב אייל איך זיך אַרויסצוגיין, און גיי טרעפן דעם מאַן, וואָס איך קען בלויז זיין פאַרנאָמען: מאַריאַן. מיר טרינקען טיי און עסן קליינע קיכלעך. ער שטעלט מיר קיין מאָל נישט קיין פראַגעס און שטייט נישט צו מיך צו באַגלייטן אַהיים. אין אָוונט, דערצייל איך אַלץ זשאַקן, דערצייל אים וואָרט ביי וואָרט אונדזערע געשפּרעכן. נאָך מערערע באַגעגע־נישן איז מיר אוממעגלעך צו זאָגן מיט באַשטימטקייט מיט וואָסער סאָרט מענטש איך האָב צו טאָן און צי קען איך האָבן צו אים צוטרוי.

מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון די וואַלינסקיס. מיינע שוויגער־עלטערן און מיר האָבן איינגעזען, אַז עס וועט זיין געפערלעך צו בלייבן דאָ לענגער. מיר האָבן ווידער געהאַט נאָך מיטאָג אַ וויזיט, ענלעך צו דעם, וואָס האָט אונדז אַזוי טייער געקאָסט. צוויי פאַרשוינען אין שוואַרצע לעדערנע קורטקעס... דער זעלבער סצענאַריאָ האָט זיך איבערגעחזרט. זיי באַפעלן אונדז מיטצוגיין, וואַלינסקי פּראָטעסטירט, אַפּעלירט צו זייער מענטשלעכ־קייט, פאַרבעט זיי צו נעמען אַ גלעזל, קומט צוריק אַ פאַרדאַגהטער, כדי אונדז צו זאָגן, אַז זיי זענען נידערטרעכטיק און שטעלט פעסט צום סוף, אַז ס'איז נישט פאַרבליבן קיין אַנדער ברירה ווי צו צאָלן. און זיי זענען אַוועק מיט פינף טויזנט זלאָטעס. נאָך זייער אַוועקגיין האָט מען געזוכט דורך וואָסערע וועגן זיי האָבן זיך געקענט דערוויסן. מען האָט זיך אָפּגע־שטעלט אויף יעטוועדן קרוב און פריינד, וואָס איז לעצטנס צו אונדז געקומען. מיך האָט מען געלאָזט צו רו. איך בין די לעצטע דריי טעג נישט אַרויס פון שטוב. אָבער אונדזער באַשלוס איז אַן ענדגילטיקער. סאָם, מיין שוואָגער, דאַרף מאָרגן קומען. ער האָט אַ סך באַציִונגען און וועט אפשר קענען אונדז געפינען אַן אַנדער באַהעלטעניש.

דעם זעלבן אָוונט, ווען מיר זענען שוין געלעגן אויף די מאַטראַצן, האָט עמעצער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן: „און אויב דאָס איז וואַלינסקי אַליין?"

אין דער פחדפולער שטילקייט, וואָס איז אַנטשטאַנען, חזרט ער איבער: „און אפשר איז עס וואַלינסקי אַליין דער, וואָס שטעלט אונטער די „שמאַל־צאָווניקעס" — זיינע אייגענע חברים". אַרום די אָ ווערטער נעמט זיך קריסטאַליזירן די שרעק, וואָס מ'האָט צו שנעל געוואָלט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט און דער פאַרדאַכט, וואָס מען האָט נישט געוואַגט צו פאָרמולירן. מיין שווער באַמערקט דערביי:

— היינט האָבן זיי געזאָגט כמעט די זעלבע ווערטער, ווי ס'לעצטע מאָל.

פון אַלע ווינקעלעך פון צימער לאָזן זיך הערן שטימען, צום ערשט וואַקלענדיקע, וואָס ווערן באַלד אַלץ מער און מער צעהיצט. וואַלינסקיס זשעסטן, ווערטער, זיינע בליקן, זיינע שמייכלען — אַלץ באַקומט אַ נייעם זין. אַלץ העלפט צונויפשטעלן דעם פּנים פון אַ שווינדלער. יעדער זעט זיך אַרום, אַז ער האָט פון תמיד אָן געהאַט צווייפלען וואָס שייך וואַלינסקין.

יעדער זעט זיך אַרום, אַז ער האָט שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז וואַלינסקי איז אַ פאַררעטער. אָבער צום בולטסטן דריקט אויס דעם געדאַנק דוד:

— איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז געווען וואַלינסקי און זיין פרוי די קורווע.

אויפגעבראַכטע קולות ענטפערן אים:

— און דו האָסט גאָרנישט געזאָגט.

— ווי עס זאָל נישט זיין, וואָלט מען מיר נישט געגלייבט, זאָגט דוד מיט פאַראַכטונג.

ווי נאָר סאַם איז געקומען, גייען מיר מיט אים אַוועק אין אַ ווינקל. מיר דערציילן אים אַלץ. ווען ער דערזעט, וואָס מען דערוואַרט פון אים, שיינט ער צו זיין אין גרויס פאַרלעגנהייט.

— אויב איר מיינט, אַז דאָס איז אַ לייכטע זאַך... ער טראַכט אַ ווײַלע, און דאַן: — פאַר זשאַקן קען איך אפשר אַ פּלאַץ. איך קען אַ באַהעלטעניש אין דער געגנט פון וואַרשע. איר דערמאָנט זיך אָן פיינזילבערן? ער באַהאַלט זיך דאָרט אויס מיט זיין זון שוין צוויי יאָר.

— אָבער מיר זענען דאָך דריי.

— ס'איז בלויז דאָ איין פּלאַץ.

— איז נישטאָ פון וואָס צו רעדן.

— דו מיינסט אוודאי, אַז מיר האָבן אַ ברירה? איך לייג דיר פאָר עפּעס וואָס איז זיכער און דו ביסט איבערקלייבעריש. אויב אַזוי, שאָקל איך זיך אָפּ פון גאַנצן ענין.

— דענערוויר זיך נישט, מיין טייערער, זאָגט זיין מאַמע, זשאַק וויל זיך נישט צעשיידן מיט זיין פרוי, דאָס איז דאָך נאַטירלעך.

— זי? זי דאַרף זיך נישט אויסבאַהאַלטן, דאָס וואָלט בלויז געווען אַן אומזיסטע הוצאה. איך ווייס נישט צי איר גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן חשבון, וויפל עס איז אונדז פאַרבליבן.

— לויט דיר, וואָס דאַרף זי טאָן? זאָגט זשאַק.

סאַם קוקט מיך אָן.

— דו קענסט דיר זייער לייכט דינגען אַ צימער אין שטאָט ביי פריוואַטע מענטשן.

— אונטער וועלכן נאָמען? מיט וואָסערע פּאַפּירן? שרייט אויס מיין מאַמע מיט כעס.

— מיש זיך נישט אין דעם, מאַמע, זאָג איך. לאָז זיי.

— איך מיין, אַז פּאַר זשאַקן איז דאָ אַן אויסוועג, איך האָף, רעדט סאַם ווייטער, ווי קיין מאָל גאָרנישט. איצט האַנדלט זיך צו געפינען אַ באַהעל־טעניש פּאַרן טאַטן און דער מאַמען. איך וועל זיך דערמיט פּאַרנעמען נאָך היינט אָוונט.

פון מיין מאַמען רעדט מען אפילו נישט, אַזוי ווי זי וואָלט נישט עקזיסטירט.

אין אָוונט ברענגט אונדז די זופּ וואַלינסקי אַליין. ער ווייזט אַרויס זיין גוטע שטימונג און וואַרפט ווערטלעך פון וועלכע ער לאַכט בלויז אַליין. צום סוף באַמערקט ער עס.

— וואָס איז געשען?

— מיר האָבן נאָך נישט פאַרגעסן דאָס וואָס איז נעכטן פּאַרגעקומען, זאָגט די מאַמע פון בחורל.

— אָבער דאָס איז שוין אַ דערליידיקטער ענין. ס׳איז מער נישטאָ פּאַר וואָס זיך צו שרעקן. קוקט מיך אָן. צי נעם איך זיך איבער? ניין, איך האָף. ביי מיר אין האַרצן איז דאָ אַ גרויסע האָפענונג, און דאָך טייל איך גערנוויליק מיט אייך אייער געפערלעכע עקזיסטענץ. מיר וועלן איבערלעבן, איר קענט מיר גלייבן.

— מיר גלייבן אייך, זאָגט מיין שווער, נאָר אויב דאָס דאַרף זיך נאָך אַמאָל איבערחזרן, וועלן מיר בלייבן אָן אַ גראָשן.

— זייט נישט אַזוי פּעסימיסטיש, דאָס וועט זיך אפשר נישט איבערחזרן, אָבער פון דעסטוועגן האָט איר נאָך זיכער אַ ביסל געלט, נישט אמת? — קיינער זאָגט נישט אַרויס קיין וואָרט. — איך פרעג אייך נישט צוליב ניי־געריקייט. איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז ווי ס׳זאָל נישט זיין איז מיין הויז אייערס. איך זאָרג בלויז וועגן אייער זיכערקייט. איר האָט געזען מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן. פון אַזעלכע פאַרשוינען קען מען זיך בלויז ראַטעווען מיט געלט.

— מיר האָבן נאָך אַ ביסל געלט, פּאַניע וואַלינסקי, זאָגט זשאַק.

דער פריינדלעכער שמייכל פון אונדזער גאַסטגעבער באַוויַזט זיך צוריק.

— איך בין געווען זיכער אין דעם, געלויבט איז גאָט.

נאָך זיין אַוועקגיין האַלטן אָן שטילע געשפּרעכן צווישן די קליינע גרופּ־קעלעך. יעטוועדער באַטראַכט די שאַנסן, וואָס ער האָט צו געפינען אָן אַנדער באַהעלטעניש.

מיר זענען שוין געלעגן, ווען זשאַק האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל דיך נישט לאָזן.

— זיי נישט לעכערלעך, זאָג איך, איך וועל זיך אָן עצה געבן מיט דער מאַמען. איך וועל זיך אפשר לייכטער אָן עצה געבן אָן דיר.

— און פּאַפּירן?

— מען קריגט נאָך פאַר געלט פאַלשע פּאַפּירן, ניין?

— אַליין וועט דיר נישט געלינגען זיי צו באַקומען.

— מען וועט מיר העלפן, זאָרג זיך נישט פאַר מיר.

נאָך אַ שטילשווייגן, זאָגט מיר זשאַק מיט אַ הכנעהדיקער שטים:

— דו מיינסט, אַז ער וועט דיר העלפן?

— איך בין זיכער.

— האָסטו באמת צוטרוי צו אים?

— פולן צוטרוי.

איך גיב זיך כמעט נישט אָפּ קיין חשבון פון דעם, וואָס איך זאָג.

— דו דאַרפסט אים מאָרגן זען? פרעגט די מאַמע.

— יאָ.

און די מאַמע פון איר זייט זאָגט:

— דו האָסט צו אים צוטרוי?

— הער, מאַמע, לאָז מיך צורו, לאָמיר שלאָפן.

אונטער מיין האַנט פיל איך ווי זשאַקס אַקסל ציטערט אויף. איך בייג זיך אַריבער איבער אים. ער וויינט שטיל מיטן פּנים קעגן דעם מאַטראַץ און איך געפין גאָרנישט, וואָס אים צו זאָגן, אפילו נישט דאָס מינדסטע וואָרט.

ווי תמיד וועק איך זיך אויף שפּעטער פון די אַנדערע. אין דער פרי באַמי איך זיך צו פאַרלענגערן מיין שלאָף, וואָס ווערט געשטערט דורכן

גערויש פון שטימען. איך לאָז אים נישט אָפּ. איך פאַרמאַך אים מיט זיך אונטער דער קאָלדרע, וואָס כ׳פאַרצי איבער מיין קאָפּ. ווען איך זע, אַז דאָס איז אומזיסט, הייב איך זיך אָן אָנצוטאָן מיט כעס. ווען כ׳טו אָן מיינע הייזעלעך אונטער דער קאָלדרע, פלאַצט די גומקע. מיט אַן אומאָנגענעמען קול רוף איך: „מאַמע״. אַן אומהיימלעכע שטילקייט ענטפערט מיר. איך קוק אַרום זיך. די מאַמע איז נישטאָ אין צימער. אפשר איז זי אין באַדצימער, וואָס מען לאָזט צו אונדזער געברויך. אָבער פאַר וואָס די שטילקייט? איך פרעג זשאַקן:

— ווּ איז די מאַמע?

ער קומט צו און דערלאַנגט מיר אַן אַ וואָרט אַ שטיקל פּאַפּיר. איך לייען, איך לייען עס איבער אַ פּאָר מאָל, כסדר די זעלבע ווערטער: „איך האָב באַשלאָסן צוריקצוגיין צו דיין טאַטן. איך בין אַן אַלטע פרוי און אַ גרויסע לאַסט פאַר די אַנדערע און פאַר דיר. ווען דו וועסט היינט אַרויסגיין, טעלעפאָניר אויפן נומער, וואָס דו קענסט, מיר וועלן דאָרט זיין״.

מען לייגט דיך אַוועק אויפן אָפּעראַציע־טיש. מען פאַרשלעפערט דיך און מען שניידט דיר אָפּ אַ גליד. ווען מען וועקט דיך אויף, בלייבט בלויז דער ווייטאָג, דער ווייטאָג וואָס פאַרגרעסערט זיך. איך טו זיך ווייטער אָן מיט די באַוועגונגען פון אַלע טעג. זשאַקס מוטער גייט צו צו מיר.

— איך האָב געזען אייער מאַמען נישטערן אין אייערע וואַליזעס, היינט גאָר פרי. כ׳האָב זי געפרעגט וואָס זי טוט. זי האָט מיר געזאָגט: „איך מאַך אָרדענונג. איך קען נישט שלאָפן, איז בעסער, אַז איך באַשעפטיק זיך מיט עפּעס״. וואַלינסקי ווייס מסתמא נישט, אַז זי איז אַוועק. דאָס וועט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק. מען וועט אים דאַרפן זאָגן, אַז זי איז אַרויס אַ ביסל שפּאַצירן.

איך לייג אַוועק אונדזערע מאַטראַצן איינעם אויפן צווייטן און רוק זיי צו דער וואַנט. איך זעץ זיך אַוועק. מיינע שוויגער־עלטערן קומען צו צו מיר. אַ ווײַלע בלייבן זיי שטיל. זייער שוויגן האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. מיין שוויגער זאָגט:

— איך מיין, אַז דיין מאַמע איז געווען גערעכט, וואָס זי איז צוריק אַריין אין געטאָ. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס עס איז איר געבליבן צו טאָן.

— פאַר וואָס? ווייל אייער תכשיט האָט באַשלאָסן, אַז ער האָט נישט מער קיין געלט פאַר מיר און מיין מאַמען? איך האָף אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג און ער וועט באַשליסן דאָס זעלבע פאַר אייך. צוליב אייך איז זי אַוועק, אָבער אין גיכן וועט איר האָבן איר גורל.

— מען איז אפשר פיל זיכערער דאָרטן ווי דאָ, רופט זיך אָפּ מיין שווער.

— אויב אַזוי, טאָ פאַר וואָס גייט איר נישט צוריק אַהין?

— שטעל דיר פאָר, אַז איך טראַכט דערפון זינט נעכטן.

— דו ביסט משוגע, שרייט אויס מיין שוויגער, גראָד אין דער צייט ווען אַלע ווייסן, אַז זיי גייען ליקווידירן דעם געטאָ.

איך צעלאַך זיך.

— וואָס קען עס אַרן, אַז אַנדערע וועלן פּגרן, דער עיקר איז דאָך צו ראַטעווען די אייגענע הויט, צוזאַמען מיט דער משפחה.

זשאַק נעמט מיין האַנט, אָבער איך שטופּ אים אָפּ. איך דריי זיך אויס צו אים:

— דעם טאָג, ווען מיינע עלטערן וועלן דערהרגעט ווערן, וועלן, האָף איך, אויך דיינע פּגרן.

ס׳זעט אויס ווי מיין שווער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, דאָס וואָס איך זאָג. ער קוקט מיך אָן מיט אויגן פון אַ געשלאָגענעם הונט. זיין פרוי אָבער טוט זיך אין גאַנצן אַ גלייך אויס. איר פּנים איז צעפלאַמט.

— זי דערלויבט זיך צו פיל. קום.

זשאַק בלייבט אַליין לעבן מיר. דאָס קליינע ייִנגעלע קומט צו און ציט מיך פאַרן קלייד. איך לייג אַוועק מיין האַנט אויף זיין קאָפּ. אין דעם מאָמענט רופט אים זיין מאַמע מיט אַן אומגעדולדיקער שטים. דאָס קינד רירט זיך נישט.

— קום שוין אַהער, כ׳האָב נישט ליב ווען דו שלעפּסט זיך אַרום מיט אַבי וועמען.

מיין מאַן מאַכט אַ באַוועגונג.

— לאָז אָפּ, זאָג איך אים, ענטפער נישט. זיי האָבן איצט מורא פאַר מיר.

און ס׳קומט אַריין פאַני וואָלינסקאַ מיט איר צעעפנטן שלאַפראָק. זי גייט צו גלייך צו מיר.

— ווו איז אייער מאַמע ?

— זי איז אַנטלאָפן.

— וווהין ?

— איך ווייס נישט.

— ווי אַזוי ? אַוועק און אונדז נישט אָנגעזאָגט ? דאָס איז אומדערלאָזבאַר.

— דאָס איז נישט וויכטיק, מאַדאַם, זי האָט נישט געהאַט קיין גראָשן.

— זי איז אַוועק אַזוי זיך, אָן געלט ?

— אַזוי זיך.

— אָבער דאָך פאַר וואָס ?

— מיר האָבן זיך צעקריגט.

— אָ, אַזוי, צוליב דעם, זאָגט זי אַ באַרויקטע און זי גיט צו :

— איר דערלויבט זיך דאָך צו פיל, איר אַלע דאָ, מ׳וועט דאַרפן מאַכן דערצו אַ סוף. איר וועט אונדז באַלד קריכן אויפן קאָפּ.

אַ ביסל שפּעטער קומט אָן סאַם. ער גיט אונדז צו וויסן, אַז ער האָט געפונען אַ באַהעלטעניש פאַר זיינע עלטערן אין וואַרשע גופא. וואָס שייך זשאַקן, איז מען גרייט אים אויסצובאַהאַלטן אין דעם הויז אין דער פאָרשטאָט וועגן וועלכן ער האָט גערעדט. נאָר מיט איין באַדינג, ס׳זאָלן צו אים נישט קומען קיין וויזיטן. דער בעל הבית איז מיסטרויאיש און ער וויל נישט, אַז מען זאָל קומען זען זיינע פּאַנסיאָנערן.

— ס׳איז זייער גוט אַזוי, זאָגט מיין שוויגער און וואַרפט מיר צו אַ בייזן בליק.

איצט זע איך אויף ווי ווייט מיר זענען געוואָרן באַזיגט. ווו איז די פשוטע, יושרדיקע און גוטע פרוי, וואָס זשאַקס מוטער איז געווען פאַר דער מלחמה ? און איך ? ווער האָט אַריינגעלייגט אין מיין מויל אָט די ווערטער פול מיט שנאה, וואָס כ׳האָב נאָר וואָס אַרויסגעבראַכט פאַר מיין מאַנס עלטערן.

— כ׳וועל נישט גיין, זאָגט זשאַק. נישט אונטער דעם באַדינג.

— מען מוז, זאָג איך, כאָטש אויף אַ געוויסע צייט.

איצט, ווען אַלץ איז שוין באַשלאָסן, האָב איך ווידער מורא. אויף וועמען וועט ער דאַרטן פאַלן ? אויף אַזאַ מנוול ווי וואַלינסקי ? ניין, זיכער נישט, ער באַהאַלט דאָך אויס ביי זיך יידן שוין צוויי יאָר און קיין שום בייז איז

זיי נישט געשען, און דאָס וואָס ער דערלויבט נישט קיין וויזיטן, איז אַ סימן, אַז מ׳קען האָבן צוטרוי צו אים.

— נו, לאָמיר נישט פאַרלירן קיין צייט, זאָגט סאָם. איך נעם שוין מיט מיט מיר דעם טאַטן און די מאַמען. דיך וועל איך קומען נעמען אין אָוונט.

— היינט ? זאָגט זשאַק אַ בלאַסער.

— ס׳לוינט דאָ נישט צו בלייבן און וואַרטן זיי זאָלן ביי אונדז אויספּרעסן נאָך געלט.

ער באַמערקט אפילו נישט, אַז די מאַמע איז נישטאָ. פאַרן אַוועקגיין קושט מיך דער שווער לאַנג נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. די שוויגער נעמט מיך קושן און גיט מיר דערביי עצות. מען פרעגט מיך נישט וואָס איך וועל טאָן. איך רעכן אויף מאַריאַנען, אָבער זיי ווייסן עס נישט.

נאָך מיטאָג גיי איך זיך טרעפן מיט מאַריאַנען. פאַר דעם טיי־סאַלאָן איז קיינער נישטאָ. איך וואַרט אַ פערטל שעה, דערנאָך גיי איך אַריין. אפשר געפינט ער זיך אינעווייניק. אין זאַל געפינט זיך בלויז איין עלטערער מאַן, וואָס זופּט לאַנגווייליק זיין טיי. איך גיי צו צום טישל, ביי וועלכן מיר זיצן געוויינלעך. די קעלנערין טוט צו מיר אַ שמייכל.

— דער הער האָט זיך היינט פאַרשפּעטיקט, זאָגט זי. צי דאַרף איך אייך גלייך סערווירן ?

— איך וואָלט פריער וועלן טעלעפאָנירן. אויב ער קומט, זאָגט אים, אַז ער זאָל וואַרטן אויף מיר.

אין דער טעלעפאָן־קאַבינע שטיי איך אַ ווײַלע אַ צערודערטע. כ׳דערמאָן זיך נישט דעם טעלעפאָן־נומער. איך באַמי זיך צו זיין רויִק און מיין פינגער געפינט פון זיך אַליין דעם נומער אויפן ציפער־רעדל. דאָס מאָל דאַרף איך נישט וואַרטן. „זיי זענען דאָ״, זאָגט מיר דער מאַן, וואָס ענטפערט. און גלייך דערנאָך הער איך אַ מילד קול.

— האַלאָ...

— דאָס ביסטו, מאַמע ?

— אַלץ איז ווי אַמבעסטן. מיר זענען צוזאַמען. און דו ?

— פאַר מיר איז אַלץ דערליידיקט. באַאומרויִק זיך נישט, היינט אָוונט וועל איך האָבן די פּאַפּירן און מאָרגן אַ צימער.

— אַ דאַנק אים ?

— יאָ, ער פאַרנעמט זיך מיט אַלעם.

— זיי פאָרזיכטיק, מיין קינד, ביסט אַזוי יונג.

איך גיב איר איבער דאָס וואָס עס איז געוואָרן דערליידיקט פאַר זשאַקן און פאַר זיינע עלטערן. און דערנאָך גיב איך אַ זאָג:

— מאַמע, אפשר זאָל איך קומען צו אייך ?

— קיין מאָל נישט. כ׳וועל עס נישט דערלויבן.

— פאַר וואָס ?

— ווייל... דאַן וועסטו ענדגילטיק זיין צעשיידט פון זשאַקן.

איך באַהערש זיך מער נישט און הייב אָן צו וויינען.

— מאַמע, פאַר וואָס ביסטו אַוועק ?

זי ענטפערט נישט. דערנאָך הער איך דאָס קול פון מיין טאַטן.

— וואָס איז געשען, פאַר וואָס וויינט די מאַמע ?

— אַלץ איז אין אָרדענונג, אין אָרדענונג.

— טאָ פאַר וואָס וויינט איר ביידע ?

די מאַמע נעמט צוריק דאָס טרייבל. איר קול איז רויִק.

— דער מאַן...

— ער איז ערלעך, זאָג איך אַ הייטערע, אַבסאָלוט נישט פאַראינטערע־סירט. צי איז עס דען אומגלייבלעך נאָך צו טרעפן אויף דער ערד אַן אָרנטלעכן מענטשן ?

— איך ווייס נישט... איך האָב אַזוי מורא פאַר דיר.

— אויב אַזוי, האָסטו מיך נישט באַדאַרפט פאַרלאָזן. איך געפין צוריק מיט איין מאָל מיין גאַנצע שלעכטקייט.

— אָבער איך האָב דאָך שוין מער גאָרנישט געקאָנט טאָן פאַר דיר... צי וועסטו באַווייזן זיך אַן עצה געבן ?

— מיט פאַלשע פאַפירן בין איך רויִק ביזן סוף פון דער מלחמה, אָבער איר ?

— אונדז איז דאָ זייער גוט, דאָ איז אַלץ רויִק.

מיר שוויגן, ביידע זוכן מיר אומזיסט, וואָס מיר קענען נאָך געפינען, כדי זיך קעגנזייטיק צו באַרויִקן. דאַן זאָג איך:

— איך וועל דיר טעלעפאָנירן אין אַ פּאָר טעג אַרום.

— ווען? ס׳וועט זיין בעסער מיר זאָלן זיין.

— לאָמיר זאָגן, איבעראַכטאָג דינסטיק, אין דער זעלבער צייט.

— גוט, דינסטיק, מיין קינד, און איר קול פאַרהאַקט זיך ווידער.

איך הענג אויף דאָס טרייבל. אַזוי ווי דאָס ערשטע מאָל גיי איך אַריין אין וואַשצימער אָפּצוּוואַשן מיין פּנים. אַרויסגייענדיק, שטויס איך זיך אָן אויף דער קעלנערקע.

— דער הער איז נישטאָ. צי דאַרף איך איך סערווירן דעם טיי?

— ניין זאָג איך, אַן אַנדער מאָל.

— ער קען נאָך קומען.

— ניין, איך וועל גיין. מיר דאַכט זיך, אַז כ׳האָב זיך טועה געווען מיטן טאָג.

זי מאַכט דעם אָנשטעל, ווי זי וואָלט מיר געגלייבט.

— דאָס טרעפט, זאָגט זי.

אין זאַל זיצט אַ מאַן לעבן אַ פרוי. ער איז אויסגעדרייט מיטן רוקן צו מיר, און אפשר איז עס ער. איך דערנענטער זיך, כדי צו זען זיין פּראָפיל. קלאָר, עס איז נישט ער. איך גיי שנעל אַרויס. אויף דער גאַס זוכן נאָך מיינע אויגן רעכטס, לינקס, אומזיסט. גייענדיק, זאָג איך צו זיך: מיין מאַמע האָט גוט געטאָן, וואָס זי איז צוריקגעגאַנגען אין געטאָ. איך וואָלט גאָרנישט געקענט טאָן פאַר איר. זשאַק וועט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ זיכער אָרט. און איך בין פריי. איך דאַרף זיך מער נישט באַאומרויִקן פאַר קיינעם. כ׳נעם גיין פאַמעלעכער. זשאַק דאַרף נישט באַמערקן, אַז כ׳קום צוריק אַ סך פריִער ווי אַלע מאָל. מיינע אויגן האַלטן נאָך מעכאַניש אין איין זוכן.

ביי וואָלינסקין וואַרט אויף מיר זשאַק, זיצנדיק אויף זיין וואַליזע. ער איז גרייט. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר וועלן האָבן אַ מענגע זאַכן זיך צו זאָגן, איידער מיר צעשיידן זיך. אָבער נאָך דעם ווי כ׳האָב אים דערציילט די קליינע געשיכטע, וואָס איך האָב צוגעטראַכט, בלייבן מירביידע זיצן, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. איך פיל זיך כמעט דערלייכטערט, ווען מיין שוואָגער קומט. ער גיט מיר דעם נייעם אַדרעס פון זשאַקן און אויך זיינעם. ער גיט צו:

— ס׳וועט זיין בעסער, דו זאָלסט נישט קומען צו מיר. מיר וועלן זיך באַשטימען אַ ראַנדעוווּ ערגעץ ווו.

איך לייג אים פאָר אַ ראַנדעוווּ אויף מאָרגן. סאַם ווייזט נישט אַרויס דעם מינדעסטן ענטוזיאַזם. אָבער איך שטיי צו, ווייל ער דאַרף באַגלייטן זשאַקן ביזן הויז פון יאַן קוזמאַ. — דאָס איז דער נאָמען פון מאַן, אין וועמעס הענט מ׳גיט איבער דאָס לעבן פון מיין מאַן.

מיר געזעגענען זיך מיט די אַנדערע. מ׳דריקט זיך די הענט גלייכגילטיק. מ׳ווינטשט זיך „אַלדאָס־גוטס" מיט אַ האַלב מויל. אין קאָרידאָר דריקט מיך זשאַק צו צו זיך. איך נוץ עס אויס, כדי אַריינצוגליטשן אין טאַש פון זיין מאַנטל כמעט דאָס גאַנצע געלט, וואָס כ׳האָב ביי זיך. איך הער ווי ער שושקעט מיר אַריין אין אויער די אומפאַרמיידלעכע ווערטער: „גיב גוט אַכטונג אויף זיך". איך זאָג צו אים דאָס זעלבע און מיר צעשיידן זיך. וואָלינסקי און זיין פרוי זענען ביידע נישטאָ, און דאָס אַרויסגיין קומט פאָר אָן קיין שום שטערונג. אַזוי ווי ס׳איז געוואָרן אָפּגערעדט, וואַרט איך אַף עטלעכע מינוט איידער איך גיי אַרויס. פון צימער דערגייען צו מיר די שטימען פון די פאַרבליבענע און כ׳זאָג צו זיך, אַז דאָס זענען פּריווילעגירטע נפשות. ווען איך פאַרמאַך די טיר הינטער זיך, טיילט זיך אָפּ פון מיר אַ צייט־אָפּשניט פון מיין לעבן, אַזוי ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט עקזיסטירט.

מיין האַנט, וואָס ווערט געצויגן צו דער ערד, ווערט אַנגעשוואָלן. זי האָט אָנגענומען די פאָרעם פון אַ שווערער און ווייטיקלעכער וואַליזע. איך מוז פון איר פּטור ווערן. לאַנג וועל איך אַזוי נישט קענען גיין. דער אָוונט פאַלט צו, די געשעפטן פאַרמאַכן זיך. קומט מיר אַ געדאַנק צו לאָזן מיין וואַליזע ביי דער קעלנערין פון דעם טיי־סאַלאָן. אויסער איר קען איך קיינעם נישט.

איך דריי זיך אַריין אין ראָג פון דער גאַס און זע פון דער ווייטנס ווי זי לאָזט שוין אַרונטער די זשאַלוזעס. איך רוף זי.

— אָ, דאָס זענט איר, זאָגט זי צו מיר. ער איז נישט געקומען.

— צי קען איך לאָזן מיין וואַליזע ביז מאָרגן?

— פאַר וואָס נישט? ענטפערט זי, איך וואַרט ביז זי לאָזט אין גאַנצן אַרונטער די זשאַלוזע און איך פרעג נאָך אַמאָל:

— צי ווילט איר מיר האַלטן די וואַליזע ביז מאָרגן?

— וואָס איז אין איר פֿאַראַן? פֿרעגט זי מיט פֿאַרדאַכט.

— וועש, קליידער. איר קענט זען.

— גוט, איר וועט קומען זי אָפּנעמען מאָרגן.

איך דאַנק איר און גיב איר אַ גרויסן טייל פֿון קליינגעלט, וואָס איז מיר פֿאַרבליבן.

די כמעט ליידיקע גאַסן הילכן אָפּ אונטער די טריט פֿון די זעלטענע פֿאַרשפּעטיקטע דורכגייער. איך טו אַ קוק אויף מיין זייגער: ס׳איז אַ פֿערטל פֿאַר ניין. בלויז אַ פּאָר מינוט פֿאַר דער צוואַנגס־שעה. אַ דייטשער פּאַטראָל גייט אַדורך. דער אונטער־אָפֿיציר בילט: „שנעל, שנעל".

איך הייב אָן צו לויפֿן. איך זע אַן אָפֿן טויער און גיי אַריין אין פֿאָדער־הויף. דער סטרוזש טוט זיך אַ שטעל פֿאַר מיר.

— איר וווינט דאָ?

איך דריי זיך אויס און אַנטלויף. זידלווערטער שלאָגן זיך אָפּ אָן מיין רוקן. פֿון ביידע זייטן גאַס זענען די טויערן שוין פֿאַרמאַכט, אָדער האַלטן זיך אין פֿאַרמאַכן. מיר דאַכט זיך, אַז זיי פֿאַרמאַכן זיך ווי נאָר איך דער־נענטער זיך צו זיי. אויף איין מאָל שטעל איך זיך אָפּ. שוין אַ שטיקל צייט ווי כ׳האָב לויפֿנדיק געהאַט פֿאַר מיינע אויגן דאָס בילד פֿון אַן אָפֿענער טיר. איך גיי צוריק. יאָ, דאָ איז עס. אַ ברייטער טונקעלער פּירעק. איך וואַרף זיך אין אים אַריין. גאָר וווייט פֿאַר מיר שיינט אַ רויטע ליכט. דאָס קלאַפּן פֿון מיין האַרץ פֿילט אויס די שטילקייט. איך וואַרט אָפּ, עס זאָל זיך באַ־רויִקן און נעם זיך גיין אין דער ריכטונג פֿון דעם ליכט, וואָס בלוטיקט אין דער פֿינצטערניש. דער מאָדנער קלאַנג פֿון מיינע טריט, דער קוים פֿיל־באַרער ריח וואָס שוועבט אין דער לופֿט, דער איינדרוק, אַז מען טראָגט אויף די פּלייצעס די גאַנצע לאַסט פֿון אַרום, גיבן מיר צו פֿאַרשטיין ווו איך בין. רעכטס און לינקס באַמערק איך קוים־קוים די קאָלאָנעס. און איך דערמאָן זיך פּלוצעם די אָפֿענע טיר צו דער גאַס צו, ווו עס גייען פֿאַרביי דייטשע פּאַטראָלן. אַ ליכטיקער פּונקט נידערט אַרונטער צו מיר, קומט מיר אַנטקעגן. ער שאָקלט זיך פֿאַמעלעך און די נאַכט באַוועגט זיך. איך פֿאַררוק זיך אין אַ זייט. איך קריך אַריין צווישן צוויי בענק און קורטשע זיך איין, כ׳זע ווי איבער מיר, אויף דער וואַנט, באַווייזט זיך קריסטוס, איינגעבויגן

אונטערן קרייץ און פּנימער מיט בערד, מיט גרויסע אויגן און צעעפנטע מיילער... זיי באַוועגן זיך שפּרינגענדיק, פאַרשווינדן פּלוצעם אין דער פינצ־טערניש, באַווייזן זיך ווידער אין זעלבן ריטעם וואָס דער מענטש, וועלכער דערנענטערט זיך און שאָקלט מיט אַ לאַמטער. ער גייט פאַרב פאַר מיר. אַ פּייל פון ליכט רירט אָן מיינע אויגן אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע. דערנאָך דערהער איך ווי ס׳ווערט צוגעמאַכט די טיר. לאַנג קלינגען אָפּ אין דער נאַווע פייערלעכע עכאָס. דער מאַן קומט צוריק. קריסטוס און זיינע באַגליי־טערס הייבן ווידער אָן צו טאַנצן אויף דער וואַנט. ווען דאָס ליכט פאַלט אויף זיי, פאַרמאַך איך די אויגן.

איך וואַרט אָפּ אַ פּאָר מינוט און נעם גיין אין דער ריכטונג פון דער רויטער לאָמפּ. די סטאַטועס פון די הייליקע הייבן זיך אַרויס פון שאָטן ווי פאַרבלוטיקטע מתים. אַ טייל פון זיי באַווייזן זיך בלויז שטיקלעכווייז, צעשעדיקטע, ביי איינעם פעלט אַ קאָפּ, ביי אַ צווייטן אַ האַנט, ביי אַ דריטן די פיס — אַזוי שווימען זיי אין דער נאַכט. איך זעץ זיך אויף אַ טרעפּ, צופוסנס פונעם אַלטאַר. מיין האַנט פאַרהאַלט זיך אויף דער ווייכקייט פון אַ טעפּיך.

כ׳וועק זיך אויף איינגעוויקלט אין אַ גרויסן רויטן טעפּיך. דער טאָג, וואָס וועקט זיך, שניידט אויס קאָלירטע פיגורן אויף די וויטראַזשן. איך גיי אַרונטער די טרעפּלעך און באַהאַלט זיך הינטער אַ קאָנפעסיאָנאַל. אַ שעה שפּעטער זע איך ווי דער קירך־שמש שפּרייזט אַדורך די נאַווע. ער עפנט אויף די טיר און פאַרשווינדט אין דרויסן. איך וואַרט נאָך אַ ווײַלע איידער איך זעץ זיך צו אויף אַ באַנק. איך וויל דאָ פאַרבלייבן ביז צען אַזייגער. דערנאָך וועל איך אַרויסגיין און גיין אויפן ראַנדעוווּ מיט מיין שוואָגער. איך פרעג זיך, צי מען קאָנטראָלירט די פּאַפּירן אין אַ קירך. „איירע פּאַפּירן, פּריילין". — „כ׳האָב נישט קיין פּאַפּירן". — „איך באַדויער, איר האָט נישט קיין רעכט דאָ צו פאַרבלייבן, דאָס איז אַן עפנטלעך אָרט, גאָט... גאָט, דאָ איז אַן עפנטלעכער גאָט. אָבער אפשר וואָלט איר זיך געקענט ווענדן צו אַ פּריוואַטן גאָט".

גענוי צען אַ זייגער פאַרלאָז איך די קירך, וואָס איז נאָך אַלץ פּוסט. אין קאַפע, וואָס מיין שוואָגער האָט מיר אָנגעגעבן, סערווירט מען מיר אַ קאָכעדיקן טיי. דערנאָך גיי איך אין וואַשצימער, ווו איך וואַש זיך אַרום

אין געהיים. סאָם קומט אָן מיט גרויס פּאַרשפּעקטיקונג. ער יאָגט זיך זייער.

— פּאַר זשאַקן איז נישטאָ קיין שום שוועריקייט, זאָגט ער. איצט דראָט אים נישט קיין געפּאַר. און דו, צי גייט עס אויף אַ וועג?

— דערווייל — נאָך נישט איבעריק גוט.

— זעלבסטפּאַרשטענדלעך, זאָגט ער, אין אָנפאַנג איז תמיד שווער.

— און דיינע עלטערן?

— נישקשה. זיי זענען גוט באַשטאַט. ביי ערלעכע מענטשן.

— איז אַלץ הייסט עס ווי אַמבעסטן.

ער אַנטשולדיקט זיך, ער האָט אַ וויכטיקן ראַנדעוו.

— שיק מיר דיין אַדרעס, זאָגט ער איידער ער גייט אַוועק.

— פּאַרשטייט זיך. ווי נאָר איך וועל אים האָבן.

זיין גלאָז טיי איז געבליבן אויפן טיש. ער האָט עס נישט אָנגערירט. איך וואַרף אַ בליק אין זאַל, קיינער אָבסערווירט מיך נישט. איך נעם דאָס גלאָז און ליידיק עס אויס מיט איין שלוק. איצט דאַרף איך אָפּפּטרן דעם טאָג. ווי לאַנג וועל איך דאָ קענען פּאַרבלייבן נישט דערוועקנדיק קיין פּאַרדאַכט? איך צייל מיין געלט דיסקרעט. אַ סך קליינגעלט און פיר אָדער פינף גרעבערע מטבעות. דאָס קען מיר קלעקן אויף אַ פּאָר טעג, ווייל דער האָטעל איז בחינם, אָבער מיטן באַדינג נישט צו באַשטעלן קיין סענדוויטשן אין די קאַפעס. נאָר אויב איך באַשטעל גאָרנישט, וועל איך דאַרפן אַוועק פון דאַנען. מיט אַ סענדוויטש קען איך נאָך דאָ בלייבן אַ שעה צייט. ס׳וואָלט זיכער געווען גלייכער צו קויפן ברויט אין אַ בעקעריי און עס עסן גייענדיק. אָבער פון דעסטוועגן איז גאַנץ אָנגענעם צו זיצן אין אַ קאַפע. אַ מאַן זעצט זיך אַוועק ביי אַ שכנותדיקן טישל. לייענענדיק זיין צייטונג, באַשטעלט ער:

— אַ קאַווע און אַ סענדוויטש, פּוטער און קעז.

— באַלד, מיין הער, זאָגט די קעלנערין.

ווען זי גייט פּאַרביי פּאַר מיר זאָג איך:

— דאָס זעלבע פּאַר מיר, ביטע.

פּאַר וואָס האָב איך געזאָגט: דאָס זעלבע? איך האָב נישט ליב קיין קאַווע. כ׳בין שרעקלעך אין כעס. זיכער דערפּאַר, ווייל ס׳איז געווען לייכט צו זאָגן און כ׳האָב געוואָלט וואָס גיכער מאַכן אַ סוף.

די ווייזערס פון מיין זייגערל האָבן זיך קוים געריִרט און פאַר מיר געפינט זיך שוין בלויז אַ ליידיק גלאָז און אַ ליידיק טעלערל. דער מאַן דערנעבן האַלט נאָך אַ האַלבן סענדוויטש אין האַנט. איך זאָג צו מיר, אַז כ'האָב נאָך דאָס רעכט אויף אַ קליינער האַלבער שעה. אַ הויכער, מאָגערער מאַן אָנגעטאָן אין שוואַרצן, באַווייזט זיך פון צייט צו צייט אין אַ טיר אין עק פון זאַל, מסתּמא איז עס דער אייגנטימער. דאָס מאָל פאַרהאַלט ער זיין בליק אויף מיר לענגער. איך רוף צו די קעלנערין כדי צו באַצאָלן. אַרויסגייענדיק, גיי איך פאַרביי דעם מאַן אין שוואַרצן, וואָס לייגט נישט דעם מינדעסטן אַכט אויף מיר. כ'האָב געקענט נאָך אַ ביסל פאַרבלייבן.

אויף דער גאַס גיי איך ווו די אויגן טראָגן מיך. ס'איז נישט גענוג וואַרעם, מ'זאָל זיך קענען אַוועקזעצן אויף אַ באַנק. איך גיי פאַרביי אַ יונגן מאַן מיט אַ שטייפן גאַנג וואָס הייבט אויף הויך זיין קאָפּ מיט אַראָגאַנץ און פאַראַכטונג. אויף די הענט טראָגט ער הענטשקעס און ער הייבט אויף זיינע קני אַזוי הויך, אַז זיין גאַנג ווערט אומנאַטירלעך. אייניקע טריט הינטער אים דרעפּטשעט אַ פרוי מיט קליינע ביט רעגולערע טריט, איינגעוויקלט אין אַ שאַל, וואָס פאַרשטעלט אַ העלפט פון איר פּנים. אירע אויגן באַוועגן זיך אומאויפהערלעך אויף רעכטס און אויף לינקס אַזוי ווי פאַרשפּאַרטע פייגל, וואָס שלאָגן זיך אָן אין די שטאַכעטן פון דער שטייג. בײדע זענען זיי ייִדן. אָ ווי מען דערקענט זיי גוט! אָ ווי לייכט זיי פאַרראַטן זיך! איך שטעל זיך אָפּ און נעם נאָכקוקן דעם מאַן און די פרוי, וואָס באַמִיען זיך אַדורכצוגיין אומבאַמערקטערהייט. איך בין זיכער, אַז מען וועט זיי אַרעסטירן אַ ליאַדע מינוט.

איך קער זיך אום אין דער קירך, כדי זיך אַ ביסל אָפּצורוען. דערנאָך גיי איך צוריק אַרויס. מיין וואַליזע גיט מיר נישט קיין רו. ס'איז שוין צייט, איך זאָל זי גיין אָפּנעמען. אָבער וואָס קען איך טאָן מיט איר? לאָזן זי אויפן וואָקזאַל דאָרט ווי מען גיט אָפּ דאָס האַנט־געפּעק? געפערלעך. דער וואָקזאַל איז אַן אָרט, וואָס ווערט באַוואַכט, פול מיט אַ סך דייטשן. מען פאַרלאַנגט דיינע פאַפּירן אָן אַ שום פאַרוואָס. אפשר וועט די קעלנערין מסכּים זיין זי צו האַלטן נאָך אַ טאָג? און וואָס ווייטער? ווייטער איז מער גאָרנישט. בלויז דער טאָג וואָס מען לעבט, דאָס איז אַלץ.

איך גיי אַריין. כמעט אַלע טישלעך זענען פאַרנומען. איך געפין מיט דאַנקבאַרקייט דאָס באַקאַנטע אָרט, דאָס איינציקע אָרט וואָס פאַרבינדט מיך נאָך מיטן לעבן פון אַ מאָל. די קעלנערין גייט פאַרביי לעבן מיר, האַלטנדיק אַ טאַץ אין דער האַנט.

— ער איז דאָ, שושקעט זי מיר צו אויף אַ שעלמישן אופן.

ער זיצט טאַקע אַ פאַרכמורעטער אין אַ ווינקל. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז כ׳האָב אים שוין פאַרגעסן. אַ פרעמדער. ס׳ווילט זיך מיר אַנטלויפן, אָבער ער דערזעט מיך. נישט אויפשטעלנדיק זיך, גיט ער מיר אַ צייכן מיט דער האַנט. איך גיי צו.

— זעצט אייך.

ער קוקט אויף מיר לאַנג.

— כ׳האָב נעכטן נישט געקענט קומען. כ׳האָב זיך אויסגעלענקט אַ קנעכל. אוממעגלעך צו גיין. אָבער וואָס איז מיט אייך געשען? די קעלנערין האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט דאָ איבערגעלאָזט אַ וואַליזע.

איך ענטפער נישט. רעדן, אויסטראַכטן, ליגן זאָגן, דאָס אַלץ מאַכט צו מיד.

— איך זע, אַז איר האָט נישט קיין צוטרוי צו מיר.

איך פּראָטעסטיר אָן איבערצייגונג.

— הערט, אויב איך וואָלט באַגעגנט אַ טיפּ פון מיין סאָרט, גלייב איך אַז אויך איך וואָלט נישט געהאַט קיין צוטרוי, אָבער ס׳טרעפט, אַז מען מוז אָנקומען צום ערשטן בעסטן.

ער שווייגט אַ ווײַלע און דערנאָך טוט ער האַסטיק אַ זאָג:

— איך פאַרלאַנג נישט פון אייך מיר צו דערציילן אייער לעבן. זאָגט מיר בלויז וואָס עס קומט איצט פאָר מיט אייך.

— פון נעכטן אָן בין איך אויף דער גאַס. איך האָב נישט קיין פּאַפּירן און כמעט נישט קיין געלט.

— ווו האָט איר פאַרבראַכט די נאַכט?

— איר האָט מיך געפרעגט וואָס איז מיט מיר איצט.

— אמת, אַנטשולדיקט מיר.

ער באַשטעלט טיי מיט קיכלעך. איצטער רעדן מיר פון זאַכן, וואָס

האָבן נישט קיין באַדייט. איך זאָג מיר, אַז ער זוכט די געזעלשאַפט פון פרויען צוליב דעם אומרו וואָס זיי רופן אַרויס אין אים, כדי אויפצורייצן זיין פאַנטאַזיע, אַז ער האָט באַזונדערס ליב די פאַרשפּילן. דאָס איבעריקע דאַרף גאָר שנעל אַרויסרופן ביי אים אַ לאַנגווייל. ער דאַרף תּמיד עפּעס נייס. אַן איבערגעזעטיקטער. אָבער מיין פאַל איז זיכער צו קאָמפּליצירט פאַר אים. ער פילט פאַרויס די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס איך קען אים פאַרשאַפן. איך פאַרשטיי אים. כ׳שטעל זיך פאָר ווי איך וואָלט געוועזן אויף זיין פּלאַץ. ער שווייגט און זעט אויס זיך צו פאַרטיפן אין שווערע נאָכ־טראַכטונגען. וואָרשיינלעך זוכט ער אַן אויסוועג, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם אַלעם מיט עלעגאַנץ.

— ס׳לוינט נישט איר זאָלט זיך ברעכן דעם קאָפּ צוליב מיר, זאָג איך.

— די איינציקע פראַגע איז ווו איך צו פאַרשטעקן אין משך פון אַ פּאָר טעג. פינף אָדער זעקס טעג.

— און שפּעטער ?

— שפּעטער, וועט מער נישט זיין קיין פּראָבלעם. אַן פּאַפּירן קען איך אייך אין ערגעץ נישט אַריינפירן, און מ׳דאַרף אַמווייניקסטן פינף טעג, כדי זיי אייך צו באַזאָרגן. דאָס וואָס קאָמפּליצירט די זאַך איז, אַז ס׳איז מיר אוממעגלעך אייך צו נעמען צו מיר אַהיים. זעט איר, איך בין אַ שלעכטער מאַן און מיין פרוי האָט נישט, און מיט רעכט, דעם מינדעסטן צוטרוי צו מיר.

— זאָרגט אייך נישט צופיל, זאָג איך. איך קען זיך זייער גוט אַן עצה געבן אין משך פון די פינף טעג.

— וואָס וועט איר טאָן אין די נעכט ?

— דאָס וואָס כ׳האָב געטאָן פאַריקע נאַכט.

— איך וויל וויסן ווו איר וועט פאַרברענגען די נעכט. איך וועל זיך פאַרנעמען מיט אייערע פּאַפּירן, אָבער איך האָב נישט קיין חשק עס צו מאַכן אומזיסט. איך וויל זיין זיכער, אַז איר שטעלט זיך נישט אויס אויף קיין שום געפאַר.

— איך ריזיקיר מיט גאָרנישט.

— דערלויבט מיר זיך אַליין צו איבערצייגן אין דעם.

איך שמייכל, דער הער באַוויזט זיין אויטאָריטעט.

— איך בין געשלאָפן אין אַ קירך.

— אַוווּ ?

— אין אַ קירך, חזר איך איבער, שמייכלענדיק.

— נישט איצט איז דער מאָמענט צו חוזקן.

— איך חוזק נישט.

און איך גיב אים איינצלהייטן וועגן דעם, ווי אַזוי איך האָב פאַרבראַכט די לעצטע נאַכט. איך גיב אַפילו דעם אַדרעס פון דער קירך. ער שווייגט און איך נוץ אויס זיין שווייגן און עס אויף אַ קיכעלע. ענדלעך איז פאַראַן עמעצער, וואָס ברענגט זיך דעם קאַפּ פאַר מיר. און אויב ער וויל, איך זאָל געבן דערפאַר דעם געהעריקן פּרייז, ווען כ׳וועל שוין האָבן די פאַלשע פּאַפּירן, וועל איך נאָך אַלץ קענען נעלם ווערן פון אים.

— צי קען איך קריגן נאָך אַ גלאָז טיי ? פרעג איך אויף אַן אומשולדיקן אופן.

— זיכער. אַנטשולדיקט מיר. איך האַלט אין טראַכטן, איר קענט זיך אַהין נישט אומקערן.

— אָבער דאָך. דאָרטן איז גאָר נישט שלעכט.

— איר פאַרמאָגט די קונסט צו זיין אומדערטרעגלעך. איר פאַרמאָגט אַ סך גאווה און עקשנות. הערט אויף צו לאַכן. דאָס איז נישט קיין שפּילכל. נאָר אפשר איז עס צו פיל פון אייך צו פאַרלאַנגען איר זאָלט זיך אָפּגעבן אַ חשבון.

איך מיין, אַז ער נעמט זייער ערנסט די ראָל פון אַ באַשיצער. נו, איז אַוודאי גוט. די קעלנערין, וואָס דערלאַנגט מיר דעם טיי, גיט צו מיר אַ צווייידייטיקן פינטל מיטן אויג. איך פיל זיך אין אַ זעלטן גוטער שטימונג.

— ווילט איר אַזוי גוט זיין און ברענגען די וואַליזע פון דער פריילין ?

— תיכף, מיין הער.

איך פרעג גאָרנישט. נאָך וואָס ? ס׳איז דאָך אַ סך אָנגענעמער זיך צו לאָזן פירן. די קעלנערין קומט צוריק מיט דער וואַליזע און ער באַצאָלט דעם חשבון.

— קומט, זאָגט ער.

ער הינקט אונטער מיט דער וואַליזע אין האַנט.

— גיט זי מיר, זאָג איך.

— עס מאַכט נישט, — כ׳וואָלט געדאַרפט צושטיין, אָבער כ׳טו עס נישט.

— איצט, הערט מיך אויס: ס׳געפעלט מיר נישט זייער איך צו לאָזן דאָרט, ווו איך וועל איך פירן, אָבער איך האָב נישט געפונען עפּעס בעסערס, דאָס איז אַ... ווי זאָל איך עס אייך זאָגן? דאָס איז...

איך הער אים קוים. איך בין צופרידן, אַז כ׳קען עמעצן נאָכגיין. ער באַמערקט עס און ווערט אין כעס.

— צי האָט איר בדעה מיך צו הערן?

— אַוודאי. איך הער אייך.

— איך בין געצוווּנגען אייך צו פירן אין אַ ראַנדעוווּ־הייזל.

— אין אַ ראַנדעוווּ־הייזל, חזר איך איבער גלייכגילטיק, פּשוט כּדי אים צו ווייזן, אַז איך הער אים.

— איך קען זייער גוט די באַלעבאָסטע. דאָרט וועט איר זיין רויִק. איך וועל אייך אַריינזעצן אין אַ צימער און מאָרגן אין דער פרי וועל איך אייך קומען זען. מען וועט נישט האָבן דעם מינדעסטן פאַרדאַכט. ס׳טרעפט. ס׳האָט געטראָפן, אַז איך האָב דאָרט אַהין געבראַכט פרויען... איך באַדויער זייער וואָס כ׳לאָז אייך שפּילן אַזאַ ראָל.

— אַבי איך זאָל קענען רויִק שלאָפן. די ראָם האָט פאַר מיר נישט קיין באַדייט. איך פאַרזיכער אייך.

— איר וועט רויִק שלאָפן.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער גייען מיר אַריין אין אַ שיין הויז, ווו די טרעפּ זענען באַדעקט מיט לויפערס און די ווענט מיט שפּיגלען.

— דאָס איז אויפן צווייטן שטאָק, זאָגט מיין באַגלייטער, אַ זייער גרויסע דירה. מען פאַרדינגט צימערן בלויז פאַר שטאַמגעסט. ער קלינגט דריי מאָל.

— איר וועט זען, אַלץ וועט זיין ווי אַמבעסטן.

די טיר עפנט זיך און אַ הויכע שלאַנקע פרוי שטייט אַנטקעגן אונדז. גרויע האָר נעמען אַרום אַן אָפּגעצערט פּנים ווי פון אַן אַלטער לערערין, וואָס צעלייכט זיך מיט אַ שמייכל דערזעענדיק מאַריאַנען. זי באַווייזט צייכן פון אַ בלענדנדיקער ווייסקייט. קוקנדיק אויף איר ציכטיקער קליידונג, פיל איך ווי ברודיק און פאַרנאַכלעסיקט איך בין.

— טייערער הער, זאָגט זי, קומט אַריין, ביטע. איך האָב געמיינט, אַז איר האָט שוין פאַרגעסן אייער אַלטע פריינדין. דאָס פרייליין קומט זיכער פון דער פראָווינץ?

— איידער איך וועל זי אינסטאַלירן, וועל איך זיין גליקלעך, ווען זי וועט קענען ביי אייך בלייבן עטלעכע טעג.

זי וואַרפט אויף מיר אַ שאַרפן בליק.

— אָ, מיין גאָט, ווי ליבלעך זי איז. האָט נישט קיין מורא, מיר וועלן זי אייך אָפּהיטן.

מיינע אויגן קענען זיך נישט אָפּרייסן פון אירע פיס, פון אַ זעלטענער לענג, וואָס שטעקן אין פאַנטאָפל פון אַ בלוטיקן רויט. מיטן פינגער הייבט זי אונטער מיין גאָמבע.

— אַזאַ גרויס מיידל און אַזאַ שעמעוודיקס, זאָגט זי.

— זי איז דער עיקר זייער פאַרמאַטערט.

— איך האָב גראָד גרייט אַ צימער. איר קענט עס, דאָס וואָס געפינט זיך לעבן דעם באָדצימער. ווייזט עס דער קליינער, מיין טייערער הער, און קומט צו מיר שפּעטער אַריין אין סאַלאָן. מיר וועלן אויסטרינקען צוזאַמען אַ גלעזל.

מאַריאַן פאַרמאַכט די טיר פון צימער, שטעלט אַוועק די וואַליזע און ווענדט זיך צו מיר:

— נו, ס׳איז דערליידיקט. איצט נעמט אַ באָד און לייגט זיך שלאָפן. איך דאַרף גיין זען די אַלטע, זי איז שרעקלעך נייגיריק זיך צו דערוויסן איינצלהייטן. איך וועל איר זאָגן, אַז איר זענט אַנטלאָפן פון דער היים, כדי צו זיין מיט מיר.

— איך האָף אַז איר וועט האָבן גענוג פאַנטאַזיע, כדי אויפצובויען דעם ראָמאַן.

ער ענטפערט מיר נישט און דערנאָך זאָגט ער:

— איר וועט מסתמא אַדורכמאַכן אַ בעסערע נאַכט ווי די פאַרגאַנגענע. די סביבה איז פאַרשטייט זיך נישט די זעלבע, אָבער דאָ איז פאַראַן אַ בעט.

דאַן פאַרלאָזט ער מיך.

נאָך דעם ווי כ׳האָב גענומען אַ באָד, אין וועלכער כ׳בין געזעסן וואָס

לענגער, נעם איך אַרויס פון מיין וואַליזע אַ נאַכטהעמד, וואָס שטאַמט נאָך פון פאַר דער מלחמה, איינע פון די זיידענע נאַכטהעמדער, מיט שפּיצן, וואָס מאַכן חלומען יונגע מיידלעך. עס פּאַסט זיך זייער גוט צו דעם אָרט, און ווערלכן כ׳געפין זיך. אין באַרירונג מיט די קאַלטע ליילעכער, פיל איך ווי די מידקייט פּאַרלאָזט מיין קערפּער און וויקלט זיך אַרום מיינע פיס אַזוי ווי אַ קאַץ, וואָס קאַרטשעט זיך צונויף ווי אַ קנויל. ווען כ׳האַלט שוין אין איינשלאָפן אין דעם בעט, וואָס איז געוואָרן מיינס, קלאַפּט מען אין טיר. מאַריאַן קומט אַריין מיט אַ טאַץ אין די הענט.

— מען דאַרף עסן, זאָגט ער.

און ער שטעלט אַוועק די טאַץ אויף מיינע קני. איצט גיב איך זיך אָפּ אַ רעכענונג, ווי הונגעריק איך בין. מאַריאַן זיצט אין פאָטעל און קוקט זיך צו צו מיר. איך הייב אויף אַ בעכער און טראָג אים צו צו מיינע ליפּן.

— דאָס איז שאַמפּאַניער, זאָגט ער. מיר האָבן איך איבערגעלאָזט אייער חלק.

ס׳קומען מיר אויפן זין די אַלע מעשיות, וואָס מען דערציילט וועגן מענער, וואָס טוען אַריין נאַרקאָטיקס אין געטראַנק, כדי לייכטער צו באַזיגן אַ פרוי. איך וואַרף אים צו אַ בליק. ער זיצט כמעט אַן אויסגעצויגענער אין פאָטעל מיט אַ מידן אויסזען אויפן פּנים, זיין רעכטער פוס איז אויס־געשטרעקט. ער דערזעט מיין בליק.

— טרינקט, זאָגט ער. איך ליידיק אויס דאָס גלאָז מיט איין שלוק.

— צי איז ער גוט?

— איך ווייס נישט, זאָג איך, כ׳בין פּשוט געווען דורשטיק.

איך לעג זיך אָן אויפן קישן. מאַריאַן הייבט זיך אויף און דערנעענטערט זיך צום בעט. „גיב אַכטונג, זאָג איך זיך, דער געראַנגל גייט זיך אָנהייבן״. ער בייגט זיך איבער איבער מיר, נעמט צו די טאַץ און זאָגט מיר:

— באַמיט זיך צו שלאָפן, כ׳וועל קומען מאָרגן פרי.

ווען ער קומט צו צו דער טיר, רוף איך אים:

— מיין הער...

— וואָס איז?

איך וואָלט אים וועלן זאָגן עפּעס ליבלעכס און אין זעלבן מאָמענט ווילט

זיך מיר וויינען. כ׳בין שטאַרק אין כעס. אָט צו וואָס עס דערפירט, דאָס טרינקען שאַמפּאַניער: צו דער סענטימענטאַליטעט פון אַ שיכור.

— וואָס איז?

— אייער פּוס... וואָס מאַכט אייער פּוס?

— אַ סך בעסער.

— מיין הער... פאַר וואָס טוט איר דאָס אַלץ פאַר מיר?

איך שעם זיך באמת צוליב מיין וויינענדיקער שטים און גיב צו מיט אַן אַנדערן טאָן:

— אויב איר מיינט, אַז איר וועט מיך אַזוי אַרום אַריינלאָקן, פאַרלירט איר אייער צייט.

— ניין, קיין שום פּרווי איז נישט ווערט, מען זאָל זיך געבן אַזוי פיל מי. הערט אויף צו בויען ביליקע ראָמאַנען און שלאָפט. עפּעס בעסערס האָט איר נישט צו טאָן, בפרט נאָך, אַז איר זענט נישט געוווינט צו טרינקען שאַמפּאַניער.

— איך האָב שוין געטרונקען שאַמפּאַניער, זאָג איך, אַן אומצופרידענע צו פאַרלירן אין זיינע אויגן די ראָלע פון אַ דערפאַרענער פרוי.

— נאָך מיין אַוועקגיין, מאַכט אַן אָנשטרענג: גייט אַרונטער פון בעט און פאַררוקט דעם ריגל. ביי נאַכט קען נאָך אַ מאָל עמעצער זיך טועה זיין אין אַ טיר.

אָט בין איך שוין פון לאַנג אָנגעטאָן און האָב אפילו צוגעבעט דאָס בעט. פאַר וואָס איז ער נאָך נישטאָ? איך דריי זיך אַרום אין צימער. איך דערמאָן זיך אין אַ מוראַשקע, וואָס כ׳האָב אַ מאָל פאַרמאַכט אין אַ קליין דורכזיכטיק שקעטעלע. אַן אויפהער האָט זי געמאַכט די זעלבע שטרעקע, אָנשטויסנדיק זיך אין די ווענטלעך, נישט וויסנדיק וואָס עס פאַרהאַלט זי. זי האָט בלויז געהאַלטן אין איין לויפן און אָנשטויסן זיך. אַ משוגענע און מאָנאָטאָנע אָנשטרענגונג. איך הער אין קאָרידאָר טריט, שטימען און געלעכטערס. איך פיל זיך ווי געפאַנגען אין אַ פּולאַפּקע און באַדויער די גאַסן, ווו כ׳פלעג זיך אויף אַרומדרייען, אָבער אויף אַ גרעסערן שטח. ס׳האָט גענומען מער צייט ביז כ׳פלעג זיך אָנשטויסן קעגן אַ ווענטל. מען האָט אפילו געקענט פאַרגעסן, אַז מען איז פאַרמאַכט אין דער שטאָט אַזוי ווי אין אַ שאַכטל.

מיטאָג־צייט פּאַק איך איין מיין וואַליזע און באַשליס אַוועקצוגיין. איך האַלט שוין ביים אָנטאָן דעם מאַנטל, ווען ער קומט אַריין.

— אַנטשולדיקט, זאָגט ער, איך האָב געדאַרפט זיך פאַרנעמען מיט אייערע פּאַפּירן. איר וועט זיי האָבן מאָרגן אָוונט. איר האָט אַזוי אַרום בלויז נאָך איין נאַכט דאָ צו פאַרבלייבן. צי זענט איר גוט געשלאָפן ? טאָ קומט עסן.

ער פירט מיך אין אַ לוקסוס־רעסטאָראַן. דער פּרייז פון אונדזער מאָל־צייט איז אַן אויסערגעוויינלעך הויכער.

— איר קענט נישט אויסקלייבן אַ ביליקער אָרט ? זאָג איך אים. אויב איר טוט עס כדי מיר צו ווייזן, אַז איר זענט אַ גאַלאַנטער מאַן, דאַרף איך אייך זאָגן, אַז איך לאַך זיך אויס דערפון.

— איך עס דאָ תמיד. איך ווייס נישט, פאַר וואָס כ׳זאָל צוליב אייך ענדערן מיינע געוווינהייטן.

— דערמיט, וואָס איר שפּילט די ראָל פון אַ פיינעם מאַן, ווערט איר נישט פריינדלעכער, באַמערק איך. וואָרשיינלעך איז עס אַ ראָל, וואָס פּאַסט נישט פאַר אייך.

— איך בין צופרידן וואָס איר האָט עס דערזען. איך האָב נישט ליב ווען מען מאַכט זיך אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן מיר.

— אפשר וועט זיין בעסער, אַז מיר וועלן אָפּהאַקן.

— עס איז אַזוי ווי איר זאָגט. די ראָל פּאַסט זיך טאַקע נישט פאַר מיר, אָבער איך וויל זי שפּילן ביז צום סוף.

— אָבער דערצו וואָלט אויך נייטיק געווען מיין הסכמה. אין דעם גאַנצן ענין פאַרגעסט איר אַ ביסל אין מיר.

ער קוקט זיך צו ווי איך שפּיל נערוועזיש מיט קרישקעס ברויט.

— דער דאָזיקער געשפּרעך איז נאַריש, זאָגט ער ענדלעך, ס׳איז מיין שולד, און כ׳בעט אייך איבער. אַ מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז כ׳האָב צו טאָן מיט אַ פרוי, צוליב אייער באַמערקונג וועגן דעם רעסטאָראַן. פּרוווט מער נישט צו שפּילן די ראָל פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן, ס׳איז נישט פאַר אייך. פאַרבלייבט דאָס וואָס איר זענט, און דער עיקר, מיינט נישט, אַז איר זענט מיר עפּעס וואָס שולדיק.

מיר גייען צוריק שווייגנדיק. פאַרן טויער פאַרהאַלט ער זיך.

— איך דאַרף אַריינגיין מיט אייך. איך ווייס, אַז איר וואָלט בעסער געוואָלט בלייבן אַליין. אָבער דאָ, אין דעם הויז, וועט עס אויסקומען פאַר־דעכטיק.

ער האָט איצט דעם שליסל פון דער וווינונג און מיר געפינען זיך צוריק אין צימער. קיינער האָט אונדז נישט באַמערקט.

— אַזוי ווי קיינער האָט אונדז נישט געזען, וועל איך אפשר קענען אַוועקגיין אויף אַ דיסקרעטן אופן.

— ניין, זאָג איך, בלייבט.

— ווילט איר, איך זאָל אייך פאָרלייענען? מען האָט מיר היינט אין דער פרי געליִען אַ בוך און איך האָב עס נאָך נישט געלייענט.

איך צי זיך אויס אויפן בעט און ער זעצט זיך אַוועק אין פאָטעל.

— דאָס איז „דער געליבטער פון דער גרויסער בעריכע״*. דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן פון אַן אויטענטישן שמוגלער בעת ער איז געזעסן אין תפיסה.

איך ווער באַלד פאַרכאַפּט דורך דער פשוטער, אָפט מאָל אומבאַהאָלפענער שפּראַך, וואָס שילדערט מיט קראַפט אַ לעבן מחוץ דער געזעלשאַפט. מיר לייענען, איינער נאָכן צווייטן, ביזן אָוונט. עס פאַרבלייבט אונדז נאָך אַ הונדערט זייטן. מיר גייען אַרויס עסן אָוונטברויט. מיר עסן אויף דער שנעל, כדי וואָס גיכער קענען פאָרזעצן אונדזער לייענען. אָבער, אַריינקומענדיק, שטויסן מיר זיך אָן אויף דער באַלעבאָסטע און דאַרפן אַריינגיין מיט איר אין סאַלאָן טרינקען אַ גלאָז שאַמפּאַניער, איידער מיר קערן זיך אום אין מיין צימער. ערשט אַרום האַלבער נאַכט, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרענדיקט דאָס לייענען פון „געליבטן פון דער גרויסער בעריכע״, שטעלט זיך מאַריאַן אויף און גרייט זיך אַוועקצוגיין. ער זאָגט מיר, איך זאָל זיך נישט באַאומרויִקן אויב ער וועט מאָרגן קומען שפּעטער. ער וועט פאַר מיר זוכן אַ צימער. איך פרעג אים:

— איר האָט נישט קיין מורא אַרויסצוגיין אין אַזאַ שפּעטער שעה?

— איך האָב אַ דערלויבעניש זיך צו באַוועגן, זאָגט ער.

---

* שטערן־קאָנסטעלאַציע.

— און אייער פרוי?

— מיין פרוי האָט אויך אַזאַ דערלויבעניש און זי באַנוצט זיך מיט איר. זי איז נישט קיין הייליקע.

דאַן שטעל איך אים די נאַרישע פראַגע, וואָס כ׳באַדויער באַלד אויפן אָרט:

— איז פאַר וואָס לעבט איר צוזאַמען?

— ס׳איז שווער צו געפינען אַ גרוימע דירה היינטיקע צייטן און מיר האָבן ליב אונדזערע באַקוועמלעכקייטן. אַ גוטע נאַכט. פאַרגעסט נישט צו פאַרשליסן די טיר.

אויף מאָרגן זאָגט ער מיר אָן, אַז דאָס צימער איז שוין געדונגען.

— ווו? פרעג איך.

— ביי אַ פריינדין פון מיין פרוי.

— אָבער... ס׳איז זייער אומאָנגענעם.

— איך פאַרזיכער אייך, אַז זי איז אַנטציקט אופצונעמען די, וואָס זי מיינט, אַז זי איז מיין געליבטע. זי האָט דעם איינדרוק, אַז זי טוט אָפּ אַ גוט שפּיצל מיין פרוי. וואָס ווילט איר, זי איז דאָך אירע אַ פריינדין.

מיר פאַרברענגען צוזאַמען דעם רעשט פון טאָג און ער נעמט מיך מיט צו דערליידיקן די לעצטע פאָרמאַליטעטן פאַר מיין אידענטיטעט־קאַרטע. אין אָוונט, אַרום אַכט אַ זייגער, באַקום איך זי. איך באַטראַכט זי מיט נייגיר. איך בין מיט צוויי יאָר יינגער, האָב אַ נייעם פאָרנאָמען: מאַריאַ.

— און איצט, זאָגט מאַריאַן, לאָמיר זיך שנעל איבערציִען.

ווידער דאַרפן מיר טרינקען שאַמפּאַניער מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס מאַכט מיר קאָמפּלימענטן צוליב מיין מזל, וואָס איך פאַרמאָג אַזאַ פריינד. אין טאַקסי, וואָס פירט אונדז, שוויגט מאַריאַן. ער זעט אויס צו זיין שלעכט געשטימט. איך פרעג אים:

— וואָס איז געשען? פאַר וואָס זענט איר אומצופרידן?

— אומצופרידן? חוזקט ער, איך האָב באמת נישט קיין שום סיבה צו זיין אומצופרידן. צי האָט איר דען נישט געהערט די אַלע לויבגעזאַנגען פאַר מיר? וואָס מאַכט עס אויס אַז זיי שטאַמען פון אַ באַלעבאָסטע פון אַ באָרדעל? דאָס זענען דאָך שבחים. בעסער צו זיין אַ גוטער קליִענט פון אַ באָרדעל, ווי אַ שלעכטער הייליקער.

איך דערזע אין אים מיט אַ מאָל אַ סך יוגנטלעכקייט. אַ מאַן, וואָס וויל זיך נאָך נישט אונטערגעבן, ווען עס איז דערווידער צו פּאַרגלעטן די קאַנטן, כדי לייכטער זיך דורכצוגליטשן צווישן גוטס און שלעכטס. מיר רעדן נישט מער אַרויס קיין איין וואָרט ביז מיר זענען אָנגעקומען. פאַר דער טיר פון דער וווינונג דערלאַנגט ער מיר אַ שליסל.

— איר גייט נישט אַריין מיט מיר, זאָג איך.

— אָבער יאָ, אָבער יאָ.

די דירה איז ליידיק. מאַריאַן עפנט אַ טיר, דריקט אויף אַן עלעקטרישן קנאָפּ. ס'איז אַ העל צימער מיט עלעגאַנטע מעבל, שיינע אַקוואַרעלן באַפּוצן די ווענט.

— דאָס צימער געפעלט אייך?

— ס'איז הערלעך.

איך האָב דעם איינדרוק אַז דאָס איז מיין צימער, אַז איך געפין עס צוריק נאָך אַ לענגערער אָפּוועזנהייט.

— נו, איר שטעלט נישט מער קיין פראַגעס? זאָגט ער.

— ניין, איך האָב נישט צו שטעלן קיין פראַגעס, אַלץ איז איצטער פול־שטענדיק נאַטירלעך.

צו מאָרגנס אין דער פרי ווער איך אויפגעוועקט דורך אַ רייצנדיקער יונגער, בלאָנדער פרוי:

— בלייבט רויק, זאָגט זי מיר.

און זי זעצט זיך אַוועק אויף מיין בעט. זי האָט אַ בליק פון אַ נייגיריק און אומשולדיק קינד, אָבער איר אַגרעסיווע ברוסט שפּאַרט אַרויס איר בלוזקע. זי בייגט זיך איבער צו מיר און זאָגט מיר מיט אַ פאַרטרוילעכער שטים:

— איך ווייס שוין זייער אַ סך וועגן אייך. איר קענט מיר אַלץ דערציילן, אַלץ.

איך שמייכל צו איר, כדי צו געווינען צייט.

— נו, ...הייב איך אָן.

— ווי געפעלט אייך מיין קלייד?

זי הייבט זיך אויף און מאַכט אַ פּאָר גראַציעזע טריט.

— עס איז זייער שיין, זאָג איך.

— איר זענט אַ מחיהדיק מיידעלע. און זי טוט מיר אַ קוש. איז ער גוט צו אייך?

— זייער גוט.

— אָבער איר טראָגט דאָך אַ רייפל?

— דאָס איז אַ פאַמיליע־אָנדענק, זאָג איך נאַכלעסיקערהייט.

— איך, איך בין אַ פאַרהייראַטע. זי וואַרט אויף מיינע פראַגעס. אַזוי ווי איך זאָג גאָרנישט, זעצט זי פאָר: ער איז אין געפאַנגענשאַפט. וואָס איך האָב אויסגעוויינט. אָבער וויינען איז גוט, ווען ס׳איז דאָ עמעצער לעבן דיר, וואָס זאָל דיך טרייסטן. האָב איך אויפגעהערט. איצט האָב איך אַ פריינד. ער האָט פיינט טרערן, ער. אוי איז ער אַ פריילעכער — זי פלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער. לעצטנס בין איך זעלטן אין דער היים. איר קענט זיך באַנוצן מיט דער קיך און מיטן באַדצימער און בכלל מיט אַלעם, וואָס איר ווילט. זי גיט מיר אַ קוש אויף דער שנעל און פאַרשווינדט.

די לעצטע חדשים האָט זיך מיין לאַגע אַ ביסל געביטן. איך פאַרדין אויף מיין לעבן. איך גיי אַרויס, איך לעב ווי אַלע מענטשן. איך גיב לעקציעס. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיטן זון פון דער סטרוזשקע. איך האָב פאַרגעלייגט אַז כ׳וועל אים בייהילפיק זיין אין זיין לערנען. דער רעזולטאַט איז געווען אַזאַ גוטער, אַז נישט בלויז וואָס זיין מוטער האָט מיר באַצאָלט, נאָר זי האָט מיר אויך פאַרשאַפט אַנדערע שילער. זין פון סוחרים, וואָס זענען רייך געוואָרן פון שוואַרצן מאַרק און וואָס ווילן האָבן געלערנטע קינדער. דאָס געלט מוז דאָך צו עפּעס דינען. מיר ברענגט עס אומאָפּהענגיקייט. מאַריאַן שפּילט ווייטער די ראָל פון אַ פּראָטעקטאָר, אָבער מיט מער באַשיידנקייט. „איר נייטיקט זיך נישט מער אין מיר, זאָגט ער, מיין ראָל איז פאַרענדיקט".

זיינע וויזיטן ווערן וואָס אַ מאָל זעלטענער. אין אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז ער וועט מיר פעלן. ער פעלט מיר אַ סך ווייניקער ווי כ׳האָב געמיינט. די בריוו פון מיין מאַן קומען צו מיר אָן רעגולער און זייער אינהאַלט איז תמיד דער זעלבער: „גיב גוט אַכטונג אויף זיך. פאַר מיר איז אַלץ ווי אַמבעסטן". מער פאַרלאַנג איך נישט. אַלע צוויי וואָכן טעלעפאָניר איך אין

געטאָ און אויך דאָ איז דער זעלבער פּזמון: „גיב אַכטונג אויף זיך, ביי אונדז איז אַלץ גוט". אין אָוונט, איידער איך שלאָף איין, בעט איך נישט, עס זאָל געשען אַ נס: די מלחמה זאָל זיך פאַרענדיקן און מיר זאָלן זיך צוריקקערן צו אַ נאָרמאַל לעבן. איך באַנוגן זיך איבערצוחזרן: „גאָט מיינער, מאַך אַזוי, אַז עס זאָל ווייטער אַזוי דויערן, אַז עס זאָל נאָך לאַנג אַזוי דויערן".

היינט האָב איך אַ ראַנדעוווּ מיט מיין שוואָגער. מיר טרעפן זיך איין מאָל אין וואָך, תמיד אין זעלבן קאַפע. ווען איך קום, וואַרט ער שוין אויף מיר, ער, וואָס געוויינלעך קומט ער מיט פאַרשפּעטיקונג. ער הייבט זיך נישט אויף ווען איך קום צו, ער גיט מיר נישט די האַנט. באַלד גיב איך אַ טראַכט וועגן זשאַקן.

— וואָס איז? עפּעס נישט אין אָרדענונג? איך שטיק זיך פּשוט מיט די ווערטער.

— מיינע עלטערן... זאָגט ער.

— וואָס איז געשען? און מיין שטים ווערט צוריק אַ נאָרמאַלע.

— זיי האָבן זיי ביידע דערשאָסן, נעכטן אָוונט. זיין האַנט עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך אייניקע מאָל — ביידע.

— אַ מסירה?

— ניין, מען האָט געפונען געווער אין הויז. זיי האָבן גענומען צען ערובניקעס, און האָבן זיי דערשאָסן אין הויף.

— זשאַק ווייס דערפון?

— נאָך נישט. איך וועל צו אים גיין. איך דאַרף אים געבן געלט, דאָס געלט פון מיינע עלטערן. איצט האָב איך צו פיל געלט און וויל נישט אַלץ האַלטן ביי מיר.

— אפשר וואָלט איך געקענט גיין אויף דיין אָרט?

— ניין, דאָרט האָט מען נישט קיין צוטרוי צו פרעמדע. באַזונדערס צו פרויען. מיך קענען זיי שוין פון לאַנג.

— דו מיינסט, אַז עס איז פּאַרזיכטיק מיט אַזאַ סומע?

— דער פריינד, ביי וועלכן איך וווין, וועט מיך באַגלייטן ביזן וואָקזאַל.

— ווען ווילסטו גיין?

— היינט אָוונט.

— איך וועל אויף דיר וואַרטן מאָרגן דאָ. דו וועסט קומען ?

— איך וועל קומען.

— זיכער ? איך בעט דיך. איך וועל זיין אומרויִק.

— איך וועל זיכער קומען.

מיר פאַרבלייבן נאָך אַ ווײַלע צוזאַמען, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט. דאַן שטעלט ער זיך אויף :

— ביז מאָרגן.

— יאָ, זיי פאָרזיכטיק, זאָג איך.

איך קוק אים נאָך ווי ער גייט אַוועק. ער האַלט שוין נישט מער אַזוי זיכער דעם קאָפּ. זיין טריט איז שוין נישט מער אַזאַ פעסטער. און איך טראַכט וועגן זשאַקן, וואָס וועט די נאַכט פאַרבלייבן אַליין מיט דער לאַסט פון צוויי מתים אויף זיינע פלייצעס.

ווי נאָר איך בין צוריקגעקומען אַהיים, שרייב איך אָן אַ בריוו צו זשאַקן און דערצייל אים וועגן זיך, בלויז וועגן זיך. איך טראַכט צו אַ פּאָר אומ־אָנגענעמלעכקייטן, כדי ער זאָל טראַכטן בלויז וועגן מיר.

צו מאָרגנס קום איך אין קאַפע אַ האַלבע שעה פריִער. פון צייט צו צייט מיש איך מעכאַניש מיטן לעפעלע אין גלאָז טיי, וואָס איז שוין פון לאַנג קאַלט. די ווייזערס פון מיין זייגער שלעפּן זיך ביז צו דער אָפּגערעדטער שעה. דערנאָך הייבן זיי אָן צו גאַלאָפּירן. איך באַשטים אַ גרענעץ צו דער צייט, וואָס איך וועל נאָך וואַרטן און פאַרלענגער זי כסדר. „אויב ער וועט נישט דאָ זיין אין צען מינוט אַרום, וועט ער מער נישט קומען". די צען מינוט לויפן גיך אַדורך און סאַם קומט נישט. איך חזר איבער דאָס זעלבע אייניקע מאָל. סאַם וועט מער נישט קומען.

איך טעלעפאָניר צו מאַריאַנען. איך האָב מזל, ער איז אין דער היים. איך זעץ זיך צוריק אַוועק ביי מיין קאַלטן טיי. אַ האַלבע שעה שפּעטער קומט מאַריאַן. איך דערצייל אים די זאַך.

— צי האָט איר דעם אַדרעס פון דעם מענטשן, ביי וועמען עס וווינט אייער שוואָגער ? זייער גוט, לאָמיר גיין.

סאַם וווינט אין אַ נאָענטער פאָרשטאָט. מיר נעמען דעם טראַמוויי און

פאַרן ביזן סוף. דערנאָך גייען מיר צופוס, כדי צוצוקומען צום הויז מוזן מיר אַדורכגיין אַ פּוסטן פּלאַץ. מאַריאַן דערזעט אים דער ערשטער. ער איז ביז צו דער העלפט פאַרשטעקט אין קשאַקעס. איך בלייב שטיין, אַ געפּלעפטע און קוק אויף זיינע שטייפע פיס. מען האָט אים אויסגעטאָן די שיך. איינע פון די שקאַרפּעטן איז דורכגעלעכערט, עס זעט זיך אַרויס דער גראָבער פינגער. מאַריאַן שאַרט אַוועק די קשאַקעס. סאַמעקס ציין לייכטן אַרויס מיט זייער ווייסקייט פון צווישן זיינע ליפּן. דאָס גיט אים צו אַן אָפּלאַכערישן און אכזריותדיקן אויסדרוק. אויף זיין ברוסט איז צוגעשפּילעט אַ שטיקל פּאַפּיר. איך לייען: „יודע". מאַריאַן קוקט מיך אָן.

— דאָס איז ער, זאָג איך.

ער קניט אַנידער, רייסט אָפּ דאָס שטיקל פּאַפּיר, צעקנייטשט עס און וואַרפט עס אַוועק.

מיינע אויגן קענען זיך נישט אָפּרייסן פון גראָבן פינגער, וואָס זיין נאָגל שיינט מיר צו זיין זייער לאַנג. מאַריאַן נעמט מיך אָן פאַר דער האַנט.

— קומט.

איך זאָג נאַרעשעוואַטע:

— זיי האָבן ביי אים אפילו אַוועקגענומען די שיך.

איך ווייס נישט צי איך לייד. דאָס וואָס מיך טרייסלט אויף, איז דער גראָבער פינגער, וואָס סטאַרטשעט אַרויס דורכן לאָך פון דער שקאַרפּעטקע.

מאַריאַן שלעפּט מיך אַוועק. מיר נעמען דעם טראַמוויי. איך ווייס נישט ווי אַזוי איך האָב זיך אויף איין מאָל געפונען אין אַ שטוב פול מיט רויך, וווּ פינף אָדער זעקס יונגע־לייט שפּילן אין קאָרטן, שלאָפן, רעדן. איינער פון זיי קלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשינקע. אַלע שטעלן זיך אויף ווען מיר קומען אָן. מאַריאַן רעדט:

— דאָס יונגע מיידל איז מיין פריינדין. אירס אַ קרוב, וואָס איז געווען געצווונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, איז דערהרגעט געוואָרן אויף אַ פּוסטן פּלאַץ, וואַרשיינלעך דורך דעם, ביי וועלכן ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן. איך וועל זיך פאַרנעמען מיט דעם ענין. ווער גייט מיט מיר?

אַלע זענען גרייט מיטצוגיין. מאַריאַן קלייבט אויס אַ הויכן, בלאָנדן יונגן־מאַן און מיר גייען תיכף אַוועק.

מיר געפינען אַן שום שוועריקייטן דעם מת.

— אָט דאָס איז ער, זאָגט מאַריאַן.

דער יונגער־מאַן דערנענטערט זיך און באַטראַכט דעם דערהרגעטן מיט אַ גלייכגילטיק פּנים. אין דער גראָקייט פון בין השמשות פאַרלירט דער מת זיינע שטריכן. ער זעט שוין אויס ווי אַן אויסגעמעקטער, אַ פּאַרזונקענער אינעם פאַרגעסן. מיר גייען צו צום הויז. די סטרוזשקע, וואָס שיינט צו האָבן אַ פּאַרדאַכט, וויַיזט אונדז אַן אויפן דריטן שטאָק. מאַריאַן קלאַפּט אָן אין אַ טיר. אַ פעסטע מענער־שטים ענטפערט:

— ווער איז עס?

— פריינד.

די טיר עפנט זיך קוים און אַ גרויסער פּאַרשוין רוקט אַרויס זיין קאָפּ.

— איך קען אייך נישט, זאָגט ער און פּרוּווט צוריק צו פאַרמאַכן די טיר.

— פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, זאָגט מאַריאַן, איר צעקוועטשט מיר דעם פוס.

דער בלאָנדער יונגערמאַן לענט אָן זיין פּלייצע אין דער טיר און שטופּט אָפּ דעם פּאַרשוין, וואָס קלאַמערט זיך אין איר פעסט, נישט פאַרלירנדיק פון זיין זיכערקייט.

— נו, אויב איר זענט שוין דאָ, טאָ זעצט אייך אַוועק.

ער לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ צעטרייבערטן פאָטעל, די פּרוזשינעס פּראָ־טעסטירן. מאַריאַן פאַרמאַכט די טיר.

— אויף דעם פּוסטן פּלאַץ, הינטערן הויז, איז פאַראַן עפּעס, וואָס געהערט צו דיר.

— כ׳פאַרשטיי נישט, זאָגט דער פּאַרשוין נאַכלעסיק.

אין מאַריאַנס האַנט באַוויַיזט זיך אַ רעוואָלווער:

— מאַך זיך נישט תמעוואַטע.

דערוויַיל קוקט זיך דער בלאָנדער יונגער־מאַן אַרום איבערן צימער. אין אַ שופלאָד געפינט ער אַ רעוואָלווער און לייגט אים אַריין אין קעשענע.

— נו? זאָגט מאַריאַן.

איך קוק אים אָן. צי איז דאָס מעגלעך, אַז דאָס איז דער זעלבער פאַרנעמער און בלאַזירטער מאַן, דער געטרייער און רעספּעקטפולער קליענט פון אַ ראַנדעוווּ־הייזל?

— מיט וואָסער רעכט... הייבט אָן דער אַנדערער, ערשטנס ווער זענט איר?

— „אַ־קאַ״ *.

— איר שטעלט זיך איצטער איין פאַר די זשידעס?

דער יונגער־מאַן הערט מיט אַמאָל אויף זיך צו דרייען איבערן צימער.

— ס׳איז אַ ייד? פרעגט ער.

— זיכער, אַ פאַרשיווער זשיד. איר וועט דאָך נישט מאַכן קיין עסק צוליב דעם.

דער יונגער־מאַן ווענדט זיך צו מאַריאַנען:

— אויב דאָס איז אַ ייד, מיין לויטנאַנט, איז גאָר עפּעס אַנדערש.

די סעקונדעס ווערן אַן אייביקייט. מאַריאַן באַוועגט זיך נישט. פאַר מיינע אויגן באַווייזט זיך אַ גראָבער פינגער מיט אַן איבערגעוואַקסענעם נאָגל און איך זע ווי ס׳באַווייזט זיך אויף די ליפּן פון מערדער אַ טרײַומפירנדיקער שמייכל. איך שריי אויס:

— דאָס איז נישט געווען קיין ייד! ער זאָגט ליגן! ער זאָגט ליגן! דער אַנדערער חוזקט.

— דאָס איז לייכט צו זען. ווילט איר, מען זאָל גיין נאָכקוקן?

— וואָס מאַכט מען, מיין לויטנאַנט?

מאַריאַן ענטפערט נישט. עס הערן זיך צוויי טרוקענע שאָסן און דער מאַן קאָרטשעט זיך לאַנגזאַם איין אין פאָטעל. ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט מורא צו האָבן. עס האָט זיך מיר בלויז אויסגעדאַכט, אַז איך זע אַ מערקווערדיקע פאַרווונדערונג אויף זיין פּנים.

ווען מען גייט שפּעטער איבער דעם פּוסטן פּלאַץ, פאַרהאַלט זיך דער יונגער־מאַן ביים מת.

— אויב ער איז אין דער אמתן געווען אַ ייד — זאָגט ער מיט אַ שטילער שטים — הייסט עס, אַז מיר האָבן צוליב דעם אַוועקגעלייגט אַ „פאַרשוין״?

— דו האָסט געהערט, וואָס מיין פריינדין האָט געזאָגט? מאַריאַנס קול איז האַרט. דו קענסט, אויב דו ווילסט, זיך איבערצייגן, כדי צו באַרויִקן דיין געוויסן.

---

* אַרמיאַ קראַיאָוואַ, נאַציאָנאַליסטישע רעזיסטאַנס־באַוועגונג.

דער יונגער־מאַן וואַקלט זיך.

— אויב איר זענט זיכער, מיין לויטנאַנט...

דער טראַמוויי פירט אונדז צוריק אין שטאָט אַריין. מאַריאַן באַגלייט מיך אַהיים. איך באַמערק דעם הויקער, וואָס דער רעוואָלווער מאַכט אין זיין קעשענע. צי איז ער תמיד דאָ געווען, זייט אונדזער ערשטער באַגעגעניש?

— פאַר וואָס האָט איר אים דערשאָסן?

ער קוקט מיך אָן מיט אַ קאַלטן בליק.

— דאָס איז געווען אַן אויסוואורף.

— ער האָט דאָך בלויז דערהרגעט אַ יידן.

— איך ווייס וואָס איר ווילט זאָגן. איך האָב נישט קיין מיינונג וועגן יידן. אויפריכטיק גערעדט, איז עס פאַר מיר אַלץ איינס.

— און פון דעסטוועגן האָט איר דערהרגעט איינעם פון אייערע צוליב אַ פאַרשיוון זשיד?

— וואָס זוכט איר אייגנטלעך?

איך ווייס אַליין נישט. איך וויל אים זען אַ בייזן. איך וויל זען ווי ער פאַרלירט די קאָנטראָל איבער זיך. איך וויל ער זאָל זיך ווייזן עקלהאַפט, כדי איך זאָל אים אויך קענען אַריינגעמען אין דעם קרייז פון די שלעכטע. ער רעגט מיך שרעקלעך אויף. ער זעצט זיך אַוועק און זיינע אויגן באַקומען צוריק זיין פאַרחלומטן אויסדרוק. ער זעט אויס מיט אַ מאָל זייער מיד און מאָדנע יינגער. איך שעם זיך פאַר דעם שטראָם פון סימפּאַטיע, וואָס טראָגט מיך צו דעם מאַן און איך זאָג איראָניש:

— אייער געוויסן פּלאָגט אייך?

— איך האָב נישט ליב צו טויטן. אין תוך גענומען איז דאָס געווען אַ נעבעכדיקע באַשעפעניש, אַזוי ווי מיר אַלע.

— אַ חוץ יידן, זעלבסטפאַרשטענדלעך.

ער הייבט זיך אויף.

— איך מיין אַז ס'איז בעסער איך זאָל אַוועקגיין. באַמיט זיך צו שלאָפן. ווי אַזוי זאָל איך אים זאָגן: „גייט נישט אַוועק. ווי נאָר איר וועט אַוועקגיין, וועלן זיי ביידע קומען: מיין שוואָגער און דער מאַן וועלכן איר האָט דערהרגעט?”. איך זאָג גאָרנישט און ער גייט אַוועק.

— שוין לאַנג ווי איר זענט טעטיק אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג?
דעם טאָג האָט מאַריאַן צוריק באַקומען זיין געוויינלעכן אויסזען.

— יאָ. פון סאַמע אָנהייב אָן.

— און אייער פרוי?

— מיין פרוי ווייס פון גאָרנישט.

— איר דאַרפט קענען אַ סך באַהעלטענישן פאַר אייערע מענטשן, נישט אמת?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך.

— טאָ, פאַר וואָס האָט איר מיך איינגעקוואַרטירט אין אַ באָרדעל?

— אומצוטרוי איז ביי אונדז אַ פּרינציפּ. איך האָב אייך נישט געקענט.

— און איצט האָט איר נאָך אַלץ נישט קיין צוטרוי צו מיר?

— ניין, איצט מער נישט.

— איך וואָלט וועלן אַרבעטן פאַר אייך.

ער קוקט אויף מיר אַ פאַרוווּנדערטער.

— איר מיינט עס ערנסט?

— יאָ.

— נעכטן האָט איר געזען איינעם פון מיינע מענטשן. נישט אַלע זענען אַזוי ווי ער. אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך. איר מיינט, אַז איר וועט קענען אַרבעטן מיט זיי?

— ס'איז מיר אַלץ איינס. איך פאַרלאַנג בלויז עפּעס צו טאָן.

— דאָס איז אַ געפערלעכע אַרבעט.

— איז וואָס, דאָס וועט מיר פאַרבייטן מיין געמיטלעך לעבן, וואָס איך פיר ביז איצט, זאָג איך לאַכנדיק.

— נישט דאָס וויל איך זאָגן, נאָר איך וואָלט וועלן וויסן פאַר וואָס איר ווילט עס טאָן? פאַר וואָס מיט אונדז?

— כדי אויסצופילן מיין צייט און דערפאַר ווייל איך וועל אַזוי אַרום האָבן דעם איינדרוק, אַז איך טו עפּעס קעגן זיי, קעגן די דייטשן. איך וויל אַרבעטן מיט אייך פּשוט דערפאַר, ווייל איך קען נישט קיינעם אויסער אייך. ווי איר זעט, זענען דאָס גאָר קליינע מאָטיוון. איך בין מודה, אַז עס פעלט מיר דאָס הייליקע פייער.

ער גייט צו צום פענצטער, קערט אויס צו מיר דעם רוקן.

— זייער גוט, זאָגט ער נאָך אַ לאַנגן שווייגן. איר וועט מיט מיר גיין אויף דער באַזע. איך וועל אייך פאַרשטעלן.

פון דעם טאָג אָן גייט די צייט אַדורך שנעלער. מיין מאַן שרייבט מיר רעגולער. מיינע עלטערן ענטפערן מיר, ווען איך טעלעפאָניר און איך שפּאַציר אַרום. איך טראָג קליינע, העלע, לוסטיקע פּעקלעך, וואָס זענען אַרומגעבונדן מיט קאָלירטע שטריקלעך. טייל מאָל זענען זיי אַ ביסל שווער און זייער וואָג, וואָס ציט מיך אַרונטער אויף איין זייט, דערלויבט מיר נישט צו האָבן אַ געוווינטלעכן גאַנג. אָפט קומט מיר אויך אויס צו פאַרברענגען גאַנצע נעכט אין די באַנען. איך טראָג איבער מעסאַזשן צו מענטשן וואָס איך קען נישט. אָבער איך ווייז נישט אַרויס קיין שום נייגעריקייט. פון צייט צו צייט דערוויס איך זיך, אַז אַ דייטש איז דערהרגעט געוואָרן, אַז אַ קאָלאַבאָראַטאָר איז אָפּגערוימט געוואָרן. ס'איז גוט אַזוי. ווי אַ רעפּרעסיע ווערן דערשאָסן ערובניקעס. דאָס זעט מיר אויך אויס צו זיין נאַטירלעך. איין מאָל, האָב איך ביי אַ פריזירער, ביי אַרונטערגעלאָזענע אייזערנע זשאַלוזיעס געזען ווי מען ראַזירט אָפּ די קעפּ פון פרויען, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט דייטשן. איך האָב עס געהאַלטן פאַר קינדיש, אָבער עס איז געווען מאָדנע צו זען דאָס דערשראָקענע פּנים פון פריזירער, וואָס איז געווען געצוווּנגען צו ראַזירן אונטער דער דראָונג פון אַ רעוואָלווער. מאַריאַנען זע איך בלויז אויף דער באַזע, ווייל ווען ער קומט צו מיר איז עס בלויז צו געבן באַפעלן. מיר רעדן נישט מער וועגן עפּעס אַנדערש. ער איז תמיד זייער העפלעך, אָבער צוריקגעהאַלטן. אַנשטאָט אונדז צו דערנענטערן, טוט די דאָזיקע אַרבעט אונדז אויף אַ מאָדנעם אופן דערווייטערן איינעם פון צווייטן. טייל מאָל האָב איך דעם איינדרוק, אַז ער האָט אויף מיר פאַראיבל, וואָס איך האָב אויפגעהערט צו שפּילן די ראָל פון אַן איינזאַמער און שוצלאָזער פרוי. איין טאָג, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „איר זענט איצט איינע פון אונדזערע בעסטע פאַרבינדלערינס". אין זיין שטים איז נישט געווען קיין שום וואַרעמקייט. אַ פּשוטע פעסטשטעלונג. די צייט פאַרגייט און דער פרילינג איז געקומען.

דער געטאָ ענטפערט נישט מער. איך האָב טעלעפאָנירט עטלעכע מאָל. איך האָב נאָך טעלעפאָנירט פון וואָקזאַל, איידער כ׳האָב גענומען די באַן. די זעלבע נאַכט האָבן מיך די דייטשן צום ערשטן מאָל רעוווידירט. אַ פּנים וואָס איז פאַרשלאָסן אויף זיין ווייטאָג, איז פאַרדעכטיק. נישט האָבנדיק גאָר־נישט געפונען האָבן זיי מיך אָפּגעלאָזט און איך האָב געבראַכט דעם מעסאַזש.

איך בין אַרויסגעגאַנגען, לאָזנדיק אויפן טיש דאָס פּעקל, וואָס מען האָט מיר אָנפאַרטרויט. אויף דער גאַס גייען זיך מענטשן נאַטירלעך, אַזוי ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. איך הייב אָן צו לויפן. מען שטעלט זיך אָפּ און מען קוקט מיר נאָך.

איך לויף... ביז צו דער מויער. ס׳געפינען זיך דאָ אייניקע מענטשן מיט קעפּ אויסגעבויגענע אויף צוריק. זיי האַלטן אין איין קוקן אין איין פּונקט, דאָרט אין דער הייך, אויף דער אַנדערער זייט פון דער מויער. איך קוק אויך. אויפן דאַך פון אַ הויז קלעפּט זיך אַ מאַן צו צום העכסטן קוימען און פּלוצעם וויקלט דער ווינט אויף די קאָלירן פון דער פּוילישער פאָן. דער מאַן דרייט אויס זיין פּנים אין אונדזער ריכטונג: זיין נאָמען שטעלט זיך מיר אין דער קעל, און קען זיך נישט אַרויסבאַקומען:

— מאַרק, מאַרק דער ייִדישער שפּיצל, מיין חבר... איצט איז שוין אויפן טראָטואַר קעגן איבער דער מויער פאַראַן אַ גרויסער געזעמל. עמעצער לעבן מיר זאָגט: „אפשר וועט מען אַוועקגיין? זיי שטייען דאָ, הינטער אונדז״. איך דריי זיך אום, אַ דייטש לייגט צו די ביקס צו זיין אַקסל. איך פאַרקוועטש די ציין אויף מיין געשריי: „מאַרק, גיי אַרונטער, גיי אַרונטער״. מאַרק אויפן דאַך באַוועגט זיך. דער שאָס הילכט אָפּ אין מיין שיידל. אַ ווײַלע זע איך מאַרקס קאָפּ איינגעוויקלט אין די פאַלדן פון דער פאָן. ער באַפרייט זיך און באַוועגט זיך ווייטער. אַ צווייטער שאָס און מאַרק קלאַמערט זיך אָן אין קוימען.ביים דריטן שאָס לאָזט ער אָפּ, פאַלט, קייקלט זיך פּאַמעלעך איבער דער משופּעדיקייט פון דאַך און פאַרשווינדט. אַ פּאָליציאַנט טרייבט פאַנאַנדער אונדזער גרופּע: „נו, נו צעגייט זיך! צעגייט זיך!״... דער עולם צעגייט זיך פּאַמעלעך אַזוי ווי ער וואָלט באַדויערט. אויך איך גיי אַוועק. נאָך עטלעכע טריט, דריי איך זיך אויס. דאָרט אויבן, לעבן דער פּוילישער פאָן, אויף אַ בלויען הינטערגרונט פלאַטערט אַ מגן־דוד.

איך הייב אויפסניי אָן צו לויפן. די גאַסן וויקלען זיך פאַנאַנדער אונטער מיינע פיס מיט אַ פּאַמעלעכקייט וואָס ברענגט מיך אַרויס פון די כלים. איך קום אָן אויף דער באַזע מיט דעם איינדרוק, אַז כ׳האָב פאַרלוירן אַ טייערע צייט. „הערט מיך אויס, הערט מיך אויס״. זיי הערן נישט אויף צו רויכערן, צו שלאָפן, צו שפּילן אין קאָרטן. די שרייב־מאַשינקע צעהאַקט מיינע ווער־טער... איך שריי: „הערט מיך אויס״. פּנימער דרייען זיך אויס צו מיר. די שרייב־מאַשינקע שטעלט זיך אָפּ. מאַריאַן גייט אַרויס פון אַ דערבייאיקן צימער און פרעגט מיט זיין אָפּיציעלער שטים: „עפּעס אומאָנגענעמלעכ־קייטן?״. די ווערטער פראַלן אַרויס אָן אַ סדר פון מיין מויל, שטויסן זיך צונויף, בעטן, דראָען... אַרום מיר ווערן די פּנימ׳ער פאַרגליווערט. איך זע נישט מער ווי סילועטן, פלאַטשיקע, גלייכגילטיקע. איך קען זיי מער נישט דערגרייכן. און איך חזר איבער: „מען דאַרף עפּעס טאָן, מען דאַרף עפּעס טאָן, מען קאָן אַזוינס נישט דערלויבן... איך בעט זיך ביי אייך״... אין דעם מאָמענט פאַלט די ערשטע באָמבע אויפן געטאָ. זי טרעפט אין דער זעלבער צייט אויך אין מיר און איך זינק אַרונטער אין דער שטילקייט, אין דער פאַרגעסנקייט.

ווען איך עפן די אויגן, רייסט זיך אַדורך אַ דיסקרעטער טאָג דורך די אַרונטערגעלאָזענע שטאָרן פון מיין צימער. איך דערמאָן זיך אינעם פּעקל, וואָס כ׳האָב געלאָזן אויפן טיש און איך זאָג צו זיך, אַז מען דאַרף זיך אויפהייבן און עס אַהינטראָגן אויפן באַשטימטן אַדרעס. מיין געדאַנק חזרט איבער אַלע באַוועגונגען, וואָס איך דאַרף טאָן, אָבער איך באַוועג זיך נישט. איך קען זיך נישט באַוועגן, און איך פאַל פון דאָס ניי אַריין אין שלאָף.

אַ האַנט באַרירט מיין שטערן. איך געפין צוריק מיין קערפּער און מאַך זיך אין אים אָן אָרט איידער איך עפן די אויגן. איך וואַרט נאָך אַ ווײַלע, כדי זיכער צו זיין, אַז ער וועט מיך פאָלגן. און ס׳איז דאָס זעלבע וואַקלדיקע, פאַרבלאַסטע ליכט... איבער מיר באַווייזט זיך דאָס פּנים פון מאַריאַנען:

— וואָס איז געשען?

מיר זעט אויס אַז ער דערקענט נישט דעם קלאַנג פון מיין קול.

— איר זענט געווען קראַנק זייער לאַנג.

ער רעדט ווי מען טוט עס אין אַ צימער פון אַ קראַנקן, איינהאַלטנדיק אַ ביסל די ווערטער, זיי זאָלן נישט מאַכן צו פיל גערויש, זיי זאָלן קיינעם נישט שטערן:

— דאָס איז אַלץ?

— יאָ, דאָס איז אַלץ.

— און מיין מאַן? זיינע בריוו...

— ערשט היינט אין דער פרי איז אָנגעקומען נאָך אַ בריוו. איך האָב אים געעפנט. אַלץ איז ווי אַמבעסטן. איך האָב אים די גאַנצע צייט געענטפערט. כ'האָב געפונען זיין אַדרעס אויפן קאָנווערט פון לעצטן בריוו, וואָס איר האָט אים געשריבן און וואָס איר האָט נישט באַוויזן אָפּצושיקן. איך האָב אים געשריבן, אַז עס גייט אייך בעסער.

— ציט אַרויף די שטאָרן, זאָג איך, איך וויל זען די זון.

— נאָך נישט, נאָך אַזאַ שטאַרקער היץ, דאַרפט איר שוינען אייערע אויגן.

מאַריאַן לאָזט מיך נישט אָפּ. ער גרייט אַליין צו פאַר מיר דעם בוליאָן אין דער קיך און ביי נאַכט שלאָפט ער אין פאָטעל. זיין אָנוועזנהייט און זיין פאַרנעמען זיך מיט מיר זעען מיר אויס צו זיין נאַטירלעך.

צוויי טעג שפּעטער פיל איך זיך אַזוי גוט, אַז איך זאָג אים:

— מאָרגן גיי איך אַרויס, איך דאַרף טעלעפאָנירן צו מיינע עלטערן.

— ס'איז נאָך צו פרי, זאָגט ער, וואַרט נאָך צו, ביז איר וועט אין גאַנצן קומען צו זיך. ווילט איר מאַכן אַ פּאַרטיע דאָמינאָ?

נאָך דעם ווי מיר האָבן געמאַכט אַ פּאָר פּאַרטיעס דאָמינאָ, הייבט זיך מאַריאַן אויף:

— איך גיי צו דער באַזע, איך האָף, אַז נישט אויף לאַנג. גיט אַכטונג אויף זיך.

איך בלייב אַליין. די שטאָרן זענען נאָך אַלץ אַרונטערגעלאָזן. איך גיי אַראָפּ פון בעט, דער קאָפּ דרייט זיך מיר אַ ביסל, אַ ווײַלע מוז איך זיך אָנלענען אין טיש. דערנאָך נעמען מיינע פיס אָן די וואָג פון מיין קערפּער און זיי טראָגן מיך ביז צום פענצטער. איך טו אַ צי די שטריק פון די שטאָרן און עס צעוויקלט זיך דער פרילינג־הימל. ווייט, ווייט איבער די שפּיגלדיקע

בלעטער ליכט, ווייט, ווייט איבער די רויטע דעכער הינטער דער געטאָ־מויער, באַווייזן זיך מיט זייער שוואַרצקייט אויפן פרילינג־הימל די פאַר־שרפעטע שקעלעטן פון די הייזער. אייניקע פון זיי האַלטן נאָך אין גוססן. זייער לעצטער זיפץ פאַרלענגערט זיך אין אַ דינעם רויך. איך זע מאַרקן, ווי ער קייקלט זיך אַראָפּ איבער דער משופּעדיקייט פון דאַך און הער זיך שרייען: „מען דאַרף עפּעס טאָן... מען דאַרף עפּעס טאָן"... דערנאָך פאַלט אַ שטילקייט, וואָס ווערט צעפּיצלט דורך די געשרייען פון די קינדער, וועלכע יאָגן זיך נאָך איינע נאָך די אַנדערע דאָרט אונטער דיביימער.

# אַ רויק שטיל ווינקעלע

איך שטיי אַ באַרוועסע פאַרן קליינעם הייזל פון יאַן קוזמאַ און האַלט אין האַנט מיינע שיך מיט הויכע קנאַפּל. מיינע פיס זענען צעוווּנדיקט פון גיין. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אַריינגעדרונגען אין אַ זאַנע פון שטיל־קייט און פון אומבאַוועגלעכקייט, וואָס קאָן נישט פאַרטראָגן קיין שום מענטש־לעכע אָנוועזנהייט. ס'זעט אויס, דאָס הויז איז שוין פון לאַנג אָן נישט באַוווינט. און ווידער דערפיל איך די האַנט וואָס איז מיר שוין גוט באַקאַנט, ווי זי קלאַמערט זיך אַרום מיין האַלדז. איך ווער זיך נישט, ווייל איך ווייס פון דערפאַרונג, אַז יעטוועדער ווידערשטאַנד מאַכט נאָך ווייטאָגלעכער איר פאַרקלעמונג. דערנאָך בייג איך זיך אַראָפּ און טו אָן מיינע שיך. ווען איך גלייך זיך צוריק אויס, איז די טיר אָפן. איך דערנענטער זיך צו איר אַזוי שנעל ווי ס'דערלויבן עס מיינע לעכערלעכע קנאַפּל. מיינע פיס טוען מיר ווי, נאָר איך זאָג זיך, אַז דאָס איז אַ גוטער ווייטאָג און געהערט צו די ווייטאָגן, וואָס מענטשן קענען געוויינטלעך אין זייער קערפּער. איך גיי אַריבער די שוועל פון דעם הויז, אין וועלכן די טירן עפענען זיך פון זיך אַליין און טרעף זיך אָן אין פאָדערהויז פנים אל פנים מיט אַ מאַן. פון זיין פעטלעכן פנים קוקן אַרויס צוויי קליינע אויגן, וואָס מעסטן מיך אָפּ גענוי פון קאָפּ ביז די פיס. איך נעם צו הילף מיין אָנגענעמסטן שמייכל.

— איר זענט מסתם הער קוזמאַ? איך בין די פרוי...

ער עפנט דאָס מויל און באַווייזט אַ שורה פאַרפוילטע ציין:

— איך ווייס, איך ווייס, מ'האָט מיר אָנגעזאָגט אייער וויזיט. גייט אַריין, גייט אַריין.

— וואָס מאַכט?... אָבער דער נאָמען וויל נישט אַרויסגיין פון מיין פאַרקלעמטן האַלדז.

— זייער גוט, זייער גוט. מיר פלעגן אים זייער גוט. ער איז דאָ אַפּילו פּאַרפּיעשטשעט. איך זאָג עס אייך צווישן אונדז. ער איז דער פּיינסטער פון די פיר.

— איר האָט ביי אייך פיר?

תיכּף דערפיל איך אַ נאַרישן ווידערווילן צו די דריי אומבאַקאַנטע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס צוזאַמען מיט אים.

— וואָס איז דער חילוק, אויב מען מעג ראַטעווען איינעם, טאָ פאַר וואָס נישט ראַטעווען עטלעכע? אַלץ איינס ריזיקירן מיר מיטן לעבן.

— ס'איז זייער פיין פון אייך, פּרוּוו איך צו זאָגן, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכענונג, וואָס איך זאָג.

— אָ, מאַדאַם, איר האַלט עס בלויז פאַר אַ פיינקייט. דאָס איז פּשוט אַ קרבן. מאַדאַם, איך שטעל איין מיין לעבן. מיין לעבן און דאָס לעבן פון מיין פרוי און אויך פון צוויי אומשולדיקע באַשעפענישן. יאָ, מאַדאַם, איך האָב צוויי קינדער און איך בין זיי מקריב.

די אויגן פון דעם מאַן זענען פול מיט טרערן, אָבער זיין קול ברענגט קאַלט אַרויס די זילבן, באַזונדערס די פון די ווערטער „קרבן", „מקריב זיין" און „אומשולדיק". איך באַמי זיך איינצוהאַלטן מיין שמייכל.

— איך האָב זיך שלעכט אויסגעדריקט, הער קוזמאַ. איך גיב מיר אָפּ אַ חשבון פון די געפאַרן, וואָס איר נעמט אויף זיך.

ער באַטראַכט מיך ווייטער אויפמערקזאַם. איך לאָז אים און שמייכל כּסדר. ענדלעך שיינט ער צו זיין באַפרידיקט.

— זייט אַזוי גוט און גייט אַרויף, זיי זענען אויפן בוידעם. אָבער איך בעט זיך ביי אייך, מאַכט נישט קיין רעש. רעדט זייער שטיל. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט שׂונאים...

איך הער אים נישט מער, איך קלעטער אַרויף די שמאָלע טרעפּ... ער איז אויבן, ער וואַרט אויף מיר, נישט מאַכנדיק קיין שום באַוועגונג. ווען כ'בין שוין גאָר נאָענט לעבן אים, פאַרמאַכן זיך זיינע אָרעמס אַרום מיר. דאַן קניפּט זיך אויף דער קנויל אין מיין האַלדז.

— קום, זאָגט ער ענדלעך, מען דאַרף זיך דאָ נישט פאַרהאַלטן.

מיר גייען אַריין אין אַ קליין קוואַדראַט־שטיבל, וואָס איז פאַרוויסט

מיט קאַלך. צוויי בעטן, צוויי שטולן, אַ קליין טישל פון ווייסן האָלץ...

— דאָס איז מיין פרוי, זאָגט זשאַק צו די דריי מענער, וואָס שפּילן אין קאָרטן, אַזוי ווי ער וואָלט זיי אָנגעזאָגט אַ גוטע בשורה.

קיינער פון די דריי הייבט זיך נישט אויף. זיי קוקן מיך אָן, האַלטנדיק די קאָרטן אין די הענט. איך דערנענטער זיך מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. דער ערשטער, וואָס נעמט זי אָן, האָט שוואַרצע האָר און געדיכטע ברעמען, דיקע ליפּן, וואָס עפענען זיך מיט אַן אויפריכטיקן שמייכל. ער זאָגט מיר אייניקע פריינדלעכע ווערטער מיט דעם זינגענדיקן אַקצענט פון יידן, וואָס זענען נישט געוווינט זיך צו באַנוצן מיט דער פּוילישער שפּראַך. פאַר דעם, טראַכט איך, איז געווען, אַז ער זאָל עפענען דאָס מויל, כדי זיין טויט־אורטייל זאָל זיין אַ געחתמטער. דער צווייטער איז אַן עלטערער מאַן, מיט קאַלטע אויגן פול מיט פאַרדאַכט. ער דריקט זיך אויס אויף אַן אויסגעזוכטן אופן אין אַן אויסגעצייכנטן פּויליש. דערנאָך ווענדט ער זיך אַ שטראַלנדיקער צו אַ בלאַסלעכן בחורל, וואָס האָט אַ פּנים פול מיט געשווירלעך און אַ גרויס און פאַראַכטנדיק מויל.

— דערלויבט, מאַדאַם, איך זאָל אייך פאָרשטעלן מיין זון.

דער בחור דערלאַנגט מיר אַ ווייכע און שווייסיקע האַנט. איך צי צוריק מיין האַנט אפשר אַ ביסל צו האַסטיק, נישט קענענדיק באַהערשן מיין ווי־דערווילן.

— כ׳האָב מורא, זאָגט ער, אַז אונדזער פּאַלאַץ איז נישט דורכויס פּאַסיק אויף צו פאַרברענגען אַן אָנגענעמען וויק־ענד.

— איך בין נישט אַהערגעקומען צו באַוווּנדערן די דעקאָראַציע, זאָג איך טרוקן.

— איר וועט נישט בלויז זיין געצוווּנגען צו אַקצעפּטירן די דעקאָראַציע נאָר אויך אונדז דריי.

— שווייג, זאָגט דער ערשטער, ס׳קומט נישט אין פראַגע, מיר זאָלן זיין אַ שטערונג פאַר דער פרוי. מיר וועלן אַלע דריי גיין שלאָפן אין בוידעם־קעמערל.

די אַנדערע ענטפערן נישט. איך זעץ זיך צו אויף איינעם פון די בעטן, צעשפּרייטנדיק זאָרגפעליק מיין ברייט, העל און באַבלימלט קלייד. זייערע

אויגן פּאַלגן נאָך אַלע באַוועגונגען מיינע. איך פּיל זיך לעכערלעך, זיצנדיק דאָ מיט מיין קלייד, וואָס איז ברייט צעשפּרייט ארום מיר, מיט מיינע שיך מיט די הויכע קנאַפּל. איך בין אַ פרעמדע, איינע פון די, וואָס האָט דאָס רעכט זיך צו קליידן, אַרויסצוגיין, לעבן. איך קוק אויף זשאַקן. זיין פּנים איז אַזוי ווי ס׳איז תמיד געווען: אָפן און דיסקרעט, שמייכלדיק און טרויעריק, אַזוי ווי ער וואָלט, לעבנדיק דאָס זעלבע לעבן וואָס די אַנדערע, פון דעסט־וועגן דאָך געקענט זיך האַלטן צוריקגעצויגן אין אַ זייטיק אָרט, וואָס איז נישט צוגענגלעך פאַר קיינעם, אַפילו נישט פאַר מיר. דער געדאַנק אַז ער טיילט די אינטימקייט פון אָט די דריי נפשות, וואָס איך האָב שוין קאַטאַ־לאָגירט: איין שוטה, איין רשע און איינער אַ בעל עברהניק, רעוואָלטירט מיך. ער האָט מסתמא זיך צוגעבונדן צו זיי אַזוי ווי ער בינדט זיך צו צו אַלע, וואָס געפינען זיך אויף זיין וועג. מער ווי איין מאָל האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז נישט פעיִק צו מאַכן אַן אונטערשיד צווישן דעם ווערט־פולן און דעם דורכשניטלעכן, אַז ער שאַצט אָפּ אַלע מענטשן גלייך. ס׳איז אָבער געווען איין באַמערקונג זיינע, איך זאָל זיך איבערצייגן אין מיין טעות און זיין אַבסערוואַציע־חוש האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שאַרפערן ווי מיינער, אַ סובטעלער, אַ מער ניואַנסירטער, ער האָט בלויז די מענטשן גענומען אַזוי ווי זיי זענען. פון דעסטוועגן האָט זיך צווישן די אַנדערע און מיר איינגע־שטעלט אַ פּוסטער און קאָנווענציאָנעלער שמועס. בעת איך ענטפער אַבי וואָס, אויף די פראַגן, וואָס זיי צווינגען זיך מיר צו שטעלן, צוליב העפלעכקייט, פיל איך אויף זיך זיין בליק, דער זעלבער קוק, וואָס ער האָט פאַר קינדער, חיות, קאַליקעס.

די מענער רייסן איבער דאָס שפּילן. דער הויכער ברונעט, וועלכן מען רופט פעליקס, אַנטהילט, אַוועקרוקנדיק זיין שטול, אַ קאָרב וואָס שטייט ביי דער וואַנט און אין וועלכן עס שלאָפט אַ קאַץ און איר קעצל. מיט איין שפרונג בין איך שוין אויף די קני, כאַפּ אַרויס דעם קנויל פון וואַרעמען פוטער און טוליע אים צו צו מיין פּנים.

— צי באַמערקט איר לעבן דעם קאָרב עפּעס, וואָס איז נישט נאָרמאַל? פרעגט מיך פעליקס.

איך קוק זיך צו אויפמערקזאַם און זאָג, אַז כ׳זע גאָרנישט.

— אויב אַזוי, איז עס אין בעסטן אָרדענונג, אונדזער באַהעלטעניש איז באמת נישט צו געפינען.

הינטער דעם קאַצן־קאַרב, קען מען אַרויסנעמען אַ שטיק פון דער מויער, דורך וועלכן מען דרינגט אַריין אין אַן ענגן שטח, צווישן דעם צימער און דעם דאַך. די באַהעלטעניש, וואָס איז די שטאָלץ פון פעליקסן, איז אויך זיין אומרו. יעדעס מאָל ווען זיי זענען געצוווּנגען זיך אויסצובאַהאַלטן, ווערט ער נעבעך אַרומגענומען דורך אַ פּאַנישער מורא, וואָס פאַרשנעלערט זיין עטעמען, בלאָזט עס אָן מיט אַ רעש און פאַרוואַנדלט עס אין אַ הילכיקער פייפערײַ, וואָס ער באַמיט זיך צו דערשטיקן מיט אַ נאָזטיכל. זיין פּנים ווערט דערפון רויט אָנגעשוואָלן. דאָס רופט אַרויס ביי זיינע חברים אַ שׂנאה און אַ שרעק. איך פּרוּוו זיך פאָרשטעלן די מענטשן בעת זיי קריכן דורך דער ענגער עפענונג, אַזוי ווי קינדער, וואָס שפּילן זיך אין באַהעלטעניש. איך פאַרליר תיכף מיין פאַראַכטונג און ווידערווילן און נעם צו זיי פילן אַ געוואַלטיק רחמנות־געפיל. איך וואָלט זיי וועלן זאָגן אַ פּאָר וואַרעמע ווער־טער און זיי איבערבעטן, אָבער איך שווייג. פון מיין האַלדז קען איך קיין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען.

— דאָס איז אַ זייער גוטע באַהעלטעניש, זאָגט מיר זשאַק, מיר האָבן זי אויספּרובירט אייניקע מאָל.

ער מיינט, אַז איך האָב מורא... אין דעם מאָמענט קלאַפּט מען לייכט אָן אין דער טיר. ס׳קומט אַריין אַ שלאַנקע דאַרע פרוי. זי האָט איידעלע שטריכן און אַ גאָר קליין מויל. אירע ברייטע, גרויע אויגן זענען ווי פאַרשלאָפן, אָן שום אויסדרוק. פעליקס איז באַלד לעבן איר און קושט איר די האַנט. ער דריקט אויס זיין פרייד, וואָס ער זעט זי, מיט אַזאַ שפע פון ווערטער און מיט אַזאַ היץ, אַז מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי איז פאַר אים אַ הייסע ליבע, וואָס ער האָט צוריקגעפונען, נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג. דער עלטערער מאַן, וואָס זיין נאָמען איז פיינזילבער, פּרוּווט אומזיסט אַריינצוּוואַרפן אַ וואָרט. אויך זיין זון קוקט אויף איר מיט באַוווּנדערונג. איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז פרוי קוזמאַ. אונטער דעם שטראָם ווערטער וואָס באַפאַלט זי, באַנוגנט זי זיך בלויז צוזאַמענצופּרעסן איר קליין מיילעכל און באַמיט זיך צוצוקומען צו מיר.

— הערט זיך איין, איר זענט באמת נישט פאַרזיכטיק, איר רעדט אַ סך צו הויך. און אויב עמעצער גייט גראָד פאַרביי אונטערן פענצטער ?... לאָזט מיר כאָטש זאָגן אַ גוט־מאָרגן דער מאַדאַם.

איך ריר אָן אַ האַרבע האַנט, אַ פאַרהאַרטעוועטע פון אַרבעט.

— מיר וועלן אפשר, זאָגט זי, אַלע קענען עסן מיטאָג אונטן אין עסצימער לכבוד דעם קומען פון דער מאַדאַם ?

די מענער שוויַיגן. די שטילקייט קומט מיר אויס מאָדנע. דערנאָך זאָגט זשאַק :

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, מאַדאַם העלענאַ, מיר וועלן זיין זייער גליקלעך.

— איך וועל אייך רופן, זאָגט זי, אַרויסגייענדיק.

נאָך דעם ווי די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, קוקן זיך די מענער איבער.

— ווידער אַ מאָל, זאָגט פיינזילבער, אָ, די מנוּוולים.

— לאָז אָפּ, מיר האָבן נישט קיין ברירה, זאָגט זיין זון.

— מיר האָבן אויך נישט קיין גאָלדגרוב, ענטפערט דער אַלטער.

— מילא, פאַרפאַלן, זאָגט פעליקס, דערפאַר וועלן מיר כאָטש האָבן צו עסן עפּעס אַנדערש ווי קאַרטאָפל.

שפּעטער אַ ביסל געפינען מיר זיך אַלע אונטן אַרום אַ רונדיקן טיש. דאָס עסצימער איז פול מיט צאַצקעס, מיט געשטיקטע סערוועטלעך. די ווענט זענען באַהאָנגען מיט באַמאָלענע טעלער און גראַווירן. איך שמייכל צו די קינדער פון די קוזמאַס : אַ יינגל פון אַ יאָר צען און אַ מיידל פון אַ פיר־פינף יאָר. זיי האָבן ביידע די זעלבע האָר פון קאָרן־קאָליר. פרוי קוזמאַ טיילט דאָס עסן און די דריי מענער לאָזן נישט אַראָפּ קיין אויג פון דער שיסל. זיי האַלטן דערביי אין איין לויבן און דאַנקען דעם בעל־הבית און זיין ווייב. איך קריג אַ בעסערע פּאַרציע ווי די אַנדערע, אָבער איך בין נישט הונגעריק. איך וואַג נישט זיך צו טוישן מיט אונדזערע טעלערס מיט פעליקסן, וואָס באַטראַכט מעלאַנכאָליש זיין פּיצעלע שטיקל פלייש. ווען מיר האָבן געענדיקט, וואַרטן מיר אויפן בעל־הבית מיט זיינע קינדער, ווען די פרוי קוזמאַ האָט צוגעלייגט פרישע גרויסע פּאַרציעס.

— איך דאַרף האָבן כוח, זאָגט הער קוזמאַ, איך דאַרף האָבן כוח

אייך צו פאַרטיידיקן. איר זיצט זיך גאַנץ רויִק דאָרט אין דער הייך. איך אָבער דאַרף שטיין און האַלטן שמירה פון אין דער פרי ביזן אָוונט, האַלט איך אין איין טראַכטן, אין איין אויסרעכענען. איך שלאָף אַפילו נישט ביי נאַכט.

ער לײדיקט אויס מיט איין שלוק זיין גלאָז ווײן און פילט עס ווידער אָן.

— צי גיט איר זיך בכלל אָפּ אַ רעכענונג פון דעם אַלעם, וואָס איך טו פאַר אייך?

ס׳ענטפערט אים אַ כאָר, וואָס לויבט זיין גוטסקייט, זיין גרויסמוטיקייט, זיין קלוגשאַפט.

— איר זאָגט, אַז איך בין קלוג? — הייבט ווידער אָן דער בעל־הבית — זייט־זשע וויסן, אַז איר מאַכט אַ טעות. איך בין אַ נאַר, און ווי אַ נאַר וועל איך שוין שטאַרבן. וואָלט איך געווען קלוג, צי וואָלט איך מקריב געווען מיינע צוויי קינדער פאַר אייך, פרעמדע? קוקט זיי אָן די אומשולדיקע, קוקט זיי נאָר אָן.

ער מאַכט אַ פויזע, כדי פעסטצושטעלן צי אַלע בליקן זענען טאַקע אָנגעשטעלט אויף די צוויי מלאכימלעך, וואָס הערן נישט אויף צו שלינגען.

— קוקט אָן אָט די אומשולדיקע, וואָס איך פאַרמשפּט צום טויט פאַר אייך. און מיין פרוי, מיין יונגע פרוי, קוקט זי נאָר אָן.

דאָ קומט נאָך אַ פויזע, כדי די בליקן זאָלן האָבן צייט איבערצווואַרפן זיך אויף פרוי קוזמאַ.

— די מוטער פון מיינע קינדער, אין פולן בלי פון איר יוגנט, וואָס איך שטעל אַוועק טאָג און נאַכט, פּנים אל פּנים מיטן טויט.

ער לײדיקט אויס זיין גלאָז. דאָס גיט אים צו אי באַרעדעוודיקייט אי... עמאָציע. ער שטעלט זיך מער נישט אָפּ, טרערן רינען איבער זיינע באַקן. פרוי קוזמאַ, נישט געקוקט אויף די שרעקלעכע געפאַרן, וואָס דראָען איר, הערט נישט אויף, ווי אַן איבערגעגעבענע מוטער, צו וואַכן אויף דער נאַרונג פון אירע קינדער. די קינדער, פון זייער זייט, לייגן נישט די מינדעסטע אַכט אויף דער סצענע. זיי זעען אויס צו זיין צוגעווױנט דערצו.

— און ווו נעמט מען דאָס גאַנצע געלט, וואָס מען דאַרף, כדי אייך צו דערנערן? — זעצט פאָר דער בעל־הבית — איר זענט קרעפּטיקע מאַנס־

פאַרשוינען, אַלע פיר, און איר האָט אַ גוטן אַפּעטיט. אייך פאַלט נישט איין, אַז יעדן טאָג שטייגן די פּרייזן פון די לעבנס־מיטלען.

— אָבער, זאָגט פיינזילבער, מיר עסן דאָך בלויז קאַרטאָפל, בלויז קאַרטאָפל.

— אָט האָט איר, מאַדאַם, — ער ווענדט זיך צו מיר — די דאַנקבאַרקייט פון מענטשן. אָט די מענטשן, פאַר וועלכע איך בין מקריב מיין פאַמיליע. איך רעד שוין נישט פון מיר. איך נעם זיך נישט אין באַטראַכט. זיי וואַרפן מיר פאָר דאָס עסן, וואָס איך גיב זיי. טאַקע עפּעס אַ מאָדנע פאָלק, אין דער אמתן, מאַדאַם. זיי טראַכטן וועגן עסן אין דער צייט ווען זייער לעבן איז אין געפאַר. ער ווענדט זיך צו די אַנדערע.

— און אויב איך וועל אייך זאָגן, אַז איך האָב עס שוין גענוג, איך — זיין פויסט גיט אַ קלאַפּ אין טיש. די טעלערס שפּרינגען אונטער — כ'האָב שוין גענוג! גענוג! איר קענט גיין. תיכף ומיד! גייט צו אַלדע טייוול!

זיין פּנים איז צעפלאַמט, זיין קול דונערט.

— נו, נו, לאָז אָפּ, זאָגט זיין פרוי, באַרויִק זיך. וועסט נאָך קראַנק ווערן.

— לאָמיר גיין, זאָג איך צו זשאַקן, לאָמיר גיין.

— נעם זיך נישט צום האַרצן, זאָגט ער שטיל, דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ קאָמעדיע. איך באַדויער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן פּונקט דעם טאָג ווען דו ביסט אַהער געקומען.

פון דעסטוועגן באַמיט זיך יעדער צו באַרויִקן דעם צעכעסטן בעל־הבית. פיינזילבער אַנטשולדיקט זיך, שטאַמלענדיק.

— אויף די קני, הירזשעט קוזמאַ, אויף די קני, כדי צו בעטן מחילה. קניט אַנידער פאַר מיר!

און דער אַלטער הייבט זיך אויף, גייט אַרום אַרום דעם טיש און שטעלט זיך אָפּ פאַר דעם כמעט שיכורן קוזמאַ. דערנאָך נעמט ער פּאַמעלעך איינבייגן זיינע אַלטע קראַנקע פיס, און קניט אַנידער.

— אַזוי, זאָגט דער בעל־הבית, איך בין אייך מוחל. העלענאַ, גיב אַ גלאָז וויין דעם הער פיינזילבער.

פיינזילבער קערט זיך אום אויף זיין אָרט און טרינקט מיט ווערדע די פּאָר טראָפּנס וויין, וואָס פרוי קוזמא האָט אים אָנגעגאָסן. דער איינ־

געשטילטער בעל־הבית זעצט גוטמוטיק פאָר זיינע באַלערנדיקע רייד:

— איך בין אייערס אַ פריינד, אייער איינציקער פריינד. אָן מיר זענט איר טויטע מענטשן. איר ווייסט עס דען נישט, אַז איך בין אייער איינציקער פריינד?

און זיי שטימען צו מיט אייפער.

— אייער פריינד איז אָבער, זעצט פאָר קוזמאַ, אָרעם, זייער אָרעם. יעדן טאָג קעמפט ער, ער ברעכט זיך דעם קאָפּ, כדי צו דערנערן זיין גרויסע פאַמיליע. מען דאַרף אים העלפן.

זיינע טרערן הייבן אָן צו רינען, גרויסע טרערן, וואָס קייקלען זיך אַראָפּ לענג־אויס זיינע דיקע באַקן.

— וויפל באַדאַרפט איר איצט האָבן, פאַניע קוזמאַ? פרעגט זשאַק.

אין דער מינוט פאַרשווינדט ביי מיר דאָס געפיל, אַז איך קוק זיך צו צו אַ מאַלצייט פון משוגעים, וואָס מאַכט מיך אַליין משוגע.

— אָט דאָס הייסן דיבורים — זאָגט קוזמאַ מיט אַ שטים, וואָס איז צוריק געוואָרן נאַטירלעך — די פאַרגאַנגענע וואָך האָט איר מיר געגעבן טויזנט זלאָטעס, איצט דאַרף איך צוויי טויזנט.

— איר וועט זיי האָבן היינט אין אָוונט, זאָגט זשאַק.

דער אינצידענט איז פאַרענדיקט. קוזמאַ איז פריילעך, העפלעך, צוגע־לאָזן, אפילו זיין פרוי עפנט איר פאַרקלעמט מיילכל און שיט מיט העפ־לעכקייטן.

ווען מיר זענען שוין אויבן, גייען די דריי מענער צוריק צו די קאָרטן. מיין מאַן ציט מיר אַרונטער די שיך און באַטראַכט אויפמערקזאַם מיינע פיס. בעת ער לייגט מיר אויף די ווונדן אַ נאַס האַנטעך, דערמאָן איך זיך אין אַ מאַלצייט ביי מיינע שוויגער־עלטערן, אַ פרייטאָג צו נאַכטס. דאָס זילבערנע באַשטעק אויפן ווייסן טישטעך האָט מילד געפינקלט אין דעם צאַרטן שיין פון די שבת־ליכט. מיין שווער האָט געזונגען זמירות. קעגן איבער מיר איז געזעסן אַן אַלטער בעטלער, אַ שמוציקער, וואָס האָט זיך געשאָקלט מיט פאַרמאַכטע אויגן, סמאָטשקענדיק דערביי זיין באָרד. מיין שוויגער, לעבן אים, האָט אים כסדר אָנגעפילט זיין טעלער. ער האָט געגעסן שמוציק, אַרויס־העלפנדיק זיך מיט די פינגער, אָבער קיינער אַחוץ מיר האָט דערויף קיין

אַכט נישט געלייגט. פאַרן אַוועקגיין פלעגט ער תמיד זאָגן די זעלבע ווער־טער: „די וואָס דערנידעריקן נישט קיין אָרעמאַן, וועלן קיין מאָל נישט זיין דערנידעריקט".

דאָס צווייטע מאָל בין איך שוין געקומען צו קוזמאַ אויף צו פאַרבלייבן. אין וואַרשע האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. מען דערוואַרט אויך אַנדערע געשעענישן. איך וויל נישט בלייבן צעשיידט מיט מיין מאַן. בין איך פאַר־בליבן צוזאַמען מיט די פיר פאַרשפּאַרטע אויבן, אין דעם קליינעם שטיבל. צוזאַמען מיט זיי נער איך זיך מיט די קאַרטאָפל, וואָס פילן אָן דעם מאָגן אָן ערך אַ שעה צייט, נאָך דעם פייניקט אייך דער הונגער ווי ס׳דאַרף צו זיין, ביז צו דער נאָענטסטער מאָלצייט. די מענער האָבן זיך צוגעוווינט צו מיר. כ׳פאַרנעם נישט קיין סך פּלאַץ. דעם גרעסטן טייל פון דער צייט ליג איך אָן אויסגעצויגענע אויפן בעט, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. די איינציקע זאַך, וואָס זיי וואַרפן מיר פאָר, איז דאָס, וואָס איך וואַש זיך יעדן טאָג געגוג לאַנג. זיי זענען דאָן געצוווּנגען צו וואַרטן אויפן בוידעם צווישן שטויב און שפינען, פאַר וועלכע זיי האָבן שטאַרק מורא. איך האָב זיי געבראַכט אַ קליינעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, מיט בליי־קריסטאַל, פאַרזען מיט אויערן־הערערס. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן זייער אָנגענעמסטער צייט־פאַרטרייב. יעדער קאָמוניקאַט פון דער „בי־בי־סי" ווערט ליידנשאַפטלעך קאָמענטירט, מען קריגט זיך וועגן דעם, אַז אָט דאַרפן אָנקומען די רוסן, מען שטעלט אפילו פעסט די דאַטעס, די שעה. פעליקס פאַלט אָן אויף פיינזילבערן, הלמאי ער האָט געהאַט די העזה צו באַהויפּטן, אַז זיי וועלן נישט קומען פריִער ווי אין אַ וואָך אַרום.

אָבער די רוסן זענען נישט געקומען. נישט אַ טאָג, נישט אַ וואָך שפּע־טער. זיי האָבן זיך באַזעצט אויף דער אַנדערער זייט ווייסל און רירן זיך נישט פאָרויס. ענגלישע אַוויאָנען פליִען איבער דער געגנט און וואַרפן פּראָ־קלאַמאַציעס, וואָס קוזמאַ ברענגט אונדז מיט דעם שטאָלץ פון אַ גענעראַל, וואָס האָט ריזיקירט זיין לעבן פאַר זיינע סאָלדאַטן. די פּראָקלאַמאַציעס חזרן תמיד איבער דאָס זעלבע: „אויסהאַלטן, אויסהאַלטן, דער סוף איז נאָענט". קוזמאַ האָט זיך אַ סך געביטן. ער קומט אונדז אָפּט זען און רעדט

מיט אונדז. ער פּרוּווט שוין מער נישט אויסצופּרעסן פון אונדז קיין געלט. ער, וואָס פלעגט אין זיינע אָנפאַלן שרייען, אַז די יידן זענען פּאַסקודנע קאָמוניסטן, רעדט איצט מיט איבערגעגעבנקייט פון אונדזער גרויסן פריינד רוסלאַנד און פון די העלדישע סאָוויעטישע סאָלדאַטן, וואָס גייען פאָרויס, כדי צו באַפרייען די אָרעמע קרבנות פון דעם דייטשישן באַרבאַריזם, אַזעלכע ווי מיר, ווי ער. יעדן טאָג דערמאָנט ער אונדז אַלץ, וואָס ער האָט פאַר אונדז געטאָן, און ער בעט זיך ביי אונדז מיר זאָלן אים באַשיצן. אָבער דאָס געלט ווערט דאָך צערונען. איצט האָבן די קינדער געגומען די זאַך אין זייערע הענט. אָט די צוויי קינדער מיט די בלאָנדע האָר, מיט פּנימלעך פון מלאכימלעך. זיי אַרבעטן אויף אייגענער רעכענונג און כ׳בין איבערצייגט, אַז קוזמאַ האָט קיין אַנונג נישט דערפון, כאָטש זיי קויפן מאַסנהאַפט אייז צוקערלעך און שפּילצייג, און באַווייזן דערמיט, אַז זיי מאַכן רווחים. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז די דאָזיקע אויסגאַבן וועלן גענוג זיין אַרויסצורופן אַ חשד. מיר קענען אָבער גאָרנישט טאָן. מיר האָבן קיין ברירה נישט.

דער סצענאַר איז תמיד דער זעלבער. זיי קומען ביידע אַריין מיט אַן אומשולדיקער מינע, מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּן. דער עלטערער דערציילט, ווי אַזוי דער טאַטע צווינגט אים צו היטן דעם וועג אין דער צייט וואָס ער פאַרמאַכט זיך אין שטוב און טרינקט. דערפאַר גיט מען אים גאָר־נישט. דאָס איז נישט יושרדיק. ער מוז אויך די גאַנצע צייט אַכטונג געבן אויף דער ראָצערין — און ער ווייזט אונדז אָן אויף זיין שוועסטער — זי זאָל נישט פּלאַפּלען, בעת זי שפּילט זיך מיט אַנדערע קינדער, ווייל אָן אים וואָלט זי גערעדט.

— וואָלטסטו אויסדערציילט, נישט אמת? פרעגט ער זי.

— זיכער וואָלט איך דערציילט, אויב דו וואָלסט נישט אַכטונג געגעבן אויף מיר, ענטפערט רויק די קליינע. מען קען נישט שפּילן און נישט רעדן.

— דו ווייסט דאָך אָבער גוט, אַז מען דאַרף קיינעם נישט זאָגן, אַז מיר זענען דאָ, שרייט אויס דער יונגער פּיינזילבער, ווייל אַנדערש וועט מען אונדז אַלעמען טויטן, אויך דיינע עלטערן אויך דיין ברודער און אויך דיך. דו ווייסט עס, יאָ?

— איך ווייס, אָבער איך קען פאַרגעסן.

און סוף כל סוף גיט מען זיי, וואָס זיי ווילן. יעדעס מאָל ווען ער דער־הערט די טריט פון די קינדער, הייבט דער שטאַרקער און גרויסער פעליקס אָן צו ציטערן. אַ מאָל טרעפט, אַז פרוי קוזמאַ פאַרהאַלט זיי גראָד ווען זיי גייען אַרויף די טרעפ.

— וואָס גייט איר טאָן אויבן? כ׳האָב אייך דאָך געזאָגט איר זאָלט נישט אַרויפגיין אַזוי אָפט.

— מיר גייען זאָגן אַ גוט־מאָרגן די הערן, וואָס לאַנגווייליקן זיך, ענט־פערט די קליינע.

און באַלד דערהערט זיך דאָס קול פונעם פאָטער:

— זיי האָבן דאָך אַ גאָלדן האַרץ, מיינע קינדער. לאָז זיי העלענאַ, לאָז זיי טאָן, וואָס זייער האַרץ הייסט זיי.

און די טיר עפנט זיך און בײדע באַווייזן זיך, האַלטן זיך געלאַסן פאַר די הענטלעך און שמייכלען צו אונדז.

אין איינעם אַ שיינעם אָסיען־טאָג, גיט מען אונדז צו וויסן באַלד אין דער פרי, אַז מיר דאַרפן זיך פאַרקלייבן אין באַהעלטעניש. פרוי קוזמאַ איז געקומען פאַרקלאַפּן דעם צודעק הינטער אונדז און אַוועקשטעלן דעם קאָרב פאַר די קעץ, אין וועלכן עס שלאָפט בלויז איין אײנציק קעצעלע. די מוטער איז פאַרשוווּנדן מיט עטלעכע טעג צוריק. אַ ביסל שפּעטער ווערט דאָס הויז אָנגעפילט מיט שטימען. ס׳דאַכט זיך אונדז, אַז מען רעדט דייטש. דערנאָך ווערט שטיל. די מינוטן פאַרגייען און קיינער קומט אונדז נישט אַרויסלאָזן פון באַהעלטעניש. מיר זענען פאַרשפּאַרט זאַלבע פינף אויף אַזאַ ענגן שטח און הייבן זיך אָן צו שטיקן. מיר האָבן מורא זיך צו באַוועגן און בלייבן ליגן און הערן זיך צו צום הילכיקן עטעמען פון פעליקסן. ער פילט אויף זיך אונדזערע פיינטלעכע בליקן און ברעכט פּלוצעם אויס אין אַ געוויין. אַ שטומער שטורעם פון פיינטשאַפט און פון מורא לאָזט זיך דאָן אַראָפּ אויף דעם נעבעכדיקן מענטשן, וואָס קען זיך נישט באַהערשן. ער טרייסלט זיך אין גאַנצן און זיין ברייטער רוקן בייגט זיך נאָך מער איין. ערשט אַ גוטע שעה שפּעטער דערהערן מיר ענדלעך קוזמאַס טריט. איינער נאָכן צווייטן קריכן מיר אויף אַלע פיר צוריק אַריין אין צימער. מיר באַשיטן

קוזמאַ מיט פּראַגעס. ס׳זעט אויס, ווי ער וואָלט זיי אַפילו נישט געהערט. זיין פּנים איז שוואַרץ ווי די ערד.

— מיר זענען אַנטדעקט? פרעגט פעליקס. צוליב מיר?

— וואָלט זיך עס בלויז געהאַנדלט אין דעם — ענטפערט קוזמאַ — וואָלט איך שוין פאַר זיי געפונען אַ תירוץ. זיי וואָלטן זיך מיט אייך אָפּגעפּאַרטיקט און אַראָפּ פון מאַרק. ס׳האַנדלט זיך אָבער נישט בלויז אין אייך. אַלע דאַרפן אַוועק פון דאַנען, איר הערט, אַלע, אין אַ ראַיאָן פון צוואַנציק קילאָמעטער. און איך אויך, פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע, אַזוי ווי אַ בעטלער.

מיר בלייבן ווי פאַרשטיינערט.

— און מיר? זאָגט דאָן פיינזילבער, וואָס וועט ווערן פון אונדז?

— וואָס גייט דאָס מיך אָן? איך האָב אייך געוואָרנט, דאָס איז אַלץ.

ער גייט אַרויס, פאַרקלאַפּנדיק די טיר. מיר שטייען אַלע פינף אומ־באַוועגלעך און מיידן אויס זיך אַנצוקוקן. דער ערשטער, וואָס רייסט איבער די שטילקייט, איז ווידער פיינזילבער:

— מאַך אַ פּעקל פון אונדזערע זאַכן, זאָגט ער צו זיין זון, מיר גייען אַוועק.

דער יונגער פיינזילבער ענטפערט נישט. ער נעמט צונויף די זאַכן אין אַ קאָלדרע.

— וווּהין וועט איר גיין? פרעגט מיין מאַן.

— די רוסן זענען נישט ווייט, זאָגט דער אַלטער מאַן. מירן זיי אַנטקעגן גיין און כ׳וועל צוריקקומען אַהער צוזאַמען מיט זיי, כדי צו דערשיסן דעם מנוול קוזמאַ.

איך גיי צו צום פענצטער. צווישן די שכנותדיקע הייזער גייען פאַרביי אייניקע דייטשן. איך דריי זיך אויס צו פיינזילבערן:

— קוקט.

ער וואַרפט אַ בליק דורכן פענצטער.

— מיר האָבן נישט קיין ברירה.

ווען דער פּאַק ווערט פאַרטיק, קוקט ער אונדז אַ ווײַלע אָן און זאָגט, נישט געבנדיק אונדז די האַנט:

— זייט מצליח.

זיין זון גייט אַרויס נאָך אים אָן אַ וואָרט, אָן אַ בליק.

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן? זאָגט פעליקס.

און ווי זיין געוווינהייט איז, הייבט ער אָן צו דרשנען, מאַכט פּלענער, איינער פאַנטאַסטישער פון אַנדערן. צום סוף באַשליסן מיר צו וואַרטן, צו זען וואָס ס׳וועט געשען. איינער פון אונדז וועט כסדר שטיין ביים פענצטער און אָבסערווירן אַזוי, אַז מ׳זאָל אים אַליין נישט באַמערקן דרויסן. איך גיי אַרונטער. אונטן איז שוין קיינער נישטאָ. די קוזמאַס זענען אַוועק. די משפחה קוזמאַ בלאָנקעט זיך איבער די וועגן, אָפּצאָלנדיק דער מלחמה דאָס וואָס זי האָט פון איר פאַרדינט. איך געפין ענדלעך אַ ביסל קאַרטאָפל און מעל, דאָס איז אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט. איך פיל אָן אַ טעפּל מיט דעם ביסל וואַסער, וואָס איז פאַרבליבן אין דער קיך, נעם אַ קליינע עלעקטרישע קאָך־מאַשינקע, אַנטדעק אויך אַ פּעקל זאַלץ און טראָג דאָס אַלץ אַרויף צו אונדז אין צימער.

אין אָוונט באַהאַלטן מיר אין אַלקערל אַלץ, וואָס קען פאַרראַטן אונדזער אַנוועזנהייט. מיט גרויס מי שטופּן מיר אויך אַהין אַריין איין מאַטראַץ.

די נאַכט ציט זיך לאַנגזאַם. מיר האָבן אַליין פאַרשטאַפּט דאָס לאָך, אָבער ס׳איז קיינער נישטאָ וואָס זאָל עס פאַרשטעלן מיטן קאַרב פאַר קעץ. איך זע אָן אויפהער פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון פאַרלאָזענעם הויז מיט די אָפענע טירן און אונדז דריי ווי מיר ליגן צונויפגעקוועטשטע אין אַ ווינקל און קענען לייכט אַנטדעקט ווערן. זיי שלאָפן אויך נישט, זיי קענען נישט שלאָפן, ווייל ס׳פאַרפאָלגט זיי דאָס זעלבע בילד. זייער באַוווּסטזיין איז וואַך. פון צייט צו צייט הער איך פעליקסעס אומרויִק עטעמען, וואָר־שיינלעך אין אַ מאָמענט, ווען דאָס בילד אין אים ווערט פּרעציזער, בולטער. פּלוצעם פאַרהאַלט זיך זיין עטעמען. אין זעלבן מאָמענט דערפיל איך ווי מיין האַרץ קלאַפּט זיך אָפּ אין מיין האַלדז. עמעצער וויינט, גאָר נאָענט, דאָ אין הויז.

— דאָס וויינט אַ קינד, מורמלט פעליקס מיט אַ וואַקלדיקער שטים. עמעצער איז אַריין... מיר זענען פאַרלוירן.

און ער הייבט אָן צו עטעמען, שטאַרקער, גיכער, הילכיקער.

— שווייגט — זאָג איך — און פּרווט צו מאַכן אַ ביסל ווייניקער טומל.

איך הער זיך צו, צולייגנדיק מיין אויער צום ווענטל. כ׳האָב געטראָפן... ס׳איז בלויז דאָס קעצעלע, וואָס מיר האָבן געלאָזט אַליין. און תיכף זאָג איך מיר, אַז אויב מען וועט עס דערהערן, זענען מיר אַנטדעקט.

— ווער איז עס? פרעגט זשאַק.

— דאָס קעצל. מען דאַרף עס דערשטיקן איידער עס פאַרראַט אונדז.

— פאַרנעמט זיך מיט אים, זאָג איך צו פעליקסן.

פעליקס קלאַפּט מיט די ציין.

— מען מוז... מען מוז... מען מוז עס הרגענען?

— יאָ, איר נעמט אים אָן פאַרן האַלדז און דערווערגט אים. ס׳וועט נישט דויערן לאַנג. ס׳איז אַ גאָר קליין קעצעלע.

— איך... איך... איך וועל נישט קענען, איך וועל קיין מאָל נישט קענען טויטן אַ קעצל, זאָגט ער מיט אַ קלעגלעכן טאָן.

— נעם עס אַריין אַהער, זאָגט זשאַק, עס וועט זיך באַרויִקן.

און דאָס קעצל איז אַזוי אַרום אַריין צו אונדז און געטיילט אונדזער געהיימען שלאָף. אין מיטן דער נאַכט הילכן אָפּ אונטן טריט פון שטיוול. זשאַק נעמט אַרום מיינע פּלייצעס און האַלט מיך צוגעפּרעסט צו זיך. אין דער זעלבער צייט האַלט איך דאָס קעצל צוגעפּרעסט צו מיין ברוסט. דערנאָך סקריפּען די טרעפּ אונטער די טריט. פעליקס, וואָס ליגט לעבן מיר, שטיקט זיך און צעקוועטשט דאָס פּנים אין זיינע הענט. במשך אַ פּאָר ווילעס, וואָס נעמען נישט קיין סוף, דרייען זיי זיך אַרום איבער דעם צימער, וואַרפן אום די שטולן מיט זייערע שטיוול. עפּעס האָט אַ קלאַפּ געגעבן אין ווענטל, הינטער וועלכן אונדזער לעבן הענגט אויף אַ האָר, און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס דאַרף זיין דער קאָרב. ענדלעך גייען זיי אַרונטער. דער איינגעהאַלטענער אָטעם פון פעליקסן באַפרייט זיך און פילט אויס דאָס קעמערל. דערנאָך דערהערט זיך אַ קלאַפּ מיט דער איינגאַנג־טיר.

פעליקס שטופּט אָפּ די פאַרשטעק־קלאַפּע און קריכט אַרויס.

איך מורמל:

— וואָס טוט איר? איר זענט משוגע. עמעצער איז אפשר פאַרבליבן אין הויז.

פעליקס קריכט אויף אַלע פיר און דרייט זיך אום.

— איך מוז אַוועקגיין פון דאַנען. כ׳האָב צו פיל מורא, כ׳האָב צו פיל מורא, האַלט ער אין איין איבערחזרן.

— איר וועט נישט אָפּגיין קיין צען טריט אין דרויסן און מען וועט איך כאַפּן. זייט פאַרנונפטיק.

אָבער ער וויל פון גאָרנישט וויסן. ער האָט בלויז איין זאַך אין קאָפּ: אַרויסגיין.

— פאַרהאַלט אים נישט — זאָגט מיין מאַן — אויב ער פילט, אַז ער דאַרף אַוועקגיין, דאַרף מען אים לאָזן. גיי — זאָגט ער צו פעליקסן — ביי נאַכט קענסטו האָבן מער מזל. שפּרינג אַריין אין ערשטן בעסטן ראָוו ביים וועג און גיי אַזוי ביזן וואַלד.

פעליקס הערט זיך צו און שלינגט ממש יעדעס וואָרט.

— איר מיינט, אַז עס וועט מיר געלינגען?

דאָס רויִקע קול פון מיין מאַן דערמוטיקט אים, ער טראַכט שוין אָבער פון עפּעס אַנדערש.

— און איר? איך קען דאָך איך ביידן נישט איבערלאָזן דאָ אַליין.

— זאָרגט איך נישט. יעדן איינציקן איז באַשערט זיין אייגענער גורל. ער געזעגנט זיך מיט אונדז אומגעשיקטערהייט.

אויף צו מאָרגנס איז דער טאָג אַ רויִקער. מיר עסן דעם רעשט פון די נעכטיקע קאַרטאָפל. דערנאָך גרייט איך צו אַ סאָרט טייג, צעמישנדיק דאָס מעל מיט וואַסער. איך מאַך דערפון קליינע קליסקעלעך און קאָך זיי אויף דער עלעקטרישער מאַשינקע. זיי זענען אַזוי האַרט ווי האָלץ. איך האָב נישט קיין געלענק דערצו. איך מאַך עס צום ערשטן מאָל. ווען מען קייט זיי גענוג לאַנג, באַוויזט מען זיי דאָך אַרונטערצושלינגען. זשאַק האַלט, אַז זיי זענען אויסגעצייכנט.

אין אָוונט קריכן מיר צוריק אַריין אין באַהעלטעניש, נישט פאַרגעסנדיק דאָס קליינע קעצעלע. ווי נאָר מיר ליגן איינער לעבן צווייטן, זאָגט מיר זשאַק:

— דו וועסט דאָ בלייבן רויִק ליגן און איך וועל אַרונטערגיין ברענגען וואַסער.

איך ווייס אַז דער ברונעם געפינט זיך הינטערן הויז, אַ ביסל וייטלעך.

— אויף קיין פאַל נישט, זאָג איך. אויף קיין פאַל וועל איך דיך נישט לאָזן אַרונטערגיין אַליין.

— מיר האָבן דאָך שוין נישט קיין איין טראָפּן וואַסער.

— ס׳איז מיר אַלץ איינס.

—, אָבער איך בין דורשטיק.

— גוט, דאַן וועל איך אַליין גיין.

זשאַק לאַכט מילד.

— צי ווייסטו כאָטש ווי אַזוי מען בינדט אָן אַן עמער און מ׳לאָזט אים אַראָפּ אין ברונעם?

— אויב אַזוי וועל איך גיין מיט דיר.

— כדי דער ריזיקאָ זאָל זיין גרעסער? זיי דאָך פאַרנונפטיק. אין פינף מינוט אַרום בין איך ווידער דאָ.

אַן אַנטשלאָסענער באַפרייט ער זיך פון מיינע אָרעמס אַרום זיין האַלדז. אומבאַוועגלעך זיץ איך אויפן מאַטראַץ און הער זיך צו ווי זיינע לייכטע טריט פאַרלירן זיך אין דער שטילקייט פון הויז. אונטן טוט די טיר אַ שטילן קרעכץ, דערנאָך הערט מען מער גאָרנישט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער דערגייט צו מיר דאָס גרילצן פון אַ קייט. איך שטעל זיך פאָר אַז איך הער ווי דער עמער באַוועגט זיך אין דער טיף פונעם ברונעם. און ווידער דאָס אומהיימ־לעכע גרילצן פון דער קייט, דער איינציקער גערויש, וואָס הילכט אָפּ אין מיטן פון דעם אויסגעליידיקטן דאָרף. די צוריקגעקומענע שטילקייט דרינגט אין מיר אַריין.

איך האָב אים נישט געהערט אַריינקומען, כ׳האָב נישט געהערט ווי ער איז געגאַנגען אויף די טרעפּ, ווי ער האָט געעפנט די באַהעלטעניש. זיינע אָרעמס ציִען מיך צו צו אים. ערשט דאַן פאַרשטיי איך, אַז ער איז דאָ אַז איך וועל אים נאָך האָבן ביז מאָרגן.

די טעג פאַרגייען איינע נאָך די אַנדערע און זענען צו זיך ענלעך. מערסטנטייל בלייב איך שטיין ביים פענצטער, כדי צו באַוואַכן דעם וועג. זשאַק איז פאַרנומען מיטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט און באַמיט זיך צו כאַפּן די מינדסטע נייס, וואָס זאָל אַ ביסל קלאָר מאַכן די לאַגע. פון דער לאַגע רעדט מען דאָרט ווייניק. מען רעדט דער עיקר וועגן סוף פון דער מלחמה, וועגן

דער צוקונפט, דער הערלעכער צוקונפט. פאַר מיר זענען דאָס פּוסטע ווער־טער אָן קיין שום זין. ער, אַקעגן, הערט מיט אַ פאַרטרוילעכן פּנים. אונדזערע קאַרטאָפל האָבן זיך שוין פון לאַנג אויסגעלאָזט, בלויז די קליסקעלעך זענען אונדזער איינציקע שפּייז. דאָס קליינע קעצל וויל זיי נישט נעמען אין מויל אַריין און גייט איין. יעדע צוויי טעג גייט זשאַק אַרויס ברענגען וואַסער און יעדעס מאָל זע איך זיין טויט פאַר מיינע אויגן.

איין טאָג אין דער פרי, קוקנדיק אויף אים ווי ער האַלט אַזוי זיינע ראַדיאָ־הערער צוגעקלעפּט צו זיינע אויערן, באַמערק איך פּלוצעם אָן ענ־דערונג אין זיין פּנים. ס׳נעמט אים אַרום אַזאַ אויסדרוק פון גליק, זיינע אויגן פילן זיך אָן מיט אַזאַ אַנטציקונג, אַז איך צווייפל נישט מער: מיר זענען פריי. איך פאַרלאָז מיין אָבסערוואַציע־פּאָסטן ביים פענצטער און נעם אים אַרום מיט מיינע הענט. ער הייבט אויף דעם קאָפּ צו מיר:

— פּאַריז איז באַפרייט געוואָרן, דו פאַרשטייסט? וואָס דאָס באַדייט? פּאַריז איז באַפרייט געוואָרן.

ניין, איך פאַרשטיי נישט. איך פיל ווי ס׳גייט אין מיר אויף אַ טעמפּער כעס. ס׳איז נישט מער ווי דאָס?... איך זאָג אים, אַז איך בין נישט אין פּאַריז און אַז דער גורל פון פּאַריז גייט מיר בכלל נישט אָן, אַז איך זע באמת נישט צוליב וואָס מ׳דאַרף זיך דאָ פרייען.

— דו פאַרשטייסט דען נישט? חזרט ער איבער אַ פאַרוווּנדערטער. אָט די אַלע מענטשן זענען ווידער פריי, אויסער דער געפאַר...

ניין, איך ווייס בלויז, אַז איך בין אַ יתומה, אַז מיין אוניווערס הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט אים. גראָד אין דעם מאָמענט הערן מיר דאָס סקריפּן פון דער איינגאַנג־טיר. מיר איילן אויף גיך אין אונדזער באַהעל־טעניש. מיר באַוויזן נישט צו פאַרמאַכן דעם צודעק. עמעצער קומט אַריין אין שטוב, מען צערוקט די שטולן. אין צימער דערהערן זיך שווערע טריט. פּלוצעם באַוויזט זיך אַ האַנט, וואָס טאַפּט אַרום. מיר רוקן זיך אויף צוריק ווי ווייט ס׳איז מעגלעך. די האַנט שטרעקט זיך אויס אין קעמערל, נעמט אָן איינעם פון זשאַקס שטיוול, ציט אים אַרויס, דערנאָך ציט זי אַרויס דעם צווייטן, דערנאָך דעם ראַדיאָ, דערנאָך די עלעקטרישע מאַשינקע... דאַן גייט אַרויס דאָס קעצעלע, וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיס.

— אַ קאַץ, זאָגט אַ מענער־שטים, אַ קאַץ איז קיין מאָל נישט אַליין.
העי, איר דאָרט, קריכט אַרויס, אויב נישט רוף איך די דייטשן.

— בלייב, שושקע איך אַריין אין זשאַקס אויער.

ווען ער דערזעט ווי כ׳קריך אַרויס אויף אַלע פיר, רוקט זיך דער מאַן צוריק אַ דערשראָקענער. ער געפינט אָבער גלייך צוריק זיין זיכערקייט. דאָס איז אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק מיט דיקע וואָנצעס, אַ גראָבן בויך. ער איז שמוציק, וואַרשיינלעך איז עס אַ שמאַלצאָווניק, וואָס גייט פון איין פאַרלאָזענעם הויז אין אַנדערן. ער איז אָבער אַ פּאָליאַק, און אויב ער פאַר־מסרט אַ יידן, וועט ער אַנשטאָט אַ שטראָף באַקומען אַ באַלוינונג. דאָס ווייס ער מסתמא אַזוי גוט ווי איך. ער באַקוקט מיך מיט אַ שעלמישן בליק.

— וואָס מאַכסטו דאָרט, מיין פייגעלע? דאָס איז נישט קיין אָרט פאַר אַ שיין מיידל. דו באַהאַלטסט עפּעס? האַ? דערצייל.

— און איר אַליין? די גאַנצע באַפעלקערונג איז געוואָרן עוואַקויִרט. איר האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן.

— פּאַוואָליע, פּאַוואָליע, איך בין אין דינסט, מיין טייבעלע. אויב דו ביסט טאָקע אַליין, וועלן מיר ביידע זיך לאָזן ווילגיין. דו געפעלסט מיר, ווייסט? דו געפעלסט מיר זייער...

אין דעם מאָמענט קומט זשאַק אַרויס פון זיין באַהעלטעניש. צי האָט ער טאָקע נישט געקאָנט דאָרט רויִק פאַרבלייבן? צי האַלט ער מיך פאַר אומפעיִק זיך צו פאַרטיידיקן? דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַוועק מיט די לאַפּעס, טוט ער אַ זאָג און שטעלט זיך אויף די פיס.

— אַ, זאָגט דער מאַן, אויב דאָס איז אַזוי, איז נישטאָ וואָס צו דיסקוטירן. איך ווייס וווהין זיך צו ווענדן, מען וועט זיך שוין מיט אייך פאַרנעמען, איר קענט מיר גלייבן. מען פאַרנעמט זיך מיט באַנדיטן פון אייער סאָרט.

מיט זיין אַריינמישן זיך האָט זשאַק אַלץ קאַליע געמאַכט.

— מיר זענען נישט קיין באַנדיטן. איך בין געווען זייער קראַנק דעם טאָג ווען מען האָט עוואַקויִרט דאָס דאָרף. מיין ברודער איז געבליבן מיט מיר. איצט האָבן מיר גאָרנישט צו עסן און מיר האָבן מורא אַרויסצוגיין. אויב איר וועט אונדז אויפנעמען ביי זיך — וועלן מיר אייך פאַרגיטיקן. איר קענט אונדז פירן צו זיך די נאַכט. מיר האָבן נאָך אַ ביסל געלט.

— איך זאָג נישט ניין, אָבער צו ערשט מוז איך אָננעמען פאַרזיכטמיטלען, זאָגט ער, און ווענדט זיך צו מיין מאַן: דו זעסט נישט אויס ווי אַ זשיד, יונגער־מאַן, אָבער איך וויל זיין זיכער, דו פאַרשטייסט, איך וויל נישט ריזיקירן מיט מיין הויט צוליב אַ ייד, נו וויז זשע אָקאָרשט דיין פייגעלע, און דערנאָך גיב איך דיר מיין וואָרט פון אַן אָרנטלעכן מענטשן, אַז איך וועל אייך נעמען צו זיך.

איך קוק אויף זשאַקן. ער איז גאַנץ רויִק.

— גוט, זאָגט ער. איר קענט אַוועקגיין, מיר וועלן זיך אַן עצה געבן אָן אייך.

דער מאַן נעמט איצט רעדן העכער:

— מיינט נישט, אַז איך בין אַן אידיאָט, און ער שפּייט אויס מיט רוגזה אין מיטן שטוב: עס שטינקט דאָ אויף הונדערט שריט מיט יידיש פליש.

ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער אים, נעם איך צונויף דעם רעשט פון די קלוסקעס, דאָס ביסל וועש, וואָס מיר האָבן געהאַט און וויקל עס איין אין אַ קאָלדרע. איך וואַרף אַ בליק דורכן פענצטער. ס׳זעט אויס צו זיין רויִק. אין וועג אַריין. ווי עס זאָל נישט זיין, האָבן מיר דאָ לענגער נישט געקענט פאַרבלייבן אַן עסנוואַרג. אויף די טרעפּ דריי איך זיך אויס אַן אומרויִקע, ווייל כ׳הער נישט הינטער מיר די טריט פון זשאַקן. ער גייט מיר נאָך אין די שקאַרפּעטן. דער מאַן האָט מיטגענומען זיינע שטיוול. אַרויסקומענדיק, ווערן מיר פאַרכאַפּט דורך דער פולער ליכט פון טאָג און בלייבן אַ ווילע שטיין פאַרבלענדטע. מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז פון יאַן קוזמאַ, דעם מכניס אורח.

דער ראָוו, מיט וועלכן פעליקס איז אַוועק, געפינט זיך לינקס. מיר גייען פאַמעלעך. אַרום אונדז איז נישט פאַראַן דער מינדעסטער סימן פון לעבן. איך טראַכט ווי גוט ס׳וואָלט געווען ווען די מענטשן וואָלטן געקאָנט זיך קיין מאָל מער נישט באַווייזן אויף דער ערד און אונדז געלאָזט צו רו. צי איז דען נישט ווייניקער שרעקלעך צו שטאַרבן פון הונגער ווי צו לעבן כסדר אין פּחד? אָבער גלייך זאָג איך זיך, אַז דער מענטש וויל בעסער לעבן אין מורא און אין געפאַר, מיט דער האָפענונג צו זיגן, איידער ליידן הונגער, וואָס קעגן אים קען ער זיך נישט באַשיצן.

— ווו איז ער דער ראָוו? פרעג איך.

— אָט איז ער, זאָגט זשאַק.

איך זע בלויז אַ פאַרלאָזן פעלד מיט הויכע גראָזן. מיין מאַן מאַכט עטלעכע טריט און פאַרשווינדט. איך גיי אים נאָך. דאָס איז אַ טיפער ראָוו אין וועלכן מען איז, אפילו שטייענדיק, אין גאַנצן פאַרשטעלט דורך די גראָזן.

— פון וואַנען האָסטו געוווּסט, אַז ער געפינט זיך דאָ?

— קוזמאַ האָט אונדז אַהערגעבראַכט איין מאָל אין אַ נאַכט, ווען ער האָט מורא געהאַט. דאָס באַהעלטעניש איז נאָך דאַן נישט געווען פאַרטיק.

מיר ציִען זיך אויס איינער לעבן אַנדערן. דער גרונט פון ראָוו איז טרוקן.

— און דאָס קעצעלע, זאָגט ער פּלוצעם, מיר האָבן עס פאַרגעסן.

— מיר האָבן עס נישט געקענט נעמען מיט זיך.

— עס וועט שטאַרבן פון הונגער צוליב אונדזער שולד.

— מיר אויך. צוליב דעם דאַרפסטו זיך נישט נעמען צום האַרצן.

אָבער איך זע פאַר מיר דאָס בילד פון מיאַוקעדיקן קעצל וואָס איז פאַר־מאַכט אין דעם פאַרלאָזענעם הויז און עס פּייניקט מיך.

— אפשר וועט עמעצער קומען און וועט עס נעמען, זאָג איך, זיי האָבן רחמנות אויף בעלי חיים.

מיר קומען אַדורך דעם טאָג, רעדנדיק וועגן די שאַנסן, וואָס דאָס קעצל האָט איבערצולעבן, און דערלויבן זיך נישט צו עסן אונדזערע פיר לעצטע קלוסקעס. באַלד ווי ס׳ווערט גענוג פינצטער, לאָזן מיר זיך גיין לענג־אויס דעם פעלד אין דער ריכטונג פון טונקעלן וואַלדפּאַס, וואָס מען באַמערקט פון דער ווייטנס.

— איך מיין, אַז מיין פוס איז פאַרוווּנדעט, זאָגט מיין מאַן.

זיינע שקאַרפּעטן זענען אין גאַנצן צעריסן און די פיס צעמזיקט פון די שטיינער.

— אָבער ס׳איז נישט געפערלעך — גיט ער צו — איך קען גיין ווייטער.

איך נעם אַרויס פון דער קאָלדרע די איינציקע צווויי העמדער, וואָס מיר האָבן און וויקל איין זיינע פיס מיט דער האָפענונג אַז דער דינער לייוונט וועט זיי אפשר באַשיצן. צוויי שעה שפּעטער, ווען מיר קומען צו צום ראַנד פון וואַלד, איז פון די העמדער כמעט גאָרנישט פאַרבליבן.

דער וואַלד ציט זיך פֿון לעגיאָנאָוואָ ביז נאָווי־דוואָר, וווהין מיר ווילן אָנקומען. מיטן געלט, וואָס איז אונדז פֿאַרבליבן, האָפֿן מיר, אַז עס וועט אונדז געלינגען זיך דאָרט אויסצובאַהאַלטן. דאָס רעדן מיר זיך בלויז איין, ווייל אין דער אמתן ווייסן מיר, אַז קיינער וועט נישט וועלן, אין אַ שטאָט, וואָס איז פֿול מיט דייטשן, ריזיקירן זיין לעבן צוליב אַזאַ קלייניקייט.

צווישן די ביימער ווערט די נאַכט געדיכטער אויף אַזוי פֿיל, אַז עס ווערט אוממעגלעך פֿאָרויסצוגיין, נישט אַנשטויסנדיק זיך אין די שטאַמען. מיר ציִען זיך אויס אויף דער קאָלדרע און איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט אונדז באַוויליקט נאָך די נאַכט.

# די געזעצן פון גאַסטפרײַנדלעכקייט

דער וואַלד האָט זיך פאַרמאַכט אויף אונדז. אין אָנפאַנג זענען מיר געגאַנגען מיט די סטעזשקעס, וואָס האָבן כמעט תמיד געפירט צו אַ וואַלד־בודקע פון אַ האָלצהעקער אָדער אַ האָלץ־קוילן־ברענער, זעלבסטפאַרשטענדלעך אַ פּוסטער. גאַר שנעל האָבן זיך די אומדייטלעכע שפורן גענומען פאַרלירן אין מיטן פון דער געדיכטקייט. און מיר גייען אַלץ ווייטער פאָרויס צווישן די פאַלנדיקע בלעטער אין אַ לופט וואָס ווערט אַלץ שווערער צוליב לאַנגזאַמען פאַרגיין פון זומער. קשאַקעס, דערנער שטעלן זיך אַנטקעגן אונדזער גאַנג מיט אַ פוילער גלייכגילטיקייט. דאָ באָדט זיך די אַלטקייט פון דער וועלט אין דער אָפּגעלעבטקייט פון דעם ליכט. אפילו די יונגע שפּראָצן האָבן אַ פאַרעלטערט אויסזען און אויב עס טרעפט, אַז מיר דערהערן אַ געשריי פון אַ פויגל, איז עס אַ פאַרשמאַכטער רוף, וואָס ווערט באַלד פאַרשלונגען דורך דער שטילקייט. אַלץ איז מידקייט, טויזנטיאָריקע מידקייט.

איך צעטייל אונדזערע קלוסקעס אין קליינע שטיקעלעך, כדי זיי זאָלן דויערן וואָס לענגער. איצט איז אונדז בלויז פאַרבליבן צו נאָגן גראָז, כדי אָפּצונאַרן דעם הונגער. מיר באַוועגן זיך ווי אויטאָמאַטן, נישט האָבנדיק דעם איינדרוק, אַז מיר גייען פאָרויס. אַלע ביימער זענען ענלעך איינער צום אַנדערן און מיר נעמען מיט זיך דאָס זעלבע שטיקל וואַלד, וואָס חזרט זיך אומענדלעך איבער. כדי צו באַשיצן זשאַקס פאַרבלוטיקטע פיס, האָב איך צעריסן די קאָלדרע. איך מייד אויס אויף אים צו קוקן. ווי אַזוי קען זיך אַ מענטשלעך פּנים אַזוי ענדערן אין אַזאַ קורצער צייט? זיינע אויגן פרעסן זיך אַלץ מער און מער אַריין אין זיינע אויגנלעכער, זיין שמאָלע נאָז זעט איצט אויס לאַנג און שפּיציק. אָבער דאָס וואָס איז מיר צום פּיינלעכסטן, דאָס וואָס כ׳קען נישט פאַרטראָגן, דאָס איז זיין שמייכל, אַן אָרעמער נעבעכ־

דיקער שמייכל, אַ פֿאַרשעמטער, אַזאַ וואָס זעט אויס ווי ער בעט מיך, איך זאָל אים מוחל זיין. ביי נאַכט רעדן מיר לאַנג וועגן דער פֿאַרגאַנגענהייט, וועגן דער פֿאַרנונפֿטיקער וועלט אין וועלכער מיר האָבן אַמאָל געלעבט און פֿון וועלכער מיר הייבן אַרויס די אומבאַדייטנדיקסטע זכרונות. אָבער קיין מאָל נישט פֿון אונדזערע טויטע, נישט פֿון דער קעגנוואַרט. מיר זענען צו הונגעריק, צו פֿאַרפֿרוירן, מיר זענען צו מיד, כדי צו קענען שלאָפֿן. די נעכט ווערן אַלע מאָל קעלטער און די קאָלדרע איז אַוועק אין פּיצלעך.

היינט אין דער פֿרי האָט דער פֿערטער טאָג זינט מיר האָבן פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון קוזמאַ דורכגעשטאָכן די צוגעבראָוינטע בלעטער. איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ פּיינלעכן און איבערגעריסענעם שלאָף, אין אַ צושטאַנד פֿון אויסערגעווינלעכער שוואַכקייט. לעבן מיר איז געלעגן זשאַק אַן אייז־קאַלטער, אַזוי ווי דער קערפּער זיינער וואָלט מיר ביי נאַכט איבערגעגעבן דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט, וואָס איז אים נאָך געווען פֿאַרבליבן.

שוין אַ פּאָר שעה, ווי מיר שפּאַנען פֿון דאָס ניי. אויף אַ מאָל שטעל איך זיך אָפּ. איך פֿאַל אַוועק אויף דר׳ערד און ברעך אויס אין אַ ביטערן געוויין. מיר קענען מער אַזוי ווייטער נישט גיין.... איך קען נישט מער... זשאַק זעצט זיך אַוועק לעבן מיר, נישט אָנרירנדיק מיך, און הערט זיך צו צו מיינע רייד. נאָך אַ ווײַלע דערגייט צו מיר זיין קול דורך מיין געוויין.

— ביסט דאָך אַזוי מוטיק און אַזוי גוט, זאָגט ער מיט התלהבות.

איך באַרויִק זיך און זאָג אים מיט אַ נעבעכדיקער שטים:

— געבליבן בין איך מיט דיר, כדי דיך צו ראַטעווען און צום סוף וועל איך דיך פֿאַרלירן.

איך גיב מיר תיכף אָפּ אַ רעכענונג פֿון דער פֿאַלשקייט פֿון מיינע ווערטער. כ׳וואָלט געדאַרפֿט זאָגן: „געבליבן בין איך מיט דיר, כדי זיך צו ראַטעווען און צום סוף וועל איך זיך אַליין פֿאַרלירן". אָט דער דאָזיקער אמת האָט נאָר וואָס אַרויסגעפּראַלט אין מיין כליפּען. איך האָב געוויינט איבער זיך אַליין. כ׳וואָלט עס אים וועלן דערקלערן, זיך ווייזן אַזוי ווי איך בין. איך באַגעגן זיין פּנים און די ווערטער בלייבן מיר שטעקן אין האַלדז. דער בליק וואָס ער שטעלט אָן אויף מיר, זעט אויס צו קומען פֿון זייער ווייט. איך בין אפֿילו נישט זיכער, צי ער זעט מיך. פּלוצעם נעמט מיך אַרום אַ

גרויסע מורא. קוקנדיק אויף זיינע אויגן, וואָס דרינגען אַדורך די זאַכן, אַרום אים, אויף זיין מויל, וואָס איז נישט מער ווי אַ דינע גלייכע ליניע, דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט שוין פֿאַרלאָזט די וועלט.

— זשאַק, זאָג איך צאַרט, מען דאַרף ווייטער גיין, מיר וועלן דאָך סוף כל סוף אַרויסגיין פון דעם וואַלד. דאַן וועל איך געפינען עפעס צו עסן.

— זיכער, זאָגט ער מיט זיין רויִקן קול, אַזוי ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען, לאָמיר ווייטער גיין.

ס׳געלינגט מיר אויפצוהייבן מיין צעגלידערטן קערפּער. זשאַק גייט פאַר מיר מיט זיינע פאַרווונדעטע פיס, אַרומגעוויקלטע מיט שמאַטעס. זיין רוקן איז איינגעבויגן אַזוי ווי ביי אַ קראַנקן און איינזאַמען זקן. פון צייט צו צייט צעטיילט אונדז אַ פאַרהאַנג פון בלעטער, דאַן דאַכט זיך מיר אויס, אַז כ׳האָב אים פאַרלוירן אויף אייביק און איך וואַרף זיך אַ פאַרצווייפלטע קעגן די פיינטלעכע געוויקסן, וואָס האָבן אים אַ ווילע פאַרשטעלט פאַר מיינע אויגן. און פלוצעם לייכטן אויף זיינע בלאָנדע האָר. אַן אומבאַוועג־לעכער צעשאַרט ער מיט ביידע הענט אַ פּאָר צווייגן. איך דערנענטער זיך פאַמעלעך אַ צעשראָקענע. כ׳באַמי זיך אַרויסצורופן אין מיר אַ ביסל בטחון. עס איז נישט מער ווי אַ וואַלד־דורכלויכטונג, עס קען בלויז זיין אַ וואַלד־דורכלויכטונג... נאָר עס איז אַ פרייער באָדן: דער וואַלד עפנט זיך אויפן שטח, אויפן הימל. אַ זייער גרויסע לאָנקע ציטערט אויף דער זון. דאָרט ווייטער רינגלען אַ פּאָר הייזער אַרום אַ קירכע. אַזוי ווי איבערגעשראָקענע נאַכט־פייגל, רוקן מיר זיך צוריק אין וואַלד אַריין. איצט מוז מען צוגעבן, אַז די ליכטיקייט פון גרויסן טאָג איז אַ פאַקט, אַז די וועלט איז נישט בלויז דאָס פאַרצוימטע בין־השמשות־אָרט, אין וועלכן מיר זענען אַזוי לאַנג אַרומגעגאַנגען.

— דו וועסט בלייבן דאָ, זאָג איך, זאָלסט זיך נישט ווייזן. פאַרבלייב דאָ צווישן די ביימער. איך וועל צוריקקומען וואָס שנעלער.

זשאַק בייגט אַרונטער זיין קאָפּ און גייט זיך אַוועקזעצן אַ ביסל ווייטער, צופוסנס פון אַ בוים. ער בלייבט אַזוי זיצן, רירט זיך נישט פון אָרט און קוקט מיט אַ פאַרלוירענעם בליק. איך פיל אַ שטיקעניש אין האַלדז און דריי זיך אויס. איך שאַר אַוועק די צווייגן און די זון שלאָגט מיר אין פּנים.

אונטער דעם דאָזיקן אומברחמנותדיקן ליכט ווערט בולט יעדעס גרעזל פון דער לאָנקע. דאָס קליינע דערפל דאָרט אין דער ווייטן זעט אויס צו זיין וויסט. איך צי זיך ווידער צוריק און די צווייגן פאַרמאַכן זיך אויף מיר. איך האָב נישט קיין מוט צו גיין פראַנק און פריי אונטערן ליכט פון גרויסן טאָג. איך וויל צוריקגיין און אים זאָגן, אַז מיר קענען מער גאָרנישט טאָן, ווי בלויז זיך אויסצוציען איינער לעבן אַנדערן און וואַרטן ביז ס׳וועט קומען דער סוף. דאַן וועט ער אויף מיר אַ קוק טאָן מיט זיינע ווייטלעכע אויגן, ער וועט פּרוּוון שמייכלען און וועט מיר זאָגן, אַז ס׳איז גוט אַזוי, אַז אַלץ איז זייער גוט. נישט טראַכטנדיק מער, געפין איך זיך אין דער פולער זון. כ׳וועל דאַרפן פאַרמאָגן מער מוט צו גיין איר אַנטקעגן, ווי אַדורכצוגיין די לאָנקע.

איך וואָג זיך נישט צו גיין גלייך אין דאָרף אַריין. איך גיי לענג־אויס דעם וואַלד־ראַנד מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגן און קוק זיך צו ווי די מוראַשקעס יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע ביי מיינע פיס. ווען כ׳הייב אויף דעם קאָפּ, קומט מיר אַנטקעגן אַ גרינלעכער אוניפאָרם. מיר דערנענטערן זיך איינער צום צווייטן, דער דייטש און איך, נישט איילנדיק זיך. קיינער פון אונדזביידן לאָזט נישט אַראָפּ דעם אַנדערן פון אויג. גאָר שנעל באַמערק איך זיינע פאַרשטויבטע שטיוול, דעם שמוציקן און צעקנייטשטן מונדיר. ער גייט אין בלויזן קאָפּ און האַלט זיין מיליטעריש היטל אין דער האַנט, זיינע האָר זענען גרוי ביי די שלייפן. ווען מיר זענען שוין נישט מער ווי צוויי טריט איינער פון צווייטן, בלייבן מיר שטיין אין דער זעלבער צייט. ער איז זייער הויך, ברייטפּלייציק און זיין גאַנצער הולך זעט אויס אַזוי פאַרנאַכלעסיקט, אָפּגעלאָזן, אַז ס׳איז מיר שווערלעך צו גלייבן, אַז דאָס איז באמת אַ דייטשער סאָלדאַט. ער הערט נישט אויף מיך צו באַטראַכטן און איך קוק אים אויך גלייך אין די אויגן אַריין. זיי זענען גאָלדיק ברוינע און דריקן נישט אויס קיין פאַרוווּנדערונג, קיין כעס, נאָר בלויז אַ ביסל נייגיר.

— וואָס טוט איר דאָ? זאָגט ער ענדלעך. ער דריקט זיך אויס אין פּויליש מיט אַ שטאַרקן אַקצענט. ס׳איז מער נישט פאַראַן קיין שום ציווילער אין דער געגנט.

בעסער גלייך צו מאַכן אַ סוף. איך זאָג:

— איך באַהאַלט זיך אויס מיט מיין מאַן אין וואַלד, שוין פיר טעג. איצט זענען מיר צו שטאַרק הונגעריק און צו פיל מיד.

— פאַר וואָס זענט איר נישט אַוועק גלייך מיט די אַנדערע?

— מיין מאַן איז אַ ייד.

— און איר?

— וואָסער באַדייטונג קען עס נאָך האָבן?

— פאַר מיר, קיין שום באַדייטונג נישט. נאָר כדי צו מאַכן די זאַך פשוטער, לאָמיר זאָגן, אַז איר זענט אַ יידישע, מסכים?

איך בין דורכויס מסכים.

— בעסער וועט זיין, אַז מיר זאָלן אַריינגיין אין וואַלד, זאָגט ער, איך בין אַזאַ, אַז מען זעט מיך פון זייער וויים.

און ער שלייכט זיך גלייך אַריין צווישן די בלעטער. איך גיי אים נאָך. אַ ביסל ווייטער לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף דר׳ערד, אָנשפּאַרנדיק זיך אין אַ בוים. זיין פּנים קאָרטשעט זיך איין און ער הייבט אָן צו שעלטן אויף דייטש. מיט דער האַנט ווייזט ער מיר אָן אָרט לעבן זיך.

— קומט אַהער און זעצט אייך אַוועק.

איך בלייב שטיין. „זאָל זיך מיר דאַכטן, אַז אַלץ, וואָס קומט דאָ פאָר, האָט מיט מיר קיין שייכות נישט״, זאָג איך זיך. איך דריי אַוועק דעם קאָפּ. מיט אַ מאָל פּלאַצט ער אַרויס מיט אַ געלעכטער.

— יאָ, איך פאַרשטיי, אַנטשולדיקט מיר, מאַדאַם, מיין פּראָסטאַצקע שפּראַך און לאָזט מיך אייך אויפקלערן. ווען איך זעץ זיך אַוועק, טוט מיר וויי, טוט מיר שטאַרק וויי. מיינע קני זענען צעשעדיקט. זיכער האָב איך געדאַרפט מער אַכטונג געבן אויף זיך.

נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, זעץ איך זיך צו לעבן אים.

— וואָס מיינט איר קען מען טאָן כדי אייך אַרויסצונעמען פון דאַנען? זאָגט ער. — איך האָב נישט די מינדעסטע אַנונג — איך קען זעלבסטפאַר־שטענדלעך אייך ברענגען עפּעס צו עסן אַ געוויסע צייט, אָבער דאָס לייזט נישט דעם פּראָבלעם. ס׳איז צו קאַלט איר זאָלט ווייטער קענען שלאָפן אונטער דיביימער און איך גלייב נישט, אַז איך וועל דאָ נאָך לאַנג פאַרבלייבן.

— צי איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט איבערצוגיין צו די רוסן? פרעג איך.

— אויב אַ מינע רייסט איך נישט אויף, וועט מען איך אַנידערקנאַלן פון איין זייט, אָדער פון דער צווייטער.

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ. יאָ. וואַרשיינלעך איז עס אמת. ער איז גערעכט. ס'איז גאָרנישט דאָ וואָס צו טאָן.

— צי האָט איר צוטרוי צו מיר?

צום ערשטן מאָל זינט מיר זענען אַריין אין וואַלד טו איך אים אַ קוק גלייך אין פּנים אַריין. „איך מיין... יאָ".

— מיין אָרעם קינד, איר האָט נעבעך נישט קיין ברירה. הערט זיך צו. איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין אַ שיכור. איך שיכור זיך אָן פון אין דער פרי ביזן אָוונט. אָט זעט, אָן דעם ריר איך זיך נישט. — און ער ציט אַרויס פון זיין קעשענע אַ פלאַטשיק און אַ האַלב לײדיק פלעשל — און אויסער דעם בין איך נאָך אַ העכערער אָפיציר, וואָס איז דעגראַדירט געוואָרן. מען האָט מיך באַשטימט ווי אַ פּראָוויאַנט־צושטעלער פאַר די סאָלדאַטן אויפן פראָנט. איך ברענג זיי צו דאָס עסן איינער אַליין. דאָס איז אַזאַ דיסציפּלין־שטראָף. איך האָב אַ וועגעלע און אַ פערד אויף אויסצופילן מיינע פונקציעס. די אָרעמע בהמה איז מער איינגעשטעלט ווי איך. זי קען זיך נישט אַוועקלייגן ווען די קוילן קנאַלן. דאָס פאַרדריסט מיך, דאָס פאַרדריסט מיך זייער. דאָס איז דאָס אינטעליגענטסטע פערד וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט.

ער מאַכט אַ פּויזע איידער ער גיט צו — נו, מען האָט נאָך אַלץ צוטרוי?

— פאַר וואָס בלייבט איר? זאָג איך. פאַר וואָס אַנטלויפט איר נישט?

— טייערע פרוי, פאַרגעסט נישט, אַז איך בין, ווי אומאַנגענעם דאָס זאָל פאַר איך נישט זיין, אַ דייטש. נו איצט, וואָס וועט מען טאָן?

— איך גלייב נישט, אַז ס'איז באמת פאַראַן אַ מעגלעכקייט עפּעס צו טאָן. ברענגט אונדז בלויז עפּעס צו עסן.

ער נעמט אַ ציגאַרעט, צינדט אים אָן. איך זאָג אים, אַז כ'וויל אויך אַ ציגאַרעט. ער דערלאַנגט מיר דאָס שאַכטל. „האַלט עס. פאַר אייער מאַן".

— ווי הייסט איר? פרעגט ער מיך נאָך אַ לאַנגן שוויגן.

— מאַריאַ.

— ער בייגט אַראָפּ זיין קאָפּ און זיין שטערן פאַררונצלט זיך. זיין יונג אויסזען איז פאַרשוווּנדן. כ'דערזע אַ מיד פּנים פון אַן אַלטן מאַן.

— מיין נאָמען שיינט איך נישט צו געפֿעלן.

— אַזוי האָט געהייסן מיין פרוי.

ער נעמט אַרויס דאָס פלעשל בראָנפֿן פון זיין קעשענע, נעמט עס צום מויל, בייגט אויס דעם קאָפּ. דער ניוואָ פון דער פליסיקייט גייט אַראָפּ מיט אַ בליציקער שנעלקייט.

— איר מיינט נישט, אַז ס׳איז גענוג?

— איך טרינק, טייערע פרוי, אָבער אין דער ווירקלעכקייט בין איך קיין מאָל נישט שיכור. קיין מאָל באמת נישט שיכור. איר וועט זיך דאַרפן צוגעוווינען דערצו.

— צום גליק וועל איך דערצו נישט האָבן די געלעגנהייט.

— איר ווילט דערמיט זאָגן, אַז פּאַר אַ אינטעליגענט מיידל, וואָס איר זענט עס מסתמא, שטייט נישט אָן זיך צו געפינען אין דער געזעלשאַפט פון אַ שיכור.

— אַנטשולדיקט מיר, אין אַנדערע באַדינגונגען וואָלט איך אפשר ווי געהעריק אָפּגעשאַצט אייער סאָרט שאַרפזין.

— איר זענט זייער אַן אַמוזאַנט קינד.

איך בין געצוווּנגען צוצוגעבן, אַז זיין שמייכל איז דער איידלסטער, דער שענסטער, וואָס מיר איז אויסגעקומען ווען עס איז צו זען. אָבער איך האָב נישט געדאַרפט רייכערן. איך פיל ווי אַ נעפּל גייט אַראָפּ איבער מיינע אויגן. ער באַמערקט מיין שלאָפקייט.

— לייגט אייך אַוועק אויפן רוקן. עטעמט טיף איין.

ער האָט גענומען מיין האַנט־געלענק צווישן זיינע פינגער.

— ס׳איז גאָרנישט, אייער פּולס איז אַ רעגולערער. נו גוט. איצט הערט מיך אויס: גייט צוריק צו אייער מאַן און קומט ביידע אַהער און וואַרט אויף מיר דאָ. איך קען אייך נישט זאָגן ווען איך וועל צוריקקומען, אָבער איך וועל קומען. אָטאָ לודוויק וועט זיך אַן עצה געבן. ס׳איז אייך בעסער?

איך זעץ מיך אַוועק. „יאָ, ס׳איז בעסער”.

— צי זייט איר בכח צו גיין, אָדער דאַרף איך אייך באַגלייטן?

— איך קען גיין.

— אויף ווידערזען.

ער דרייט זיך אויס און פאַרשווינדט צווישן די צווייגן.

מיין ערשטער אימפּולס איז אים נאָכצולויפן און אים בעטן צו בלייבן. פאַר וואָס? ווייל אָנשטאָט אַרויסצוציִען זיין רעוואָלווער האָט ער צו מיר גערעדט ווי צו אַ מענטשן. איך בין לעכערלעך. ער וועט זיכער צוריקקומען, אָבער מיט די אַנדערע, כדי אונדז ביידן צו דערהרגענען. דאָס איינציקע, וואָס מיר דאַרפן טאָן, איז זיך דערווייטערן פון דאַנען וואָס שנעלער. ס׳איז לייכט צו זאָגן. ווי אַזוי קען מען דען גיין, ווען די פיס פאָלגן נישט מער? דאָס ביסל כוח וואָס איז פאַרבליבן, שעפּ איך אויס, אויף צוצושלעפּן זיך צום אָרט, וווּ כ׳האָב איבערגעלאָזט זשאַקן.

איך טרעף אים אין דער זעלבער פּאָזיציע, אָנגעלענט אין אַ בוים. זיין פּנים, פון וועלכן דאָס בלוט שיינט זיך צו האָבן צוריקגעצויגן, איז אומבאַוועגלעך. איך שריי אויס זיין נאָמען... ער דרייט אויס זיין קאָפּ צו מיר און שמייכלט. געלויבט איז גאָט, ער לעבט.

איך זיץ לעבן אים, צווישן זיינע אָרעמס, וואָס האָבן שוין מער נישט קיין כח, און רעד מונטער און לוסטיק, אַזוי ווי בלויז ווערטער וואָלטן געננוג געווען, כדי צו לינדערן אונדזער נויט. אַלץ איז גוט, אַלץ וועט גוט זיין. איך האָב עמעצן געפונען. עמעצער וועט אונדז העלפן. דאָס איז אַ דייטש, אָבער מ׳דאַרף נישט מורא האָבן, איך האָב צו אים דעם פולן צוטרוי. ער האָט מיר צוגעזאָגט אונדז צו העלפן. ער וועט עס טאָן, איך בין זיכער. ער וועט אונדז אַרויסציִען פון דאַנען. אַלץ וועט זיין גוט. דו הערסט מיך, זשאַק? אַלץ וועט זיין גוט. מען דאַרף האָבן צוטרוי צו אים, ער וועט אונדז ברענגען עסן, ער וועט פאַר אונדז געפינען אַ באַהעלטעניש. דאָס איז אַ גוטער מענטש, אַ לאָיאַלער. אויך ער האָט אַ סך געליטן. ער האָט צוגעזאָגט אונדז צו העלפן. זשאַק שווייגט.

— דו דאַרפסט מיר גלייבן, זאָג איך אומגעדולדיק.

— זיכער גלייב איך דיר, זאָגט ער אין אַ טאָן, וואָס מען באַנוצט צו באַרויִקן קינדער.

— דו וועסט פאַרבלייבן דאָ און איך וועל גיין זיך טרעפן מיט אים. מיר וועלן ביידע צוריק אַהערקומען און דיך מיטנעמען.

— פאַר וואָס זאָלן מיר נישט גיין צוזאַמען?

— ווייל אַזוי אַרום איז בעסער. שטעל נישט קיין פראַגעס, לאָז מיך טאָן.

— איך בין אַ צו גרויסע לאַסט פאַר דיר, זאָגט ער טרויעריק. מען האָט קיין מאָל נישט געזען אַ קינד זאָל שלעפּן אַ מאַן.

איך דערשטיק דאָס געוויין, וואָס שטעלט זיך מיר אין האַלדז. איך וואָלט ווען אַ געשריי טאָן צו אים: „איך האָב נישט קיין צוטרוי צו דעם דייטש, כ׳האָב מורא אַהין צו גיין. לאָמיר בלייבן דאָ און לאָמיר שטאַרבן צוזאַמען״. זוך איך דעריבער אַן אויסלאָדונג אין כעס.

— לאָמיך צו רו, דאָס איינציקע וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר, איז זאָלסט האָבן נאָך אַ ביסל געדולד.

— זייער גוט, זאָגט ער, איך וועל האָבן געדולד.

ס׳בלייבט נאָך אים צו זאָגן דאָס שווערסטע.

— אין פאַל אויב איך וועל נישט צוריקקומען, דאַרפסטו דאָך פּרווון זיך אַרויסצובאַקומען פון דאַנען. דאַרפסט נישט בלייבן דאָ און זיך נישט רירן פון דאַנען אַזוי ווי דו וואָלסט נישט עקזיסטירט.

— אויב איך עקזיסטיר, איז עס דערפאַר ווייל דו גלייבסט נאָך דערין. איך הייב זיך אויף.

— און איבעריקנס, לאָז מיך צורו. ווי ס׳זאָל נישט זיין, וועל איך זיין צוריק פאַרן אָוונט.

— דו גייסט שוין אַוועק?

איך מייד אויס זיין קוק.

— ער וועט מסתמא באַלד קומען און איך דאַרף זיין דאָרט.

— מ׳דאַרף נישט מורא האָבן, זאָגט ער מילד. אויב עס איז דער סוף, טאָ זאָל ער שוין קומען, אַזוי צי אַנדערש.

איך וואַרף זיך אין זיינע אָרעמס.

— טו נישט קיין זאַכן איבער דיינע כחות, זאָגט ער נאָך.

איך געפין צוריק אויס דאָס אָרט ווו מיר זענען ביידע געזעסן, דער דייטש און איך, אַדאַנק די ציגאַרעטן־רעשטלעך, וואָס וואַלגערן זיך אויפן באָדן. די עטלעכע ציגאַרעטן, וואָס ער האָט מיר געלאָזן, קומען צו צו זיי איינער נאָכן אַנדערן יעדע פאַר מינוט. פון צייט צו צייט פויזע איך צו צום ראַנד פון וואַלד און דאָ, אויסגעצויגן אויפן בויך, באַטראַכט איך די פאַר־

לאַזענע פעלדער, וואָס זענען באַדעקט מיט אַ דראַענדיקער שטילקייט. כדי אָפּצונאַרן די אומרויִקייט אין מיר, פּרוּוו איך נאָכצוטראַכטן. אויב עס דויערט אַזוי לאַנג, באַדייט עס, אַז ער איז אויפּריכטיק, ווייל אַנדערש וואָלט ער דאָך שוין דאָ געווען מיט די אַנדערע, כדי אונדז צו דערהרגענען. איך גיי צוריק אין וואַלד אַריין. כ׳פאַררויכער אַ ציגאַרעט און ווען כ׳האָב אים אויסגעצ־רויכערט, קריך איך ווידער צו צום פּוסטן שטח, ווו די זון גייט אונטער. צו ביסלעך הייב איך אָן צו פאַרשטיין, אַז ער וועט נישט קומען. ער איז אפשר געווען אויפריכטיק, אָבער דאָך נישט אַזוי אָן פאַרשטאַנד, צו ריזיקירן זיין לעבן פאַר אונדז. דאָס איז אַ דייטש. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן מענטשלעך, פאַרגעסנדיק אין אונדז.

אַ קיל ווינטל לעשט אויס די לעצטע פלאַמען פון זון־אונטערגאַנג. די לופט ווערט אָנגעלאָדן מיט אַ פלאַטערנדיקן אַש. איך פאַרשטעק זיך טיף אין שאָטן פון די ביימער, כדי צו רייכערן דעם לעצטן ציגאַרעט, וואָס איז מיר פאַרבליבן. איך וויל זיך נישט רירן. איך בין צו פיל אויסגעשעפּט, כדי ווידער צו קריכן ביזן וואַלד־ראַנד, און אייגנטלעך נאָך וואָס? די נאַכט פאַלט דאָך שוין צו. איך טראַכט וועגן זשאַקן, וואָס איז דאָרט אַליין, איינ־געשלונגען דורך דער פינצטערניש. וואָס מאַך איך דאָ? פאַר וואָס בין איך נישט לעבן אים, אין זיינע אָרעמס? איך וועל אים זאָגן: „דו ביסט גערעכט. גאָרנישט האָט נישט מער קיין באַדייטונג. לאָמיר שלאָפן, שלאָפן...” ווי אַזוי קומט מען צו אים איצטער, ווען די נאַכט כפלט די ביימער אַרום אונדז? ס׳נעמט אַ לענגערע צייט ביז איך שטעל זיך אויף. איך וועל דאָך באַווייזן צו געפינען גענוג כוח צוצוקומען צו אים. אָבער ווי אַזוי טרעפט מען אַהין? אין וואָסער ריכטונג גייט מען? איך מאַך אייניקע טריט... בלעטער באַרירן מיין פּנים. איך האָב דעם איינדרוק ווי כ׳וואָלט געווען אַריינגענומען אין אַן אומגעהויערן שפּינוועב. די פינצטערניש קלעפּט זיך צו צו מיר, פּאַראַליזירט מיך. רופן אים... שרייען... ער איז נישט זייער ווייט. ער וועט מיך הערן, זיין קול וועט מיך פירן. איך מאַך נאָך אייניקע טריט און פאַל אום אויף אַ וואָרצל. מיין שטערן קלאַפּט זיך אָן אין אַ בוים. איך גליטש זיך אויס אויף דר׳ערד מיט אַ געשריי פון ווייטיק און פון שרעק. גאָר נאָענט לעבן מיר ענטפערט מיר אַ שטים. דערנאָך באַוויזט זיך אַ געלע ליכט, ציטערט,

פֿאַרשווינדט, צינדט זיך ווידער אָן שוין נענטער. דאָס קול פֿון דייטש הילכט אָפּ: „ריר זיך נישט, ריר זיך נישט, איך קום״. דער געלער שטערן ליכט זעצט פֿאָר זיין טאַנץ צווישן די קזשאַקעס אין דער נאַכט און דערנענטערט זיך פּלוצעם צו מיר מיט אַ פֿאַרבלענדנדיקער העלקייט. איך פֿאַרמאַך די אויגן.

— איך באַדויער זייער, מיין קינד, כ׳האָב נישט געקענט קומען פֿריער.

אַ האַנט כאַפּט מיך אָן ביים אָרעם און שטעלט מיך אַוועק אויף די פֿיס. ער האָט אויסגעלאָשן זיין עלעקטריש לעמפּל. — כ׳האָב געדאַרפֿט אויס־געפֿינען אַ געשיכטע וואָס זאָל זיך לייגן אויפֿן זינען, און זען מ׳זאָל זי אָננעמען. און ס׳איז בעסער, אַז די אַנדערע זאָלן אייך נישט זען אָנקומען אין אַזאַ מצב. איך האָב דיר צוגעגרייט אַ שיין צימער מיט אַ גרויסן אויוון אויף קוילן. נאַ, טרינק דאָס אויס.

ער דערלאַנגט מיר אַ פֿלאַש. דאָס איז מילך. איך שלינג עס אַרונטער, פֿאַרכלינענדיק זיך ממש.

— לאָמיר גיין זוכן דיין מאַן. ער צינדט צוריק אָן זיין לעמפּל.

— אין וואָסער ריכטונג?

איך מאַך אָן אומבאַשטימטע באַוועגונג. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אין דער זייט. זיכער בין איך נישט. דאָס קליין שטיקל וואַלד, וואָס טויכט אויף אין דעם ליכט, איז נישט צו דערקענען.

— לאָמיר פּרוּוון, מיר וועלן זען.

אינעם ענגן ליכט־קרייז גליטשן זיך אָפּגעבליאַקעוועטע בלעטער, עדות פֿון אַ וויטן אומרויִקן לעבן. נאָך אייניקע מינוט גיין, זאָגט מיר דער דייטש:

— ס׳האָט קיין צוועק נישט צו גיין ווייטער אין אַ שלעכטער ריכטונג. רוף אים.

רעכטס פֿון אונדז ענטפֿערט מיר זשאַקס קול, וואָס איז שוואַך אָבער זייער נאָענט, און שוין שטייט ער פֿאַר אונדז, זשמורענדיק מיט די אויגן אינעם ליכט.

— דאָס איז ער, זאָג איך צו זשאַקן, ער האָט נישט געקענט קומען פֿריער.

די צוויי מענער קוקן זיך אָן שווייגנדיק. דערנאָך לעשט אויס דער דייטש זיין לאָמפּ.

— איך נעם אייך מיט מיר, איך וועל אַלץ טאָן כדי אייך צו ראַטעווען.

— איר ווילט פּרובירן דאָס אוממעגלעכע, זאָגט זשאַק.

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן און איר האָט נישט קיין ברירה. אויב דאָס פאַלט אַדורך, איז פאַרפאַלן. דאַן וועלן מיר אַלע דריי זיין פאַר־לוירענע, איך האָף פון דעסטוועגן, אַז ס׳וועט גיין. כ׳האָב גערעדט מיטן קאָמענדאַנט פון דער אָפּטיילונג. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל היינט ברענגען אַ יונגע פּאָלקע, וואָס איז מיין געליבטע. איר ברודער איז קראַנק און זי וויל אים נישט לאָזן אַליין, מוז איך אים אויך מיטנעמען. איך באַדויער בלויז, וואָס איר וועט נישט קענען אַרויסגיין פון צימער. אָבער אין אייער מצב איז עס אַלץ וואָס איר באַדאַרפט, צוזאַמען מיט אַ גוטער דערנערונג.

עס נעמט מיך מיט איין מאָל שטאַרק איבלען. איך דריי זיך אויס כדי אויסצובורעכן די מילך, וואָס כ׳האָב געטרונקען.

— דאָס איז מיין שולד, זאָגט דער דייטש, איך האָב אייך נישט געדאַרפט אַזוי פיל געבן. זינט וויפל טעג האָט איר נישט געגעסן?

— דריי טעג, זאָגט זשאַק, אַ חוץ גראָזן, בלעטער און יאַגדעס, ווען מיר האָבן זיי געפונען.

— נעמט אַ ביסל אַלקאָהאָל, דאָס וועט אייך אַ ביסל אויפהייטערן.

ער צינדט צוריק אָן זיין טאַשן־לאָמפּ, נעמט אַרויס פון זיין קעשענע דאָס פלאַטשיקע פלעשל, וואָס פאַרלאָזט אים, ווי ער זאָגט, קיין מאָל נישט. ווען זשאַק האָט אַ ביסל אָפּגעטרונקען, קאָרקעוועט ער צו ווי געהעריק דאָס פלעשל.

— קומט, ס׳איז צייט צו גיין.

געהאָרכזאַם גייען מיר אים נאָך. ווען מיר קומען אַרויס פון וואַלד, זעט אונדז דאָס פעלד אויס צו לייכטן אונטער די שטערן. פון דער וויטן גלאַנצן שוואַכלעך די שינדלען פון דער קירך. נישט אויסדרייענדיק זיך, זאָגט מיר דער דייטש:

— איר דאַרפט זיך צוגעווינען מיר צו זאָגן דו, מיין קינד. מיך רופט מען אָטאָ.

— איך האָב נישט ליב דעם נאָמען, זאָג איך.

— איך פאַרשטיי, דאָס קלינגט צו פיל... שוואַביש.

— איך וועל אייך רופן וויק.

— פון וואַנען האָט איר דאָס גענומען? זיין קול איז האַרט.

— איר האָט מיר געזאָגט, אַז אייער נאָמען איז אָטטאָ לודוויק, האָב איך געמיינט... נאָר אויב דאָס געפעלט אייך נישט, וועל איך זיך צוגעוווינען צום נאָמען אָטטאָ.

— ניין, ניין, איך בעט אייך.

דערנאָך גיט ער צו שטילערהייט:

— בלויז מיין פרוי פלעגט מיך רופן וויק.

מיר גייען שווייגנדיק ביז די ערשטע הייזער פון דאָרף. ער שטעלט זיך אָפּ.

— דאָ איז עס, אין דער געוועזענער שולע. וואַרט אויף מיר, איך וועל גיין זען צי אַלע שלאָפן שוין.

מיר וואַרטן און בלייבן שטיין, צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן. ער קומט שנעל צוריק.

— קומט, מאַכט נישט קיין גערויש.

מיר גייען אַרויף אַ פּאָר טרעפּלעך אין דער פינצטערניש. פּאַר אונדז איז האַלב אָפן אַ טיר. וויק נעמט מיך אָן ביים האַנטגעלענק.

— גייט שטילערהייט, שעפּטשעט ער.

מיר געפינען זיך וואָרשיינלעך אין אַ קאָרידאָר. ער שטעלט זיך אָפּ און איך הער ווי ער דרייט פּאָרזיכטיק אַ שליסל אין אַ שלאָס. ער פּאַרשליסט די טיר הינטער אונדז און מאַכט ליכטיק. דאָס איז אַ גרויס צימער, אין גאַנצן ווייס. אין אַ ווינקל שטייט אַ גרויסער אויוון פון קאַכלעס ביז צום באַלקן. די וואַרעמקייט נעמט אונדז אַרום. זשאַק און איך בלייבן שטיין ביי דער טיר, האַלטנדיק זיך ביי די הענט. מיר וואַגן זיך נישט אַ ריר צו טאָן אויס מורא, אַז אַלץ זאָל נישט מיט אַ מאָל פאַרשווינדן: די מעבל פון העלן האָלץ, דאָס גרויסע בעט מיט ווייסע ליילעכער. אויף אַ קליינער קאָך־מאַשינקע שפּייט אַ טשייניק אַרויס אַ פּאַרע. ער האָט דעם ברומענדיקן און באַרויִקנדיקן אויסזען, וואָס עס האָבן אַלע טשייניקעס, אין וועלכע די קינדער הערן זיך איין, בעת זייער קאָפּ איז שוין שווער פון שלאָף.

— דו האָסט זייער אַ נאַרישן אויסזען בעת דו וויינסט, זאָגט וויק. איך בעט דיך, פאַרשפּאָר מיר דעם ספּעקטאַקל און קום צום טיש.

ברויט, פוטער, קעז באַווייזן זיך. גלעזער פילן זיך אָן מיט קאָכעדיקן טיי. אין משך פון איבער אַ פערטל שעה האָט קיינער נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. וויק טרינקט דעם טיי מיט קורצע זופּן און קוקט אונדז אָן, דערנאָך זאָגט ער:

— איר האָט שוין גענוג געגעסן, איר זענט נישט מער צוגעוווינט, און איר וועט זיך קראַנק מאַכן.

ער רוימט אַראָפּ פון טיש און פאַרמאַכט דעם רעשט עסן אין שענקל.

— איר האָט דאָ הייס וואַסער זיך אַרומצוּוואַשן.

וויקס קול דערגייט צו מיר פון אַ ווייטקייט. איך האָב מער נישט קיין חשק זיך צו באַוועגן. מיין קאָפּ האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיינע אָרעמס. איך הער ווי ס'פליסט וואַסער, ווי ס'גייען טריט אַהין און צוריק.

— זי איז איינגעשלאָפן, זאָגט עמעצער.

מען הייבט מיך אויף, מען טראָגט מיך. די פרישקייט פון די ליילעכער וויקלט מיך אַרום, לעבן מיר רעדט מען שטילערהייט. צי בין איך קראַנק? ניין, זיכער נישט, איך פיל זיך צו גוט, ס'איז מיר וואַרעם, ס'איז מיר וואַרעם... „איך מיין, אַז דאָס קינד איז קראַנק", זאָגט די מאַמע. „לאָז צורו, זאָגט מיין פאָטער, ס'איז איר גאָרנישט". און די מאַמע שטייט צו: „זי האָט היץ, זי וועט זיין זייער קראַנק. אָבער קיינער וויל מיר נישט גלייבן". וויק בייגט זיך צו צו איר אין זיין שמוציקן אוניפאָרם: „איר דאַרפט זיך נישט באַאומרויִקן, מאַדאַם, אייער טאָכטער איז פאַרמשפּט צום טויט" — „איר זענט זיכער"? זאָגט די מאַמע אָן אומרויִקע. — „אַבסאָלוט זיכער", און וויק פאַרנייגט זיך טיף. — „דו זעסט, זאָגט מיין פאָטער, דו מאַכסט תמיד פון אַלעם אַ וועזן".

אַ האַנט טרייסלט פאַמעלעך מיין פּלייצע.

— נו, הייב זיך אויף, מען דאַרף אויפשטיין.

איך נורע זיך איין אונטער די קאָלדרעס, נישט עפענענדיק די אויגן. די האַנט ווערט צודרינגלעכער. איך זיפץ אָפּ און שטעק ענדלעך אַרויס דעם קאָפּ. וויק שטייט לעבן בעט. דערנאָך באַמערק איך זשאַקן, וואָס רייבט מיט אַ האַנטעך זיין נאַקעטע ברוסט. ער שמייכלט צו מיר.

— גוט מאָרגן, ביסט גוט געשלאָפן?

— נישט גענוג.

— ביסט געשלאָפֿן צוועלף שעה, זאָגט וויק. שטיי אויף. איך האָב דיר געבראַכט אַ פּאַק קליידער. דו וועסט זען, וועלכע פֿון זיי דו קענסט אָנטאָן. צו ערשט מוסטו זיך אָבער ארומוואַשן, דו ביסט שרעקלעך שמוציק. נו איַל זיך צו. איך וויל, אַז דו זאָלסט מאַכן אַ גוטן איינדרוק, ווייל איך גיי דיך פֿאָרשטעלן פֿאַרן קאָמענדאַנט פֿון דער אָפּטיילונג.

ער גייט צו צום פֿענצטער און דרייט זיך אויס צו מיר מיטן רוקן. זשאַק האָט מיר שוין צוגעגרייט אַ שיסל וואַרעם וואַסער. מיינע נאַקעטע פֿיס פֿאַרהאַלטן זיך מיט פֿאַרגעניגן אויפֿן וואַרעמען דיל, לעבן דעם גרויסן קאַכל־אויוון. אויף אַ שטול ליגט אַ הויפֿן זאַכן: וועש, קליידער, זאָקן, מאַנטלען, שיך. ער האָט גאָרנישט פֿאַרגעסן.

— ווו האָט איר דאָס אַלץ גענומען ?

— געגנבעט, ענטפֿערט ער און דרייט זיך נישט אום. די איינוווינער פֿון דאָרף האָבן נישט געקענט אַלץ מיטנעמען מיט זיך.

נאָך דעם ווי כ׳האָב זיך אַרומגעוואַשן, הייב איך אָן אויסצוקלייבן. ס׳איז מיר שווער צו געפֿינען אין דעם אַלעם עפּעס וואָס זאָל נישט זיין צו גרויס פֿאַר מיר: אַ שאָטלענדישע ספּאָדניצע און אַ ווייסע בלוזקע, וואָס האָבן מסתמא געהערט צו אַ גאָר יונג מיידעלע. איך האַלט מיך אין קעמען, ווען וויק דרייט זיך אויס צו מיר.

— צי האָסטו עפּעס אַנדערש נישט געפֿונען ? דו זעסט אויס ווי אַ מיידל פֿון פֿופֿצן יאָר. מען וועט מיך נעמען פֿאַר אַן אַלטן בעל־עברהניק.

אינעם ליכט פֿון פֿרימאָרגן, מיט זיין מידן פּנים, מיט זיין שמוציקן אוניפֿאָרם, זעט ער אויס שטאַרק נעבעכדיק.

— ווו זענט איר געשלאָפֿן ?

— כ׳בין פֿאַרבליבן דאָ, אויף אַ שטול. כ׳האָב נישט געוואָלט אייך לאָזן אַליין די נאַכט. עמעצער האָט נאָך געקענט אַריינקומען מיט אַ טעות. קום עפּעס טרינקען. דאַן וועלן מיר גיין.

— און זשאַק ?

— זשאַק וועט זיך צוריקקלייגן אין בעט אַריין. איינער פֿון מיינע חברים וועט באַלד אַהערקומען. שפּעטער וועט ער קענען בלייבן אַליין.

וויק שטעלט אַוועק פאַר מיר אַ גלאָז טיי און גרייט מיר צו עטלעכע שטיקלעך ברויט מיט פּוטער.

— ווער נאָך וווינט אין דעם הויז? טו איך אַ פרעג.

— סאָלדאַטן. דאָס גאַנצע הויז איז פאַרנומען דורך דער קאָמפּאַניע.

דאָס שטיקל ברויט, וואָס כ׳האַלט אין אַראָפּשלינגען, בלייבט מיר שטעקן אין האַלדז.

— מיר זענען אַזוי אַרום אַליין צווישן די אַלע דייטשן? דאָס איז דאָך אַ משוגעת!

— דאָ, אין דער געגנט זענען דאָ אָדער די דייטשן, אָדער קיינער נישט. וועסט זיך דאַרפן דערצו צוגעוווינען. וועסט דאַרפן שפּילן די שפּיל, שמייכלען צום קאָמענדאַנט און צו די אַנדערע. זיי וועלן נישט דאַרפן לייענען אין דיינע אויגן, אַז דו קוקסט אויף זיי ווי אויף מערדער. וועסט זיך קענען באַהערשן? דער קאָמענדאַנט איז אַ וויסטער אידיאָט. כ׳האָב אים דערציילט אַ סך מעשיות, כדי צו מאַכן אויף אים אַן איינדרוק. הער זיך גוט צו: דיין ברודער און דו זענטביידע קינדער פון אַ רייכן גוטבאַזיצער און יורשים פון אַ ריזיקן גוט. אייער פאָטער איז געווען אַ באַראָן. דיין ברודער איז פון תמיד אָן אַ קרענקלעכער און דו האָסט זיך קיין מאָל נישט געוואָלט פון אים שיידן. דו וועסט קענען מאַכן דאָס בילד פולער לויט דיין איינזען, רעדן וועגן אייער גאָלדן געפעס, וועגן די גוווערנאַנטקעס, וועלכע פלעגן דיך אויסטאָן אין אָוונט צום שלאָפן־גיין, וועגן דעם פּרעכטיקן קאַשטאַן־פערד, אויף וועלכן דו פלעגסט רייטן, ווען דו פלעגסט גיין אויף יאַגד אויף אַ הירש אין אייערע וועלדער. דו קענסט אַלץ זאָגן. ער איז גרייט אַלץ אָנצונעמען פאַר גוט געלט. איצט פאַרגעס נישט, אַז דיין פאָטער איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ תפיסה פאַר פּאָליטישע, אַז מען האָט קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן, אַז דיין מוטער איז געשטאָרבן פון פאַרדראָס און אַז דו האָסט זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט, מיטנעמענדיק דיין ברודער מיט זיך. איך בין געווען איינגעלאַדן צו אייך אין שלאָס אַריין נאָך פאַר דער מלחמה. איך האָב דיך נאָך געקענט ווי אַ קליין קינד. האָסט פאַרשטאַנען? אַזוי לאַנג ווי דער אידיאָט וועט גלייבן אין דער באָבע־מעשה וועט אַלץ זיין גוט. דערווייל איז ער אַנטציקט. צי ביסטו גרייט צו שפּילן דיין ראָל?

איך קוק אויף זשאַקן וואָס האָט זיך צוריקגעלייגט.

— גוט, זאָג איך.

וויק עפנט די טיר און רופט: „היינץ!”. ס׳באַווייזט זיך אַ יונגיטשקער עס־עס־מאַן. ער האָט שוואַרצע האָר און ער קוקט אויף מיר מיט גרויסע פאַרחלומטע אויגן. ער קלאַפּט מיט די אָפּצאַסן און בייגט זיך איין מיר צו קושן די האַנט. מיט זיין ציכטיקן אוניפאָרם און גלאַנצנדיקן שטיוול זעט ער אויס ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון אַ שפּיל־קעסטעלע. איך טו צו אים אַ שמייכל. ער קושט מיר נאָך אַ מאָל די האַנט.

— דו וועסט בלייבן דאָ ביז מיר וועלן צוריקקומען, זאָגט צו אים וויק. אויב דער הער בייטיקט זיך אין עפּעס, וועסטו עס באַזאָרגן. היינט קען ער זיך נישט אויפהייבן. די ענדערונגען ווירקן אויף אים שלעכט.

— יאָ, דאָקטער, איר קענט אויף מיר רעכענען.

היינץ דערנענטערט זיך צום בעט און פאַר זשאַקן קלאַפּט ער ווידער צונויף זיינע אָפּצאַסן. איך דריי אַוועק די אויגן.

— דו דאַרפסט נישט מורא האָבן וואָס שייך דיין מאַן, זאָגט מיר וויק ווען מיר גייען אַרויס. פאַר מיר וועט זיך היינץ לאָזן צעשניידן אויף פּיצלעך. קיינער וועט אַהער נישט אַריין ביז מיר וועלן צוריקקומען. געדענק גוט, וואָס איך וועל דיר זאָגן. מעגלעך אַז מיר וועלן זיך ראַטעווען, מעגלעך אַז נישט. אין דעם פאַל וועלן מיר אַלע דריי האָבן דעם זעלבן סוף.

מיר גייען אַריבער דעם וועג און אַ פּאָר מעטער ווייטער קלאַפּט וויק אָן אין אַ טיר. אַ פאַרשוווּמענער סילועט באַווייזט זיך אין דער טונקלקייט פון קאָרידאָר. ער סאַלוטירט און פירט אונדז אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. די טיר פונעם ביוראָ, וווּ עס געפינט זיך דער אָבערשטורמפירער האָלער איז ברייט אויפגעמאַכט. ווי נאָר ער באַמערקט אונדז, הייבט ער זיך אויף פון אָרט און קומט אונדז אַנטקעגן. ער קושט מיר די האַנט און באַגריסט מיך צו מיין אָנקומען. דער שמייכל וואָס באַווייזט זיך אויף מיינע ליפּן, איז געווען דער וועלכן מען לערנט אונדז אויס פון קינדווייז אָן, ווען מען באַקומט אַ גוטע דערציִונג. ער פאַרלאַנגט כמעט נישט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג. דער אָבערשטורמפירער בעט אונדז זיך זעצן און ווענדט זיך צו מיר.

— אייער פריינד, דער דאָקטער, האָט מיר דערציילט, וואָס איר האָט

אַלץ דורכגעמאַכט. איך באַדויער עס אויפריכטיק, אָבער די מלחמה איז אַ פּיינלעכע זאַך פאַר אַלעמען, פאַר די וואָס פאַרלירן זי און פאַר די, וואָס האַלטן זי ביים געווינען. איך ווייס, אַז איר זענט אַן אינטעליגענטע און קול־טיווירטע פּערזאָן. איך בין דעריבער איבערצייגט, אַז איר גיט זיך אָפּ דערפון אַ רעכענונג. אויך מיר האָבן יתומים, אלמנות, מאַמעס, וואָס באַוויינען זייערע זין. און דאָ, אין דער פרעמדער ערד, ליגן אונדזערע טויטע ביי דער זייט פון אייערע. צי מיינט איר נישט, אַז דאָס איז ווי אַ פאַרברידערונג אין טויט? איך פּערזענלעך האָב קיין מאָל נישט געפילט די מינדעסטע שׂנאה צו די, וואָס קעמפן, כדי צו פאַרטיידיקן זייער לאַנד.

ער האַלט זיך זייער שטייף בעת ער רעדט און זיינע הענט מיט געפלעגטע נעגל שפּילן זיך דערביי מיט אַ זילבערנעם מעסער צו שניידן פּאַפּיר.

— איך האָב גרויס רעספּעקט פאַר אייערע מיטבירגער, פריילין, באַזונ־דערס פאַר די, וואָס אַדאַנק זייער אָפּשטאַם און קולטור, שטעלן זיי מיט זיך פאָר די עליטע פון דאָזיקן לאַנד. איך בין געווען זייער איבערגענומען מיט אייער רירנדיקער געשיכטע און וועל אַלץ טאָן וואָס כ׳וועל נאָר קענען פאַר איך און פאַר אייער קראַנקן ברודער.

ער מאַכט אַ פּויזע און איך פיל, אַז מען דאַרף עפּעס זאָגן. איך וואַרף אַ בליק אויף וויקן: ער רויכערט און זעט אויס ווי ער וואָלט דאָ נישט געווען. איך ווענד זיך צום אָבערשטורמפירער האָלער און, קאָנצענטרירנדיק מיין בליק אויפן פּערפעקטן שרונט, וואָס צעטיילט זיינע בלאָנדע האָר, זאָג איך:

— איך בין איך זייער דאַנקבאַר פאַר אייער ברייטהאַרציקייט.

— איך הער בלויז מיין געוויסן, און ער גיט צו מיט אַ דינעם שמייכל: זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי ווייט ווי דאָס איז אין איינקלאַנג מיט דער פליכט פון אַ סאָלדאַט.

— איך דערלויב זיך צו האָפן, אַז די מיליטער־דיסציפּלין און אייער געוויסן זענען אין אַלגעמיין אין איינקלאַנג...

איך מאַך זיך אויסמיידן וויקס אומרויִקן בליק. ער איז אומזיסט אומרויִק. האָלער שיינט צו זיין זייער צופרידן פון מיין באַמערקונג.

— סאַראַ פאַרגעניגן ס׳איז צו שמועסן מיט אַזאַ אינטעליגענטער פּערזאָן. לאָמיר זיך אָבער בעסער צוריקקערן צו מער פּראַקטישע פּראָגעס. איר

ווייסט מסתמא, אַז ציווילע מענטשן האָבן נישט קיין רעכט צו וווינען אין דעם ראַיאָן. דער פאַקט, וואָס איר זענט דאָ פאַרבליבן נאָך דערפאַר, כדי נישט צו לאָזן אַליין אײַער קראַנקן ברודער, קען בלויז פאַרגרעסערן מײַן אַכטונג צו אײַך. פון דעסטוועגן איז אַ באַפעל אַ באַפעל.

— איר זענט פולקאָם גערעכט. אונדזער לאַגע טאָר נישט באַאומרויִקן דאָס געוויסן פון אַזאַ מענטשן ווי איר. איך ווייס נישט ווי אַזוי אײַך אָפּצו־דאַנקען פאַר דער גאַסטפרײַנדלעכקייט וואָס איר האָט באַוויליקט אונדז אָנצוביטן די נאַכט.

— זענט איר באמת צופרידן פון אײַער צימער ? איך אַליין האָב עס אויסגעקליבן.

— איר האָט אײַך צו פיל באַמיט פאַר צוויי אומבאַקאַנטע.

איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז אונטער זײַן גלײַכגילטיקער מאַסקע אַמוזירט זיך וויק אויסערגעוויינלעך. מיר אַליין הייבט דאָס שפּיל אויך אָן צו געפעלן.

דער אָבערשטורמפירער האַלער בייגט זיך לײַכט אַריבער צו מיר.

— טײַערע פרײַלין, איך קען אײַך דערלויבן דאָ צו פאַרבלײַבן אונטער איין באַדינג : איר זאָלט אַרבעטן פאַר מיר. זייט נישט אויפגעבראַכט, בעט איך אײַך. איך וויל אײַך זאָגן, אַז ס׳וועט בלויז הייסן אַז איר אַרבעט, אַנדערש וואָלט איך זיך נישט דערלויבט אײַך פאַרצושלאָגן אַזאַ זאַך. איר פאַרשטייט, דאָס וועט בלויז זײַן אַן אויסרייד פאַר די אַנדערע. מיר האָבן אַ רעכט צו האַלטן בײַ זיך מענער און פרויען, וואָס קענען פאַר אונדז זײַן נוצלעך. איר וועט קומען אַהער אין דעם הויז — און גלייבט מיר, דאָס וועט פאַר מיר זײַן אַ גרויסער כבוד — אויף אַ פּאָר שעה אַ טאָג, בעת וועלכע איר וועט זײַן פולקאָם פרײַ צו טאָן, וואָס איר וועט נאָר אַליין וועלן. אויב איך האָב אַ וויזיט, וועט איר מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איר מאַכט אָרדענונג אין מײַן ביוראָ.

— איך וועל עס טאָן מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, זאָג איך מיט אַ שמייכל.

— איר זענט זייער אַ מוטיק מיידל. און ער פאַרנייגט זיך. דערנאָך ווענדט ער זיך צו וויקן : „דאָקטער, איר האָט זייער אַן אָנגענעמע פרײַנדין״.

וויק הייבט זיך אויף זייער לאַנגזאַם. זײַנע קינבאַקן זענען צונויפגע־דריקט. מיט ביידע הענט האַלט ער זיך אָן אין טיש.

— וואָס איז אייך, דאָקטער? באַאומרויִקט זיך האַלער, אַלץ אייערע פּיס?

וויק גלייכט זיך אויס.

— ס'איז גאָרנישט. איך דאַנק אייך פאַר דעם, וואָס איר טוט פאַר אונדז.

— ווען גייט איר אַוועק?

— זעקס אַ זייגער, ווי געוויינלעך.

איך הייב זיך אויך אויף און דאָס זעלבע טוט האַלער. ער בייגט זיך צו צו מיר.

— אויב איר וועט זיך פּילן איינזאַם, קומט זיך אונטערהאַלטן מיט מיר.

— איך באַדויער זייער, זאָגט וויק, אָבער דאָס פרייליין וואָלט וועלן פאַרבלייבן דעם ערשטן אָוונט מיט איר קראַנקן ברודער.

— זיכער, זיכער, זאָגט האַסטיק האַלער, אַנטשולדיקט מיר. איך האָב פולקאָם פאַרגעסן אייער קראַנקן ברודער, נו, מיר וועלן זיך זען מאָרגן, מאָרגן פרי.

ווען מיר זענען שוין צוריק אין דער שולע, טרעף איך זשאַקן אַ שלאָפנ־דיקן. דער עס־עס־מאַןביים טיש לייגט זיך אויס קאָרטן. וויק לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל.

— ביסט אַ ווילער יאַט, הײנץ.

יענער פאַררויטלט זיך פון פאַרגעניגן, אַזוי ווי אַ יונג מיידל. ער הייבט זיך אויף, קלאַפּט צונויף די אָפּצאַסן פאַר מיר און גייט אַרויס.

— אָרעמער בחור, זאָגט וויק. ער האָט נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען פון דעם וואָס עס קומט פאַר מיט אים. ער זוכט אפילו נישט צו פאַרשטיין. אַלץ וואָס ער פאַרלאַנגט איז בלויז, מען זאָל אים לאָזן זיך פוצן פאַרן שפּיגל און נאָכלויפן מיידלעך.

— אויב דו ווילסט מיך ברענגען דערצו, איך זאָל באַדויערן דאָס אָרעמע בחורל, פאַרלירסטו דיין צייט.

— באַדויערן דאַרף מען אַלעמען.

— דאָס איז זשאַקס קול. איך טו אַ צי מיט די אַקסלען. אָט איז איינס פון זיינע ווערטלעך, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים און וואָס ברענגען מיך אַריין אין כעס. וויק זעצט זיך אַוועק אויפן בעט.

— זי האָט זיך אויסגעצייכנט אַן עצה געגעבן, דאָס איז אַ קאָמעדיאַנטקע פון ערשטן סאָרט.

— זי איז נאָך אַ קינד, זאָגט זשאַק.

— איך בין נישט מסכים. זי איז אַ ביסל צו פיל דורכגעטריבן. איך אויף אײַער אָרט וואָלט זי געלאָזט אין דער וועלט אַרײַן און אַליין וואָלט איך פאַרשוווּנדן. ער בייגט זיך איבער צו זשאַקן. — ווען איך וואָלט געהאַט אַ טאַכטער, וואָלט איך פאַר איר געוואָלט אַ מאַן ווי איר, איך האָב דערהרגעט מײַן פרוי איידער זי האָט געקענט געבוירן אַ קינד.

אַ שטילקייט נעמט הערשן צווישן אונדז.

— די בעסטע מענטשן טויטן אָפּט, נישט וויסנדיק אַליין וואָס זיי טוען. זיי טוען עס אויף איין מאָל אָדער שטופּנווייז. מען האָט שטענדיק אַ טויט אויפן אייגענעם געוויסן.

זשאַק האָט אַרויסגערעדט די ווערטער מיט אַן אומפּערזענלעכער שטים.

— גאַנץ מעגלעך, זאָגט וויק מיטן זעלבן טאָן. אָבער איך האָב עס געוווּסט. ווען איך האָב חתונה געהאַט, האָב איך שוין געטרונקען. אַ געוויסע צייט האָב איך געגלייבט, אַז איך האָב זי ליב מער ווי אַלץ אויף דער וועלט. דאָס איז געווען אַ טעות. איך האָב נאָך ליבער געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. יעדע נאַכט האָב איך זי געשלעפּט מיט זיך אין די באַרן, ווײַל כ׳האָב זיך געניייטיקט אין איר אָנוועזנהייט. און איין מאָל, אַזוי זיך אויף אַ קאַטאָוועסל, האָב איך זי צוגערעדט צו טרינקען. מיט אַ מאָל איז זי געוואָרן פריילעך אַזוי ווי זי איז געווען פאַר אונדזער חתונה. כ׳בין געווען גליקלעך און שפּע־טער האָט זי אַליין זיך צוגעוווינט צו טרינקען אַ ביסל, יעדעס מאָל, ווען זי האָט מיך באַגלייט. נאָך איין אָדער צוויי גלעזלעך איז זי געווען רייצנדיק, אָבער אין דער פרי, איידער כ׳בין אַוועקגעגאַנגען, ווען איך האָב זיך צו־געקוקט ווי זי שלאָפט, פלעג איך באַמערקן, אַז איר פּנים איז געוואָרן אַלץ מאָגערער און מאָגערער. איר אָטעם האָט אויפגעהערט צו זײַן רעגולער און כ׳פלעג זאָגן צו זיך, אַז איר גיין אין די באַרן מוז אויפהערן, אַז מ׳מוז דערצו מאַכן אַ סוף. אָבער אין אָוונט פלעג איך זי ווידער מיטשלעפּן מיט זיך. דאָס מאָל איז עס שוין מער נישט געווען אַזוי די באַדערפעניש צו טרינקען ווי צו זען דאָס בילד פון דער יונגער, זאָרגלאָזער און פאַרליבטער

פרוי, וואָס דער אַלקאָהאָל האָט מיר געבראַכט אויף אַ פּאָר שעה. איין אָוונט האָט זי נישט געוואָלט מיטגיין מיט מיר. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל. איך בין אָבער צוגעשטאַנען, זי האָט אָנגעטאָן איר מאַנטל און איז מיט־געגאַנגען. מיר זענען געגאַנגען צו איינעם פון מיינע פריינד, אַ בחור, ווי אַלע די מיט וועלכע כ׳פלעג פאַרקערן צו יענער צייט. דאָרט האָט זי נישט געוואָלט טרינקען מיט אונדז. „היינט איין אָוונט גלוסט זיך מיר נישט צו טרינקען", האָט זי געזאָגט און אָפּגערוקט דאָס גלעזל, וואָס כ׳האָב איר דערלאַנגט. בין איך ווידער צוגעשטאַנען, „בלויז אַ ביסעלע", און כ׳האָב דערנענטערט דאָס גלעזל צו אירע ליפּן. זי האָט עס גענומען און אויסגע־ליידיקט, דערנאָך האָט זי געבעטן אַ צווייטס און נאָך איינס. קיין מאָל האָט זי אַזוי פיל נישט געטרונקען, און קיין מאָל איז זי אויך נישט געווען אַזוי לוסטיק, אַזוי גליקלעך. זי איז פּשוט געווען שיכור. ווען מיר זענען אַהיימ־געקומען, האָב איך זי געמוזט טראָגן ביזן בעט, זי אויסטאָן און אַוועקלייגן. כ׳האָב זי געלאָזט אַליין, כדי איר נישט צו שטערן. צו מאָרגנס האָב איך זי געפונען אַ טויטע. איר דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז געווען אַ האַרצליידנדיקע, אַז זי האָט זיך פאַר אַלעם געהיטן אין אַ שטיל, רויִק לעבן. איך האָב אים געפרעגט צי ער האָט געוווּסט אַז זי טרינקט. דאָס איז געווען אומוואָרשיינלעך, האָט ער מיר געענטפערט, דער אַלקאָהאָל וואָלט זי שוין לאַנג אַוועקגעהרגעט. זי, זי האָט עס געוווּסט.

דורכן פענצטער באַמערק איך אַ פּרעכטיקן וואָלף־הונט. ער כאַפּט אין זיין מאָרדע אַ שטיק האָלץ, וואָס אַ יונגער סאָלדאַט וואַרפט אים צו. דערנאָך זאָגט זשאַק:

— אפשר וועלן מיר שפּילן אין קאָרטן?

וויק נעמט אַרויס אַ טעשל קאָרטן פון זיין קעשענע און טאַשט זיי אויף. אַ ביסל שפּעטער פאַרבלייבן בלויז צוויי מענער וואָס זיצן רויִק אויפן בעט און האָבן פאַרגעניגן דערפון, וואָס זיי חשבונען אויס זייערע אויסזיכטן צו געווינען. אַרום איינס אַזייגער קומט אַריין היינץ. ער שטעלט אַוועק דריי שיסעלעך, ברויט, שאָקאָלאַד, ציגאַרעטן.

— איך זע, אַז האָלער מאַכט די זאַכן ווי עס דאַרף צו זיין, זאָגט וויק. איר געהערט איצט צו דער קאָמפּאַניע און איר וועט ווערן באַהאַנדלט ווי

מיר אַלע: צוויי מאַלצייטן טעגלעך, שאָקאָלאַד, קאָנפּיטור, ציגאַרעטן. נאָך אַ שטיקל צייט וועט עס איך, אַזוי ווי אונדז אַלע, דערעסן ווערן. איך ענטפֿער אים, אַז דאָס איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן.

איך האָב אַזוי פֿיל געגעסן, אַז ס׳איז מיר שווער זיך אויפֿצוהייבן פֿון טיש. איך גיי זיך צולייגן, און די צוויי מענער נעמען זיך צוריק צו די קאָרטן. דאָס ברומען פֿון אויוון, דאָס טעמפּע קלאַפּן פֿון די קאָרטן, שלעפֿערן מיך איין. וויק וועקט מיך אויף פֿאַר נאַכט.

— איך דאַרף אַוועקגיין. הייב זיך אויף. ס׳איז בעסער, דו זאָלסט מיך אַ שטיקל באַגלייטן. איך וויל, אַז אַלע דאָ זאָלן וויסן, אַז דו ביסט מיט מיר. אַ סך זענען שוין אָן אַ פּרווּ אַ לאַנגע צייט.

דער געדאַנק, אַז וויק וועט אַוועקגיין און אונדז איבערלאָזן אַליין קעגן איבער אונדזער עקזעקוציע־באַטאַליאָן ברענגט מיך אַרויס פֿון די כּלים.

— איך וויל נישט דו זאָלסט אַוועקגיין, זאָג איך נעבעכדיק.

— ער גלעט מיינע האָר און זאָגט:

— יעדן טאָג פֿיר איך איבער פּראָוויאַנט צום פֿראָנט.

— אַן אַנדערער קען עס טאָן.

— ניין, נישט קיין אַנדערער ווי אַ דעגראַדירטער הויכער אָפֿיציר, וואָס דאַרף אָפּקומען פֿאַר זיינע חטאים. דו זעסט, איך קום אָפּ פֿאַר מיינע זינד דערמיט וואָס כ׳גיב זיי צו פֿרעסן.

— ס׳איז דאָך אָבער געפֿערלעך...

איך טראַכט וויניקער וועגן אים ווי וועגן אונדז, ווען מען ס׳דראָט צו פֿאַרלירן אונדזער איינציקע שוץ. ער ציט מיט די אַקסלען.

— מאַך זיך נישט נאַריש, היינט וועט איך אָפּהיטן און ברענגען עסן. וואַרט נישט אויף מיר.

מיר גייען אַרויס דורך אַן אַנדער טיר, וואָס פֿירט צום הויף פֿון דער שולע. דאָ וואַרט אַ פֿערד איינגעשפּאַנט אין אַ וועגעלע, וואָס איז שווער באַלאָדן מיט קאַסטנס און זעק.

— אָט איז מיין געשפּאַן, זאָגט וויק.

ער גייט צו צום פֿערד און פֿירט דורך זיין האַנט איבער זיין גריווע, מיט דער זעלבער צאַרטקייט, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט ווען ער האָט

מיר געגלעט מיינע האָר. איך פּרוּוו אים נאָכטאָן, אָבער דאָס פערד דרייט האַסטיק אַוועק דעם קאָפּ. אַ סאָלדאַט קומט צו און איך דערקען אין אים דעם יונגן דייטש, וואָס האָט זיך געשפּילט מיטן וואָלף־הונט אונטער אונדזער פענצטער. וויק שטעלט מיר אים פאָר:

— ראַלף מיקע, אונדזער מוזיניק.

דערנאָך נעמט ער די לייצעס אין די הענט.

— נו געגאַנגען, מירן זיך אין גיכן זען, מאַריאַ.

דאָס וועגעלע גיט זיך אַ ריר פון אָרט, און שפּאַנט קרעכצנדיק אַדורך דאָס אַריינפיר־טויער, וואָס שטייט ברייט צעעפנט. וויק דרייט זיך אויס, אײדער ער פאַרשווינדט, און מאַכט מיר אַ צייכן מיט דער האַנט. איך דער־שטיק אין מיר דעם פאַרלאַנג אים נאָכצולויפן.

— דאָס איז אַ בראַווער מאַן. זאָגט דער יונגער דייטש אָן ווענען כ׳האָב אין גאַנצן פאַרגעסן. אַלע מאָל לאָזט ער זיך אין וועג אַריין אַ רויקער, הגם ער ווייס גאַנץ גוט, אַז ער קען אַ מאָל נישט צוריקקומען. אַזוי לאַנג ווי ער פאָרט לענג־אויס דעם וואַלד, איז ער אונטער אַ שוץ. אָבער ווייטער האָט ער דורכצופאָרן אַן אָפן פעלד. נעכטן האָט ער מיטגעבראַכט דריי קאַנען, וואָס זענען געווען דורכגעלעכערט דורך קוילן.

ער קוקט מיך אָן אויפמערקזאַם.

— אַנטשולדיקט מיר, איך האָב געמיינט איך צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן, רעדנדיק וועגן דעם מוט פון אייער פריינד. איך האָב אויך געמיינט, אַז איר גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג ווי גרויס די געפאַר איז. איך באַדויער זייער. כ׳בין באַגאַנגען אַ פעלער.

איך ענטפער נישט. איך שטעל מיר פאָר וויקן, ווי ער גייט לעבן זיין פערד איבער דעם ריזיקן שטח בעת די קוילן פייפן איבער זיין קאָפּ. ראַלף מיקע נעמט מיך אָן פאַרן אָרעם.

— דערלויבט מיר איך צו באַגלייטן.

איך קען נישט באַהערשן אַ באַוועגונג אויף צוריק.

— איך בעט אייך, זאָגט ער גיך, טייטשט מיך נישט שלעכט אויס. איך בין אַליין אַ פאַרלאָבטער. אייער אומרו צוליב דעם דאָקטער האָט מיך טיף גערירט, דערפאַר האָב איך זיך דערלויבט...

איך קוק אים אָן. ער פאַרלירט זיין דרייסטקייט און שטעלט זיך אָפּ אין מיטן פון זיינע רייד. איך זאָג אים, אַז איך בין איבערצייגט אין זיינע גוטע כוונות, וועלכע איך שאַץ אָפּ זייער הויך. ער דריקט מיר אויס זיין האַרציקן דאַנק און הייבט מיר אָן צו דערציילן וועגן זיין כלה, וואָס וואַרט אויף אים אין זיין לאַנד. ער רעדט אויך וועגן זיין וואָלף־הונט, וועלכער געדענקט זיין כלה און פאַר וועלכן ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, באַ־האַלטענערהייט, כדי אַנדערע זאָלן נישט חוזקן פון אים. איך באַטראַכט אים אויפמערקזאַם. ווי נאָר מען וועט פון אים אַרונטערציען זיין אוניפאָרם, וועט זיך באַווייזן אַ יינגל פון אַכצן יאָר מיט אַ גלאַט פנים, מיט קלאָרע אויגן, מיט אַ לאָק בלאָנדע האָר אויפן שטערן.

מיר קומען צו צו דער טיר דורך וועלכער מיר זענען ביידע נאָר וואָס אַרויס, וויק און איך. איך פיל זיך מיט אַ מאָל זייער מיד און זעץ זיך אַוועק אויף אַ טרעפּל. ווי ס׳זאָל נישט זיין, איז מיר שווער זיך אָפּצוטשעפּן פון דעם יונגן דייטש און פון דער אַנדערער זייט וויל איך אים נישט אַריינפירן אין אונדזער צימער אין דער אָפּוועזנהייט פון וויקן. ער בעט ביי מיר די דערלויבעניש זיך אַוועקצוזעצן לעבן מיר און מיר נעמען שמועסן. איך ווייס נישט ווי אַזוי אונדזער געשפּרעך האָט זיך פאַרקערעוועט אויף ליטעראַטור: גאָר שנעל זע איך מיר אַרום, אַז איך האָב נישט צו טאָן מיט עפּעס אַ יונגן שנעק, נאָר פאַרקערט מיט אַ קולטורעלן, גייסטרייכן, פיינעם, פילבאַרן מענטשן. אין אָנהייב בין איך פאַרטראַכט און צעטראָגן. און פּלוצעם געפין איך צוריק די שטאַרקע נייגונג צו דיסקוטירן, וואָס כ׳האָב געהאַט אין אַ צייט, ווען ס׳האָט נישט עקזיסטירט עפּעס וויכטיקערס ווי אידעען און דער אופן ווי אַזוי זיי אויסצודריקן. ס׳איז דאָס זעלבע פאַרגעניגן ווי אַ מאָל, די זעלבע באַרוישונג פון ווערטער, די שותפות מיטן שכל. דאַן זע איך זיך אַרום, אַז דער אָוונט פאַלט צו. איך זאָג:

— איך דאַרף אַריינגיין, מיין ברודער וועט זיין אומרויִק.

— איך קען אייער געשיכטע, ס׳איז איבעריק אייך צו זאָגן, אַז איך בין מיט אייך מיטן גאַנצן האַרצן. ער נעמט אַרויס אַ פאָרטפעל פון זיין קעשענע און מורמלט אויס נישט דרייסט: „איך וואָלט געוואָלט זי אייך ווייזן״.

ער איז אַזוי אומגעדולדיק מיר צו ווייזן דאָס בילד פֿון זיין כלה, אַז ער ציט אַרויס פֿון פּאַרטפֿעל אַ גאַנץ פּעקל מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס, צווישן וועלכע ער נעמט פֿיבערהאַפֿט זוכן. ענדלעך געפֿינט ער זי. איך דערזע אַ יונג מיידל, וואָס איז אַ היפּש ביסל דיקלעך און וואָס לאַכט, ווייזנדיק אַלע אירע ציין.

— זי איז רייצנדיק, זאָג איך.

ער פֿאַררויטלט זיך פֿון צופֿרידנקייט.

— איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט אייך געפֿעלן. איך בעט אייך, לייענט איבער, וואָס זי האָט אָנגעשריבן אויף דער אַנדערער זייט.

איך דריי אום די פֿאָטאָגראַפֿיע און אַן אַנדערע טיילט זיך אָפּ און פֿאַלט אַראָפּ אויף דר׳ערד. איך בייג זיך אַרונטער זי אויפֿצוהייבן. דאָס איז אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַן אַמאַטאָר, אַ ביסל אַ מטושטשע, אָבער מען זעט דייטלעך אַן אַלטן יידן, אַזאַ, וואָס מען פֿלעג זען אין די פּוילישע שטעטלעך, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ קאַפּל אויפֿן קאָפּ. לעבן אים שטייט אַ הויכע מאָגערע פֿרוי מיט מוראדיק צעשראָקענע אויגן. לעבן זיי שטייט אַ יונגער אָבער אַן איינגעבויגענער מאַן און פֿיר קינדער. די לעצטע זענען אויסגעשטעלט לויט זייער גרייס. דער עלטסטער שטייט לעבן דעם מאַן, דער קלענסטער זעט אויס צו זיין נישט עלטער ווי צוויי יאָר.

— וואָס איז דאָס ? פֿרעג איך ראַלף מיקע.

— אָ, דאָס איז גאָרנישט, זאָגט ער און גיט מיר ווידער די פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון זיין כלה, וואָס איז מיר אַרויסגעפֿאַלן, בעת איך האָב אויפֿגעהויבן די אַנדערע.

— לייענט וואָס זי שרייבט מיר.

— איך קען נישט לייענען קיין דייטש, זאָג איך.

ער איז זייער פֿאַרוווּנדערט. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך ? איך רעד דאָך אַזוי גוט. לייענט ער אַליין און קאָמענטירט די ווונדערבאַר נאַרישע צושריפֿט, וואָס די האַנט פֿון זיין געליבטער האָט פֿאַרצייכנט. נאָך דער דאַזיקער אויפֿקלערונג פֿון טעקסט, באַמערקט ער, אַז איך האַלט נאָך אַלץ די פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס כ׳האָב אויפֿגעהויבן, ער מאַכט אַ זשעסט זי צוריק־צונעמען.

— וואָס איז דאָס? פרעג איך נאָך אַ מאָל.

— דאָס איז אַ יידישע משפחה, וואָס כ׳האָב דערשאָסן מיט אַ קורצער צייט צוריק.

— וואָס איר האָט וואָס?... זאָג איך נישט פאַרשטייענדיק.

— איר ווייסט דאָך זייער גוט, גיט ער מיר צו פאַרשטיין, מיט געדולד, ווי צו אַ קינד, אַז אַלע יידן דאַרפן פאַרשווינדן.

— און איר האָט זיי דערהרגעט?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. איך האָב זיי אַנטדעקט אין זייער באַהעל־טעניש.

— איר האָט דערהרגעט די קינדער?

— דאָס זענען יידן, פריילין.

— צי זענען זיי דען נישט קיין מענטשן?

ער ענטפערט נישט גלייך. און מיט דער זעלבער געדולד, שיינט ער צו זוכן אַן אויפקלערונג, וואָס קען מיך צופרידנשטעלן. ער זאָגט ענדלעך אַרויס מיט אַ זיסער שטים:

— דאָס זענען גאָר פשוט יידן.

— און ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז יידן זענען נישט קיין מענטשלעכע באַשעפענישן?

— דער פירער, זאָגט ער, און אַן אַקצענט פון העכסטן רעספעקט ציטערט אין זיין שטים. „אונדזער פירער״, חזרט ער איבער מיטן זעלבן פנים פול מיט עקסטאַז, וואָס ער האָט געהאַט נאָר וואָס, בעת ער האָט גערעדט וועגן זיין כלה.

עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. אומזיסט באַמי איך זיך צו געפינען אַ זין אין דער פעסטשטעלונג: אַן עמפּפינדלעכער יונגער־מאַן, פול מיט צאַרטקייט, אַ ביסל אַ שעמעוודיקער, וואָס פאַרגעטערט זיין כלה, האָט ליב קונסט, וואָס ווערט לייכט פאַרכאַפּט דורך אַ נאָבעלן געדאַנק, וואָס ווייזט אַרויס מיטגעפיל צו די אומגליקן פון אַנדערע, הרגעט אויס אַ גאַנצע משפחה צווישן וועלכער ס׳געפינען זיך פיר קינדער. ניין, עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. אָט דאָס לויטערע פנים, אָט די קלאָרע אויגן... דאָס איז נישט קיין פשוטער מערדער. דאָס איז נישט אַזאַ וואָס הרגעט צוליב נקמה, צוליב

באַגער אָדער בעת אַן אָנפֿאַל פֿון שגעון. עמעצער, וואָס באַגייט אַן אויסערגעוויינלעכן, ליידנשאַפֿטלעכן אַקט. ער וואָלט איבעריקנס געווען אויפֿריכטיק פֿאַרוווּנדערט, ווען ער וואָלט געהערט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „מערדער" אָדער „מאָרד". ער הרגעט נישט. ער פֿירט אַדורך אַן עקזעקוציע, אַן אַקט, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך ווי גיין פֿאַרטשאַדן אַ וועספּן־נעסט. מען טוט עס, ווייל ס'איז נוצלעך. נישטאָ דערין גאָרנישט, וואָס קען אויפֿטרייסלען דעם געוויסן. איך הער ווי ער זאָגט צו מיר:

— מען דאַרף מער נישט טראַכטן דערפֿון.

זיינע אויגן זענען אָנגעשטעלט אויף מיר מיט רעספּעקט און מילדקייט. און איך זע וואָסער סצענע ס'וואָלט זיך געקענט אָפּשפּילן צווישן אונדז:

— „איך בין געצוווּנגען אייך אויסצוזאָגן אַ סוד, וואָלט איך געזאָגט, איך בין אַ יידישע, איך אויך". זיין שיינער בליק וואָלט אויסגעדריקט פֿאַרוווּנדערונג, דערנאָך וואָלט ער זיך אָנגעפֿילט מיט טרויער. זיין האַנט וואָלט זיך פֿאַמעלעך צוגעשאַרט צו זיין רעוואָלווער. „איר גייט מיך דאָך נישט הרגענען?" — „איך באַדויער" — וואָלט ער געענטפֿערט מיט זיין זיסער שטים פֿון אַ גוט דערצויגענעם יונגן־מאַן. און ער וואָלט אויסגעשאָסן. די אַנדערע וואָלטן זיך צונויפֿגעלאָפֿן, דערשטוינטע. זיי וואָלטן אָנגעקוקט דעם צענויפֿגעקאָרטשעטן קערפּער ביי די פֿיס פֿון ראַלף מיקע, וועלכער וואָלט צו זיי געזאָגט: „דאָס איז גאָרנישט. דאָס איז געווען אַ יידישע".

איך הייב זיך אויף.

— איך מיין, ס'איז צייט איך זאָל אַריינגיין צוריק אין צימער.

ער קושט מיין האַנט. מיינע פֿיס פֿירן מיך ביזן צימער און איך האָב באמת נישט דעם איינדרוק, כ'זאָל זיך האָבן באַוועגט. איך פֿאַרמאַך די טיר הינטער מיר. זשאַק כאַפּט מיך אויף אויף זיין ברוסט אין דער מינוט גופא, וואָס כ'פֿאַל אַנידער. איך קלאַמער זיך אין אים מיט אַלע מיינע כחות. אומזיסט פּרוווּט ער אויפֿצוהייבן מיין קאָפּ. איך וויל נישט. איך האָב מורא ער זאָל אין מיינע אויגן נישט דערזען דאָס בילד, די פֿאָטאָגראַפֿיע וואָס אַ יונגער עס־עס־מאַן באַהאַלט מיט גרויס אָפּגעהיטנקייט אויף זיין האַרץ, און וואָס שטעלט פֿאָר די יידישע פֿאַמיליע, וועלכע ער האָט אומגעבראַכט. זשאַק שטעלט נישט קיין פֿראַגעס און מיר בלייבן אויפֿן בעט, אומבאַוועגלעך, אַן

רייד, בעת שאָטנס פילן אויס דאָס צימער. דאָס טירל פון אויוועלע איז האַלב אָפן און אַ קליינער ראָזאַ שימער ציטערט אויפן דיל. איך זאָג מיר, אַז עס עקזיסטירט מער גאָרנישט, אַז מיר זענען אַליין, אַז עס דראָט אונדז גאָר־נישט... ביזן מאָמענט ווען ס׳דערהערן זיך איבער אונדז טריט — אויף די שטיגן. ערגעץ ווערט פאַרמאַכט אַ טיר. דער איבעררייס האָט זיך געענדיקט. עס זשומען קולות, ס׳דערגייען צו אונדז דייטשע ווערטער, דערשטיקטע דורך דער ווייטקייט, צעקרימטע, אָנגעפילטע מיט דראָאונגען. ס׳מערן זיך די טריט, די קולות, די געלעכטערס. זיי זאָגן אונדז אָן, אַז דער טויט געפינט זיך אונטערן זעלבן דאַך ווי מיר. ווען כ׳דערהער קלאַפּן אין טיר, איז עס פאַר מיר כמעט ווי אַ דערלייזונג. איך רוק זיך אָפּ פון זשאַקן.

— אַרייַן, זאָג איך.

ס׳באַווייזט זיך אַ נישט קלאָרער סילועט. ער דערנענטערט זיך. דער שײַן פון אויוון פאַלט אויף גלאַנציקע שטיוול.

— פאַר וואָס פאַרבלייבט איר אין דער פינצטער? פרעגט אַ קול וואָס איך דערקען נישט.

איך ענטפער גאָר שנעל:

— כ׳האָב מורא אָנצוצינדן ליכט. כ׳ווייס נישט ווי אַזוי מען פאַרשטעלט דאָס פענצטער.

איך זע, ווי ער גייט אַרויף אויף אַ שטול און טשעפּעט צו די קאָלדרעס, וואָס הענגען פון ביידע זייטן פענצטער. ווען עס ווערט ליכטיק, שטייט היינץ פאַר מיר מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל אויף די ליפּן.

— איך האָב נישט געקענט קומען פריער, זאָגט ער. כ׳בין געווען פאַר־נומען ביים אָבערשטורמפירער. ער שיקט אייך איבער זיינע פריינדלעכע גרוסן.

— ווי שפּעט קומט דער דאָקטער צוריק?

— טייל מאָל בלייבט ער זייער שפּעט. איר דאַרפט זיך נישט באַאומ־רויִקן.

מיר קוקן זיך איבער שמייכלענדיק. איך בין באמת צופרידן אים צו זען. ער פרעגט מיך:

— צי באַדאַרפט איר עפּעס?

— ניין, מיר האָבן אַלץ וואָס מיר דאַרפן.

— קיינער האָט היינט נישט אַלץ וואָס ער דאַרף. און ער שאָקלט צו טרויעריק מיטן קאָפּ. ער זעט אויס אַזוי יונג, אַזוי ווייניק צוגעפּאַסט פאַר אָט דער עקזיסטענץ. אָבער וואָס באַהאַלט זיך טיף אין אים? אפשר אַן אַנדערער ראַלף מיקע?

— איך קום גלייך צוריק, זאָגט ער.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז שוין היינץ צוריק און האַלט אין האַנט צוויי עמערס, איינעם אַן אָנגעפּילטן מיט וואַסער, דעם צווייטן מיט קוילן, וואָס ער שיט אַריין אין אויוון. ווען איך וויל אים אויסדריקן מיין דאַנק, שלאָגט ער מיר גלייך איבער:

— מען דאַרף מיר נישט דאַנקען. דער דאָקטער איז מיין איינציקער פריינד. פאַר אים וועל איך אַלץ טאָן. ער קוקט אויף די פלאַמען און לאָזט פאַלן די לעצטע שטיקלעך קוילן איינעם נאָך דעם אַנדערן.

— דער דאָקטער האָט מיר געזאָגט, אַז איך קען אויך האָבן צוטרוי צו אייך.

ער פאַרמאַכט דאָס טירל פון אויוועלע און ווענדט זיך צו מיר:

— דער טאָג איז געווען זייער אַ רויִקער. מען האָט נישט געהערט אפילו קיין איין שאָס. איצט וועל איך אייך ברענגען דאָס נאַכט־עסן. איר וועט מוזן עסן, ווייל אויב נישט, וועט דער דאָקטאָר מיר עס קיין מאָל נישט מוחל זיין.

— איר וועט עסן מיט אונדז, זאָג איך.

ער פאַררויטלט זיך און גייט אַרויס אָן אַן ענטפער. איך גרייט דעם טיש און שטעל צו וואַסער אויף טיי. היינץ קומט צוריק מיט פיר מענאַשקעס. מיר זעצן זיך אַוועק איינער קעגן איבער דעם אַנדערן. זשאַק עסט ליגנדיק אין בעט. ווען איך גיס אָן דעם טיי, וווּנדערט זיך היינץ:

— איר האָט עס מיטגעבראַכט מיט זיך?

— ניין, איך האָב עס דאָ געפונען.

— מיר האָבן דאָ קיין מאָל נישט קיין טיי. דאָס איז זיכער דער דאָקטאָר. אויב ער האָט עפּעס באַשלאָסן... ער האָט פאַר גאָרנישט נישט קיין מורא. וואָס פאַראַ אויסערגעוויינלעכער מענטש דאָס איז.

זיין עקסטאַטיש פּנים ווערט פאַרקלערט.

— און איר, צי האָט איר אַ מאָל מורא?

— אָפּט, זאָג איך.

ער זעט אויס צו זײַן אַנטציקט.

— אַזוי ווי איר זענט דעם דאָקטאָרס פֿרײַנדין, האָב איך געמיינט, אַז איר זענט אפֿשר פּונקט ווי ער. איך האָב זייער מורא.

ער לאָזט אַרונטער זײַן קאָפּ, באַטראַכט זײַן ליידיק גלאָז, וואָס ער האַלט נאָך אין זײַנע הענט.

— איך האָב מורא כמעט כסדר. איך פֿרעג זיך, ווי אַזוי טוען די אַנדערע. טייל מאָל זאָג איך זיך, אַז זיי האָבן מורא פּונקט ווי איך, אָבער זיי באַהאַלטן עס.

— דאָס איז גאַנץ מעגלעך, זאָג איך. ס׳איז אפֿילו כמעט זיכער.

— פֿון דעסטוועגן זענען פֿאַראַן אַזעלכע ווי דער דאָקטער...

— פֿאַר די אַ שפּילט דאָס לעבן קיין ראָלע נישט.

— איך וועל דאָס קיין מאָל נישט פֿאַרשטיין. איך וואָלט געוואָלט לעבן אפֿילו ווען כ׳דאַרף זײַן אָרעם, נעבעכדיק, אפֿילו אַ קאַליקע, און אפֿילו אויך מיט אַ פֿאַרקרימט פּנים. אפֿילו אָן פּרויען. איך וואָלט שפּאַצירט, כ׳וואָלט געשפּילט אין קאָרטן... מיט פּרויען, פֿאַרשטייט זיך, איז אַ סך אָנגענעמער.

און ער נעמט זיך דערציילן די געשיכטע פֿון זײַנע דערפֿאָלגן. אַ ביסל באַרימט ער זיך, אַ ביסל איז ער שעמעוודיק. אין מיטן דערין קומט אַרײַן וויק. ער קוקט אויף מיר מיט אַ ברייטן שמייכל און זײַן שטים קלינגט פֿריילעך:

— נאָך נישט אין בעט?

היינץ שטעלט זיך אויף, שטעלט אַוועק די פּערטע מענאַשקע צוצוואַרעמען און גייט אַרויס.

וויק עסט קוים. ס׳דויערט נישט לאַנג און ער נעמט אַרויס פֿון זײַן טאַש דאָס פֿלאַכע פֿלעשל, וואָס איך קען אַזוי גוט.

— מען דאַרף עסן, זאָג איך אים, מיר דאַרפֿן דיך האָבן.

— אין אָוונט בין איך קיין מאָל נישט הונגעריק. ער טרינקט לאַנג, צו עטלעכע מאָל.

— קוק נישט אויף מיר אויף אַזאַ אופן, מאַריאַ, דאָס וועט גאָרנישט העלפן. זינט נעכטן האָסטו מיך נישט געזען טרינקען, ווייל איך האָב גע־טרונקען באַהאַלטענערהייט. מער וויל איך זיך נישט אויסבאַהאַלטן. מען דאַרף מיך נעמען אַזוי ווי איך בין. איך עקל דיך? האַ? האָסט מורא פאַר מיר? און דאָך ביסטו אַ מיידל, וואָס פאַרשטייט אַ סך און ביסט אויך פעיִק צו טאָן נישט וויניק זאַכן, זאַכן, וואָס ער וואָלט נישט געקענט טאָן. און ער ווייזט מיר אָן אויף זשאַקן. אָבער ער, ער פאַרשטייט. אָט אַזוי נישט רעדנדיק, דו ווייסט: ווען מען באַשולדיקט אַנדערע, הייסט עס, אַז מ׳איז זיך אַליין אַ סך מוחל.

איך ענטפער נישט.

— דו מיינסט, אַז איך בין שוין שיכור?

אפשר איז ער טאַקע שיכור און אפשר גאָר פאַרקערט, איז ער זייער ניכטער.

— אָן שום ספק בין איך נישט עפּעס רעכטס, זאָג איך. כ׳וואָלט געדאַרפט האָבן צייט זיך צו פאַרבעסערן. אויב איך דאַרף פריער אָוועקפגרן, טאָ וועמעס שולד איז עס?

— איך בין אַן אַלטער נאַר. ער הייבט זיך אויף און זעצט זיך אַוועק אויפן בעט לעבן זשאַקן. איר זאָגט קיין מאָל גאָרנישט, ווען מען טוט אָן צרות אייער פרוי?

— איר וועט איר קיין מאָל נישט אָנטאָן קיין צרות, זאָגט זשאַק שטיל, איר האָט זי צו פיל ליב.

און וויק ענטפערט:

— אין תוך גענומען, בין איך גאָר נישט אַזוי זיכער, ווער פון אייך ביידן איז מיר טייערער.

מען דערהערט ווי עמעצער גייט איבער אונדזערע קעפּ.

— דאָס איז היינץ, זאָגט וויק. אָרעם יינגל. ווען ס׳זענען נישטאָ קיין מיידלעך, וואָס זאָלן זיך פאַרען אַרום אים, ווערט ער מעלאַנכאָליש. נו, וועל איך אויך גיין זיך לייגן. אויב דו ברויכסט עפּעס, מאַריאַ, נעם די באַרשט און קלאַפּ אָן ביי היינצן. ער וועט מיר צו וויסן געבן, מיין צימער געפינט זיך פונקט לעבן זיינעם. אַ גוטע נאַכט.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי פֿרעג איך הײַנצן, וואָס איז געקומען אונדז זען:

— ווו איז וויק?

— ער מוז אוודאי נאָך שלאָפֿן, זאָגט ער.

ער ווייס פֿון דעסטוועגן גאַנץ גוט, אַז איך דאַרף גיין צו האַלערן. אַנשטאָט צו זײַן דאָ, גרייט מיך צו באַגלייטן, שלאָפֿט ער זיך רויִק. איך וואַרט נאָך אַ פּאָר מינוט איידער איך פּועל ביי זיך אַרויפֿצוגיין צו אים. איך קלאַפּ אין אַ טיר, וואָס מיר דאַכט זיך, אַז זי איז פֿון זײַן צימער. קיינער ענטפֿערט נישט. איך עפֿן שטיל די טיר. ער שלאָפֿט אויסגעצויגן אַ גלײַכער אויפֿן רוקן. זײַן פּנים אין שלאָף זעט אויס נאָך מער פֿאַרמאַטערט, און מער האַרט. איך האָב נישט ליב צו קוקן אויף עמעצן וואָס שלאָפֿט. איך האָב דעם אײַנדרוק אונטערצוקוקן דורך אַ שליסל־לאָך. ענערגיש הייב איך אָן צו טרייסלען דעם דאָזיקן פֿרעמדן, וואָס האָט פֿאַרנומען וויקס אָרט. ער בורטשעט, עפֿנט שווערלעך די אויגן, דערזעט מיך:

— וואָס מאַכסטו דאָ? זאָגט ער, און שוין איז ער אין כּעס.

— איך דאַרף גיין צו האַלערן אין דער פֿרי.

— טאָ גיי און לאָמיך צורו.

— איך האָב געמיינט, אַז דו ווילסט מיך באַגלייטן.

ער זעצט זיך אַוועק אין בעט מיט אימפּעט און הייבט אָן צו שעלטן. איך דריי זיך אויס מיטן רוקן און גיי צו צום פֿענצטער. הינטער מיר האַלט וויק אין איין וואַרפֿן אַלץ בייזערע קללות. אַ פּשוטער שיכּור, מער גאָרנישט, אַ שיכּור וואָס האָט אונטערן אײַנפֿלוס פֿון אַלקאָהאָל אָנפֿאַלן פֿון גוטסקייט און וואָס באַדויערט זיי ביטער נאָך דעם, ווען ער ווערט צוריק ניכטער.

— מיר וועלן אַוועקגיין ווען נאָר דו וועסט וועלן, זאָג איך, די אויגן פֿול מיט טרערן. אָבער לאָז אונדז נאָך דאָ ביז ביי נאַכט.

ער ענטפֿערט נישט גלײַך. הייסט עס, אַז דאָס איז עס טאַקע. און איצט שעמט ער זיך.

— דערלאַנג מיר דאָס פֿלעשל. דאָרט אויפֿן טיש.

איך ריר זיך נישט.

— דו הערסט מיך, צו אַלדע טײַוול. איך זאָג דיר, זאָלסט מיר דערלאַנגען דאָס פֿלעשל. דאָס בלוט טוט מיר אַ שלאָג אין קאָפּ אַרײַן, איך דריי זיך אויס:

— אויב דו שטעלסט זיך פֿאַר...

דאָן דערזע איך אים. ער זיצט נאָך אַלץ אויפֿן בעט אין דער זעלבער פּאָזיציע, אָנגעלענט אויף זיינע הענט, דאָס פּנים ווי בליי.

— וויק... וואָס איז דיר ?

— גיב מיר דאָס פֿלעשל.

איך גיב עס אים. ער טרינקט לאַנג.

— גיי אַרונטער און וואַרט אויף מיר אונטן.

— ניין, איך וועל נישט אַרונטערגיין. אויב דו ביסט קראַנק, בלייב אין בעט.

— איך בין נישט היינט מער קראַנק ווי אַן אַנדער טאָג. כ׳האָב נישט געוואָלט זאָלסט מיך זען ווי איך בין. דערפֿאַר בין איך געוואָרן אין כּעס. נאָר אַזוי ווי דו ווילסט דורכויס...

ער לענט זיך אָן אויף די הענט, דרייט זיך אויס און שטעלט אַוועק די פֿיס אויף דער פּאָדלאָגע.

— אָט איז די ערשטע מאַניפּולאַציע. זי איז נישט די שווערסטע, רוק צו אַ שטול.

ער קלאַמערט זיך אין אַנלען, כּדי זיך אויפֿצושטעלן. זיינע ליפּן זענען אָן פֿאַרב, אַ גרויער לאָק האָר הענגט אים אַראָפּ איבערן שטערן.

— איצטער נעם צו דעם שטול.

ער מאַכט אַ פּאָר טריט אויף אַ מאָדנעם אופֿן אַזוי ווי די קליינע מענ־טשעלעך פֿון האָלץ, וואָס מען ציט אויף מיט אַ שליסל. ער גייט צו ביז צום טיש און לענט זיך אָן.

— ס׳איז נישט פֿויגלדיק, האַ ? און ער באַמיט זיך צו טאָן אַ שמייכל.

— לייג זיך צוריק אַוועק. ביסט דאָך נישט בכּח זיך אויפֿצוהייבן.

— ניין, וואָס מען דאַרף איצט, איז אַ ביסל גיין, גיין, גיין... דו בלייב ווו דו שטייסט, איך קום דיר זאָגן גוט מאָרגן.

איך זע ווי ער גייט צו צו מיר מיט זיין מעכאַנישן גאַנג, נישט איינ־בייגנדיק די קני. ווען ער איז שוין גאָר נאָענט, נעמט ער אַרום מיינע אַקסלען מיט זיין אָרעם און זאָגט :

— קום, מיר וועלן אַ ביסל גיין.

און מיר גייען. ער לענט זיך שווער אָן אויף מיר. מיר דרייען זיך אַרום דעם טיש. ביסלעכווייז ווערט ער ווייניקער שווער. זיינע קני הייבן זיך אָן איינצובייגן.

— נאָך אַ קליינע אָנשטרענגונג, מאַריאַ, ווען דו ביסט דאָ, קומט עס אָן גרינגער. דאָס איז מסתמא דערפֿאַר, ווייל איך גיב זיך ווייניקער אונטער.

מיר דרייען זיך ווייטער.

— איצט איז גוט, זאָגט ער און שטעלט זיך אָפּ.

ער נעמט מיין פּנים אַריין צווישן זיינע הענט און גיט מיר אַ קוש אויפֿן שטערן.

— ער איז נישט שיין אין דער פּרי, וויק, האַ? ער האָט דיך דערשראָקן, האַ? זיינע קינבאַקן זענען צונויפֿגעפּרעסט. ער זעצט זיך אַוועק. איצט וועט מען אַרויפֿציען די שטיוול און מ׳וועט גיין זאָגן אַ גוט מאָרגן דעם בראַוון האָלער.

איך קני אַנידער אים צו העלפֿן.

— הייב זיך אויף, קוויטשעט ער, איך בין נאָך נישט קיין קאַליקע!

— אויב דו ביסט נישט קיין קאַליקע אויף דיינע פֿיס, ביסטו עס זיכער אויף דיין קאָפּ.

— ביסט אַ זיסע באַשעפעניש. און ער איז מיך מכבד מיט אַ ברייטן שמייכל.

— לאָז מיר אָנטאָן די שטיוול. דו זעסט, דאָס אַלץ איז אַן אָנדענק פֿון מאַצקאַו, אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פֿאַר דייטשן, ווו איך בין געווען פֿאַרשפּאַרט אַ יאָר מיט אַ האַלבן. יעדן טאָג האָט מען אונדז געצווונגען צו מאַכן איבונגען: דאָס איז באַשטאַנען אין קריכן אויף די קני שעהענווייז, מיט די הענט אויפֿגעהויבענע איבערן קאָפּ. די דאָזיקע אומשולדיקע איבונגען האָבן מיר אויסגעטריקנט די קני, פֿון דעמאָלט אָן, יעדן אינדערפֿרי ווען איך הייב אָן זיי צו באַוועגן, איז עס אַ גאַנצע געשיכטע. דו האָסט עס געקענט אַליין זען.

— פֿאַר וואָס האָט מען דיך אַריינגעזעצט אין אַ לאַגער?

— איך האָב נישט תמיד מסכּים געווען מיט זייער סיסטעם, דעם אמת זאָגנדיק, בין איך קיין מאָל נישט מסכּים געווען. איך האָב עס אפשר

אויסגעדריקט אַ ביסל צו הויך. ווי דו זעסט, האָט עס גאָרנישט געהאָלפן. איך בין נאָך אַלץ אין די עס־עס. ס׳איז מיר בלויז אַ ביסל שווערער זיך אויפצוהויבן. אָפט מאָל בלייב איך אַ גאַנצע נאַכט שטיין, כדי מיר צו פאַרשפאָרן די ליידן.

— און מען קען גאָרנישט טאָן דערצו?

— לויט ווי איך ווייס, גאָרנישט.

— דו ביסט דאָך אַ דאָקטער.

— ניין, מען רופט מיך דאָקטער, אָבער אין דערווירקלעכקייט בין איך בלויז אַ דאָקטער אין פאַרמאַציע און איך ווייס נישט פון קיין מיטלען קעגן דעם.

ער וואַשט זיך אַ ביסל אײַן די הענט און דאָס פּנים און פאַרקעמט אויף דער שנעל זײַנע האָר.

— לאָמיר גיין באַגריסן אונדזער שעף.

האָלער נעמט אונדז אויף מיט אַ צעשטראָלט פּנים און לאָזט זיך באַלד אַריין אין אַ לאַנגער דיסערטאַציע, מיט וועלכער ער פּרוּווט אונדז באַווייזן, אַז די וועלט געהערט צו יחידי־סגולה, דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן חכמה און האַרץ, זענען גייסטרייך און וועמענס פליכט ס׳איז אָנצופירן מיט אַנדערע און צו פאַרלאַנגען פון זיי דערפאַר געהאָרכזאַמקייט, אָן וועלכער עס קען נישט זיין אויף דער ערד נישט קיין אָרדענונג, נישט קיין פאָרשריט. דערנאָך ווענדט ער זיך צו וויקן:

— וואָס מיינט איר דערוועגן, דאָקטער?

— אָ איך, שוין לאַנג ווי איך טראַכט נישט מער.

— ווי אַזוי קען מען עס גלויבן? אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט אייער קולטור, טראַכט שטענדיק. מעגלעך, אַז איר זענט פּשוט מיד.

וויק באַוויליקט נישט צו ענטפערן. ער פאָלגט נאָך מיט די אויגן דעם רויך פון זיין סיגאַרעט. איך פיל, אַז ס׳איז נויטיק איבערצורייסן דאָס שטילשווייגן.

— צי זענט איר שוין לאַנג אין פּוילן, הער אָבערשטורמפירער?

כ׳וואָלט געוואָלט קענען אייערע איינדרוקן וועגן אונדזער לאַנד.

דאָס פּנים פון האָלערן אַנטשפּאַנט זיך.

— איך וועל אייך זאָגן, אין גאַנצן אויפֿריכטיק, פֿריילין. איך האָב געהאַט דאָס מזל צו באַגעגענען אייניקע פֿון אייערע אָממייסטן קולטיווירטע לאַנדסלייט, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די הייַנטיקע פּראָבלעמען.

איך שמייכל צו אים, בעת וויק הערט נישט אויף צו רויכערן און צו מאַכן אַ זויערע מינע. האָלער גיט איבער, אַ טיף איבערצייגטער, די נאָבעלע אידעען וועגן וועלכע ער האָט זיך דורכגערעדט מיט פֿאַרשוינען, וואָס זענען פּשוט געווען פֿאַסקודנע קאָלאַבאָראַטאָרן. איך באַמי זיך אײַנצוהאַלטן אויף מײַן פּנים אַן אויסדרוק פֿון פֿאַראינטערעסירונג. צום סוף ווענדט ער זיך צו וויקן.

— איר האָט גרויס מזל, דאָקטער. זי איז זייער קלוג...

— איך בין דורכויס מסכּים מיט אײַך.

און וויק שטעלט זיך אויף. ביז איצט האָב איך נישט געמיינט, אַז איך דאַרף באמת בלייבן אַליין מיט האָלערן.

— איך גיי האַלטן געזעלשאַפֿט זשאַקן. זײַ רויִק.

אַרום מיטאָג־צײַט, זיך איך נאָך אַלץ אויפֿן זעלבן אָרט, צוהערנדיק זיך צו די רייד פֿון האָלערן. ווען ס׳פֿלעגט אַרײַנקומען אַן אָפֿיציר פֿלעג איך זיך אויפֿהויבן, צוגיין צו אַ דאָקומענטן־קלאַסירער, פֿון וועלכן כ׳פֿלעג אַרויסנעמען אַ פּעקל אַקטן, כּדי אים צוריקצולייגן אויפֿן זעלבן אָרט. יעדעס מאָל פֿלעגט ער מיך מיט גרויס צערעמאָניע פֿאַרשטעלן ווי די יורשטע פֿון אַן אויסערגעוויינלעכן פֿאַרמעגן און פֿון איינעם פֿון די נאָבלסטע נעמען פֿון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע. ענדלעך לאָזט ער מיך אַראָפּנידערן פֿון די הויכע אינטעלעקטועלע שפּיצן, אויף וועלכע ער האָט מיך פֿאַרשלעפּט, כּדי איך זאָל קענען גיין עפּעס אָפּעסן.

איך משך פֿון דרײַ וואָכן האָב איך געדינט ווי אַן אוידיטאָריע פֿאַרן אָבערשטורמפֿירער האָלער. די אָפֿיצירן ווײַזן אַרויס צו מיר אַ גאַלאַנטקייט אויף אַ דיסקרעטן אופֿן. איך דערלאַנג זיי די האַנט, איך שמייכל, איך ענטפֿער העפֿלעך אויף זייערע קאָמפּלימענטן. מײַן פּנים האַלט כּסדר אָן אַן אויסזען פֿון פֿאַראינטערעסירונג אָדער פֿון אַנטציקונג, אָפֿט מאָל אָן שום

מוז, וואָס איך ברענג אפילו מיט אין אונדזער צימער אַריין, אַזוי ווי אַ מאַסקע, וועלכע מען פֿאַרגעסט אַרונטערצונעמען. דאָס רופֿט ביי וויקן אַרויס אַ סאַרקאַזם. די מורא פֿון דעם ערשטן טאָג איז פֿאַרשוווּנדן. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך באַוועג זיך אויף אַ סצענע, אין אַ ראָלע, וואָס איז שווער צו שפּילן, וויסנדיק גענוי, אַז אַפֿילו דער קלענסטער טעות וועט מיר נישט פֿאַרגעבן ווערן. ס׳באַאומרויִקט מיך בלויז די האַלטונג פֿון קוכער. אַט דער געלער בולץ באַגריסט מיך מיט מער הכנעהדיקייט ווי די אַנדערע און איך פֿיל דעריין אַ פֿאַראַכטונג. איך מאַך זיך נישט פֿאַרשטיין.

אין איינעם אַן אָוונט קלאַפּט ראַלף מיקע אַן אין אונדזער טיר. כ׳האָב אים געמוזט אַריינלאָזן. אַנדערש טאָן האָב איך נישט געקענט. בעת ער באַגריסט זשאַקן, טויכט אויף פּאָר מיינע אויגן די פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס ער האַלט אויף זיין האַרצן, אַ פֿאַרגרעסערטע, אַן אומגעהויערע. אַט זענען זיי אויסגעשטעלט אין אַ ריי און הינטער זיי באַווייזט זיך דאָס פּנים פֿון זשאַקן, אַזוי ווי אויך ער וואָלט געהערט צו דער אומגעבראַכטער משפּחה. איך קען נישט באַהערשן מיין צערודערונג, אָבער ראַלף מיקע איז אַליין אַזוי גערירט, אַז ער באַמערקט גאָרנישט. די נאַכט פֿאַרט ער אָפּ אויפֿן פֿראָנט און ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. דריי מאָל קושט ער די אייזקאַלטע האַנט, וואָס איך דערלאַנג אים.

וויק איז איבערצייגט, אַז מ׳קען שוין מער די רוסן נישט פֿאַרהאַלטן.

— פֿאַר אייך איז דער סוף פֿון קאָשמאַר נאָענט. איר דאַרפֿט בלויז אויסהאַלטן ביז דאַן. דו וועסט שוין מער נישט זיין געצוווּנגען צו שמייכלען צו זיי, צו דערלאַנגען די האַנט. מיין נישט, אַז איך גיב זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג אין וואָסערן גיהנום דו לעבסט.

ער האָט אַ צו געהויבענע מיינונג וועגן מיר. אָפֿט מאָל איז עס, פֿאַרשטייט זיך, זייער שווער. אָבער, דאָס רוב, גיב איך זיך אונטער דער זאָרגלאָזיקייט פֿון מיינע יאָרן און פֿון מיין נאַטור, וואָס אַ דאַנק איר גיי איך איבער פֿון איין געפֿיל צו אַ צווייטן מיט אַ צעטומלענדיקער לייכטקייט און אויב עס פֿאַלט מיר איין, אַז כ׳באַגיי עפּעס אַ געמיינקייט, אַז מיין האַלטונג איז אונטער יעטוועדער ווירדע, איז גענוג איך זאָל אַ טראַכט טאָן

וועגן זשאַקן, וואָס וואַרט אויף מיר און וועמעס לעבן ס׳געפֿינט זיך אין מיינע הענט. און צי שאַץ איך איבעריקנס נישט אָפּ דאָס צימער, דעם אויוון, דאָס בעט מיט די ווייסע ליילעכער? איך עס צו דער זעט. ווי אַזוי זיך מודה זיין פֿאַר אַ מענטשן, וואָס האַלט, אַז כ׳געפֿין זיך אין אַ גיהנום, און וואָס באַוווּנדערט מיין גייסטיקע שטאַרקייט, אַז איך בין כמעט גליקלעך. דאָס וואָס ער באַוווּנדערט מיך אַזוי, איז בלויז עלול מיך צו דערנידעריקן.

— דו וועסט בלייבן מיט אונדז, וויק, זאָג איך אים, כדי אָנצוהויבן צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. מיר וועלן מער זיך נישט צעשיידן.

ער טוט אַ טרויעריקן שמייכל:

— דו זעסט דאָס בילד? פֿאַרשטעלן אַן עס־עס־מאַן די רוסן?

— דו וועסט אויסטאָן דיין אוניפֿאָרם און קיינער וועט בכלל נישט וויסן דערפֿון.

— הייסט עס ווערן אַ דעזערטיר?

— דו האָסט קיין שום געמיינזאַמס נישט מיט זיי. דו האָסט זיי פּונקט אַזוי פיינט ווי איך. זיי האָבן אַ תל געמאַכט פֿון דיין לעבן. דערציייל מיר נישט קיין מעשיות וועגן אָט דעם פֿאַלשן סאָלידאַריטעט־געפֿיל, וואָס האָסט כלומרשט מיט מערדער.

— קיין שום זאַך איז נישט בכח צו ענדערן דעם פֿאַקט, אַז איך בין אַ דייטש און מיין אָרט איז צווישן זיי. ניין, באמת, דו שטעלסט זיך פֿאָר, אַז איך וועל זיך אויסבאַהאַלטן און זאָגן ליגן? אייגנטלעך צו ראַטעווען וואָס?

— צי ביסטו אומפֿעיִק צו טאָן דאָס וואָס טויזנטער אַנדערע זענען געצוווּנגען געווען צו טאָן, פּונקט אַזוי ווי מיר? צי האַלטסטו זיך העכער פֿון זיי? שוין מער ווי דריי יאָר ווי איך באַהאַלט זיך אויס. דאָס פּאַסט נישט פֿאַר דיר, נישט אמת? דו באַרעכטיקסט עס פֿאַר אַנדערע, צו וועלכע דו פֿילסט אגב אַ ביסל פֿאַראַכטונג.

אין דעם דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר. ס׳קומט אַריין אַ זעלנער און, נישט קוקנדיק אויף אונדז, ווענדט ער זיך צו וויקן.

— מען האָט צוריקגעבראַכט ראַלף מיקע אַ שטערבלעך פֿאַרוווּנדעטן

אין בויך. ער בעט, זי זאָל קומען — און ער ווייזט אָן מיטן פינגער אויף מיר, — וואָס שנעלער.

— ווו איז ער ?

— אין זיין צימער.

דער דייטש וואָרט אָן אומבאַוועגלעכער.

— איך מיין, אַז דו דאַרפסט צוגיין, זאָגט וויק צו מיר מילד. ער גיט צו : איך וועל דאָ בלייבן.

איך גיי נאָך דעם סאָלדאַט ביז צו אַ צימער, וואָס געפינט זיךביים סוף פון קאָרידאָר. ראַלף מיקע ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, דאָס פּנים בלייך. אַ סאַניטאַר ווענדט זיך צו מיר :

— איר זענט עס מאַריאַ ? אונדזער קאַמאַראַד האָט עטלעכע מאָל געבעטן איך צו רופן.

ער רירט אָן די האַנט פון פאַרוווּנדעטן. ראַלף עפנט די אויגן.

— קומט צו נענטער, זאָגט דער סאַניטאַר.

איך גיי צו. אויף די בלייכע ליפּן באַווייזט זיך אַ שוואַכער שמייכל.

— איך וויל מען זאָל אונדז לאָזן אַליין.

דאָס קול איז שוואַך אָבער דייטלעך. איידער דער סאַניטאַר גייט אַרויס, זאָגט ער מיר :

— ער טאָר זיך נישט אָנשטרענגען.

מיר בלייבן אַליין. ראַלף מיקע שמייכלט צו מיר מיט דאַנקבאַרקייט און צערטלעכקייט. איך שטיי מיט צונויפגעפּרעסטע ציין.

— קומט צו אַ ביסל נענטער, מאַריאַ. איך ווייס, אַז כ׳גיי שטאַרבן, איך האָב אייך געוואָלט פריִער זען.

איך קען נישט אויסהאַלטן זיין בליק וואָס איז אָנגעהאָנגען אין מיר און לאָז אַרונטער די אויגן.

— איר דאַרפט נישט האָבן קיין צער. קומט צו נעענטער.

איך מאַך אַ טריט פאָרויס. „נאָך נעענטער" איך פאָלג אַ געהאָרכזאַמע. „נעמט אַרונטער מיין תנאים־רינגל, מאַריאַ, און האַלט עס ביי זיך ווי אַן אָנדענק פון מיר".

איך וועל אים נישט אָנרירן, פאַר קיין שום פּרייז אין דער וועלט.

— איך בעט אייך, איך פאַרשטיי אייער איידלקייט, אָבער גלויבט מיר, איר זענט די איינציקע, וואָס זענט ראוי עס צו האַלטן.

איצטער מאַכט ער לאַנגע פויזעס צווישן די ווערטער. — דאָס רינגל... און די פאָטאָגראַפיע. זי איז דאָ, אין פאָרטפעל, אויפן שטול.

נישט וויסנדיק געגנוי, וואָס איך טו, נעם איך דעם פאָרטפעל. ווי נאָר איך עפן אים, טוט צו מיר אַ שמייכל דאָס נאַרישע פּנים פון זיין כלה. איך וואַרף אַ בליק אויף ראַלפן: ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און ער עטעמט שווער. זיין שטערן איז באַדעקט מיט שווייס. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָס איז אַ יינגל פון פופצן יאָר, ער באַקלאָגט זיך נישט, נישט געקוקט אויף זיין אָפענעם בויך. דאַן הויב איך אָן צו זוכן פיבערהאַפט אין זיין פאָרטפעל. פאַפירן, בריוו און אַנדערע פאָטאָגראַפיעס... דאָס שטאַמלדיקע קול פון ראַלפן דערגייט צו מיר:

— איר וועט זיך פאַרנעמען מיט מיין הונט, מאַריאַ.

אָט איז זי. אַלע זענען זיי דאָ. דער אַלטער מיט זיין באָרד און קאַפּל, די פרוי מיט צעשראָקענע אויגן, די קינדער... איך דערנענטער זיך צום בעט.

— איר הערט מיך, ראַלף?

ער באַמיט זיך צו עפענען די אויגן און אַ קרעכץ שטאַרבט אָפּ צווישן זיינע פאַרשלאָסענע ציין.

— פרוווט פאַרשטיין דאָס וואָס איך גיי אייך זאָגן. איר דערמאָנט זיך אָן דער יידישער פאַמיליע, וואָס איר האָט דערמאָרדעט? איר דערמאָנט זיך, אַ יאָ? אָט די פאָטאָגראַפיע... איך בין אַ יידישע, איך אויך, פונקט ווי זיי, און איך שפיי אויף אייער טויט. איר באַקענט זיך ענדלעך מיט דעם טויט, וואָס איר האָט אַזוי לייכט געגעבן. איר מעגט אַפילו וועלן אַנגיין פאַר אַ בראַוון דייטש און דאָך האָט איר מורא. איר האָט שוידערלעך מורא.

אויף אַ גאָר שנעלן אויגנבליק געלינגט אים צו עפענען זיינע אויגן און אונטער דער מאַסקע פון ווייטיק באַווייזט זיך אַ פּנים פול מיט אַנגסטן. אַ, ווי ענלעך ער איז איצט צו די יידן, וואָס ער האָט דערהרגעט, איצט, ווען ער ליגט דאָ אַ נאַקעטער, אַן אַנטוואָפנטער אין אָנבליק פון טויט. אַ פלוצעמדיקער הוסט צערייסט אים און אַ ראָזאַ שוים באַדעקט זיינע מויל-

ווינקלען. איך האָב מער ווי כ'האָב באַדאַרפט. איך מוז אַרויסגיין, אײדער איך וועל אָנהויבן קוויטשען. איך עפן די טיר און רוף דעם סאַניטאַר.

— ער איז זייער אָפּגעשוואַכט, זאָג איך אים, איך מיין, אַז דער סוף איז נאָענט.

ער זאָגט נישט קיין וואָרט און גייט אַריין צו ראַלפן. איך לויף אַוועק אין מיין צימער. איך וואַרף זיך אויפן בעט.

— וואָס איז געשען, מאַריאַ?

וויקס פראַגע טרעפט מיך ווי אַ שמיץ פון אַ בייטש. דאָס איז שוין צופיל.

— לאָמיר אַוועק פון דאַנען, זשאַק. לאָמיר שוין אַוועק, אַלע זענען זיי דאָ מערדער, אַלע! זיי רעדן פון מוזיק, ליטעראַטור, זיי שמייכלען און זיי מאָרדן. דאָס זענען מאָרד־מאַשינען.

איך פיל אַז איך שריי, אָבער איך קען זיך מער נישט באַהערשן. איך קלאַמער זיך אָן אין זשאַקן און פּרוּוו אים מיט געוואַלט אַרויסשלעפּן פון בעט.

— לאָמיר גיין פון דאַנען...

צוויי שטאַרקע הענט פּאַקן מיך אָן.

— דו וועסט זיך באַרויִקן אויפן אָרט, אָדער איך לאָז דיר אַראָפּ אַ פּאַטש.

— שמוציקער שוואָב, מערדער. טו איך אַ געשריי.

וויקס האַנט לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיין באַק, און דאָס אומגעהויערע וואָס האָט אָנגעיוירן אין מיר, פּלאַצט אויס מיט אַ מאָל. איך ברעך אויס אין אַ געוויין. ליגנדיק אויפן בעט אין די אָרעמס פון זשאַקן, הער איך נישט אויף צו וויינען. אָבער די טרערן פליסן פריי, באַרויִקנדיק.

— וואָס האַלט זי אין דער האַנט?

וויקס האַנט עפנט מיר אויף מיינע פינגער.

— וואָס איז עס? פרעגט זשאַק.

— גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט.

מיט איין מאָל הער איך אויף צו וויינען. איך דריי אַ ביסל אויס דעם קאָפּ און זע ווי וויק גייט אַדורך דאָס צימער, עפנט דאָס טירל פון אויוון

און וואַרפֿט אַריין די פֿאָטאָגראַפֿיע אין די פֿלאַמען. איך שליס גלייך צו די אויגן. כ'הער וויקס קול.

— איך וועל דאָ פֿאַרבלייבן ביז זי וועט איינשלאָפֿן, פּרוּווט איר אויך צו שלאָפֿן, קיין שום געפֿערלעכע זאַך איז נישט געשען. דאָס זענען בלויז די נערוון, בלויז די נערוון.

ער שווייגט אַ ווײַלע, דערנאָך מורמלט ער: צו אַלדע טײַוול, וואָסער הינטיש לעבן.

די שפּעטערדיקע טעג הערט זיך שטאַרקער די שיסערײַ, וואָס קומט פֿון פֿראָנט. זי דערנענטערט זיך. וויק גייט אַוועק ווי תּמיד אַרום זעקס אַ זייגער מיט זײַן וועגעלע און זײַן אַלטן פֿערד.

דעם אָוונט איז הײַנט פֿאַרבליבן לענגער ביים אָבערשטורמפֿירער. איך באַשליס ביי מיר, אַז כ'וועל אַליין גיין ברענגען קוילן. אויפֿן הויף ליגט אַ גאַנצער באַרג קוילן. ווען איך גיי צוריק מיט מײַן פֿולן עמער, זע איך ווי ס'קומען אין מײַן ריכטונג צוויי סאָלדאַטן מיט ליידיקע עמערס. גראָד אין דעם מאָמענט פֿאַלדעוועט זיך די לופֿט איין איבער אונדזערע קעפּ. נאָך איידער ס'פֿאַרגייט די פֿײַפֿערײַ פֿונעם גראַנאַט, טוען זיך די דײַטשן, ווי צוויי אויטאָמאַטן, מיט די זעלבע באַוועגונגען אַ וואַרף אויף דר'ערד. די צוויי עמערס קײַקלען זיך אַראָפּ מיט גרויס טראַסק אויף די שטיינער פֿון ברוק. די צוויי קערלס, וואָס ליגן מיט זייערע גלאַנצנדיקע שטיוול און אָפּגעטאָקטע אוניפֿאָרמען אויסגעצויגן אויף זייערע בײַכער אין מיטן הויף, שטעלן פֿאַר מיר פֿאַר אַ קאָמישן ספּעקטאַקל. איך גיי פֿאַרביי לעבן זיי און זיי פּרוּוון נישט מאַכן די מינדסטע באַוועגונג. איידער איך גיי אַריין אין הויז, דריי איך זיך אום. זיי הויבן זיך אויף און שטויבן זיך אָפּ מיט מעטאָדע. דערנאָך הויבן זיי אויף די עמערס און גייען צום הויפֿן קוילן.

אויף מאָרגן וואַרטן מיר לאַנג אויף וויקן. זשאַק און איך ציילן די מינוטן. אַרום צען אַ זייגער באַווײַזט זיך הײַנץ:

— ער איז נאָך נישטאָ? פֿרעגט ער.

נאַטירלעך ווייס ער עס פּונקט ווי מיר. איידער וויק קומט אַרײַן, גייט ער תּמיד אָפּגעבן אַ קורצן ראַפּאָרט דעם אָבערשטורמפֿירער.

— דאָרט איז הייס.

דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך זע היינצן אַ באמת אומרויִקן. ער דרייט זיך אַרום איבערן צימער די הענט פאַרלייגט הינטערן רוקן: „אויב ס׳איז אים עפּעס געשען, וועל איך מער קיינעם נישט האָבן, וואָס זאָל מיך אַרויסשלעפּן פון בלאָטע". אויך איך בין גאָר שטאַרק באַאומרויִקט. וויִקס פאַרשווינדן וואָלט פאַר אונדז געווען נאָך ערגער, ווי פאַר היינצן. איך טו אַ קוק אויף זשאַקן. זיין פּנים איז אָנגעצויגן.

— פון וואָס טראַכטסטו?

— איך האָף, אַז ער איז נישט פאַרוווּנדעט, דאָרט איינער אַליין אין פעלד. אויב אַ קויל האָט אים באַדאַרפט טרעפן, וואָלט שוין בעסער געווען זי זאָל מאַכן מיט אים אַ סוף, כדי ער זאָל נישט ליידן.

— איך בעט אייך, היינץ, זאָג איך, הערט אויף זיך אַרומצודרייען.

ער שטעלט זיך גלייך אָפּ און זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל. ער גייט מיר נאָך מיט זיינע אויגן. צום סוף גיב איך זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז איך דריי זיך אַרום אין צימער אַהין און צוריק. איך טו אַ געשריי אַן אויפגערייצטע:

— פאַר וואָס רעדט איר נישט אויס קיין וואָרט?

— איר וועט זען, ער וועט זיך אַרויסדרייען, זאָגט ער אָן איבערצייגונג. אפשר וואָלט איר צוגעשטעלט טיי...

— מאַכט אייך אַליין, אויב איר האָט חשק.

— ניין, איך האָב נישט דעם מינדסטן חשק, כ׳האָב בלויז געמיינט, אַז דאָס וועט אייך באַשעפטיקן עטלעכע מינוט.

איך טו אַ צי מיט די אַקסלען. און אויב ער איז באמת פאַרוווּנדעט? אויב מ׳דאַרף אים ברענגען הילף? אָבער איך ווייס, אַז איך וועל נישט גיין. איבעריקנס וועט שוין וויק, אַ טויטער צי אַ פאַרוווּנדעטער, סיי ווי גאָרנישט קענען טאָן פאַר אונדז.

זשאַק האָט דער ערשטער דערהערט זיינע טריט. ווי נאָר ער איז אַריין אין צימער, פאַל איך אַרויף אויף אים און נעם אים שטאַרק דריקן אין מיינע אָרעמס. פאַמעלעך רוקט ער מיך אָפּ.

— הער מיך אויס, מאַריאַ...

ער איז באַדעקט מיט שטויב, דער רעכטער אַרבל פון זיין רעקל איז צעריסן. איך זע, אַז ער איז אויסגעשעפּט.

— הער מיך אויס, מאַריאַ...

איך וויל אים נישט הערן. איך צי אים צו צום בעט. ער לאָזט זיך און זעצט זיך אַוועק לעבן זשאַקן.

— דאָרט איז זייער שלעכט, זאָגט ער. די נאַכט פאַרלאָזן מיר אונדזערע פּאָזיציעס.

— און מיר ?

— אין דעם מאָמענט איז אוממעגלעך איר זאָלט קענען אַדורכגיין אויף דער אַנדערער זייט. איר וועט זיך מוזן צוריקציען צוזאַמען מיט אונדז.

היינץ שטייט זייער אַ בלייכער און הערט זיך צו. וויק זאָגט ווייטער:

— איך דאַרף צוריקגיין אַהין.

— ווו אַהין ?

— נאָענט צום פראָנט.

— האָלער שיקט דיך אַהין ?

— ניין, קיינער שיקט מיך נישט. ס'וועט נישט דויערן לאַנג.

ער מיידט אויס צו קוקן אויף מיר.

— פאַר וואָס דאַרפסטו צוריקגיין אַהין ?

דאַן ווענדט ער זיך צו זשאַקן, בלויז צו זשאַקן.

— דאָרט געפינט זיך אין באַראַק אַן אַלטע פרוי. זי קען זיך מער נישט רירן. זי איז קראַנק. איך ווייס נישט מיט וואָסער נס זי עקזיסטירט נאָך, אָבער זי געפינט זיך דאָרט. איינע אַליין. אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלן זיי אומעטום אונטערצינדן.

— זי איז זייער אַלט ? — פרעג איך רויק.

— יאָ, זייער אַלט.

— קראַנק ?

— זייער קראַנק.

— דו מיינסט, אַז זי וועט אין גיכן שטאַרבן ?

— יאָ, זי האָט נישט מער אויף לאַנג.

— דאָס הייסט, אַז צוליב אַן אַלטער קראַנקער פרוי, וואָס איז סיי ווי

סיי פאַרמשפּט, גייסטו ריזיקירן דיין לעבן און אונדז איבערלאָזן, אונדז...
מיין קול פאַרהאַקט זיך.

— שטאַרבן איז נישט דאָס זעלבע ווי ווערן פאַרברענט לעבעדי־קערהייט.

— האָסטו געטראַכט וועגן די אַלע, וואָס איר האָט לעבעדיקערהייט פאַרברענט אין געטאָ, וועגן די אַלע, וואָס איר האָט פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס, אַלטע, יונגע, קראַנקע, געזונטע? און צי האָסטו געטראַכט וועגן אַלע פאַרברענטע קינדער? ניין, זעלבסטפאַרשטענדלעך. נאָר ווייל דו האָסט געזען אַן אַלטע פרוי, וואָס האָלט ביים פּגרן, האָסטו געטראַכט, אַז אָט איז אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ שיינעם זשעסט. אויב דו וועסט דערביי אומקומען, איז פאַרפאַלן. דער עיקר איז דער זשעסט. אָבער מיר, וואָס דו ביסט מקריב, מיר, וואָס זענען יונג, צי גייען מיר אַריין אין די חשבונות פון דיין גרויסמוטיקייט?

— הער אָטאָ, זאָגט פּלוצעם היינץ, דאָס וואָס דו ווילסט טאָן האָט נישט קיין זין. דו וועסט אַהין נישט צוקומען, און ווי עס זאָל נישט זיין, וועט עס צו גאָרנישט און פאַר קיינעם נישט נוצן.

וויק איגנאָרירט אים. אויך אויף מיר קוקט ער נישט, פּונקט ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט. ער ווענדט זיך ווייטער צו זשאַקן.

— איך קען אַנדערש נישט טאָן, ווי אַהינגיין. היינץ וועט בלייבן מיט אייך און איך גלויב נישט, אַז מיין אָפּוועזנהייט וועט זיך לאַנג פאַרציען. אין דעם מאָמענט איז אַ שטילשטאַנד, איך דאַרף עס אויסנוצן.

— פאַר וואָס האָסטו זי גלייך נישט מיטגענומען מיט זיך? זאָגט היינץ.

— זיי האָבן מיר מיטגעגעבן פאַרשידענע אויסשטאַטונג כ׳זאָל עס מיטנעמען אין וואָגן. איך האָב נישט געקענט פירן דאָס פערד מיט איין האַנט און טראָגן די אַלטע אין דער צווייטער.

ער הויבט זיך אויף, נעמט אַרויס זיין פלעשל און טרינקט, פאַרבויגנדיק דעם קאָפּ אויף הינטן. דערנאָך גייט ער צו צו דער טיר. איך פאַרשטעל אים דעם וועג.

— דו ביסט משוגע, איך וועל דיך נישט לאָזן אַרויסגיין.

— לאָז, מאַריאַ, וועסט גאָרנישט דערגרייכן.

— דו ביסט גוט, אַ, יאָ, דו ביסט באַרמהאַרציק, דערציייל עס אַנדערע, דאָס אַלץ איז בלאָף. אויב אַזוי, גיי שפּילן דײַן קאָמעדיעלע און לאָז זיך טויטן. ס׳וועט בלויז ווערן מיט איין אידיאָט ווייניקער.

איך ווייס שוין מער נישט, וואָס איך זאָג. כ׳וואָלט וועלן אין דער זעלבער צייט אים זידלען און אים בעטן. זשאַקס האַנט לייגט זיך אַוועק אויף מײַן אַקסל. כ׳האָב נישט געזען, ווי ער איז אַרויס פון בעט. אַנטשלאָסן רוקט ער מיך אָפּ און האַלט מיך פעסט.

— גייט, זאָגט ער צו וויקן, און לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם וואָס זי זאָגט. דאָס איז, ווײַל זי האָט זייער מורא פאַר אייערטוועגן און וואָגט עס נישט מודה צו זײַן.

איך הער זיך אויף צו וואָרפן. צי האָט זשאַק באַוווּסטזיניק געזאָגט אַ ליגן, אָדער איז ער איבערצייגט, אַז כ׳האָב פאַרלוירן דעם קאָפּ צוליב דער געפאַר, וואָס דראָט וויקן?

איך הער וויקס רויִקע שטים:

— גיי שלאָפן, מאַריאַ, איך וועל גיך צוריקקומען און וועל ווייטער קענען וואַכן איבער אים.

און ער גייט אַרויס. כ׳וואָלט וועלן אים נאָכלויפן, אים דערכאַפּן און זאָגן, אַז ס׳איז נישט אמת, אַז נישט בלויז צוליב זשאַקן האָב איך מורא. אייניקע מינוט שפּעטער דערגייט צו אונדז דאָס באַקאַנטע גרילצן פונעם וועגעלע, וואָס דערווייטערט זיך. הײַנץ שיט צו קוילן אין אויוון און דאָס וואַרטן הייבט זיך אָן פון דאָס נײַ. אַ פּאָר ווײַטע, פאַראיינצלטע שאָסן פּלאַצן אויף ווי בלאָזן אין דער שטילקייט און מיר מיידן דאָן אויס זיך אָנצוקוקן.

אַרום איינס אַזייגער פאַר טאָג איז וויק דאָ. ווען ער דערהערט נאָר זײַנע טריט, גייט הײַנץ עפענען די טיר. ער קומט אַרײַן האַלטנדיק די קליינע אַלטשיטשקע אין זײַנע אָרעמס. זי איז אײַנגעוויקלט אין אַ צעריסענער קאָלדרע. ער לייגט זי אַוועק אויפן בעט מיט גרויס פאָרזיכט. זי עטעמט שלעכט, אָבער איר בליק איז נאָך באַוווּסטזיניק. זי מאַכט אַן אָנשטרענגונג צו רעדן.

— הער אָפיציר... אַזוי פיל זיך געמיט... כדי צו ראַטעווען אַן אָרעמע... אַלטע... וואָס האַלט ביים שטאַרבן...

— מען דאַרף נישט רעדן, מאַמעלע, מען וועט אייך זען צו ראַטעווען.

וויפל מאָל האָט ער אונדז געזאָגט דאָס זעלבע? פון דעסטוועגן ווייס ער דאָך, אַז זי גייט שטאַרבן. אפשר האָט ער אויך געוווּסט, אַז אויך פאַר אונדז איז נישטאָ קיין שום האָפענונג. איך קוק זיך צו ווי ער וויקלט איין דעם רויִנירטן קערפּער אין אַ קאָלדרע.

— זי האָט אַ סך היץ, זאָגט ער, ווענדנדיק זיך צו אונדז.

ער זעט אויס מיט אַ מאָל זייער אַלט.

— גיי, לייג זיך אַ ביסל צו, זאָג איך, איך וועל וואַכן איבער איר.

איך זעץ זיך צו לעבן איר.

— דאָס אַלץ האָט צו גאָרנישט גענוצט, זאָגט וויק מיט אַ טריבער שטים, איך קען איר מיט גאָרנישט העלפן.

— איר האָט איר געגעבן די שענסטע פון אַלע אילוזיעס, זאָגט זשאַק, די אילוזיע נישט צו שטאַרבן איינזאַם.

— אָפּיציר... אָפּיציר...

דאָס איז די אַלטע. וויק בויגט זיך איבער איר, טאַפּט איר דעם פּולס:

מאַמעלע, איר הערט מיך?

אין דעם מאָמענט קלאַפּט מען אין טיר. צוויי לייכטע דיסקרעטע קלעפּ. היינץ גייט עפענען. דאָס איז האַלער. תמיד ציכטיק, פריש ראַזירט.

— אַנטשולדיקט, וואָס איך קום אייך באַלעסטיקן, אָבער איך דאַרף אייך האָבן אַלע דריי. מיר פאַרלאָזן דאָס אָרט אין אַ פּאָר שעה אַרום און מען דאַרף אַלץ פאַרפּאַקן אין מיין ביוראָ. זעלבסטפאַרשטענדלעך קומט איר מיט מיט אונדז, פרייליין.

איך טו אַ קוק אויף וויקן.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, זאָגט ער, זי און איר ברודער קומען מיט אונדז.

— וואָס איז דאָס? זאָגט האַלער, וואָס באַמערקט די אַלטע, וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס איז אַן אַלטע פרוי, וואָס כ׳האָב געפונען אַ שטאַרבנדיקע.

אַ מינע פון עקל און פון פאַראַכטונג צעקרימט דאָס מויל פון אָבערשטורמפירער.

— אייער סענטימענטאַלקייט וועט אייך פֿאַרלירן, דאָקטאָר. איך בעט אייך מיך צו באַגלייטן.

און האַלער עפֿנט גאַלאַנט די טיר פֿאַר מיר. אין זיין ביוראָ הויבן מיר אָן צונויפֿצונעמען די פּאַפּירן און אַקטן. מיר פּאַקן אַלץ איין אין קאַסטנס. וויק בויגט זיך צו צו מיר און שושקעט:

— זשאַק האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט זיך מיט איר פֿאַרנעמען.

פֿיר אַ זייגער אין דער פֿרי איז אַלץ פֿאַרפּאַקט. וויק און איך גייען צוריק אין דער שולע. זשאַק זיצט לעבן טיש און האַלט דעם קאָפּ צווישן זיינע הענט. ער הויבט אויף זיין בליק אויף אונדז, נישט ענדערנדיק זיין פּאָזיציע.

— זי איז געשטאָרבן, זי האָט לאַנג נישט געליטן.

מיר האָבן נישט קיין צייט זי צו באַגראָבן. איך זאָג צו זיך, אַז דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג. דאָס שווערסטע איז זי שוין איבערגעקומען.

מיר פֿאַרפּאַקן אונדזערע טעלערס, אונדזער באַשטעק, די קליינע עלעקטרישע קאַך־מאַשינקע, די קליידער, וואָס וויק האָט מיר געגעבן. אַ ביסל שפּעטער הערן מיר, ווי ס׳קומען אָן די לאַסטאויטאָס. אויף די שטיגן אין די קאָרידאָרן הילכן אָפּ דער געקלימפּער פֿון שטיוול, רופֿן, צוזאַמענשטויסן פֿון קאַסטנס, וואָס מען שטעלט אַוועק... ס׳איז אַ כסדרדיק גיין אַהין און צוריק.

אין הויף שטייט שוין דאָס וועגעלע מיטן איינגעשפּאַנטן פֿערד. מיר זעצן אַריין זשאַקן און וויקלען אים איין אין אונדזערע קאָלדרעס. די נאַכט איז אַ קאַלטע.

— זעץ זיך לעבן אים, זאָגט וויק. מיר וועלן אַוועקגיין די ערשטע.

וויק פֿירט דאָס פֿערד פֿאַר דער צוים. מיר פֿאָרן אַדורך דאָס טויער און פֿאַרקערעווען אויפֿן וועג. אַ פּאָר מינוט שפּעטער דריי איך זיך אויס: דאָס דאָרף ברענט. די פֿלאַמען הויבן זיך אויף פֿון דריי פּונקטן און בילדן אַ דרייעק.

— זיי האָבן אונטערגעצונדן דאָס דאָרף.

וויק דרייט זיך אַפֿילו נישט אויס.

— מען טוט עס תמיד ווען מען פֿאַרלאָזט אַן אָרט.

שפּעטער ווערט דער וועג שלעכט. די רעדער פּאַרטיפן זיך אין די וועג־שליאַכן. מערערע מאָל מוז איך מיט זשאַקן אַרונטערגיין פון וועגעלע און אונטערשטופּן. גאָר גיך דאַרפן מיר גיין אַלע דריי און זיך אויסדרייען די קנעכל אויף דער ערד וואָס איז פול מיט לעכער. הינטער אונדז ווייזט אַן אַ ראַזאַ־אַפּשיין אויפן הימל דאָס אָרט ווו ס׳איז געשטאַנען דאָס דאָרף.

אין אַ פּראַסטיקן קאַיאַר באַוויזן זיך די ערשטע הייזער פון נאָווי־דוואָר. ס׳נעמט מער ווי אַ שעה ביז דער וואָגן פאָרט אַריין, שאָקלענדיק זיך אין די שמאָלע און שלעכט־ברוקירטע געסלעך. דאָס שטעטל וואָלט אויסגעזען ווי נישט באַווינט, ווען עס וואָלט זיך פון צייט צו צייט נישט באַוויזן אויף גיך אַ באַהאַלטן פּנים אין אַ פענצטער אַזוי ווי די פיש, וואָס מען זעט אַ סעקונדע פאַרבייגליטשן דורכן מוטנעם וואַסער פון אַ סטאַוו. אַ מאַן קומט אַרויס פון אַ געסל. וויק שטעלט אים אָפּ און פרעגט אים ווו עס זענען איינקוואַרטירט די דייטשע זעלנער. אַ דערשראָקענער ווייזט דער מאַן שנעל אָן מיט נערוועזע זשעסטן ווי אַזוי מיר דאַרפן אַהינגיין. ביסלעכווייז געפינט ער צוריק אַ ביסל זיכערקייט. ער קוקט אויף מיר רעדנדיק, און אַ שמייכל פון איבערגעטריבענער העפלעכקייט פאַרקרימט זיינע מויל־ווינקלען. דערנאָך באַמערקט ער זשאַקן. אַן אויסדרוק פון דערשטוינונג באַוויזט זיך אויף זיין פּנים. ער מעסט אים אָפּ מיט אַזאַ אינטערעס, אַז ער ווערט פאַרשטומט. וויק, אַ צעשטרייטער, דאַנקט אים. מיר לאָזן זיך ווייטער אין וועג אַריין. ווען איך דריי זיך אויס, שטייט נאָך אַלץ דער מאַן אויפן זעלבן אָרט און קוקט אונדז נאָך.

— קריכט אַרויף אויפן וואָגן, זאָגט וויק צו מיין מאַן, דעקט אייך צו מיט די קאָלדרעס, ס׳איז נישט כדאי, מען זאָל אייך זען.

וויק האָט אַלזאָ אַלץ באַמערקט. אַ מורא נעמט מיך אַרום. איך שטעל זיך פאָר, אַז הינטער די פענצטער־שויבן זענען הונדערטער אויגן אָנגע־שטעלט אויף זשאַקן, אַז הונדערטער פינגער טייטלען אין זיין ריכטונג. באַלד וועלן הונדערטער מיילער אָנהויבן צו געוואַלדעווען: „דאָס איז אַ זשיד״. „פאַראַן אַ ייד צווישן אונדז״. איך דערנענטער זיך צו וויקן.

— ס׳איז געווען אַ משוגעת אַהער צו קומען. ווי נאָר זיי וועלן האָבן דעם מינדעסטן פאַרדאַכט, וועלן זיי אונדז מסרן.

— זשאַק וועט נישט אַרויסגיין, קיינער וועט אים נישט זען.

בעת מיר גייען פֿאַרביי פֿאַר אַ האַלב אָפֿן פֿענצטער, דערהערן מיר — נישט זעענדיק קיינעם — ווי אַ צוגעשפּיצט, צערייצט קול רופֿט אויס:

— אַפֿילו זייערע קורוועס האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך.

אין זעלבן מאָמענט גייט פֿאַרביי אַ מאַן און באַגריסט אונדז הכנעהדיק.

— פֿאַררעטער און פּחדנים, זאָגט וויק מיט כּעס.

מיר גייען אַרײַן אין אַ ברייטערער גאַס און זעען ווי היינץ שטייט פֿאַר אַ גרויס הויז פֿון צוויי שטאָק. ער לויפֿט אונדז אַנטקעגן.

— איך האָב אַ צימער פֿאַר אײַך. כ׳האָב געפֿונען אַ פֿרוי, וואָס וועט רייניקן און איינהייצן דעם אויוון.

— דו וואָלסט געקענט זיך אַליין דערמיט פֿאַרנעמען, מ׳זעט, אַז וויק איז דענערווירט.

— פֿאַר וואָס? זאָגט היינץ, עס זענען דאָך פֿאַראַן פֿאָלקעס. און ער גיט צו שטיפֿעריש: „זי איז גאָרנישט אַזוי מיאוס”.

— וואַרף זי אַרויס איידער מיר קומען. איך וויל קיינעם נישט האָבן אין מאַריאַס צימער. היינץ אַנטלויפֿט.

אין אַ ברייטן הויף, וואָס איז פֿון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט געביידעס שפּאַנט וויק אויס דאָס פֿערד און גיט עס איבער אַ סאָלדאַט, אָנזאָגנדיק אים גענוי, ווי אַזוי ער דאַרף זיך אומגיין מיט אים. היינץ קומט אונדז אַנזאָגן, אַז ער איז פּטור געוואָרן פֿון דער פֿרוי און אַז דאָס צימער איז גרייט. ער פֿירט אונדז אַהין. דאָס איז אַ נישקשהדיק גרויס צימער, אויפֿן פּאַרטער, מיט צוויי צווילינג־בעטן, מיט אַ רויטער פֿערענע, אַ מעגגע מעבל פֿון טונקעלן האָלץ און מיט אָן אַ שיעור שמאַכטעס. נישט געקוקט אויף דעם גרויסן טראַדיציאָנעלן אויוון, וואָס פֿאַרשפּרייט שוין אַ מילדע וואַרעמקייט, פֿיל איך אַז דאָס צימער איז צו אונדז פֿיינטלעך, אַז עס וויל אונדז נישט אויפֿנעמען. פֿאַרבײַגייענדיק, גיב איך זיך אַ קלאַפּ אין אַ ווינקל פֿון דעם שווערן פּירעקיקן טיש, הגם עס איז געווען גענוג פּלאַץ אַדורכצוגיין. איך דערפֿיל אַ ווייטיק.

— לייגט אײַך שלאָפֿן, זאָגט וויק. איך דאַרף רעדן מיט האַלערן, פֿאַרשליסט די טיר און עפֿנט זי נישט פֿאַר קיינעם.

איך בלייב אַליין מיט זשאַקן. זיין בלייכקייט באַאומרויִקט מיך. איך ריר אָן זיין פּנים: ער איז אייז־קאַלט. מיר לייגן זיך אין זעלבן בעט, נישט וואַגנדיק זיך אויסצוטאָן. די רויטע פּערענע וועגט שווער אויף אונדזערע מידע קערפּערס. אַ גרויער טאָג צעלייגט זיך איבער די מעבל, איבער די שמאַכטעס אָן טעם. לעבן אונדזער בעט, אויף אַ קליין טישעלע שטייט אַ פּאָרצעלייענע טענצערין מיט שטאַרק ראָזאַ־באַקן און אַ נאַרישעוואַטן שמייכל. זי שטייט אויף איין פוס. פון אַנדערן איז מער נישט געבליבן ווי אַ קליין שיכעלע, וואָס איז צוגעקלעפּט צום פּאָסטאַמענט. מאָדנע, ווי דאָס שיכעלע זעט מיר אויס צו פאַרמאָגן אַן אייגן לעבן, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַט אָפּגעטיילט פון זיך גופא און וואָלט אומפּעזיק געוועזן אויסצוטראָגן די לאַסט פון אָט דער קליינער, אַזוי מיאוסער און אַזוי נאַרישער פיגור.

די טענצערין געפינט זיך אויף דער זייט פון זשאַקן און איך בויג זיך אַריבער איבער אים, כדי זי בעסער צו זען.

— אויף וואָס קוקסטו? פרעגט ער מיך.

— אויף דער טענצערין.

— די טענצערין? וואָסער טענצערין?

פאַרמאַכט אין דעם באַראָקישן צימער, צווישן דייטשן, וואָס מאָרדן יידן, און אַ ביסל ווייטער די פּאָליאַקן, וואָס האָבן דעם טאַלאַנט צו דערקענען די יידן און דעם געשמאַק זיי צו פאַרמסרן, זעט מיר אויף איין מאָל אויס אומגלויבלעך, איך זאָל נישט האָבן קיין אַנדערע דאגות, ווי צו באַטראַכטן אַ טענצערין פון פּאָרצעליי. צי זאָגט זיך מיין געדאַנק אָפּ אָנצונעמען דיווירקלעכקייט און נישט קענענדיק זי מער פאַרטראָגן, זוכט ער פאַר זיך כלערליי פּרעטעקסטן, זי צו איגנאָרירן? אָדער אפשר האָב איך נאָך נישט דערגרייכט די יאָרן פון רייפקייט? איצט קוקן זשאַקס אויגן אויף דער קליינער פיגור, אָבער איך בין זיכער, אַז ער זעט זי נישט. זיין בליק איז געווענדט אויף אינעווייניק, און ווען זיינע אויגן באַגעגענען מיך, צי זעט ער מיך אין דער אמתן? אַזוי ווי איך בין, אָפּגעטיילט פון אים? איך גלויב עס נישט. דאָס, וואָס ער זעט, איז אַן אָפּבילד, אַ וויזיע וואָס ער האָט פון מיר. איך וואָלט וועלן, ער זאָל זיך צו מיר באַווייזן אַ נישט־

גערעכטער, כאַטש איין מאָל, אַ בייזער, אַ שוואַכער, אָבער ער זאָגט בלויז: „דו ביסט מיד, פּרוּוו איינשלאָפן.״ און ער גלעט מיינע האָר, האַלטנדיק די אויגן צעעפנט אויף אַ וועלט, אין וועלכער איך דרינג נישט אַריין. איך גראָב איין מיין קאָפּ אין קישן. און אויב זשאַק איז גערעכט? אויב איך בין טאַקע אויף אַן אמת אַ גוטע, אַ מוטיקע? איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נישט אמת, אָבער דאָס איז אַזאַ אָנגענעמער געדאַנק, אַז איך קלאַמער זיך אין אים איידער איך פאַרזינק אין שלאָף.

מיינע אויגן צעעפענען זיך אויף דער שוואַרצקייט, אַ קאָנקרעטע, אַ קאָמפּאַקטע שוואַרצקייט, אָן אַ פּגם. אונטער מיין האַנט הויבט זיך רעגלמעסיק אויף זשאַקס ברוסט. איך וואַג זיך נישט אַ ריר צו טאָן. אָן איבעררייס אין זיין עטעמען, אַ לייכטע באַוועגונג זאָגן מיר אָן, אַז אויך ער וועקט זיך אויף פון שלאָף. איך מורמל:

— פאַר וואָס איז אַזוי פינצטער?

— וויק האָט פאַרמאַכט די לאָדנס און פאַרצויגן די פאָרהאַנגען.

— ווּ איז ער?

— ער איז אַוועק מיט האַלערן, וואָס איז איינקוואַטירט פינף קילאָמעטער ווייט פון דאַנען. אין אָוונט וועט ער צוריקקומען.

ווי שפּעט קען איצט זיין? מיר האָבן נישט די מינדסטע אַנונג. איך הויב זיך אויף, און שטויס זיך אָן אין די מעבל, וואָס טשאַטעווען אין דער פינצטערניש. דאָס גאַנצע צימער איז אָנגעפּיקעוועט מיט שטערונגען, מיט גרויזאַמע קאַנטן, מיט האַרטע בייזווייליקע ווינקלען.

וואָס מער איך דריי זיך אַזוי אַרום אין דעם לאַבירינט, אַלץ ווייניקער ווייס איך ווּ איך געפין זיך. עפּעס טוט אַ פאַל אויף דר'ערד און צעברעכט זיך מיט אַ טעמפּן געבראַזג. ענדלעך רירן מיינע הענט אָן די געדיכטע פאָרהאַנגען, וואָס פאַרשטעלן דאָס פענצטער. איך צי זיי פונאַנדער. אַ שטיקל גרויער טאָג גליטשט זיך אַדורך דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס. דער חושך פון דעם צימער קרישלט זיך. איך עפן דאָס פענצטער און שטופּ אָפּ די לאָדנס. דאָס טריבע ליכט פון אַ גרויען טאָג מאַכט אַ ביסל אָרדענונג אין דעם מיש־מאַש פון די מעבל. מיר זענען אַוודאי נישט

געשלאָפן מער ווי איין אָדער צוויי שעה. אויפן דיל ליגן צעוואָרפן די ברעקלעך פון דער איינפּיסיקער טענצערין.

ווען היינץ ברענגט אונדז דעם פרישטיק, באַמערק איך זיין דער־שלאָגענעם אויסזען.

— די ליבע דינט איך נישט, זאָג איך אַ פריילעכע. ער שווייגט. וואָס אַזוינס איז געשען?

ער קוקט מיר אין די אויגן אַריין און מיין האַרץ ווערט אין מיר פאַרפראָרן. אפשר ווייס ער שוין דעם אמת?

— מיר זענען קאַפּוט, זאָגט ער מיט אַ נעבעכדיקער שטימעלע.

— היינץ, וואָס איז געשען?

— די רוסן דערנעענטערן זיך, זיי גייען פאָרויס, כסדר פאָרויס.

ס'איז הייסט עס, דאָס. איך באַפריי זיך פון דער מורא, וואָס האָט אונדז ביידן אַרומגעקלאַמערט און וואָס וואַרפט זיך אַרויף אויף אים און זונדערט אים אָפּ.

— זיי שניידן אָפּ ביי אַלע עס־עס־לייט די רעכטע האַנט.

איך ציִ מיט די פּלייצעס.

— פון וואַנען קענט איר עס וויסן? האָט איר געזען אַן עס־עס־מאַן מיט אַן אָפּגעשניטענער האַנט?

ער דערנעענטערט זיך און זיין שטים ווערט נאָך שטילער.

— הערט מיך אויס, דאָ ווייט פון האַלערן, וועט אייער לאַגע ווערן אַ שווערע, לאָמיר צוזאַמען אַנטלויפן.

איך ענטפער נישט. ער גייט איצט צו צו זשאַקן:

— לאָמיר זיך ראַטעווען... לאָמיר צוזאַמען אַנטלויפן.

— וווּהין? זאָגט זשאַק.

— אין וואַלד אַריין. מיר וועלן זיך אויסבאַהאַלטן. איך וועל אַראָפּ־וואַרפן מיין מונדיר. ווען זיי וועלן קומען, וועט איר זאָגן, אַז איך בין אייערער אַ קרוב.

— ציִ ווייסט איר, וואָס דאָס איז צו פאַרבלייבן אין וואַלד אָן עסן, אין אַזעלכע קעלטן? ווי ס'זאָל נישט זיין, ווילן מיר גאָרנישט טאָן אָן וויקן.

דאָ צעהיצט זיך היינץ, ער ווערט אין גאַנצן רויט.

— הערט זיך נישט צו צו אים! הערט זיך נישט צו צו אים! דאָס איז נישט קיין מענטשלעך וועזן: ער איז גוט, ער איז ברייטהאַרציק... אָבער ער ווייסט נישט פון קיין מורא. דער, וואָס האָט נישט מורא צו שטאַרבן און צו ליידן, איז נישט קיין מענטשלעך וועזן.

— אָבער ער וויל דאָך אונדזער טובה.

היינץ צעלאַכט זיך.

— ער וויל אויך מיין טובה! ווייסט איר וואָס ער האָט מיר געזאָגט? פאַר וואָס שרעקסטו זיך? פאַרן טויט? וועסט זיין רו׳קער דערנאָך. דאָס איז זיין אופן צו ווערלן די טובה פון זיינע פריינד. הערט זיך צו צו מיר אַזוי לאַנג ווי ס׳איז נאָך צייט. לאָמיר אַנטלויפן!

— מיר וועלן זיך איבערלייגן, זאָג איך, כדי אים צו באַרו׳קן. דערנאָך קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז סוף כל סוף איז עס נישט אַזוי קרום. מען קען מיט זיך מיטנעמען עסנוואַרג און זיך אויסבויען אַ באַהעלטעניש אין וואַלד. היינץ שטייט צו:

— מאָרגן וועט אפשר זיין צו שפּעט. מאָרגן קען מען מיך שיקן אויפן פראָנט. איצט, ווען האַלער איז מער נישטאָ מיט אונדז, וועט וויק שוין נישט האָבן דעם זעלבן איינפלוס אויף אים. אפילו פאַר אייך וועט דאָס מער נישט זיין דאָס זעלבע. איר וועט זען.

אַ האַלבע שעה שפּעטער, ווען איך גיי אַדורך דעם הויף, פאַרהאַלט מיך דער רויטהאָריקער קוכער.

— כ׳האָב געמיינט, — און זיין ציניש געלעכטער ווערט ברייטער — כ׳האָב געמיינט, אַז דו קענסט העלפן שיילן קאַרטאָפל. מיר האָבן נישט גענוג פרויען.

דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ דייטש דוצט מיך, זינט מיר וווינען מיט די עס-עס-לייט. היינץ איז געווען גערעכט. ס׳איז נישט מער דאָס זעלבע. דער גורל האָט באַקומען דאָס פּנים פון אַ רויטהאָריקן קוכער.

— וווּ שיילט מען עס די קאַרטאָפל?

מיטן פינגער ווייזט ער מיר אָן אַ שאָפּע אין עק הויף. איך גיי צוריק אין אונדזער צימער צו וויסן געבן זשאַקן.

— כ׳וועל קומען אַזוי גיך, ווי כ׳וועל נאָר קענען.

אין דעם טונקעלן באַראַק אַרבעטן שוין, זיצנדיק אויף בענקלעך, פינף פרויען. ווי נאָר איך קום אַריין, נעמען מיך אַרום פייכטלעכע בליקן. איין איינציקע, גאָר אַ יונגע, אַ מאָגערע, אַ בלאָנדע, באַגעגנט מיך מיט אַ פריינדלעכן גרוס מיטן קאָפּ. עס שטייען גרייט אַ בענקל און אַן עמער.

— ווו קען מען געפינען אַ מעסער? פרעג איך.

— אין דער קיך, זאָגט אַ טרוקן קול.

— אויב איר ווילט, וועל איך גיין אייך עס ברענגען, זאָגט דאָס בלאָנדע מיידל. נישט וואַרטנדיק אויף מיין תשובה, גייט זי אַרויס.

— איר זענט געקומען די נאַכט מיט דער עס־עס אָפּטיילונג? פרעגט מיך אַ פרוי מיט אַ גרויסער בראָדאַווקע אויף דער נאָז.

אַלע ווייסן עס שוין. פאַרשטענדלעך, אַז איך זאָג, יאָ. זיי וואַרפן זיך דורך מיט שנעלע בליקן. די פרוי מיט דער בראָדאַווקע שמייכלט בייזוויליק, זי זאָגט מיר:

— איר וועט אַ תל מאַכן פון אייערע הענט, זיי זענען צו דעליקאַט פאַר אַזאַ אַרבעט.

איך ענטפער נישט. די, וואָס זיצט לעבן מיר, דערנענטערט איר בענקל און הייבט מיט מיר אָן צו רעדן וועגן די שווערע צייטן, ווי יעדער פאַר־טיידיקט זיך ווי ער קאָן, ווי ס'איז צו לייכט צו משפּטן אַנדערע. זי, זי פאַרמאָגט אַ סך פאַרשטענדעניש, אפילו צו דער קליינער בלאָנדער רעדט זי פריינדלעך, כאָטש זי איז אַ קורווע. אין אירע יאָרן פאַרשטייט מען אַ סך זאַכן און אויב די ליבע פאַקט עמעצן, איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן די מענער, מעגן זיי זיין טערקן, כינעזער אָדער דייטשן. איך דאַרף זיכער מסכּים מיט איר, נישט אמת? — יאָ, איך בין אומבאַדינגט מיט איר מסכּים.

— צי איז אייער פריינד פיין מיט אייך?

— יאָ, זייער פיין.

אירע גראָבע, פייכטע ליפּן צעשפּרייטן זיך אין אַ בלאָטן שמייכל. דאָס בלאָנדע מיידל קומט צוריק און דערלאַנגט מיר אַ מעסער.

איך דאַנק איר. אַ פאַררויטלטע זעצט זי זיך אַוועק אַ ביסל אָפּגערוקט פון די אַנדערע. מיין באַרעדעווודיקע שכנטע באַמערקט מיינע ערשטע אומגעלומפּערטע פּרוּוון ביים אָפּשיילן אַ קאַרטאָפל:

— איר האַלט זי שלעכט, נעמט זי אַט אַזוי. אַזוי איז בעסער, נישט אמת? ס'איז טאַקע בעסער. באַמיט אײַך צו מאַכן דינער שאַלעכצן. ווען זיי זענען גראָב, באַקומט מען אַ יאַג.

— אַ דאַנק, זאָג איך, אַ גרויסן דאַנק.

— נישטאָ פאַר וואָס, אויב איך קען אײַך נאָר מיט עפּעס בייהילפיק זײַן...

איך באָד זיך אין איר שמייכל. פּלוצעם רוקט זי צו איר בענקל, אָן געררויש. איר גראָבע היפּט דריקט זיך צו מײַנער. די שאָלעכצן אונטער אירע גראָבע פינגער פאַרלענגערן זיך מיט אַן אומגלויבלעכער שנעלקייט. זייער דינע דרייען זיי זיך אַ ווײַלע אין דער לופט, איידער זיי פאַלן צעפּאַלדעוועטע אין לייכטע ספּיראַלן.

— צי קענט איר צו וויסן געבן אייער פרײַנד, שושקעט זי, אַז מײַן מאַן וואָלט ביי אים געקויפט ציגאַרעטן, שאָקאָלאַד און קאָנסערוון? ער וואָלט באַצאָלט דערפאַר אַ גוטן פּרײַז. אויך איר וואָלט דערפון געהאַט אַ פּאַרדינסטל און מיטן געלט, וואָס אייער פרײַנד וועט פאַרדינען, וועט ער אײַך קענען אײַנקויפן שיינע זאַכן. מיט מענער דאַרף מען זײַן פּאַר־לאַנגעריש, מײַן טייבעלע, אויב נישט, שאַצן זיי אײַך נישט אָפּ. גיט מיר אַ תשובה מאָרגן.

— איך ווייס נישט צי דאָס וועט זײַן אַזוי לייכט, יעטוועדער האָט בלויז זײַן צוגעטיילטע נאָרמע.

— אָבער אייער פרײַנד קען האָבן וויפל ער וויל, קיינער קאָנטראָלירט אים נישט.

— פון וואַנען ווייסט איר עס?

— איך ווייס, אַז ער פירט דעם פּראָוויאַנט צום פראָנט צו. ער דאַרף בלויז לאָזן אַ טייל אין אַ פּאָרויס באַשטימטן אָרט, ווו מיר וועלן עס קומען נעמען.

מען ווייס אויך ווער עס איז מײַן פ ר ײַ נ ד.

— איך מיין, אַז דאָס וועט אים אויסקומען זייער ריזיקאַליש,' אָבער מען קען אים פון דעסטוועגן אַ פרעג טאָן.

איר שמייכל וויקלט מיך אײַן.

— איך בין זיכער, אַז מיר וועלן זיך קענען פאַרשטענדיקן.

זי טוט אָפּ איר היפּט פון מיינער און מיט דער זעלבער שנעלקייט רוקט זי אָפּ איר בענקל. איך שייל ווייטער פּליסיק, אָבער באַלד בין איך געצוווּנגען זיך אָפּצושטעלן, ווייל די פינגער מיינע זענען פאַרשטייפט פון קעלט. איך קוק אויף די אַנדערע. זיי האַלטן דעם עמער צווישן די צעשפּרייטע פיס, זייערע באַוועגונגען זענען שנעלע און זיי זעען מיר אויס צו געהערן צו אַן אַנדער מין. זיי האָבן זייער הויז, זיי האָבן דאָס רעכט זיך צו באַוועגן, צו טראָגן זייער אמתן נאָמען. זיי האָבן די גרעסטע אויסזיכטן איבערצולעבן. זיי זענען שטאַרק און שרעקלעך. צום גליק ווייסן זיי גאָרנישט פון מיר. דאָס וואָס איך בין אַ פריינדין פון אַ דייטש מוז אפילו אַרויסרופן ביי זיי אַ מורא. די קאַרטאָפל פאַלן אין עמער מיט שטאַרקן גערויש.

דאָס בלאָנדע מיידל זיצט איינע אַליין אין איר ווינקל. די שאָלעכצן גליטשן זיך אַראָפּ אין ברייטע שטרייפן פון אירע פינגער. יעדעס מאָל ווען זי לאָזט אַראָפּ אַ קאַרטאָפל, בויגט זי זיך צו אַ ביסל אַזוי ווי זי צו באַגלייטן אין איר פאַלן. אירע מאָגערע פיס זענען צונויפגעדריקט איינע צו דער צווייטער, דער עמער שטייט ביי דער זייט. זי איז די איינציקע, וואָס רופט ביי מיר נישט אַרויס קיין מורא. זי האָט אַ דעליקאַט פּנים, וואָס וואָלט אפילו געווען שיין, אויב איר מויל מיט די אַראָפּפאַלנדיקע ווינקלען, וואָלט איר נישט צוגעגעבן אַ טרויעריקן און עלטערן אויסזען. איך כאַפּ אויף איר בליק וואָס איז געווענדט צו מיר און טו צו איר אַ שמייכל. זי ענטפערט מיר שעמעוודיק. איך הויב זיך אויף און שלעפּנדיק מיין בענקל און מיין עמער, גיי איך און זעץ זיך לעבן איר.

פיר בליקן פאָלגן מיר נאָך. איך לייען אין זיי דעם זעלבן געדאַנק: זאָג מיר ווער עס איז דיין פריינד, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט.

— שוין לאַנג ווי איר זענט דאָ? זאָג איך, כדי אָנצוהייבן דעם שמועס.

— דריי וואָכן. מיין פריינד איז אַוועק מיט צען טעג צוריק. ער איז אין בערלין, אויף אורלויב. איר קליין פּנימל פון אַ טרויעריק קינד פאַר־האַרטעוועט זיך. ווען ער וועט צוריקקומען, וועלן די אַנדערע מיך מוזן לאָזן צו רו.

איך באַדויער שוין, וואָס כ׳האָב זיך צו איר דערנענטערט. איך שווייג.

— און איר, פֿרעגט זי אַן איבערגענומענע. מען דערגייט איך נישט צו פֿיל די יאָרן? אמת איז, אַז אײַער פֿרײַנד איז דאָ. אויב איר וואָלט באַדאַרפֿט בלייבן אַליין, וואָלט איר געזען, אַז ס׳איז שוין גאַרנישט אַזוי אָנגענעם.

— פֿאַר וואָס גייט איר נישט אַוועק?

אירע הענט פֿאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע אויף אַ האַלב אָפּגעשיילטע קאַרטאָפֿל.

— וווּ אַהין?

— וווּ עס זאָל נישט זײַן, איר קענט דאָך געפֿינען אַרבעט.

— קיינער וועט מיר איצט נישט וועלן געבן קיין אַרבעט.

אָ, ווי איך האָס זיי, אָט די אַלע אַנדערע, וואָס זיצן זיך רויִק אויף זייערע ערטער און אויך אָט די קליינע זונה וואָס האָט שוין שלום געמאַכט מיט איר גורל.

— פֿאַר וואָס זענט איר דאָ אַהערגעקומען?

— ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט היינריכן, האָט מיך מײַן פֿאָטער אַרויסגעטריבן.

— איר זענט מיטגעגאַנגען מיטן דײַטש?

זי האָט באַמערקט מײַן פֿײַנטשאַפֿט. זי מאַכט אַ שנעלע באַוועגונג מיטן קאָפּ און שליידערט אַרויס מיט גאַל:

— איר וועט דאָך מיר נישט פֿרעדיקן קיין מאָראַל? מילא, די אַנדערע, אָבער איר?

די פֿיר צנועות בלײַבן פֿאַרגליווערט. צערייצטע, נעמען זיי נישט אַרונטער קיין בליק פֿון אונדז. נישט יעדן טאָג האָט מען דאָס פֿאַרגעניגן צוצוזען אַ קריגערײַ צווישן קורוועס. ס׳געשעט אָבער גאַרנישט. מיר אַנטוישן זיי און די קאַרטאָפֿלעס פֿאַלן ווײַטער אין די עמערס אַרײַן מיט אַ פֿאַרטויבטן קנאַל.

מיטאָג־צײַט ווערט די אַרבעט איבערגעריסן. אין הויף באַגעגן איך דעם קוכער. איך מאַך זיך נישט זעענדיק. ער אָבער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איך פֿיל, אַז ער קוקט מיר נאָך.

זשאַק באַגעגנט מיך מיטן זעלבן צערטלעכן, רויִקן שמייכל ווי תמיד. צי באַווייזט ער שוין אַזוי גוט צו באַהערשן זיינע עמאָציעס, אָדער צי איז ער אויף אַזוי וויט שוין אָפּגעשיידט פון אונדזער וועלט? אַ פאַרכמורעטער ברענגט אונדז היינט אַריין דעם מיטאָג.

נאָך דעם ווי כ׳האָב אויסגערויכערט אַ ציגאַרעט, לאָז איך זייביידע און גיי צוריק אין באַראַק. ער איז נאָך ליידיק. איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ בענקל, אָנגעלענט אָן דער קאַלטער וואַנט. איך ציטער. איך געפין מיך אין אַ געגנוג טונקעלן ווינקל, און דער דייטש, וואָס קומט אַריין, באַמערקט מיך נישט גלייך. ער נישטערט מיט זיינע אויגן ווי עמעצער, וואָס וואָלט דאָ געקומען צום ערשטן מאָל. ווי נאָר ער דערזעט מיך, קומט ער צו, באַטראַכט מיך, דערנאָך פייפט ער שטיל אונטער.

— אויף מיר וואַרטסטו?

איך טו זיך נישט קיין ריר, נאָר ווי נאָר ער מאַכט אַ באַוועגונג אין מיין ריכטונג, הייב איך זיך אויף מיט איין שפרונג.

— אַ ווידערשפעניקע? דאָס געפעלט מיר דווקא.

און זיינע צוויי הענט שטרעקן זיך אויס. איך פאַרגעס מיט אַ מאָל אַלץ, די מלחמה, די געפאַר, זשאַקן... איך כאַפּ דאָס בענקל.

גראָד אין דעם מאָמענט קומט אַריין דאָס בלאָנדע מיידל, צוזאַמען מיט אַנדערע פיר פרויען. דער דייטש רוקט זיך צוריק. ער באַמיט זיך צו האַלטן פאַסאָן און לאַכט מיט שפּאָט. איידער ער גייט אַרויס, שרייט ער צו מיר:

— איך וועל זיך נאָך מיט דיר אָפּרעכענען.

די פרויען פאָלגן אים נאָך מיט די אויגן, דערנאָך נעמען זיי קוקן אויף מיר. אַ צעפּלאָנטע האַלט איך נאָך אַלץ דאָס בענקל מיט ביידע הענט. שווייגנדיק, זעצן זיי זיך אַוועק. בלויז די קליינע שעמעוודיקע בלאָנדע, זאָגט אויף אַ הויכן קול:

— ס׳איז אומזיסט זיך צו האַלטן אין גרויסן פאַר די אַנדערע.

זי זעט אויס צו זיין זייער צופרידן מיט זיך און אַנשטאָט צו פאַרנעמען איר פּלאַץ אין אַ זייט, זעצט זי זיך צו צו דער גרופּע אָנשטענדיקע פרויען. זי איז גערעכט, ס׳איז אומזיסט זיך צו האַלטן אין גרויסן. איך באַשטיי צו

לעבן צווישן דײַטשן, עסן זייער ברויט, שמייכלען צו זיי, רעדן מיט זיי, דריקן די האַנט און ווען איינעם פון זיי פֿאַרגלוסט זיך אַ טשעפּע טאָן מיט מיר, בין איך גרייט אַלץ קאַליע צו מאַכן, ווייל איך בין אַ יונגע פּרוי פון אַ בכבודיקער פֿאַמיליע, ווייל איך פֿאַרמאָג פּרינציפּן. פֿאַר וואָס האָב איך זיך אַרויפגעלאָזן אויף דעם וועג, אויב איך האָב נישט קיין כּח צו גיין ביזן סוף? צו וואָס טויגן די אַלע דערנידערונגען? און איך הויב אָן צו בענקען נאָכן וואַלד, ווו עס ס'איז געווען אַזוי לײַכט צו שטאַרבן צוזאַמען. יאָ דאָס איז אַן אײַדעלער געדאַנק, פון די, וואָס מען קען האָבן נאָך דעם, ווען מען איז געשלאָפן אין אַ בעט און געגעסן צו דער זעט. דאָס זענען גינסטיקע באַדינגונגען פאַר אײַדעלע געדאַנקען. איך דערפֿיל אַן עקל צו זיך אַליין. איך נעם אָן עמער און הויב אָן צו צעשפּרייטן אויפן דיל אַרום מיר אומגלייכע און דיקע שאָלעכצן. אַ בייזע שטים טרייסלט מיך אויף.

— וואָס טוסטו דאָ?

וויק שטייט פאַר מיר, נאָך שמוציקער ווי געוויינלעך. איך קוק אויף אים און שווייג. מיר דאַכט זיך, אַז כ'האָב דורכגעלעבט דעם טאָג אַזוי ווי וויק וואָלט שוין מער קיין מאָל נישט געדאַרפט צוריקקומען.

— נו, גיכער, הויב זיך אויף און קום.

איך לאָז פאַלן אין עמער אַרײַן אַ האַלב אָפּגעשיילטע קאַרטאָפל און גיי אים נאָך.

— ווער האָט דיר געהייסן טאָן די אַרבעט?

— דער קוכער.

— גוט, גיי אַרײַן צו זיך און וואַרט אויף מיר.

— איך בעט דיך, וויק, מאַך נישט קיין סקאַנדאַל. מען מוז אַ מאָל קענען אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַער געדאַנק? קוק מיך אָן. ס'איז עפּעס געשען, מאַריאַ?

איך דערצייל אים וואָס מיר האָט פּאַסירט מיטן דײַטש אין באַראַק.

— ווי זעט ער אויס?

— איך ווייס נישט, ער איז אַזוי ווי אַלע דײַטשן, אָפּשטויסנדיק.

וויקס כעס פאַרשווינדט. ער פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער. אין דעם מאָמענט באַמערק איך אים, אַ פּאָר טריט פון אונדז. ער לאָזט מיך נישט אַראָפּ פון אויג. איך לייג אַרויף מיין האַנט אויף וויקס אָרעם.

— אָט איז ער.

וויק דרייט זיך אויס, באַטראַכט אים אַ ווײַלע און גייט צו אים צו, האַלטנדיק מיך פאַר דעם האַנט.

— כ׳האָב זיך נאָר וואָס דערוווּסט, לייטנאַנט, צו מיין גרויסן פאַרדרוס, אַז איר האָט באַליידיקט דאָס פרייליין. צי ווייסט איר, אַז זי איז דאָ לויטן באַפעל און אונטערן שוץ פון אָבערשטורמפירער האַלער?

דער אַנדערער ווערט צונטער־רויט.

— איך האָב עס נישט געוווּסט... איך אַנטשולדיק זיך זייער, דאָקטאָר.

— פאַר איר דאַרפט איר זיך אַנטשולדיקן.

— דערלויבט מיר אייך צו באַמערקן, אַז דאָס וואָס איז פאָרגעקומען — איך זע ווי ער באַמיט זיך צו באַהערשן — איז אַ ביסל איר שולד. זי האָט בלויז געדאַרפט דערמאָנען אייער נאָמען. איר קענט דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז איך דאַרף זיך באַציִען מיט רעספּעקט צו אַלע פאַלקעס.

— דאָס איז אייער פּערזענלעכער ענין, לייטנאַנט. אָבער וואָס שייך דער פרייליין, זייט אַזוי גוט און אַנטשולדיקט זיך גלייך פאַר איר, אַז נישט וועל איך זיין געצוווּנגען איבערצוגעבן אַ גענויעם ראַפּאָרט דעם אָבער־שטורמפירער האַלער.

— איך בעט אייך, פרייליין, אָנצונעמען מיין אַנטשולדיקונג. זאָגט ער מיט אַ נייטראַלן טאָן. ער סאַלוטירט און דערווייטערט זיך זייער שנעל. וויק נעמט אַרום מיט זיין האַנט מיינע פּלייצעס.

— דו קענסט באַטראַכטן די געשיכטע ווי אַ פאַרענדיקטע. נישט בלויז, וואָס ער וועט דיך איצט לאָזן צו רו, נאָר ער וועט אויך וואָרענען די אַנדערע. איצט האָב איך נאָך צו זאָגן צוויי ווערטער דעם קוכער. לייג זיך פרי שלאָפן, און וואַרט נישט אויף מיר. איך דאַרף צוריקגיין צום פראָנט. ער לאָזט מיך פאַר דער טיר און אײדער ער גייט אַוועק, זאָגט ער מיר נאָך: „באַאומרויִק זיך נישט, ס׳איז אַ גאָר רויִקער טאָג״.

צו מאָרגנס איז אויך געווען אַ רויִקער טאָג. ווי נאָר ער איז געקומען,

הויבן זיי אָן, וויק און זשאַק, שפּילן אין קאָרטן. איך פאַרשטיי גאָרנישט אין קאָרטן, אָבער זייערע מאַנאַטאָנע באַוועגונגען גיבן מיר אויף אַ ווײַלע צו אַ געפיל פון זיכערקייט. זיצנדיק לעבן זיי, דעם קאָפּ צווישן די הענט, לאָז איך מיך אַרומנעמען דורך דער שלווה פונעם מאָמענט. דאָס קען נישט דויערן. איידער דער ערשטער קאָן איז געוואָרן געענדיקט, האָט האָלער אַנגעקלאַפּט אין טיר.

— אָ, עס איז דאָ גאָרנישט שלעכטס ביי אייך, זאָגט ער נאָך דעם, ווי ער האָט מיר אַ קוש געטאָן אין האַנט און זיך לייכט פאַרנייגט פאַר זשאַקן. איך האָב בלויז אַ כאַטע, אָבער וואָסערע פיינע אַנטיקן מעבל זענען אין איר פאַראַן, נישט אמת, דאָקטער? און נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה זעצט ער פאָר:

— איך בין אַהערגעקומען פאַרברענגען דעם אָוונט מיט אייך אַלע, מיינע טייערע און געטרייע „קאָמפּאַניאָנען", מיר וועלן אָרגאַניזירן אַ פאַרוויילונג־אָוונט, ס'וועט זיין מוזיק, און מען וועט אויך אַ ביסל טאַנצן. מיר האָבן אַ קליינעם פאָנאָגראַף און פּליטן. איך האָף, אַז איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן צו פאַרברענגען מיט אונדז אויף דער איינפאַכער פאַרוויילונג. און אַזוי ווי איך ענטפער נישט באַלד, גיט ער צו גאַלאַנט: זעלבסטפאַרשטענדלעך אין דער באַגלייטונג פון דאָקטאָר. מיר פאַרזאַמלען זיך אינעם צימער פון לייטנאַנט קלאַוז. מען זאָגט, אַז דאָס איז דאָס גרעסטע צימער, נו, מיר וועלן זיך באַלד זען.

ווען האָלער איז אַוועק, נעמט וויק גיין אַרויף און אַראָפּ, שעלטנדיק צווישן די ציין.

— איך וויל נישט גיין, זאָג איך.

וויק שטעלט זיך אָפּ ביי מיר, רעדט אָבער צו זשאַקן:

— איך באַדויער, מיר קענען אַנדערש נישט האַנדלען, מיר מוזן אַהינגיין. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז עס איז גענוג בלויז איין וואָרט פון האָלערן, עס זאָל פאַר אייך אוממעגלעך ווערן לענגער דאָ צו פאַרבלייבן. דער ערשטער בעסטער וועט אייך מסרן, בלויז כדי צו זען, צי זיינע פאַרדאַכטן זענען געווען באַרעכטיקטע.

זשאַק, נאָך מער ווי תמיד ווייט פון דאַנען, ענטפערט נישט.

איידער מיר גייען אַוועק, פיל איך אָן דעם אויוון מיט קוילן. בעת איך שטיי אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, זאָגט ער:

— אויב איך וואָלט דאָ נישט געווען, וואָלטסטו דאָס אַלץ נישט געמוזט טאָן.

— דו ווילסט זאָגן: אויב דו וואָלטסט געווען טויט.

— יאָ, איך טראַכט דערפון אָפט.

— עס וואָלט נישט געווען קיין שלעכטע זאַך, ווייל מיר וואָלטן דאַן ביידע געווען רויִק.

אין מאָמענט, ווען וויק לייגט אַרויף זיין האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר פון לייטנאַנט קלאַוז, זינגט אַ שטים ווי אונטער דער נאָז דעם ערשטן קופּלעט פון „לילי מאַרלען". ס׳כאַפּט מיך דאַן אָן אַ פאַרלאַנג אַלץ דאָ איבערלאָזן און אַוועקצוגיין מיט זשאַקן ווּהין ס׳זאָל נישט זיין. וויק האָט מסתמא געטראָפן, וואָס עס קומט אין מיר פאָר, ווייל ער זאָגט מיר:

— פּרווו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש.

ער עפנט די טיר און די שטים חזרט איבער אונטער דער נאָז: „זאָללען זיין, זאָללען זיין, זאָללען זיין"... די איינציקע טאַנץ־פּאָרלעך שטעלן זיך איינציקווייז אָפּ אַזוי ווי אין אַ פאַרפּאַמעלעכטן פילם און אַלע בליקן לייגן זיך אויף אונדז. דאָס קול חזרט כסדר איבער „זאָללען זיין, זאָללען זיין, זאָל־לען זיין..." די טענצער בלייבן שטיין אויף זייערע ערטער, אַרומגענומענע, אַ האַנט אין אַ האַנט, רירן זיך נישט און הערן נישט אויף צו קוקן אויף אונדז. „זאָללען זיין, זאָללען זיין, זאָללען זיין..." וויק שפּרייזט אַדורך דאָס צימער מיט שווערע טריט און שטעלט אָפּ דעם פּאַנאָגראַף. דייטשע אָפיצירן און פּוילישע פרויען הייבן אויפסניי אָן רירן מיט זייערע אברים. ווי באַדויערנדיק צעשיידן זיי זיך, מאַכן איינציקע נישט זיכערע באַוועגונגען. איך בין נאָך אַלץ לעבן דער טיר. היינק, וואָס האַלט ביי דער טאַליע אַ גאָר יונגע פרוי, מאַכט מיר אַ קליינעם צייכן מיטן קאָפּ. איך זע ווי האָלער, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל, שטעלט זיך אויף און קומט צו צו מיר.

— איר וועט מיר באַווילקן דעם ערשטן וואַלץ, נישט אַזוי? און צו

וויקן, וואָס האַלט אין באַטראַכטן די פּליטע, וואָס ער האָט אַרונטערגענומען פון פּאַנאָגראַף: „שטעלט אונדז אָן אַ וואַלץ, דאָקטאָר".

איך לייג אַרויף מיין האַנט אויף דער פּלייצע פון אַ דייטשן אוניפאָרם. אַ דייטשע האַנט נעמט מיך אַרום פאַר דער טאַליע, גיט זיך מיט מיר אַ דריי, צו ערשט פּאַמעלעך אינעם נאָך אומזיכערן ריטעם פון די ערשטע טאַקטן און עס בלייבט מיר נישט מער ווי צו לאָזן אַליין גיין מיינע פיס, וואָס באַדאַרפן מיך נישט, צו לאָזן זיך דרייען דאָס צימער, ווו עס באַוועגן זיך פאָרמען אָן פּנימער, ווו עס פלאַטערן קאָלירפולע בלוזקעס אָנגעלענטע אויף גרינע אוניפאָרמען. די מוזיק שטעלט זיך אָפּ, דאָס צימער אויך, און יעטוועדע פון די אומבאַוועגלעכע פאָרמען געפינט צוריק אַ פּנים, ווו די אויגן פינקלען, ווו דאָס מויל שמייכלט. האַלער פאַרנייגט זיך, מורמלט אַ פּאָר ווערטער, וועלכע איך פאַרשטיי נישט. אַן אַנדער אָפיציר קומט צו, שמייכלט, רעדט צו מיר. אַן אַנדער דייטשער אוניפאָרם נעמט מיך אַרום און דאָן דערפיל איך די מוזיק. מיינע פיס גייען צוריק אַריין אין באַוועגונג. איך זאָג מיר, אַז כ'האַלט אין טאַנצן אַ טאַנגאָ מיט אַן עס־עס אָפיציר. איך טאַנץ פאָקסטראָטן, טאַנגאָס מיט עס־עס אָפיצירן. איך טאַנץ אַ וואַלץ מיטן אָבערשטורמפירער האַלער. האַלערס אָרעם נעמט אַרום אַ ביסל פעסטער מיין טאַליע, ער בייגט זיך צו און שושקעט מיר אין אויער אַריין: „...אַזאַ שיין מיידל, אַ גליק צו טאַנצן מיט איך..." ווו איז וויק? אַ פּאָר־צווייפלטע זוך איך אים מיט די אויגן, אָבער דאָס צימער האַלט זיך אין איין דרייען און וואַרפט כסדר אַדורך פאַר מיינע אויגן פאָרמען, וואָס האַלטן זיך אַרומגענומען. ווען עס שטעלט זיך אָפּ, בעט איך אַנטשולדיקונג און גיי אַרויס.

אַן אויסגעבויגענער שטריף ליכט לייגט זיך ביי מיינע פיס. איך וואַג נישט זיך אַ ריר צו טאָן. די פינצטערניש שטופּט מיך צוריק צו דער טיר. פון דער אַנדערער זייט צעברעכט זיך אַ נערוועזיש געלעכטער און דאָן נעמט דאָס זעלבע קול אויסזינגען אונטער דער נאָז דעם ערשטן קופּלעט פון „לילי מארלען". בלינד וואַרף איך זיך אין דער פינצטערניש אַריין, גלייך פאַר מיר, דאָס קול גייט מיר נאָך: „זאָללען זיין, זאָללען זיין, זאָללען זיין..." יעדע רגע האָב איך דעם איינדרוק, אַז כ'שטויס זיך אָן אָן אַ מויער.

איך לויף, איך לויף אַזוי שנעל ווי איך קען און מײַנע פּיס פֿאַרפּלאָנטערן זיך אין די ווייכע קשאַקעס פֿון דער פֿינצטערניש. פּלוצלונג ברעכט זיך אײַן דער באָדן אונטער מײַנע פּיס. די נאַכט צעעפֿנט זיך ווי גרויס זי איז אַזוי ווי מיך צו פֿאַרשלינגען אין אירע טיפֿסטע טיפֿענישן.

ריזיקע פֿלאַמען הייבן זיך אויף, רינגלען מיך אַרום. די מוזיק הילכט, בלאָזט זיך אָן, וואַרפֿט זיך אַרויף אויף מיר מיט צונויפֿגעשטראָמטע כוואַליעס, אַזוי ווי זי וואָלט באַשאַפֿן געוואָרן דורך אומגעהויערע אינסטרו־מענטן, דורך אויסערגעוויינלעכע וויבראַציעס פֿון שטאָלענע סטרונעס. די פֿלאַמען, וואָס דרייען זיך פֿאַרשטייען זי און פֿאָלגן זי. „דער געטאָ ברענט" זאָגט עמעצער הינטער מיר. איך דריי זיך אויס און דער אָבערשטורמפֿירער האָלער פֿאַרנייגט זיך אַ צעשמייכלטער: „איר האָט מיר צוגעזאָגט דעם וואַלץ". זײַן אָרעם נעמט אַרום מײַן טאַליע און ציט מיך, דער טומל ווערט שטאַרקער און מוראדיקע קולות וואָיען אין מיטן די פֿלאַמען, וואָס דער־נענטערן זיך, בויגן זיך איבער אונדז. האָלערס פּנים רירט כמעט אָן מײַן פּנים:

— „ס'איז אַ פֿאַרגעניגן, זאָגט ער, צו טאַנצן מיט אײַך"... מיט מײַנעביידע הענט אויף זײַן ברוסט שטויס איך אים אָפּ מיט אַלע מײַנע כּחות...

וויק שטייט איבערגעבויגן איבער מיר און באַמיט זיך צו צענעמען מײַנע אָרעמס, וואָס איך וואַרף אין פֿאַרצווייפֿלונג פֿאַרויס. ער דערנענטערט אַ גלאָז צו מײַנע ליפּן.

— זײַ פֿאַרנונפֿטיק, מאַריאַ, טרינק, דו דאַרפֿסט טרינקען... דו ביסט אַרונטערגעפֿאַלן פֿון כמעט פֿון אַ גאַנצן שטאָק.

הינטער אים שטייט זשאַק, די אויגן ברייט צעעפֿנט פֿון שרעק. וויק הייבט אונטער מײַן קאָפּ און אַ ביטערע פֿליסיקייט גייט אַראָפּ אין מײַן האַלדז. זשאַק פּרוּווט צו שמייכלען, איך זע ווי ס'ציטערט זײַן גאָמבע. „איך פֿיל זיך אַ סך בעסער" זאָג איך און טו אויך צו אים אַ שמייכל.

די שווערקייט פֿון מײַן קאָפּ שלעפּט מיך אויף צוריק. די רויטע פֿערענע פֿאַרשפּרייט זיך אַ ווײַלע איבער מיר איידער זי פֿאַרשווינדט אין דער נאַכט.

# דער לעצטער שטאַפּל

ווען די טיר האָט זיך פֿאַרמאַכט איבער אונדז, האָבן מיר געהאַט פֿאַרלאָזט דעם מענטשלעכן אוניווערס. איידער מיר זענען אַריין, האָב איך באַמערקט, אַז דאָס איז געווען אַ הויז ווי אַנדערע הייזער מיט אַ געוויינלעכן אויסזען.

מיר געפֿינען זיך אַליין מיט אַ דייטשן אָפֿיציר, וואָס זיצט הינטער ביוראָ־טיש און וואָס הייסט אונדז אויסליידיקן אונדזערע קעשענעס. איך פֿרעג אים פֿאַר וואָס מען האָט אונדז אַהער געבראַכט. ער הויבט זיך אויף לאַנגזאַם. ער איז הויך, האָט ברייטע פּלייצעס און שמאָלע היפּטן, אַ שיינער מאַן, אַ ראָזער, אַ בלאָנדער, אַ ציכטיקער. ער דערנענטערט זיך צו מיר, אַ רויִיקער. ס'איז אָנגענעם צו קוקן אויף אים, ער לאָזט מיר אַראָפּ צוויי פּעטש. דאָס רופֿט אַרויס אַ מאָדנעם גערויש אין מיין קאָפּ: אַזוי ווי אַ האַלדזבאַנד, וואָס זיין שנירל האָט געפּלאַצט און אַלע פּערל שפּרינגען אונטער און קייקלען זיך איבערן דיל. דערנאָך גייט ער געלאַסן זיך צוריק אַוועקזעצן הינטער זיין ביוראָ. ער גיט אַ רוף. ס'איז אַ רויִקער רוף, נישט דאָס צעבילטע געשריי, צו וועלכן ס'זענען געוווינט די דייטשן. אויך זיין קול איז אָנגענעם, קלינגט גוט, כמעט גלעטנדיק.

— פֿיר זיי אָפּ, זאָגט ער צום סאָלדאַט, וואָס שטעלט זיך אַ שטייפֿער אין דער עפֿענונג פֿון דער טיר.

מיר האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אין די קעלערס. בעת מיר גייען אַראָפּ דרייען זיך אונדזערע שאָטנס ווי אין אַ צערעמאָניע לענג־אויס די מויערן, ציִען זיך אויס, צעצווייען זיך, קניִען אַנידער, אָפּריכטנדיק אַ קאָמפּליצירטן באַגרעבעניש־ריטואַל. מיר לאָזן זיך אַריין אין אַ קאָרידאָר, וווּ ס'ציִען זיך אויף יעדער זייט אומהיימלעכע טירן. דער סאָלדאַט האָט נייע שטיוול, וואָס

סקריפּען ביי יעטוועדן טריט. ער שטעלט זיך אָפּ, בויגט זיך איין מיט אַ געקלאַפּעריי פון שליסלען. אַ שלאָס גרילצט. ער מאַכט מיר אַ צייכן איך זאָל אַריינגיין. דער געגרויש פון דער טיר וואָס פאַרמאַכט זיך, וועקט אויף אין מיין קאָפּ אַן איינגעשטילטן ווייטיק. איך דריי זיך אויס צו זשאַקן כדי אים צו זאָגן, אַז דאָס אַלץ האָט נישט קיין באַדייטונג, אַז מיר האָבן נאָך אַ נאַכט פאַר זיך, אַז אַ נאַכט איז זייער אַ סך. איך בין אַליין.

איך טו זיך אַ וואָרף קעגן דער טיר און שריי מיט אַ באַנומען קול. די טיר עפנט זיך. דער דייטש שטייט פאַר מיר מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט. זשאַק פאַרהאַלט די האַנט, ער זאָגט: „זי וועט מער נישט שרייען, שלאָגט זי נישט". דער דייטש קוקט אונדז ביידן אָן און איך קוק אויף זשאַקן, אפשר בלויז אַ סעקונדע... אַ סעקונדע וואָס קאָרטשעט זיך צונויף און איזאָלירט אונדז. מיין האַרץ קלאַפּט נישט מער, איך בין רויִק ווי אַ מת. דערנאָך געפין איך זיך ווידער — כ'ווייס אַליין נישט ווי אַזוי — אין דער צייט, ווען טריט דערווייטערן זיך אין קאָרידאָר און פאַרהאַלטן זיך פאַר אַן אַנדער טיר, וואָס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך. מיין האַרץ האָט ווידער גענומען שלאָגן, נישט אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, פּילט עס אויס די קאַמער און ראַנגלט זיך מיט פאַרטויבטע קלעפּ קעגן דער שטילקייט. שטילקייט דערזע איך ווי מען דערזעט דעם ווינט אין גראָז פון אַ לאָנקע. דאָ געפינט זי זיך אַ געשטאַלט: די מויערן, די קראַטעס פון דער לאָך־עפענונג, אַ בענקל, סימנים פון איר אָנוועזנהייט וואָס מ'קען זען און אָנטאַפּן. און זי באַמיט זיך צו דערשטיקן דאָס פּיצל געגרויש פון לעבן, וואָס איך ברענג מיט זיך — פונקט ווי ווען מען מאַכט אַ לאָך אין אַ פאַרפרוירענער קאַלוזשע, פאַרמאַכט זי זיך צו ביסלעך מיט אַ לייכטער שיכט אייז, וואָס ווערט אַלץ דיקער און דיקער. געדולדיק קלאַמערט זי מיך איין און נעמט מיך אין גאַנצן אַריין אין זיך. און אַזוי ווי דאָס טוט נישט ווײ, גיט מען זיך אונטער... אַזוי ווי מען וואָלט נישט געווען דאָ... פּלוצעם גיב איך זיך אָפּ אַ חשבון, אַז איך גיי אַהין און צוריק און קלאַפּ מיט מיינע אָפּצאַסן. אַזוי אַרום פאַרטיידיק איך זיך מיטן געגרויש פון מיינע טריט. עס שטופּט מיך מיין אינסטינקט, וואָס איז שנעלער פון מיין ווילן. און דאָס לעבן קומט צוריק. איך זע עס אין דער פאָרם פון אַ ווייסער פּאַרע, וועלכע שלאָגט אַרויס פון מיין מויל,

וואָס ציטערט אין דער שטילקייט אײדער זי ווערט נעלם אין אַ כסדרדיקן ווידערגעבורט.

דאָן דערפיל איך די קעלט. איך צי צו דאָס בענקל צו דער וואַנט צו אונטער דער לאַך־עפענונג. כ׳נעם אַרונטער מײַן רויטן רעגנמאַנטל און הענג אים אויף אויף די קראַטעס, כדי צו פאַרשטעלן ווי כ׳קען נאָר די עפענונג, דורך וועלכער עס בלאָזט אַרײַן אַ פּראַסטיקע לופט. די שטילקייט נעמט אָן אַ ראָזע פאַרב. אַ ראָזעווער אָנהויך גייט אַרויס פון מײַנע ליפּן. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז מיר ווייניקער קאַלט. איך זעץ זיך אַוועק אויפן בענקעלע, אָבער מײַנע פיס ווערן אײַנגעשלאָפן. איך הייב ווידער אָן צו גיין.

איך בין טויט מיד, דער קאָפּ דרייט זיך מיר. פּאַמעלעך צעלאָזט זיך אין דער טונקעלער לופט די ראָזעווע באַפאַרבונג, שוועבט נאָך אַרום אַרום דער לאַך־עפענונג און פאַרשווינדט מיט אַ מאָל. די קאַמער איז צעשווומען אין די טיפענישן פון דער נאַכט. איך וואָג מיך נישט מער צו באַוועגן. די שוואַרצע שטילקייט פאַרמאַכט זיך אַרום מיר ווי אַ פּויסט.

ענדלעך פּרוּוו איך מאַכן אַ פאַרזיכטיקן טריט. טאַפּנדיק מיט די פינגער, נעם איך זיך זוכן דאָס בענקל. ווי נאָר איך האָב זיך אַנידערגע־זעצט, צי איך אַרונטער מײַן שאַליק, בינד אים אַרום אַרום מײַן מויל, און שאַף זיך אַ קלײנעם פּאַס וואַרעמקייט. מײַנע הענט, אין די קעשענעס פון מײַן מאַנטל לעבן נאָך, אָבער איך פיל נישט מער מײַנע פיס. איך גיב מיר פּעטש אויף די היפטן, אויף די ליטקעס. די היפטן און די ליטקעס זענען דאָ. נידעריקער איז גאָרנישטאָ. מײַנע פיס פאַרענדיקן זיך בײַ די קנעכל. איך צי אַראָפּ מײַנע שיך און באַטאַפּ די האַרטע און קאַלטע טיילן, וואָס פאַרנעמען דאָס אָרט פון מײַע פּיאַטעס. איך רייב, איך מאַסיר, איך קנײַפּ ביז עס דערוועקט זיך אַ קלײנער ווייטיק. איך רעג אים אָן, גיב אים נישט קיין רו. אַ גוסטדיקע האַלעוועשקע אויף וועלכער איך בלאָז. און צו ביסלעך קומען מײַנע פיס צוריק צום לעבן, צו אַ ווייטיק, צו אַ מידקייט. ווען איך פיל שוין אַ געגוגנדיקן ווייטיק, טו איך צוריק אָן מײַנע שיך. מען דאַרף זיך אויפשטעלן, מען דאַרף גיין. איך שטויס זיך אָן קעגן דעם געדיכטן חלל. איך גלײַך זיך צוריק אויס, שטרעק אויס מײַנע אָרעמס. כ׳האָב נישט געגלויבט, אַז מײַן קאַמער איז אַזוי גרויס. איך דרעפּטשע

מיט פיטשינקע טריטלעך און ווער אומרויִק, ווייל איך שטויס זיך נישט אָן אויף גאָרנישט. ענדלעך דערפיל איך די טיר. איך באַטאַפּ זי מיט דאַנקבאַרקייט און גיי צוריק אין דער ריכטונג פון דער וואַנט מיט דעם לופּטשיקל. דער מהלך זעט מיר איצט אויס צו זיין אַ סך אַ קלענערער. נאָך אַ פּאָר מאָל גיין אַהין און צוריק באַקומט די קאַמער איר נאָרמאַלן אויסמעסט. איך דאַרף מער נישט האַלטן מיינע הענט אויסגעשטרעקט. איידער איך קום צו צו אַ שטערונג, באַריר איך זי מיט דער האַנט און איך דריי זיך אויס.

ווי לאַנג וועל איך זיך קענען אַזוי אַרומדרייען? די מידקייט מאַכט שלאַבעריק מיינע קני, מיין קאָפּ האַלט זיך שוואַך. מיינע אויגן האָבן טאָפּלטע וויעס. פון מאָל צו מאָל עפן איך זיי נאָריש אויף ווען איך קום צו צו דער וואַנט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געדאַרפט צו עפּעס דינען.

זיך אָפּשטעלן, זיך אויסצוּיען אין דער גאַנצער לענג אויפן דיל. איך זאָג צו זיך, אַז כ׳וואָלט עס געקענט טאָן. אַ מינוט, אַ מינוטקעלע, תיכּף וועל איך זיך צוריק אויפשטעלן, אָבער איך טו עס נישט, איך גיי... מיינע שיך מאַכן נישט מער דעם טרוקענעם, אַנטשלאָסענעם גערויש, וואָס האָט באַזיגט די שטילקייט. זיי שלעפּן זיך נעבעכדיק. איך גיי אום אין פּעך.

איך גלויב, אַז כ׳גיי נאָך אַלץ, בעת מיינע פיס פאָלגן מיך נישט מער. צום סוף זעץ איך זיך אַוועק אויפן דיל. איך ציִ צו דעם שאַליק אַרום מיין מויל האַלטנדיק דעם קאָפּ צווישן די קני, וואָס איך נעם אַרום מיט מיינע אָרעמס. איך קאָרטשע זיך צוזאַמען ווי אַ קנויל, אָבער דער צעמענט פון דיל וויזט אַרויס זיינע פּראַסטיקע ציין און בייסט מיר שטילערהייט מיין פלייש דורך די קליידער. „שטיי אויף, אידיאָטקע״. ...איין מינוט בלויז, נישט מער ווי אַ מינוט... און איך אַנטריןִ.

איך שפּרינג אַריין אין ערשטן דורכפאָרנדיקן טראַמוויי. איך פּינטל מיט די אויגן צו די ליכט. די שכנותדיקע קערפּערס גיבן פון זיך אַרויס אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט. דער קאָנטראָלער קוקט אויף מיר.

„צוויי בילעטן ביז צו דער לעצטער סטאַציע״. „פאַר וואָס צוויי?״ פרעגט ער מיך מיט פאַרדאַכט. „איך דאַרף האָבן צוויי בילעטן״. איך פאַרעקשן זיך, כ׳רעד העכער. „נעם בלויז איינעם, זאָגט מיר זשאַק, וואָס

שטייט לעבן מיר, מיין בילעט האָב איך שוין". דער קאָנטראָלער גיט מיר אַ קליין ביכעלע. „אָט איז אייער בילעט, מאַדאַם." „איך וויל אַ בילעט ווי אַלע מענטשן", זאָג איך אַ בייזע. ער ווערט העפלעך און זאָגט: „איך האָב היינט שוין מער נישט קיין בילעטן, נעמט דאָס ביכל. אַ בילעט וואַרפט מען צום סוף אַוועק, אָבער אַ בוך... מען איז אַ מאָל צופרידן צו האָבן עפּעס צו לייענען, ווען מען לאַנגווייליקט זיך"... זשאַק שמייכלט צום קאָנטראָלער. מיר דאַכט זיך, אַז ער איז אויף זיין זייט קעגן מיר און דאָס רעגט מיך אויף. דער טראַמוויי שטעלט זיך אָפּ. „די לעצטע סטאַציע" שרייט דער קאָנטראָלער. אַרום אונדז איז קיינער מער נישטאָ. „צי זענט איר טאַקע זיכער, אַז דאָס איז די לעצטע סטאַציע"? טו איך אים אַ פרעג. ווען ער דרייט זיך אויס צו מיר, דערקען איך מיין פאָטער. „פאַפּאַ... וואָס טוסטו עפּעס דאָ?" „איך בין אַ קאָנטראָלער, זאָגט ער, מען דאַרף דאָך פאַרדינען אויף צום לעבן" און מיט זיין קאָנטראָלער־שטימע שרייט ער אויס אויפסניי „די לעצטע סטאַציע". איך גיי אַרונטער. ווי נאָר איך האָב אַוועקגעשטעלט די פיס אויף דער ערד, רירט זיך דער טראַמוויי פון אָרט און טוט מיך אַ שטויס. איך געפין צוריק מיין גלייכגעוויכט און זע ווי ער דערווייטערט זיך אַ לויכטנדיקער. אין דער זעלבער צייט מאַכן מיר מיין טאַטע און זשאַק, לאַכנדיק, געזעגענונג־צייכנס. איך ווער דערדריקט פון אַזוי פיל אומיושרדיקייט און שלעכטקייט. איך נעם פאָרויסגיין אין דער פינצטערניש און שטויס זיך אָן אויף אַ שטערונג. איך פאַל אַנידער.

איך פּרוּוו צו רירן מיט איין האַנט, דערנאָך מיט אַ צווייטער. זיי זאָלן זיך באַוועגן. אָבער מיין לינקע זייט איז ווי אָפּגעשטאָרבן, דאָס זעלבע די פיס. פּלוצעם שרייט אויס אַ קול: „הויב זיך אויף... הויב זיך אויף..." איך גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז דאָס בין איך וואָס רעד אויף הויכן קול. איך צי אַראָפּ מיינע שיך און הייב אָן צו רייבן מיינע פיס. דאָס מאָל דויערט עס לאַנג ביז איך דערפיל אַ ווייטיק. מיר געלינגט ענדלעך זיך אויפצוהייבן. איצט דאַרף איך בלויז גיין. און איך גיי צום ערשט וואַקלענדיק זיך, דערנאָך מעכאַניש. איך צייל די טריט. מיין קערפּער באַוועגט זיך אָן מיר. נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זיך קענען אָפּגעבן אַ רעכענונג ווי ווייט אויסגעשעפּט ער איז און וואָס זאָל זיך דערמיט איבערנעמען. איך האַלט

מיך פון דרויסן און בין פאַרנומען מיטן ציילן ביז זעקס און ווידער ביז זעקס און ווידער אַ מאָל.. נישטאָ קיין שום סיבה, דאָס זאָל אויפהערן. איך געפין זיך נישט אין מיינע פיס. דעריבער לייד איך נישט. די פּלייצע טוט מיר נישט וויי, נישט דער רוקן. ס׳איז מיר נישט קאַלט. כ׳בין צו פיל פאַרנומען מיטן ציילן און איך היט זיך נישט איבערצוהיפּערן אפילו איין שריט, ווייל דער מעכאַניזם וואָלט זיך אָפּגעשטעלט, וואָלט קאַליע געוואָרן און אַוועקגעפאַלן אויפן טויטלעכן דיל. ערלעך, געוויסנהאַפט טו איך מיט אַלע כוחות אויפהאַלטן דעם גאַנג פון אָט דעם קערפּער, פאַר וועלכן איך בין פאַראַנטוואָרטלעך. טייל מאָל צערייסט אַן אויפבליץ פון צוגעשפּיצטער מידקייט דעם צויבער און וואַרפט מיך פון דאָס ניי אַריין אין אַ קאָפּשווינדל פון אויסשעפּונג, לאָזט מיך אַ האַלב פאַרחלשטע. דאַן זעץ איך זיך צו אויף אַ פּאָר מינוט אויפן בענקעלע, גוט אַכטונג געבנדיק, אַז כ׳זאָל האַלטן מיינע פיס אַרונטערגעבויגן אונטער זיך. איך וואַרט, עס זאָל אַדורך. ווען מיין האַרץ האָט זיך געגנוג אָנגעפילט מיט שוויגן און מיט קעלט, אַז איך זאָל עס פאַרגעסן, הייב איך פון דאָס ניי אָן די אַרבעט דאָרט ווו כ׳האָב זי געלאָזן.

אַ רויטער פלעק טענצלט פאַר מיינע אויגן — מיט איבעררייסן. איך דריי זיך אום. און ווידער דערזע איך די פּולקאָמע שוואַרצקייט. זעקס שריט — דער רויטער פלעק קומט צוריק: זעקס שריט — ער פאַרשווינדט. דאָס קאַלירטע געשפּענסט בלייבט ענדלעך הענגען אויבן אויף דער וואַנט, קעגן איבער דער טיר. ביסלעכווייז ווערט די פינצטערניש צערונען. די קאַמער הייבט זיך אָן אויפסניי צוזאַמענצושטעלן, דערווייל נאָך אומזיכער, טאַפּט כדי צוריק צו געפינען איר פאָרם. און די שטילקייט צעלאָזט זיך אין דער נאַכט. אַ גערויש פון טריט, פון טירן, לאָזט זיך הערן אין קאָרידאָר. שטימען שוועבן. כ׳באַקום צוריק מיין אויסגעשעפּטן קערפּער. דער געפּראַ־רענער טאָג דעקט מיך אָפּ און ליפערט מיך אויס אַ שוצלאָזע אָן כחות.

די טיר עפנט זיך. דער סאָלדאַט שטייט פאַר מיר. דערלאַנגט מיר אַ טעפּל קאַווע און אַ שטיקל ברויט. איך מאַך זיך אונטערטעניק.

— ביטע, מיין הער, וואָס מאַכט דער מאַן, וואָס איז געקומען מיט מיר?

און דער וווּנדער געשעט: ער ענטפערט מיר.

— זייער גוט, ער האָט שוין געטרונקען זיין קאַווע.

איך זאָג אים אַ דאַנק. ער מאַכט אַ שריט און גייט אַריין אין דער ראַזער טונקלקייט. ער באַמערקט מיין רעגנמאַנטל אויפגעהאַנגען אויפן לופטשיקל.

— איך וועל אייך אַריינשטעלן שויבן, זאָגט ער.

— און ביי אים?

— פאַראַן אומעטום שויבן.

ער גייט אַרויס. דאָס טעפּעלע וואַרעמט וואַרעמט מיר די הענט. די וואַרעמקייט פון דער קאַווע דרינגט אַריין אין מיר. איך טרינק און עס. איך קען איצט בלייבן זיצן אַ ביסל לענגער. דאַן טוט זיך עפּעס אַ גליטש אונטער דער מידקייט און דער קעלט אַזוי אַז איך פאַרגעס, אַז כ׳בין פאַרמאַטערט און אַז ס׳איז מיר קאַלט. איך פיל ווי מיין האַרץ ווערט דערשטיקט אין מיין ברוסט. איך וואַרט. געננוג געווען אַ ביסל קאַווע און אַ שטיקל ברויט, אַז מיין גייסט זאָל ווידער אָנהויבן אַרבעטן. און ווען עס הילכן אָפּ טריט אין קאָרידאָר, ווייס איך, אַז דאָס איז פאַר מיר. דער סאָלדאַט געפינט מיך אַ שטייענדיקע לעבן דער טיר.

— קומט, זאָגט ער, אויבן וויל מען מיט אייך רעדן.

ער איז נישט קיין שלעכטער. ער איז אַ גרויער, אַ מידער, אַ גלייכ־גילטיקער.

איך גיי אים נאָך אינעם קאַרג באַלויכטענעם קאָרידאָר, אויף די שטיגן, פון וועלכע מיר זענען נעכטן אַרונטערגעגאַנגען. די שאָטנס אויף דער וואַנט הויבן ווידער אָן זייער טאַנץ־פּראָצעסיע. מיינע קני טוען מיר ווי און די טרעפּ זענען אויסערגעוויינלעך הויכע. פאַר מיינע אויגן הויבן זיך די שטיוול פונעם סאָלדאַט, מיט דער רעגולערקייט פון איינעם, וואָס איז צוגעוווינט צו גיין אין טאַקט און מיט דער פאַמעלעכקייט, וואָס עס ברענגט די עלטער און די מידקייט. די שטיוול סקריפּען שוין נישט; קען זיין, אַז ער האָט זיי היינט אין דער פרי איינגעשמירט מיט פעטס.

אויבן איז ליכטיק און וואַרעם. דער שיינער, בלאָנדער אָפיציר שטייט לעבן ביוראָ. אַן אַנדערער זיצט אויף זיין אָרט. אויף אים איז אַ סך ווייניקער

אָנגעגעסן צו קוקן. זיין רויט פּנים איז פאַרלאָפן מיט פעטס. די אויגן זענען מלא רוגזה, ווייל זיי קענען נישט אַרויס פון זייערע לעכער. ער פאַרבייסט די ליפּן און פון צייט צו צייט לויפט אַדורך אַ ציטער איבער זיינע אַראָפּפאַלנדיקע באַקן. דער שיינער אָפיציר הייסט מיר זיך זעצן און איך זעץ זיך אַוועק קעגנאיבער זיי אויף אַ שטול. פויל לאָז איך זיך באַוועלטיקן דורך דער וואַרעמקייט. זיי רעדן שטיל צווישן זיך און קוקן אַריין אין פּאַפּירן. איך זע זיי ווי דורך אַ קליינער עפענונג פון אַ לאַרנעטקע, ווייט, זייער ווייט. מיר איז וואַרעם און עס שלעפערט מיך. איך קעמף מיט פאַרצווייפלונג קעגן מיינע וויעס. מיינע אויגן מאַכן זיך צו. דער דערשטיק־טער געראויש פון שטימען וויגט מיך איין. איך שטעל זיך פאָר, אַז כ׳בין קראַנק און ליג אין אַ גרויסן ווייסן בעט; מען שטייט ביי מיין צוקאָפּנס מיט באַאומרו׳קונג און צאַרטקייט: מען באַוועגט זיך שטיל איבערן צימער. ס׳דערהערט זיך אַ קלאַפּ פון אַ שטעמפּל אויף אַ בלאַט פּאַפּיר. איך שפּרינג אויף. זיי זענען ביידע דאָ. קוקן אויף מיר פון דער נאָענט כמעט ווי זיי וואָלטן מיך געגאַנגען אָנרירן מיט דער האַנט. אָן איבערגעשראָקענע בויג איך זיך צוריק אויף מיין שטול. דער שיינער אָפיציר רעדט שטיל. ער לייגט מיר פאָר אַ ציגאַרעט, בויגט זיך צו צו מיר, צינדט אָן זיין צינדער. ער איז אַזוי יונג. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז עס שטייט דאָ אַ ווויל קליין ייִנגל, אַנגעטאָן ווי אַ סאָלדאַט, אַ ראָזינקער, אַ ריינינקער. און איך זאָג מיר, אַז כ׳האָב אים שוין אַ מאָל געזען, אַז כ׳קען אים. יאָ ער איז ענלעך צו ראַלף מיקע... צום ערשטן מאָל טראַכט איך וועגן וויקן, וועגן אַלץ וואָס איז מיט אונדז פאַרגעקומען, ווי ס׳האָבן זיך, בעת זיין אָפּוועזנהייט, באַוויזן ביידע דייטשע זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן אונדז דאָ אַהערגעבראַכט. איך האָב דעם איינדרוק, אַז געשען איז עס מיט אַזאַ לאַנגער צייט צוריק, אַז דאָס קען שוין מער נישט האָבן קיין באַדייטונג.

דער אָפיציר האַלט אין איין רעדן צו מיר. ער זאָגט, אַז ער ווייס זייער גוט, וואָס עס איז אַ מלחמה, אַז יעדער דאַרף דינען זיין פאָטערלאַנד. דאָס איז ביז גאָר נאַטירלעך און דאַרף רעספּעקטירט ווערן. אָבער היות ווי זיי וויסן אַלץ, בלייבט מיר איצט בלויז צו זאָגן דעם אמת. ער איז זיכער, אַז מיר קענען נאָך דורכקומען צווישן זיך. „איר פאַרשטייט?״

פרעגט ער מיך. איך פאַרשטיי לחלוטין גאָרנישט און דאָס איז דער הוילער אמת. ער מאַכט ווי ער וואָלט מיין ענטפער נישט געהערט.

— אַלץ וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך, דאָס זענען די נעמען פון אייערע פאַרבינדונג־אַגענטן און ווו מען קען זיי געפינען.

— איך האָב נישט די מינדעסטע אַנונג וואָס איר ווילט פון מיר, זאָג איך אויפריכטיק.

זיין קאָלעגע ווייזט אַרויס זיין אומגעדולד, אָבער ער מאַכט אים אַ צייכן מיט דער האַנט.

דערנאָך דרייט ער זיך אויס צו מיר:

— איך גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג פון אייער לאַגע און רעספּעקטיר אייער שווייגן. אָבער איר פון אייער זייט דאַרפט אונדז אויך פאַרשטיין. אויך מיר האָבן ליב אונדזער פאָטערלאַנד און מיר דינען אים. זייט וויסן, אַז מיר דאַרפן די דאָזיקע ידיעות און מיר וועלן זיי אַרויסקריגן.

ער מאַכט אַ פּויזע און זעצט פאָר:

— מיר וועלן זיי אַרויסקריגן מיט וואָסערע מיטלען עס זאָל נישט זיין. צום לעצטן מאָל פרעג איך אייך אין אייער אינטערעס: רעדט. ווי עס זאָל נישט זיין, וועט דער ייד, מיט וועלכן איר האָט געאַרבעט צוזאַמען, אַלץ אויסזאָגן. נו?

איך פאַרצי טיף דעם רויך. זיי ווייסן, אַז זשאַק איז אַ ייד. הייסט עס, אַז ס׳איז דער סוף. דאָס איבעריקע, וואָס איך הויב נישט אָן צו פאַרשטיין, איז מיר אַבסאָלוט גלייכגילטיק.

— צי ווייסט איר וואָס דאָס איז? זאָגט ער צו מיר און וויקלט אויף פאַר מיינע אויגן אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר.

איצט האָב איך פאַרשטאַנען: דאָס איז אַ קאַרטע, וואָס וויק האָט געפונען און אויף וועלכער, ס׳זענען אָנגעוויזן די ערטער, ווו עס זענען פאַראַן מינעס. וויק האָט זי צו אונדז געבראַכט, כדי זי דורכצושטודירן. זיי האַלטן מיך פאַר אַ רוסישן שפּיאָן. ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלט דאָס מיר הנאה געטאָן. אָבער וואָסער באַדייטונג האָט עס שוין איצט.

— לאָמיר מאַכן אַ סוף, שרייט אויס דער דיקער, וואָס זיצט הינטערן ביוראָ. מאַכט זי זאָל רעדן און לאָמיר פאַרענדיקן!

— איך באַדויער, איר האָט עס אַליין געוואָלט, זאָגט נאָך דער שיינער בלאָנדער אָפיציר.

אַ לאַנגע און שמאָלע שפּיצרוט פון בויגעוודיק האָלץ, אַרומגערייפט מיט מעטאַלענע רינגען, באַווייזט זיך ווי דורך אַ כישוף אין זיין האַנט. מיט אַ מאָל קומט מיר אויס גראָטעסק, וואָס איך בלייב דאָ זיצן און רויכער אַ פּאַפּיראָס. איך לייג אים אַריין אין אַשבעכער און הויב זיך אויף.

— טוט זיך אויס, זאָגט ער צו מיר.

איך טו אויס מיין מאַנטל, מיין פּולאָווער.

— אין גאַנצן.

איך נעם אַראָפּ די שיך, די הייזלעך... איך בלייב שטיין אין הוילן העמד.

— איך האָב געזאָגט אין גאַנצן.

איך ריר זיך נישט. דאַן רייסט ער מיט איין ברוטאַלער באַוועגונג אַראָפּ דאָס העמד, וואָס פאַלט ביי מיינע פיס.

— הויב עס אויף, זאָגט ער.

איך בויג זיך איין און די שפּיצרוט בייסט זיך איין אין מיין רוקן. איך גלייך זיך אויס אַ צערייצטע.

— צי ווילט איר, כ׳זאָל אויפהערן? פרעגט ער מיך העפלעך.

דורך מיין קאָפּ לויפן אַדורך אַלע דערינערונגען, אַלע פּחדנישקייטן וועלכע כ׳האָב זיך ביז איצט אונטערגעגעבן. איך ווייס, אַז כ׳וואָלט נאָך ווייטער געקענט זיין אַ פּחדן, זיך לאָזן דערנידעריקן, ווען ס׳וואָלט בלויז געווען אַ שאָטן האָפענונג פאַר זשאַקן, אָבער ס׳איז געענדיקט. און מיט אַ מאָל בין איך פריי, פריי צו האַסן און אויסצודריקן מיין שנאה. עפּעס וואָס איז ענלעך אויף אַ פאַרבאָרגענער פרייד צעשטראַלט זיך אין מיר, וועקט מיין שטאָלץ, מיין פאַנטאַזיע, צעפלאַמט מיך. איך קוק זייביידן אָן.

— איך ווייס גאָרנישט פון דעם פּלאַן, איך האָב גאָרנישט צו טאָן נישט מיט די רוסן, נישט מיט די שפּיאָנען. און איך באַדויער עס, איך באַדויער עס פון גאַנצן האַרצן. איך האָב נישט גענוג געטראַכט וועגן אייך. איך האָב געטראַכט בלויז וועגן זיך, וועגן מיין קליינעם פערזענלעכן לעבן און איך באַדויער עס ביטער, איך באַשולדיק מיך פאַר אייך. הלוואי וואָלט

איך יאָ געווען אַ שפּיאָן, הלוואַי וואָלט איך יאָ מיטגעהאָלפן אייך צו פאַרניכטן.

די שפּיצרוט טוט אַ פייף און גיט מיר ווידער אַ ביס.

— צום גליק זענען פאַראַן אַנדערע ווי איך, אַ סך אַנדערע. איר זענט קאַפּוט און איר ווייסט עס! און אויך איך ווייס עס. ס׳איז גוט עס צו וויסן!

דער דריטער קלאַפּ לאָזט מיר אַ פייער אין פּלייצע. איך באַמי זיך ווייטער צו שטיין אַ גלייכע, אָבער עס טוט ווי, מוראַדיק ווי. און יעדעס מאָל ווען די רוט טוט אַ פאַל, גלייב איך, אַז כ׳האָב שוין דערגרייכט דעם העכסטן שטאָפּל פון ווייטאָג. עס דאַכט זיך מיר, אַז ווייטער איז נישט מעגלעך — איך וואָלט שוין באַדאַרפט פאַרלירן דעם באַוווּסטזיין. איך וואַרט אויף דעם מאָמענט, איך בעט אויף אים, אָבער ער קומט נישט. דאַן אַנטשליס איך זיך אַ ביסל צוצוהעלפן דער נאַטור. איך לאָז זיך פאַלן. איך דערזע נאָך ווי דאָס גלאַטע און ראָזע פּנים, אויסער זיך פון געגוס, בויגט זיך איבער מיר מיט זיינע ברייט צעעפנטע נאָזלעכער און אַ ליפּ אויפגעשאַרצט איבער זיינע ווייסע ציין. ס׳פאַרפלייצט מיך אַ כוואַליע פון ווייטאָג און פון עקל. כ׳פאַרמאַך די אויגן. איצט לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיין פּלייצע אַ ביז ווייס צעפלאַמטע שטאַנג. אינסטינקטיוו באַמי איך זיך צו געפינען מיטלען ווי צו מילדערן דעם שמאַרץ. איך פּרוּוו זיך צו אַנטשפּאַנען, נאָכצולאָזן מיינע מוסקלען... דער פּרוּוו איז אַן אומזיסטער, דער ווייטאָג קלעמט אין מינדעסטן פּעדעמל פון מיין קערפּער.

— גענוג, זאָגט ענדלעך דאָס קול פון אַנדערן.

אַ לעצטער, נאָך אַ האַפּטיקערער שמיץ צעקראַכט מיינע ביינער און לאָזט מיך אַ האַלב טויטע. איך בין נישט אין שטאַנד מיך אויפצוהויבן. דער שיינער אָפיציר העלפט מיר העפלעך. איך זיץ ווידער אויפן שטול, דאָס העמד אין מיינע הענט. אומזיסט באַמי איך זיך עס אָנצוטאָן. דער דייטש זאָגט צו מיר מיט מילדקייט:

— איר קענט עס אַזוי נישט אָנטאָן. איר בלוטיקט און די ווונדן קענען זיך נאָך אינפעקטירן, דאָס וואָלט געווען אַן אומפאַרזיכטיקייט, רירט זיך נישט.

מיט לייכטע, געשיקטע באַוועגונגען וואַשט ער מיין רוקן און דיזענ־

פּעקטירט מיינע ווונדן. אויף דער וואַנט הענגט אַ קליין אַפּטייקל, אָנגעפּראָפּט מיט מעדיקאַמענטן. פון דאָרטן נעמט ער אַרויס פלעשלעך, גאַזע, וואַטע.

— צי טו איך איך נישט צו פיל וויי? פרעגט ער מיך.

דאַן הויב איך אויף אַן אמת אַן מורא צו האָבן. ביי וועמען אַנדערש, אויב נישט ביי אַ משוגענעם, קענען זיך לייגן אָט אַזעלכע ווערטער פולע מיט אויפמערקזאַמקייט פון עמעצן, וואָס באַנדאַזשירט ווונדן, וועלכע ער אַליין האָט געמאַכט? ער העלפט מיר זיך אָנטאָן און זאָגט:

— דאָס איז בלויז געווען אַן אָנהויב, באַטראַכט זיך.

דער זעלבער סאָלדאַט פירט מיך צוריק און איך גיי אַרונטער די שטיגן, אָנהאַלטנדיק זיך אָן די ווענט. אין דער קאַמער, אין וועלכער ער גייט אַריין מיט מיר, גיט ער מיר אַ ציגאַרעט און זאָגט:

— איך האָב אַריינגעשטעלט שויבן.

נישט צוגעבנדיק קיין וואָרט, גייט ער אַרויס. איך שפּרייט אויס מיין רעגנמאַנטל אויפן דיל און איך לייג זיך אַוועק אויפן בויך. מיינע קליידער שטערן מיר. ביי דער מינדעסטער באַוועגונג שרייט מיין רוקן פון ווייטאָג. איך גיב זיך נישט נאָך און בלייב אַזוי ליגן, רויכערנדיק דעם ציגאַרעט. נישט געקוקט אויף די שויבן, ווערן מיינע פיס פאַרגליווערט. איך הויב זיך אויף, פּרוּוו גיין, אָבער עס טוט מיר צו פיל וויי. נאָך דעם, ווי כ'האָב ווידער אַרומגעבונדן דעם שאַליק איבער מיין מויל, לייג איך זיך צוריק אַוועק און נעם אַריין דעם קאָפּ צווישן די אָרעמס. און דאַן גייט אַוועק אַן אומענדלעכער דיאַלאָג:

„איך קען נישט מער אויסהאַלטן... איך קען נישט מער... איך גיי וואָיען". „טו עס נישט, ס'וועט איבערגיין. די ווונדן זענען נאָך פריש. וואָרט צו, האָב אַ ביסל געדולד. ריר זיך נישט, אָנטשפּאַן זיך... זעסט, עס איז שוין אַ ביסל בעסער". „עס הויבט זיך נישט אָן, ס'איז גאָרנישט בעסער, ס'ווערט וואָס אַ מאָל ערגער". „אָבער פאַרשטיי, פאַרשטיי, אויב דו וועסט זיך אויפרעגן, וועט עס דיר נאָך מער וויי טאָן. פּאַוואָליע, קלער וועגן גאָרנישט, פּרוּוו איינשלאָפן כאָטש אַ ביסעלע, אַ קליין ביסעלע..."

איצט ווען ס'זענען שוין פאַראַן שויבן, איז שוין נישטאָ קיין געפאַר,

אויב מען שלאָפט איין, אָבער ווי אַזוי שלאָפט מען איין מיט דעם ווייטאָג וואָס האַלטן אין איין שניידן מיין רוקן? און צו וואָס אייגנטלעך באַטראַכטן? דעם ווייטאָג קען מען נישט שטילן מיטן שכל, ער רעדט און פאַרשטייט בלויז זיין אייגענע שפּראַך. „לאָז מיך שלאָפן" זאָג איך צו אים, צו אים, וואָס שלאָפט קיין מאָל נישט און איבעריקנס, צי איז דען נישט בעסער, אַז ער איז דאָ און באַשעפטיקט מיך? די געדאַנקען האָבן נישט קיין פרייע צייט זיך צו בילדן. מיט ציין און נעגל איינגעפּרעסט אין מיין רוקן, גאַלאָפּירט דער ווייטאָג, אַ מכשפה מיט אַ משוגענעם בליק, וואָס צערייצט די לעצטע כחות פון איר געשפּאַן. און וואָס העלפט מיין קעגנשטעלן זיך? ס'וועט מיר סיי ווי נישט העלפן. אויב איך האַלט נישט אויס, איז פאַרפאַלן. זאָל דער ווייטאָג פילן, אַז אָט אָט הער איך אויף זיך קעגנצושטעלן, אַז כ'בין גרייט אים צו לאָזן אין גאַנצן מיך באַוועלטיקן לויט זיין פאַרלאַנג, אַז כ'בין גרייט צו וואָיען צוזאַמען מיט אים און זיין משוגעת ווערט פאַרטאָפּלט. דאַן שטעל איך זיך אויך דיבאָם. איך זאָג מיר: ס'איז גאָר־נישט, ס'איז בלויז אַ ווייטאָג. און דער קאַמף הייבט זיך אָן פון דאָס ניי. דער ווייטאָג וואָיעט און איך זידל אים. איך קלייב אויס די געמיינסטע ווער־טער, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. „הורנזון, זאָג איך אים, אויסוואורף, טינופת, געמיינער קערל... פאַר וועמען האַלסטו מיך? דו וויסטער אידיאָט!"
און מיט איין שפּרונג שטעל איך זיך אויף. אָבער ער לאָזט נישט נאָך. פאַרקערט, ער קלאַמערט זיך נאָך מער, קלאַמערט זיך ווילד איין אין מיינע זשעברעס. און זיינע נעגל בייסן זיך וואָס אַ מאָל שטאַרקער איין, נישטערן, רייסן פאַסן. אַ געהאַרכזאַמע לייג איך זיך ווידער אַנידער, אַזוי ווי ער וויל, אויסגעצויגן אויפן בויך. ער לאָזט אַ ביסל נאָך זיין קלעם. איך דערפיל, אַז ס'איז מיר שטאַרק לייכטער געוואָרן. דערנאָך נעמט ער צוריק אַ טייל פון זיינע נעגל, אפשר דערפאַר, וואָס אויך ער איז מיד געוואָרן. איך זיפץ אָפּ מיט פאַרלייכטערונג און שלאָף איין.

עמעצער איז דאָ. עמעצער רירט זיך, גייט... איך פאַרבלייב אַ ווײלע אומבאַוועגלעך, די נאָז פאַרזונקען אין שלאָף. דערנאָך עפן איך איין אויג, איך פּרוביר צו מאַכן אַ באַוועגונג: כ'פּיל נישט קיין שטערונג. איך וואַרט

נאָך אַ ביסל, נישט זייענדיק זיכער, צי איך בין אויף אַן אמת באַפרייט. איך הויב זיך אויף פאַרזיכטיק. לעבן מיר שלאָגט אַ פּאַרע פון אַ מעטאַלע־נעם טעלער, אָנגעפילט מיט אַ געדיכטער זופּ. איך זעץ זיך אויף און עס. די זופּ איז הייס און גוט. איך פיל, אַז דער ווייטאָג האָט מיך נישט אין גאַנצן פאַרלאָזן. ער האַלט זיך הינטער מיר און האָט אויף מיר אַן אויג. איך שטעל זיך פאָר, אַז ער איז אונטערטעניק און איך דערפיל מיט אַ מאָל אַ נאַרישע צערטלעכקייט פאַר אָט דעם איינזאַמען באַגלייטער פון מענטשן, אַזוי אַז טרערן קומען מיר אין די אויגן. איך האָב רחמנות אויף אים, כדי זיך נישט מודה צו זיין ווי גרויס איך האָב רחמנות אויף זיך אַליין. איך שטעל אַוועק דעם ליידיקן טעלער און דער ווייטאָג באַרירט קוים, נישט דרייסט, מיין רוקן, נישט אַרויסרוקנדיק זיינע נעגל. ער וויל מיר דערמאָנען, אַז ער איז דאָ. מיר בלייבן אַזוי אַ לענגערע צייט און שפּירן נאָך איינער דעם צווייטן, אָן אַ באַזונדערער פיינטשאַפט. מיר הייבן אָן זיך צוצוגעוווינען איינער צום אַנדערן. טייל מאָל קאָרטשע איך זיך איין פון זיינער אַ שאַר־פערער באַרירונג. איך זאָג מיר דאָן, אַז ס'ליגט אין זיין נאַטור צו האָבן נעגל און זיי אַרויסצולאָזן.

פּלוצעם געפין איך זיך האַרט ביי דער טיר און פּרעס צו מיין אויער צום שליסללאָך. עס דערנענטערן זיך טריט. ס'איז דער סאָלדאַט. די טריט שטעלן זיך אָפּ קעגן איבער. געלויבט איז גאָט, ס'איז נישט צו אים. זיין קאַמער געפינט זיך ווייטער. אַ טיר עפנט זיך.

— קום, זאָגט אַ נישט פּערזענלעכע, גלייכגילטיקע שטים.

— כ'וועל נישט גיין! כ'וועל מער נישט גיין! ס'איז מיר שוין מיאוס מיאוס, מיאוס...

און דאָס געשריי ווערט שטאַרקער, שטאַרקער, דערגרייכט הויכע טענער, וויט איבער דער נאָרמאַלער סקאַלע פון דער מענטשלעכער שטים. די פּעטש קנאַלן אין רעגולערע אָפּשניטן, מעטאָדיש. דאָס געשריי ווערט איבערגעריסן ווי עס וואָלט מיט איין מאָל איבערגעשניטן געוואָרן. ס'ווערט שטיל, דערנאָך הער איך ווי די טיר פאַרמאַכט זיך און די טריט דערווייטערן זיך אין קאָרידאָר, די געמאָסטענע טריט פונעם סאָלדאַט און אויך די פון עמעצן וואָס שלעפּט די פיס.

ווי קינדיש ס׳זעט מיר אויס דער ווידערשטאַנד פון דעם מענטשן. צי האָט ער נאָך טאַקע נישט פאַרשטאַנען? ער רעאַגירט פונקט ווי ער וואָלט נאָך אָנגעהערט צו אַ וועלט, אין וועלכער די מענטשלעכע רעאַגירונגען האָבן אַ זין. מען קעמפט קעגן אַן אומגליק, אַ קראַנקייט, קעגן געוויינלעכע צרות. מען קען זיי אַנטקעגנשטעלן די גאווה, די אילוזיע, דעם כעס, די ביטערקייט, דעם ליגן, די גוטהאַרציקייט, די מילדקייט, יאוש אָדער זעלבסטמאָרד. די מענטשלעכע מעגלעכקייטן זענען פּראָפּאָרציאָנעל צו די מענטשלעכע ליידן. אָבער דאָ? ווו מיינט ער דען געפינען מיר זיך? מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ ברונעם און מיר פאַלן. ס׳איז אונדז פאַרבליבן בלויז איין ברירה: זיך לאָזן פאַלן. זיך צונויפקאָרטשען, צוזאַמענקנוילן אין זיך אַליין, ווערן אַ גלאַטער, האַרטער, אומפילבאַרער קייקל און לאָזן איינשלעפערן אונדזער מענטשלעכקייט. אויסמיידן אומנוציקע באַוועגונגען, דעם אויפלייזנדיקן געדאַנק, די אויסשעפּנדיקע האָפענונג, לאָזן אָפּגעהיט אין אַ זייט די אייגענע נשמה ביז זי וועט אַ מאָל קענען דינען. דער אידעאַל וואָלט געווען, ווען מען וואָלט געקענט איינשלאָפן ווי עס טוען געוויסע חיות אויף דער צייט פון ווינטער. נישטאָ עפּעס אַנדערש צו טאָן ווי אָפּוואַרטן ביז מ׳וועט דערגרייכן דעם דנאָ. אָבער מען וויל זיך דאָך קלאַמערן. מען וויל פאַרהאַלטן דאָס אַראָפּקייקלען זיך. מען פאַרעקשנט זיך. איך וועל צוריק אַרויף, זאָגט מען זיך, איך וועל צוריקגיין פון וואַנען איך קום. איך וועל נעמען גיין אויפסניי מיין נאַרמאַלן וועג דורך אַלע צייטן פון יאָר, אין אַלע פאַרנונפטיקע געשעענישן פון לעבן. עסן, שלאָפן, ליידן... אָבער אויף אַ מענטשלעכן אופן, אין די דערלויבטע גרענעצן. מען וועט אַרונטערשלינגען די ליידן אין קליינע דאָזעס און אפשר וועט אונדז געלינגען, אַז עס וועלן אונדז פּיעשטשען די, וואָס ליידן נישט גראָד אין דעם מאָמענט. שפּעטער וועלן מיר פּיעשטשען אַנדערע. דאָס גיט צו מוט, דאָס גיט צו אַזאַ געפיל פון זיכערקייט. אָ! די באַפרידיקונגען, וואָס מען קען אַרויסבאַקומען פון אַ מיטפילנדיק און גוט האַרץ. אויף אַזאַ אופן שטרעבט יעדער מענטש צו דער וועלט פון חכמה, ווו פאַרגעניגן און ליידן שאַפן אַ גלייכגעוויכט, כדי צו מאַכן די עקזיסטענץ דערטרעגלעכער, ווו מען באַקומט קלעפּ, אָבער ווו מען קען אויך צוריקגעבן, גאָט צו דאַנקען, מען

געפינט תמיד אַ שוואַכערן פון זיך. דאָס פאַלן האַלט אָבער ווייטער אָן און די נעגל ברעכן זיך אַנטקעגן די גליטשיקע ווענטלעך פונעם ברונעם. מען פּרוּווט פון דעסטוועגן איינהאַלטן דאָס פאַלן. איך טו עס פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע און דערפאַר בין איך נאָך ביים לעבן. אויב איך וואָלט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט די לעצטע נאַכט, אויב איך וואָלט איינגעשלאָפן אונטער דעם פּראַסטיקן אַנהויך, וואָס איז געפאַלן פון דער פענצטער־לאָך... אָבער איך האָב זיך געקלאַמערט.

טריט הילכן אָפּ אין קאָרידאָר, אַ טיר עפנט זיך. צום ערשט דערגרייכט די שטים פון וועכטער:

— לייג אים אַוועק דאָ.

דאַן דערשיינען צוויי מענער מיט געגאָלטע קעפּ, וואָס טראָגן אַ געשטעל פון האָלץ, אַ שטרויזאַק און אַ ברוינע קאָלדרע. זיי שטעלן אַוועק ביי דער וואַנט דאָס וואָס דאַרף מיר דינען ווי אַ בעט. זיי טוען עס לאַנגזאַם, נישט אַרונטערלאָזנדיק פון מיר קיין אויג. זיי האָבן מאָדנע ווייסע פּנימער, וואָס זעען אויס ווי זיי וואָלטן מער נישט געהערט צו זיי, וואָס זיי וועלן באַלד ערגעץ ווו אַוועקלייגן ווי אַן אומנוציקע און באַלאַסטנדיקע זאַך. אָבער זייערע אויגן לעבן נאָך און זיי קלאַמערן זיך אין מיר. זיי רופן אין מיר אַרויס אַ מורא. זיי האָבן קיין שום געמיינזאַמס נישט מיט די מענטשן, וואָס כ׳האָב ביז איצט באַגעגנט. זיי געהערן שוין צו אַן אַנדער מין. וואָס פאַר אַ גרענעץ זענען זיי שוין אַדורך, וואָס איך האָב נאָך נישט דערגרייכט? פאַר וואָס קוקן זיי אַזוי אויף מיר? וואָס דערוואַרטן זיי פון מיר? אפשר איז עס דערפאַר, ווייל איך הויב ערשט אָן דעם אַרונטערגאַנג, און זיי האָבן שוין דערגרייכט דעם דנאָ... דער סאָלדאַט שטייט אין דער טיר.

— שנעלער!

איינער נאָכן צווייטן גייען זיי אַרויס שווייגנדיק. איך בלייב אַליין, אָבער דאָס בילד פון אָן אָפּגעגאָלטן שיידל בלייבט מיט מיר און אונטער אים שיילט זיך אויס דאָס פּנים פון זשאַקן, וואָס קוקט אויף מיר מיטן זעלבן אויסדרוק פון דערוואַרטונג. און איך ווייס, אַז כ׳קען שוין מער גאָרנישט טאָן פאַר אים. איך הייב ווידער אָן צו גיין. איך מאַך זיך נישט זען דאָס בעט. יעדעס מאָל ווען איך דערנענטער זיך צו אים, קער איך

אַוועק די אויגן און קוק ערגעץ אַנדערש. עס דויערט נישט לאַנג און איך הויב אָן צו שלעפּן מיינע פּיס. „צו וואָס די קאָמעדיע? מען ווייס, אַז דו ביסט פּעיִק צו גיין. וועמען ווילסטו באַווייזן, אַז דו נעמסט נישט אָן דעם חסד, וואָס מ׳האָט צו דיר אַרויסגעוויזן. דו גייסט אויס פון קעלט און סוף כל סוף וועסטו זיך דאָך לייגן אויפן שטרויזאַק. טאָ פאַר וואָס נישט איצט?" אָבער איך פאַרעקשן זיך. „צי האָסטו דען נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ וואָס דו טוסט אָדער טוסט נישט, קען נישט האָבן די מינדעסטע באַדייטונג? וואָס ווילסטו אייגנטלעך אָפּצאָלן מיט דעם אָפּזאָגן זיך אַוועקצולייגן אויף דעם שטרויזאַק אונטער דער ברוינער קאָלדרע? לעכערלעך, קינדיש. דו דאַרפסט זיך אויסרוען. אַנדערש וועט מען אַ שמאַטע אַרויפפירן אין דער הויך אין ביוראָ אַריין. אָט איז דער בעסטער אַרגומענט כדי זיך אַוועקצולייגן. אַן אויסגעצייכנטער אַרגומענט. איך שטעל זיך אָפּ. כ׳ריר אָן דעם שטרויזאַק, כ׳פּרוּוו אַריינצושטעקן מיין האַנט. דער שטרויזאַק איז דיק, גוט אָנגעשטאָפּט. איך צי אַראָפּ מיינע שיך און שטעל זיי זאָרגעוודיק אַוועק אין אַ גלייכער שורה איינעם לעבן דעם אַנדערן אַזוי ווי כ׳האָב עס תמיד געפּלעגט טאָן. איך שפּרייט אויס די קאָלדרע, פאַרבייג די ברעגעס, דעק זי צו מיט מיין מאַנטל, לייג זיך אַוועק און צי אַלץ אַריבער איבער מיין קאָפּ. כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז עס איז מיר נאָך קעלטער ווי פריִער. אין דער טאַש פון מיינע הויזן טרעפט מיין האַנט אָן אַ קליין פּעקעלע. איך צי עס אַרויס און קוק. אין אַ פּאַפּירל, צונויפגעוויקלט אין אַ שקאָרמעץ ליגן אַ פּאָר פאַרשידנפאַרביקע צוקערלעך... צוקערלעך! איך צייל זיי: צען. אויב איך וועל נעמען יעדן טאָג אַ צוקערל, וועל איך האָבן אויף צען טעג. וואָסערע צען טעג? מיין גאָט! איך וועל דען קיין מאָל נישט אויפהערן זיך צו קלאַמערן? פול מיט כעס נעם איך דריי צוקערלעך און שטופּ זיי אַריין אין מויל. דריי טעג ווייניקער.

די קני צונויפגעקאָרטשעט ביז דער גאָמבע, די קאָלדרע איבער מיין קאָפּ, דערוואַרעם איך צו ביסלעך דאָס בעט מיט מיין אָטעם. איך ציטער נאָך, אָבער די לעצטע דרעשטשעס, וואָס לויפן אַדורך אין מיר, קומען פונקט אַזוי פון דער אָנקומענדיקער וואַרעמקייט, ווי פון דער קעלט, וואָס הויבט אָן זיך צוריקצוציען. מיין רוקן טוט מיר ווייניקער וויי. די צוקערלעך

צעגייען מחיהדיק אין מיין מויל און איך פּרוּוו נישט באַוועגן מיט דער צונג, כּדי זיי צו האַלטן ווי צום לענגסטן. איך שלינג אַרונטער אַ זיסלעכע און פּערפומירטע שפּייעכץ. איך פאַרליר שוין מיין געוויכט און הויב אָן צו שוועבן, ווען אַ געוויש פון טריט דריקט מיך ברוטאַל צו צום שטרויזאַק. איך פאַרהאַלט מיינע וויעס איבער די אויגן. דאָס אַלץ גייט מיך גאָרנישט אָן. אָבער נישט ווילנדיק שאַרט מיין האַנט אַוועק די קאָלדרע און מיין קערפּער הייבט זיך אויף. די טריט פאַרהאַלטן זיך. זיי זענען עטלעכע. איך הער ווי די טיר קעגן איבער עפנט זיך. די קעלט בייסט זיך איין פאַמעלעך אין מיינע באַקן און איך לייג זיך צוריק. איך פּרוּוו צוריקצוגעפינען די זעלבע פּאָזיציע. דאַן דערהערט זיך אַ קול פון אַ פרוי, וואָס שרייט:

— ניין!

איך גראָב זיך איין אונטער דער קאָלדרע און פאַרשטאָפּ זיך די אויערן, אָבער דאָס קול דרינגט אַריין דורך דער טיר, זוכט מיך, געפינט מיך, גליטשט זיך אַרונטער אונטער דער קאָלדרע, אונטער מיינע הענט און אין מיינע אויערן.

— ניין, ניין, ניין!

מען עפנט מיין טיר, איך ריר זיך נישט. איך ווייס שוין מער נישט ווער עס ריטשעט־אויס: „ניין!" — דאָס פרעמדע קול, אָדער איך. דערנאָך ווערט אַלץ שטיל. איך שאַר ווידער אַוועק די קאָלדרע און הייב אויף דעם קאָפּ. זי שטייט לעבן דער טיר, אירע האָר זענען גרוי, דאָס פּנים צעקנייטשט, די הענט צונויפגענומען. מיר דערזען זיך ביידע אין זעלבן מאָמענט און זי זאָגט:

— זיי האָבן אים צוגעבונדן די הענט צו אַן אייזערנעם רינג. זיי האָבן אים געשלאָגן פאַר מיינע אויגן.

זי דרייט זיך אויס און קלעפּט צו איר אויער צו דער טיר. זי זאָגט נאָך:

— מען הערט מער גאָרנישט, ער איז טויט.

זי זאָגט עס זייער רויק, כּמעט גלייכגילטיק. זי מאַכט צוויי שריט אין מיין ריכטונג.

— ער איז אין גאַנצן אַלט געווען ניינצן יאָר.

זי האָט צוריקגעפונען איר אמתדיקן קול, פול מיט יאוש. איך פיל ווי

עפּעס רירט זיך אין דעם פּאַרגליווערטן קערפּער, ווערט גרעסער, עפּעס וואָס וועט אַדורכברעכן די שאָל פון אומבאַוועגלעכקייט און וועט זיך צעטראָגן איבער דער קאַמער, עפּעס וואָס קען מיך מיטשלעפּן און אַוועקטראָגן מיטן שטורעם. איך שטעל זיך אַנטקעגן און זאָג:

— דאָ וואַרטן אַלע אויף דעם. אויב ער איז טויט, ליידט ער נישט מער.

זי הערט זיך צו צו מיר און שאָקלט מיטן קאָפּ עטלעכע מאָל, אַזוי ווי צו זאָגן, אַז כ׳בין גערעכט. און ווידער זעט זי אויס צו זיין גלייכגילטיק. מיין גאָט! פאַר וואָס שטייט זי אַזוי, פאַר וואָס באַוועגט זי זיך נישט? אירע הענט הענגען אַרונטער לענג־אויס איר קערפּער. איך הייב זיך אויף, טו צוריק אָן מיינע שיך, מיין מאַנטל. איך דערנענטער זיך צו איר, נעם זי אָן פאַר די אַקסלען און שטופּ זי צו צום בעט. זי שטעלט זיך נישט אַנטקעגן. און אויב אפילו זי וואָלט זיך אַנטקעגנגעשטעלט, וואָלט איך זי געשלעפּט מיט געוואַלד, כדי זי נישט צו זען שטיין אַזוי אַ פאַרגליווערטע אויף אייביק אין מיטן פון דער קאַמער. איך זעץ זי אַוועק אויפן בעט.

— לייגט זיך איצט צו, זאָג איך צו איר, איך וועל אייך צודעקן.

ס׳זעט אָבער אויס ווי זי הערט מיך נישט.

— אין אָנהויב האָב איך אים נישט דערקענט, זאָגט זי, זיי האָבן אים אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ.

און אָט איז געשען. איך קעמף נישט מער. אַ געהאַרכזאַמע זעץ איך זיך אַוועק לעבן איר און זשאַק איז דאָ ערגעץ ווו, מיטן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. איך ציטער פאַר קעלט. כ׳זאָג איר, אַז זיי האָבן זיכער אויך זשאַקן אָפּראַזירט דעם קאָפּ, אַז זיי וועלן אים אָן ספק דערהרגענען און אַז זי האָט נישט באַדאַרפט אַהערקומען מיך איבערצושרעקן און אָפּנעמען ביי מיר מיינע לעצטע כחות. איך האָב נישט מורא פאַרן טויט, נאָר מורא האָב איך פאַר אַזעלכע מענטשן ווי זי, וואָס טראָגן דעם טויט פון אַנדערע אין זיך. איך זאָג איר, אַז איך בין געווען רויִק איידער זי איז געקומען, ווייל כ׳האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז מען קען איבערלעבן און פאַרבלייבן אומבאַוועג־לעך און לעבעדיק. איצט, זעט אויס, פאַרשטייט זי מיך. איצט, זעט אויס, זעט זי מיך אויף אַן אמת צום ערשטן מאָל. און זי זאָגט צו מיר:

— קיינער וועט פון דאַנען נישט אַרויס, פונקט אַזוי ווי ער.

און איך פיל ווי ס׳צינדט זיך אין איר אַן אַ פלאַם, וואָס דערוואַרעמט זי. איך פאַרשטיי. איך פאַרשטיי פון וואַנעט עס נעמט זיך אַט דער וואַרעמער געדאַנק, וואָס מאַכט זי מיט אַ מאָל מענטשלעך. איר זון איז נישט דער איינציקער. די אַנדערע וועלן אויך שטאַרבן. די אַנדערע וועלן אויך ליידן. און אירע אייגענע ליידן פאַרטיילט זי שוין אַרום זיך פון פולן האַרצן.

די תפיסה־קאַמער ווערט פינצטערלעך מיט אַ שמוציקן גרוי, וואָס האָט זיך, דאַכט זיך, געוואַלגערט אין טויזנטער ערטער, איידער ער האָט זיך דאָ פאַרשפּרייט. דער וועכטער קומט אַריין. ער שטעלט אַוועק לעבן דער טיר צוויי בלעכענע טעלערס, וואָס ער פילט אָן מיט זופּ, און אַ גרויס שטיק ברויט. ער פאַרשווינדט, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט. די פרוי טוט זיך נישט קיין ריר. פון דער זופּ שלאָגט אַ פּאַרע און זי פאַרלירט איר וואַרעמקייט. איך בין הונגעריק און ס׳איז מיר קאַלט, אָבער איך וואַג זיך נישט אויפצושטעלן און עסן אין איר אַנוועזנהייט. די מינוטן פאַרגייען און די פּאַרע פון דער זופּ ווערט שוואַכער. איך האַלט נישט אויס.

— אַ ביסל זופּ וועט אייך דערוואַרעמען, זאָג איך צביעותדיק צו דער פרוי.

זי שאָקלט מיטן קאָפּ און ענטפערט נישט. איך האָב גוט געוווּסט, אַז זי וועט אָפּזאָגן, נאָר כ׳האָב דאָך געהאָפט, אַז זי וועט מיר זאָגן, איך זאָל אַליין עסן. זי זאָגט אָבער גאָרנישט. איך קוק אויף די טעלערס, פון וועלכע עס שלאָגט קוים אַ פּאַרע. איך האָב פאַרטאַכלעוועט אַ שפּאָר ביסל וואַרעמקייט צוליב אַ נאַרישן סקרופּל. כ׳בין פול מיט כעס. איך הייב זיך אויף און זעץ זיך אַוועק לעבן דער טיר מיטן רוקן צו דער פרוי. די זופּ איז נאָך לעבלעך. איך ליידיק אויס די טעלערס, דערנאָך גיי איך צוריק מיטן שטיק ברויט און זעץ זיך אויפן בעט. און דאָ, לעבן איר, שלינג איך דאָס ברויט ביז צו דער לעצטער קרישקע. איך זע נישט מער. זי איז איינס מיט דער נאַכט. איך לייג צונויף די קאָלדרע אין צווייען און לייג זי אַרויף אויף אירע פּלייצעס, כדי תשובה צו טאָן. די זופּ און דאָס ברויט ליגן שווער אויף מיין געוויסן.

עס הילכן ווידער אָפּ די טריט פון וועכטער און די טיר קעגנאיבער סקריפּעט. דאַן טוט זיך די פרוי אַ וואָרף אויפן בעט און ברעכט אויס

מיט אַ יאָמער. איך פּיל זיך כמעט ווי דערלייכטערט. דאָס איז ווייניקער פּיינלעך, ווי זי אַזוי צו פֿאַרטראָגן אַ שטומע, אומבאַוועגלעכע, איינע אַליין מיטן טויט. דערנאָך דערהער איך אַ גערויש, ווי מען וואָלט אויסגעגאָסן אַן עמער וואַסער און גלייך דערהער איך אַ קרעכץ. דער וועכטער דערוויטערט זיך, אָבער כ'האָב אים נישט געהערט פֿאַרמאַכן די טיר. דאָס קרעכצן חזרט זיך איבער, עס ווערט שטאַרקער און האַלט אָן. די פרוי שטעלט זיך אויף. אירע הענט זוכן מיך און קלאַמערן זיך אָן אין מיר.

— ער איז נישט טויט, זאָגט זי, ער וועט נאָךליידן.

יעטוועדן זיפֿץ פֿון איר זון טוט זי אַריינדריגגען אין מיר, צודריקנדיק מיך צו איר אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. אין אַנהויב האָט מען נאָך געהערט ווי ס'זיפֿצט אַ מענטש. אין דעם דאָזיקן קול אָן ווערטער איז געלעגן די שוואַכקייט פֿון אַ מענטשן, דער ווייטאָג און די אוממעכטיקייט פֿון אַ מאַן, אַ רוף נאָך הילף, צו מאָל אַן אויפֿציטער פֿון אַ רעוואָלט, וואָס ווערט שנעל דערשטיקט דורך דער איבערמאָס פֿון ליידן. דערנאָך פֿאַר־שווינדט דאָס אַלץ און די שטים ענדערט זיך. ס'פֿאַרבלייבט נישט אין איר קיין שמץ פֿון מענטשלעכן. דאָס איז דאָס געשריי פֿון אַ שטערבלעך פֿאַרוווּנדעטער חיה. און די געשרייען האַלטן אָן מיט וואָס אַ מאָל קירצערע הפסקות, ביז זיי שמעלצן זיך צונויף אין אַ לאַנג וואָיען. די פרוי לאָזט מיך אָפּ און זאָגט זייער געלאַסן:

— זייט אַזוי גוט, קלאַפּט אָן אין דער טיר און רופֿט דעם וועכטער.

— איר ווייסט דאָך, זאָג איך, אַז דאָס וועט מער נישט העלפֿן.

— יאָ, יאָ, זאָגט זי, אַזוי איז געוואָרן אָפּגערעדט, זיי וואַרטן אויף מיין סיגנאַל, איך וועל רעדן. כ'האָב באַלד געדאַרפֿט רעדן.

— וואָס ווילן זיי? פֿרעג איך.

— זיי ווילן די נעמען פֿון די אַנדערע, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפֿן. צווישן זיי איז געווען דער זון פֿון מיין שוועסטער. אָבער איך וועל אים אויך אַרויסגעבן. די גאַנצע וועלט וואָלט איך אַרויסגעגעבן, אַבי כ'זאָל מער דאָס נישט הערן.

איך ריר זיך נישט. כ'בין ווי פֿאַרגליווערט. און אויב זיי טוען דאָס זעלבע מיט זשאַקן... קלאָר, אַז איך וועל זאָגן אַלץ, וואָס זיי וועלן נאָר

וועלן. נאָר דאָס איז נישט אַזוי פּשוט. זי, זי קען רעדן, זי קען זאָגן וואָס זי ווייס. איך נישט. פּשוט דערפֿאַר, ווייל איך ווייס גאָרנישט. איך ווייס גאָרנישט פון דעם וואָס זיי ווילן, אַז איך זאָל זיי אויסזאָגן. די פרוי גייט צו צו דער טיר און גיט אין איר צוויי שטאַרקע קלעפּ מיט איר פאַרמאַכטער פויסט. די געשרייען פאַרטויבן דעם גערויש וואָס זי מאַכט. זי קלאַפּט ווייטער, וואָס אַ מאָל שטאַרקער. ס'איז אָבער אָנצונעמען, אַז דאָס אוממענטשלעכע קול באַמיט זיך צו דערשטיקן די קלעפּ פון דער פויסט, וואָס צעקאַליעטשעט זיך, קלאַפּנדיק אויפן האָלץ. פּלוצעם ברעכט זיך די שטים איין, און די קלעפּ הילכן אָפּ אין דער צוריקגעקומענער שטילקייט. ענדלעך עפנט זיך די טיר. אין דעם ליכט־פירעק שניידט זיך אויס די געשטאַלט פון יונגן אָפיציר.

— איר ווילט אַרויפגיין אין ביוראָ? פרעגט ער זיך רויק.

פון איר זע איך בלויז דעם רוקן. אַ מאָגערער, קליינער שאָטן, אַ ביסל אָן איינגעבויגענער. זי ענטפערט נישט.

— איר האָט זיך נאָך נישט אַנטשלאָסן? זאָגט דער אַנדערער און ער פאַרמאַכט די טיר. איך הער די פרוי רעדן. אַ שושקען, וואָס מען דערהערט עס קוים, וואָס איז פול מיט התלהבות אַזוי ווי אַ תפילה. איך דערנענטער זיך צו איר, איך וויל זי צוריקפירן צום בעט. און ווען כ'בין שוין גאָר נאָענט צו איר, הער איך ווי זי זאָגט:

— מיין גאָט, מאַך אַזוי, אַז ער זאָל שוין אויף אַן אמתן זיין טויט, מיין גאָט, מאַך אַזוי, אַז ער זאָל שוין אויף אַן אמתן זיין טויט.

איך קער זיך אום צום בעט אַליין, איך לייג זיך אַוועק און דעק זיך איבער מיט דער קאָלדרע. איך וועל מער נישט וואַגן זיך דערנענטערן צו דער פרוי. מען הערט ווידער אַ גערויש פון אַן עמער וואַסער, וואָס מען ליידיקט אויס. דערנאָך נעמט הערשן אַ שטילקייט. און די פרוי שרייט:

— זיי האָבן אים דערהרגעט!

זי האָט פאַרגעסן איר תפילה. ווי אַזוי קען אַ מוטער שלום מאַכן מיטן טויט פון איר קינד? נאָך אַ גערויש פון אַן עמער, וואָס מען גיסט אויס. שטילקייט. די פרוי קומט פּאַמעלעך צוריק צום בעט, נאָך אַ מאָל באַלאָדן מיטן טויט פון איר זון.

און די שטים, וואָס מען האָט געמיינט, אַז זי איז אויסגעלאָשן, ווערט באַלעבט פון דאָס ניי. איצט איז עס עפּעס אַ קליין, שרעקלעך שטימעלע, נישט צו דערקענען. זי רייסט זיך שווערלעך אַרויס פון אַ צעפּייניקטן און צעשטערטן גוף. די פרוי הערט זיך צו, זי טוט זיך נישט קיין ריר און שרייט אויס:

— עפנט מיר, איך וועל רעדן!

און די טיר עפנט זיך תיכף. איך האָב געוווּסט, אַז דער אָפיציר איז געבליבן שטיין הינטער דער טיר און האָט געוואַרט. די פרוי דערנענטערט זיך צו אים, גייט אַריין אין ליכט־פּירעק. זי הויבט אויף צום דייטש איר קליין הכנעהדיק פּנימל און זאָגט:

— בינדט אים אָפּ, הער אָפיציר, איך וועל רעדן.

— ביידע וועט איר זיין פריי, זאָגט דער דייטש. און איך שטעל זיך פאַר דעם פיינעם שמייכל אויף זיינע ליפּן. די טיר פאַרמאַכט זיך צוריק הינטער זיי. איך טו אַ זיפץ. ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן. דאָרט האָבן די קרעכצן צוריק באַקומען אַ מענטשלעכן כאַראַקטער. זיי האָבן אים אוודאי אָפּגעבונדן.

און ס׳איז געוואָרן טאָג. ער טיילט אָפּ די פענצטער־קראַטעס איינע פון די אַנדערע. ערגעץ־ווו הילכן אָפּ טריט. מיט איין שפּרונג בין איך לעבן דער טיר. אַ שטילקייט הערשט אין קאָרידאָר. דאַן פאַרשטיי איך, דער גערויש קומט פון דרויסן. איך קריך אַרויף אויפן בענקל און, אָנכאַפּנדיק זיך אין די קראַטעס, שטעל איך זיך אויף די שפּיצן פון די פיס. אין אַ פיר־עקיקן קליינעם הויף שלעפּן צוויי סאָלדאַטן אַ מאַן מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. גאָט צו דאַנק... ער איז קליין און מאָגער. די אומבאַוועגלעכע פיס ווערן מיטגעשלעפּט מיטן קערפּער, וואָס איז איינגעבויגן פאָרויס־צו. פון מאָל צו מאָל הויבן אים די סאָלדאַטן אונטער און איך זע ווי די פיס פאַרלאָזן די ערד. אָנקומענדיק צו דער מויער, לאָזן זיי אים דאָרט איבער און מאַכן עטלעכע טריט אויף צוריק. איך זע זייערע רוקנס. דער מאַן באַוועגט זיך נישט: ער איז ווי צוגענאָגלט צו דער מויער. איך זע נישט זיין פּנים. בלויז דער אָפּגעגאָלטער קאָפּ טיילט זיך דייטלעך אַרויס. דערנאָך קומט אַלץ פאַר אַזוי שנעל, אַז מיר דאַכט זיך, אַז איך זע ווי דער מאַן

פאַלט אַוועק נאָך איידער איך דערהער די שאָסן. איך לאָז אָפּ די קראַטעס און דאָס בענקל גיט זיך אַ וואַקל אונטער מיר. איך געפין זיך מיט די קני אויף ד׳רערד. דאָס ערשטע מאָל פאַרגעס איך זיך און פאַרגעס אין זשאַקן און איך באַוויין דאָס קליינע פאַרמלאָזע פּעקל, וואָס ליגט דאָרט אין הויף ביי דער מויער.

ווען איך הויב זיך אויף, נעמט מיך אין זיין רשות אַריין אַ נייער טאָג. איך ווייס, אַז דער, וואָס מ׳האָט דערשאָסן, איז דער בחור, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געיאָמערט אין דער קאַמער קעגנאיבער. זיין מאַמע וועט אים באַוויינען. זי וועט זיין אומגליקלעך, אָבער אַן אומגליק איז אויך עפּעס, וואָס מען פאַרמאָגט. און איך טרינק די הייסע קאַווע, וואָס דער וועכטער ברענגט מיר אַריין און איך עס דאָס ברויט. און ווען ער קומט מיך נעמען, גיי איך אים נאָך אויפן וועג, וואָס איז מיר שוין גוט באַקאַנט.

אַ ברייטער פאַראַוואַן פאַרשטעלט אַ טייל פון ביוראָ. מ׳וואָלט געזאָגט, אַז דער שיינער אָפיציר איז נאָר וואָס אַרויס פון אַ באָד, אַזוי ציכטיק און ראָז איז ער.

— איך האָף, אַז איר האָט זיך גוט איבערגעלייגט די נאַכט, זאָגט ער, זעצט זיך.

איך זעץ זיך אַוועק אויפן זעלבן פּלאַץ וואָס נעכטן.

— איך הער אייך.

איך קוק אויף דער שיינער האַנט מיט די געפלעגטע נעגל, וואָס שפּילט זיך מיט אַ בלייער.

— איר שפּאַרט זיך איין אויף אַן אמתן? דער ייד, וועלכן מען האָט אַרעסטירט צוזאַמען מיט אייך געפינט זיך דאָ, הינטערן פאַראַוואַן. מען וועט אים שלאָגן אַזוי לאַנג ביז איר וועט רעדן.

— וואָס ווילט איר וויסן? זאָג איך.

— איר אַרבעט פאַר רוסלאַנד, אמת?

— יאָ, זאָג איך, פאַר רוסלאַנד.

— און ער?

— ער האָט קיין שום שייכות נישט מיט דעם ענין.

— גוט, זאָגט ער, איר קענט אים אַהערברענגען, זי וועט רעדן.

און זשאַק גייט אַרויס פון הינטער דעם פּאַראַוואַן. זיין קאָפּ איז נישט אָפּראַזירט. ער איז קוים אַ ביסל בלאַסער ווי געוויינלעך. ער ווענדט זיך צום אָפיציר און זאָגט:

— זי איז קיין מאָל נישט געווען אין דינסט פון רוסלאַנד, זי האָט עס געזאָגט כדי מיך צו דעקן.

איצט גייט אַרויס דער גראָבער אָפיציר פון הינטער דעם פּאַראַוואַן און דערלאַנגט מיט דער פויסט אַ זעץ אין זשאַקס פּנים. ער בילט:

— פאַרשאָלטענער ייד.

דאָס בלוט רינט פון זשאַקס נאָז. ער נעמט אַרויס אַ טיכל און ווישט עס געלאַסן אָפּ.

— הערויס! ריטשעט דער דייטש.

דאַן ווענדט זיך זשאַק צו מיר:

— דער עיקר, פאַרליר נישט דעם קאָפּ און פּרוּוו נישט צו געפינען קיין אויסוועג, דאָס וועט גאָרנישט העלפן. איבעריקנס ביסטו נישט מחויב מיך צו דעקן, מיך, וואָס דו קענסט קוים זינט עטלעכע טעג.

דער דייטש שטופּט אים צו דער טיר און זיי פאַרשווינדן. איך מאַך נישט קיין באַוועגונג.

— און איצט, אַרויס מיט לשון! זאָגט דער יונגער אָפיציר. ער רוקט מיר אונטער פאַר די אויגן אַ רוסישע צייטונג צונויפגעקנייטשט אין צווייען.

— לייענט אָט אַ דאָ.

אַפילו ווען איך וואָלט וועלן, וואָלט איך נישט געקענט. איך קען נישט לייענען קיין רוסיש. מיין קאָפּ אַרבעט מיט אַ פיבערהאַפטער שנעלקייט. הייסט עס, אַז זשאַק, וואָס ווייס אַז ער איז אַ פאַרלוירענער, פּרוּווט נאָך אַלץ מיך אַרויסצוציען פון דעם עסק. דאָס, איז עס, זיין ליבע! לאָזן מיך איינע אַליין, אַליין מיטן טויט, וואָס וועט מיר געטריי נאָכגיין טריט ביי טריט. ניין און נאָך אַ מאָל ניין! דיינע גרויסע זשעסטן. איך רוף עס פּשוט אָן עגאָיזם. איך ווייס, אַז איך דערגרייך דיר נישט צום קנעכל אַפילו. איך ווייס עס. נאָר אפשר וועל איך זיך אויך קענען איצט אַרויסווייזן מיט איינעם אַ שיינעם אומנוצלעכן זשעסט. דערהויפּט, אַז דאָס וועט שוין סיי ווי גאָרנישט ענדערן. אויב איך זאָג, אַז איך קען נישט קיין רוסיש, וועט

מען מיר אַלץ איינס נישט גלויבן... דער אָפיציר ווייזט אַרויס אַ ביסל אומגעדולד.

— נו, צי ווילט איר, מען זאָל צוריקברענגען אייער פריינד?

— ברענגט אים צוריק, זאָג איך. איך האָב עס נישט ליב, אָבער איך מיין, אַז איך וועל זיך מוזן צוגעוווינען. וואָלט עס געווען מיין מאַן אָדער מיין ברודער, אפשר... אָבער נאָך אַלעם, איז ער דאָך נישט מער ווי אַ פרעמדער, וואָס כ׳האָב צופעליק באַגעגנט.

— פון דעסטוועגן, אָט נאָר וואָס... הייבט ער אָן.

— איך האָב געהאַט אַ מינוט פון שוואַכקייט, זאָג איך האַסטיק.

און איך שענק אים אַ שיינעם שמייכל. ער גיט זיך אַ שטעל אויף פאַר מיר.

— לייען, רעוועט ער.

זיין האַנט פאַלט אַראָפּ אויף מיין באַק. דאָס צימער גיט זיך אַ וואַקל, געפינט אָבער באַלד צוריק זיין גלייכגעוויכט. ס׳איז מערקווירדיק, נאָר עס האָט מיר כמעט ווי נישט וויי געטאָן. צוזאַמען מיט דער לופט וואָס איך עטעם אַריין שלינג איך אַרונטער אַ רויִקע, קאַלטע שנאה. דאָס ראָזע פּנים ווי ביי אַ קינד ווערט וויאָלעט.

— לייען.

— איך וועל נישט לייענען. און העפלעך גיב איך צו, צי דאַרף איך זיך אויסטאָן פאַר דעם סעאַנס?

ער ענטפערט נישט. ער קוקט מיך אָן און באַרויִקט זיך. ער ווערט צוריק אַ גוט דערצויגענער מאַן. אַזוי ווי ער זעט איצט אויס, האָב איך גראָד צום מייסטן מורא פאַר אים, ער גייט צו צו דער טיר און עפנט זי.

— קומט דורך דאַנען, זאָגט ער.

מיין נעימותדיקער מוט פאַלט מיט אַ מאָל אַראָפּ. זיי האָבן עפּעס אָפּגעטאָן זשאַקן. ער געפינט זיך הינטער דער טיר און זיי וועלן אים מיר ווייזן. איך ריר זיך נישט פון אָרט. איך בין אומפעיִק זיך אַ ריר צו טאָן.

— קומט, חזרט ער איבער, ווי ער וואָלט מיך פאַרבעטן און ער שמייכלט.

— איך וועל נישט גיין.

איך לאָז אַראָפּ הכנעהדיק דעם קאָפּ. מיין קול איז נעבעכדיק, פול מיט תחנונים, איך בין געצוווּנגען. איך בין אַזוי ווי אַלע, אַ פּחדן און גרייט אַלץ נאָכצוגעבן. דאַן קומט ער צו צו מיר, צווינגט מיך אויפצושטיין און שטופּט מיך מיט אַנטשלאָסנקייט ביז צו דער טיר. איך פאַרמאַך די אויגן.

— שטעקט אַריין אייער גראָבן פינגער דאָ, זאָגט ער.

הייסט עס, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן מיר. הינטער דער טיר איז קיינער נישטאָ. און איך גליטש אַריין מיין גראָבן פינגער אין דער שפּאַרע צווישן דער ראַם און דער טיר. ער פאַרמאַכט זי פּאַמעלעך, ביסלעכווייז. דאָס קלעמען טוט קוים וויי. ער קוקט מיך אָן און איך שיק אים צו אַ שטראַלנדיקן שמייכל, איך בין אים אַזוי שטאַרק דאַנקבאַר, וואָס דאָ פון דער אַנדערער זייט טיר איז קיינער נישטאָ. ער גייט ווייטער פאָרזיכטיק אָן מיטן צוציען די טיר. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער באַמיט זיך מיר נישט וויי צו טאָן. אָבער דער ווייטאָג ווערט דייטלעכער, ער גייט אַרויף לענג אויס פון מיין אָרעם, צעגייט זיך אין מיין קערפּער און שפּאַרט אָן ביז אונטער מיין האַרץ.

— נו, ווי פילט איר ?, וויל ער וויסן.

— אויסגעצייכנט, זאָג איך, איר זענט אַ קינסטלער.

ער ציט ווייטער די טיר. אַ געשריי רייסט זיך אַרויס פון מיין האַלדז, איידער איך האָב צייט אים צו דערשטיקן.

— נאָך אַ ביסל, זאָגט ער, נאָך אַ קליין ביסעלע, איר פילט זיך נאָך אַלץ גוט ?

— וווּנדערבאַר, כ'האָב געשריען פון פאַרגעניגן.

זיין פּנים שרומפּט זיך אַ ביסל צונויף און... פּלוצעם, אין אַ בליץ, פאַרשווינדן די טיר, מיין האַנט און דער דייטש. מיט אַ מאָל ליג איך אָן אויסגעצויגענע אויפן דיל. איך הייב זיך אויף. ביים עק פון מיין האַנט וועגט אַראָפּ אַ ריזיקער פינגער וואָס ווערט כסדר גרעסער. ווי אַזוי האָב איך נאָך כוח אים אויפצוהייבן ?

— ווייזט מיר אייער האַנט, זאָגט דער שיינער אָפיציר. איך טו אַריין מיין לינקע האַנט אין דער רעכטער און הויב זי אויף, מורא האָבנדיק צו קוקן אויף איר.

— מען דאַרף דעזינפעקטירן, זאָגט ער, דער נאָגל איז צעבראָכן און איז אַריין אין פליש.

און ער באַנדאַזשירט מיך מיט דער זעלבער געשיקטקייט, דער זעלבער מילדקייט און געוויסנהאַפטיקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן נעכטן. איך קען זיך נישט איינהאַלטן צו קרעכצן.

— פאַרטיק, זאָגט ער, איר קענט אַרונטערגיין.

ווען מיר קומען צוריק אין מיין קאַמער, גיט מיר דער וועכטער אַ ציגאַרעט, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. איך פרעג:

— ווו איז דער מאַן, וואָס מען האָט געבראַכט מיט מיר?

ער ענטפערט נישט.

— איך בעט איך...

— ער איז אין זיין קאַמער, זאָגט ער ענדלעך און גייט אַוועק.

איך צי זיך אויס אויפן בעט און רויכער, באַקוקנדיק מיין שיינעם באַנדאַזש. אונטער אים שטיקט זיך דער וויטאָג און וויל דורכויס זיך אַרויסבאַקומען. עס ווערט אומדערטרעגלעך. איך הויב זיך אויף און גיי אַרום. מיין געזונטע האַנט האַלט אונטער די אַנדערע. דער פאַרוווּנדעטער פינגער לענט זיך אָן אויף מיין אַקסל אַזוי ווי אַ קעפּעלע פון אַ קינד, וואָס כ׳וואָלט געטראָגן אין מיינע אָרעמס. און איך הויב ווידער אָן צו קרעכצן. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז דאָס באַרויִקט אים, וויגט אים איין. ווען איך בין שוין צו מיד, זעץ איך זיך אַוועק און נעם זיך הוידען אַזוי ווי ס׳טוען עס די מאַמעס, כדי איינצושלעפערן זייער קינד.

אויף איין מאָל הער איך אויף. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז כ׳האָב געהערט אַ געשריי. מען וואָלט געזאָגט, אַז אַ קליין חיהלע קראַצט די וואַנט, אפשר אַ מייזעלע. כ׳וואָלט געוווען אַזוי גליקלעך עס צו זען. איך נישטער אַרום די קאַמער מיט מיינע אויגן: נישטאָ גאָרנישט. דער גערויש הערט אויף.

איך לייג זיך ווידער אַוועק. כ׳טו עס זייער פאָרזיכטיק.

כ׳פאַרמאַך די אויגן. דאַן לאָזן זיך הערן גאָר נאָענט פון מיין קאָפּ דריי זייער לייכטע קלעפּ. איך לייג צו דאָס אויער צו דער וואַנט. פון יענער זייט קלאַפּט עמעצער. איך רוק זיך אַ ביסל צוריק. איצט הערן זיך די קלעפּ דייטלעך.

איך פון מיין זייט, קלאַפּ דריי מאָל מיט מיין פויסט אויפן זעלבן אָרט. דער ענטפער קומט גלייך. דערנאָך אַ פּאַרטויבט קול: „איר הערט מיך״? — „יאָ, איך הער — אין ווינקל איז פאַראַן אַ לאָך״. און איך זע טאַקע דאָס לאָך. איך שטופּ אַ ביסל אָפּ דאָס בעטל און זעץ זיך אַוועק אַזוי, אַז די עפענונג זאָל זיך געפינען אויף דער הויך פון מיין מויל. „איר זענט דאָ? פרעגט דאָס קול — יאָ איך בין דאָ. — וואָס האָבן זיי אייך געטאָן? — זיי האָבן מיר צעקאַלעטשעט אַ פינגער — דאָס דאַרף אייך זייער וויי טאָן — יאָ, דאָס טוט זייער וויי — איך האָב אייך געהערט אַרומגיין און קרעכצן. ווען מען שטאָפּט אויף דאָס לאָך און מען שטייט נאָענט, הערט מען אַלץ. — ס׳טוט מיר אַזוי וויי — מען דאַרף צולייגן אַ קאָמפּרעס, דאָס מאַכט לייכטער — איך האָב אַ באַנדאַזש — מען דאַרף אַ קאָמפּרעס מיט וואַסער. האָט איר אַ נאָזטיכל? מיינס איז צו שמוציק — איך האָב אַ נאָזטיכל — דערלאַנגט עס מיר דורכן לאָך, איך האָב וואַסער״.

צוויי מינוט שפּעטער קומט מיר צוריק דאָס נאַסע נאָזטיכל. „וויקלט דערמיט אַרום אייער פינגער, זאָגט ער — איך האָב מורא אַנצורירן — מען מוז. אויב איר קענט נישט טאָן אַנדערש, ציט אַראָפּ דעם באַנדאַזש מיט איין מאָל. פאַרבייסט די ציין און טוט עס מיט איין פעסטן צי״. איך קוק אויף מיין פינגער, און וואָג זיך נישט צוצורירן צו אים. „איך קען נישט, זאָג איך, — אָבער מען מוז עס טאָן. שפּעטער וועט אייך ווערן לייכטער״. איך דערנענטער מיין באַנדאַזש צו מיין מויל און כאַפּ אים אַן צווישן די ציין. העלפנדיק זיך מיט דער אַנדערער האַנט, גיב איך אַ צי, דער באַנדאַזש בלייבט מיר אין מויל. כ׳באַטראַכט מיין פינגער: ער איז גאַנץ. בלויז דאָרט וווּ ס׳איז פריִער געווען דער נאָגל, איז פאַראַן אַ רויטע ווייכע ווונד. ווען מען קוקט דערויף מאַכט עס נישט קיין באַזונדערן איינדרוק. איך וויקל אַרום דעם פינגער מיטן טיכל. ס׳טוט נאָך מער ווי ווי פריִער, זאָג איך — דאָס איז דער ערשטער קאָנטאַקט מיטן וואַסער, אַ ביסל שפּעטער וועט ווערן בעסער, מען דאַרף נעצן דאָס טיכל זייער אָפט״.

זיצנדיק אויפן בעט, הויב איך ווידער אָן צו וויגן מיין פינגער. ס׳גייט אַוועק אַ שטיקל צייט און דער ווייטאָג ווערט ווייניקער שאַרף. „צי זענט איר דאָ? טו איך אַ זאָג — יאָ איך בין דאָ. כ׳האָב אייך נישט געוואָלט

פאַרמאַטערן — איך מיין, אַז ס׳הויבט מיר אָן צו ווערן בעסער״. פּלוצעם דערפיל איך אַ פאַרלאַנג צו רעדן. כ׳נעם רעדן און איך רעד וועגן לעבן און טויט, וועגן דער אוממעגלעכקייט, וואָס מען האָט, זיך פולקאָם צו רעאַליזירן, וועגן די אומנוציקע קאַמפן פון ווילן. איך לאָז זיך אַריין אין אַזעלכע קאָמפּליצירטע זאַצן, אַז זיי נעמען נישט קיין סוף. איך פאַרליר מיינע געדאַנקען און אַנשטאָט זיי געפין איך בלויז ווערטער. איך פאַרפלאָנ־טער זיך, כ׳ווער צעטומלט און ווייס נישט מער וואָס איך רעד. ווען איך הער אויף, נעמט הערשן אַ פולע שטילקייט. „איר זענט נאָך אַלץ דאָ?״, זאָג איך און בין ווידער גרייט זיך אַריינצולאָזן אין אַ נייער רעדע. דאָס קול דערגייט צו מיר פון דער ווייטן. „כ׳האָב אַלץ געהערט, אָבער איך האָב נישט קיין בילדונג. איך קען נישט פאַרשטיין. — ס׳איז גאָרנישטאָ וואָס צו פאַרשטיין, זאָג איך. אָפט מאָל זאָגן מענטשן אַבי וואָס, ווען זיי האָבן אַ באַדערפעניש צו רעדן. — ניין, ניין, דאָס איז מיין שולד. איך בין אומפעיִק צו פאַרשטיין. און איך האָב מורא, כ׳האָב זייער מורא״. מיין האַלדז פאַרקלעמט זיך. „מאַדאַם, רופט ער, מאַדאַם״. איך קען נישט ענטפערן. לענג־אויס מיינע באַקן פליסן טרערן, וואָס שטאַמען פון דעם געפיל פון אומבאַהאָלפנקייט און פון רחמנות, וואָס צערייסט מיך. „מאַדאַם״... דאַן זאָג איך אים: „איר האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, איר האָט פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט. דאָס אַלץ האָט פשוט געמיינט, אַז אויך איך האָב מורא, זייער מורא אַזוי ווי איר, אַזוי ווי מיר אַלע דאָ״. און איך זוך אים נישט צו פאַרהוילן אַז איך וויין. „מען דאַרף נישט וויינען, זאָגט ער. עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן באמת נישט מורא. — אַלע האָבן מורא, נאָר יעדער אויף זיין שטייגער. — הער זשאַק, ער האָט נישט קיין מורא״. מיין האַרץ שטעלט זיך אָפּ. — ווער איז דאָס? — ער געפינט זיך אין דער אַנדערער קאַמער, דערנעבן... מיר רעדן. ער רעדט אַ סך פון אייך, מאַדאַם״. קיין שום קלאַנג וויל נישט אַרויס פון מיין האַלדז. „אמת, אַז ער איז אַרעסטירט געוואָרן מיט אייך? ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אייער קאַמער באַדאַרף זיך געפינען לעבן מיינער״ — יאָ, זאָג איך ענדלעך. — אויב איר ווילט אים עפּעס זאָגן, וועל איך עס אים איבערגעבן און וועל אייך זאָגן זיין ענטפער״. איך שווייג. ערשט איצט, מיט אָט דער פאַרבינדונג צווישן אונדז,

גיב איך זיך אָפּ אויף אַן אמת אַ רעכענונג, אַז ער איז דאָ, גאָר נאָענט, פֿאַרמאַכט און אַז ער וואַרט אויפֿן טויט. זיכער האָב איך עס געוווּסט, נאָר עס איז געווען אַזוי שווער זיך אָפּצוגעבן אַ רעכענונג, צו גלויבן, אַז דאָס איז וואָר. איצט ווערט אַלץ נאָענט, לעבעדיק, רעאַל. ער איז דאָ דערנעבן, איך קען צו אים רעדן און ער קען מיר ענטפֿערן. און יענער, וואָס ער זאָגט, אַז ער האָט נישט קיין מורא. אָט דאָס שרעקט מיך צום מייסטן איבער, ווייל אויב ער האָט אין דער אמתן נישט קיין מורא, דאַן וואָלט ער שוין מער נישט אָנגעהערט צום מענטשלעכן מין, ער וואָלט אונדז שוין געהאַט פֿאַרלאָזט. און איך דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב אין דער פֿאַרגאַנגענהייט שוין געהאַט מערערע מאָל דאָס זעלבע געפֿיל. ס׳איז צו גלויבן, אַז שוין פֿון לאַנג האָט מען אים צוגעגרייט צו דעם. „איר ווילט אים גאָרנישט זאָגן, מאַדאַם? איך בין זיכער, אַז דאָס וועט אים פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן״. אַ פֿרעמדער פּרוּווט מיך איבערצייגן, איך זאָל זיך אַרויסוויַיזן גוט צו זשאַקן. „זאָגט אים, אַז מיט מיר איז אַלץ ווי צום בעסטן, דער עיקר, קיין איין וואָרט נישט וועגן פֿינגער — איך וואָלט אים סיי ווי דאָס נישט געזאָגט״ שושקעט ער. און ער וואַרט און איך גיב מיר אָפּ אַ חשבון, אַז איך, וואָס וואָלט אָפּגעגעבן דעם רעשט פֿון מיין לעבן, כדי זיך צו געפֿינען לעבן אים, כאָטש בלויז איין שעה, געפֿין מער גאָרנישט אים צו זאָגן. „פֿרעגט אים נאָך, גיב איך צו, צי ער האָט אַ בעט? — אַ בעט? — און דאָס קול איז דערשטוינט — נאַטירלעך האָט ער אַ בעט. אַלע דאָ האָבן אַ בעט און אַ קאָלדרע. — פֿרעגט אים צי ס׳האָט אים שטאַרק ווי געטאָן — איך קען עס אייך זאָגן. מען האָט אים נישט געשלאָגן. בלויז דראָונגען, פּעטש, אָבער דאָס רעכנט זיך נישט״. און ער וואַרט אַלץ. „טאָ זאָגט אים פּשוט, אַז ביי מיר איז אַלץ כשורה״. ווען ער קומט צוריק צו מיר, באַקום איך זיינע ווערטער גלייך אין אויער אַריין. „ער קושט אייך זייער שטאַרק. ער זאָגט, אַז איר דאַרפֿט זיך אין גאָרנישט מודה זיין, אַז ס׳עקזיסטירט נישט קיין שום באַוויַיז קעגן אייך, איר דאַרפֿט זיין מוטיק אפֿילו אויב מען וועט אייך שלאָגן. אויב איר לייקנט אין אַלץ, וועלן זיי אייך סוף כל סוף אַרויסלאָזן. — איך פֿאַרלאַנג נישט מען זאָל מיך אַרויסלאָזן, זאָג איך. צי ווייסט איר, אַז ער וועט שטאַרבן? — יאָ, איך ווייס עס, ער האָט עס מיר געזאָגט,

אָבער ער זאָגט אויך אַז דאָס איז ווייניקער שווער ווי ווייטער אָנצוגיין אַזוי". איצט באַקום איך לייכט טרערן און ס'דאַכט זיך מיר, אַז זיי וועלן שוין מער קיין מאָל נישט אויפהערן צו רינען. — „זאָגט אים, אַז ס'איז נישט יושרדיק פון זיין זייט מיך צו לאָזן דאָ אַליין". איך וויש אָפּ מיין פּנים און מיין נאָז מיטן באַנדאַזש, וואָס איז געבליבן אויפן בעט. איך ווייס, אַז כ'האָב נאָך נישט אָנגעהויבן אויף אַן אמת צו ליידן. איך גלויב נישט אין זיין טויט. איך רעד דערפון, אָבער גלויב נישט דעריך. איך וויין אַזוי ווי עס וויינען קינדער, וואָס האָבן אַ פּאַרדרוס און לעבן אים איבער זייער שטאַרק, כדי עס זאָל זיך גיכער פאַרענדיקן. און ווען דער מאַן קומט צוריק מיט די ווערטער פון זשאַקן, האָב איך שוין געהאַט אויסגעשעפּט מיינע טרערן. „ער זאָגט, אַז קיין שום פּיין קען לאַנג נישט פאַרבלייבן ענלעך צו זיך אַליין, אַז ס'איז נויטיק אויסצוהאַלטן די ערשטע צייט, מחמת שפּעטער גיט מען זיך אַן עצה, ער זאָגט, אַז אַזאַ איז שוין דער מענטש און אַז ער דאַרף זיך נעמען אַזוי ווי ער איז. און ער האָט אויך געזאָגט: „זאָגט איר, אַז די צייט איז געקומען פאַר איר צו ליידן, אַז זי דאַרף זיך אויפפירן ווי אַ דערוואַקסענע. זאָגט איר, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב צו איר אַ בקשה". איך ענטפער נישט. „מאַדאַם, זאָגט דער שכן, מאַדאַם"...

„דאָס אַלץ האָט נישט קיין האַפט, זאָג איך ענדלעך, מען וועט פון דאַנען נישט אַרויס. — יאָ, ס'טרעפט אַ מאָל, אַז מען גייט אַרויס. איך בין שוין פאַרשפּאַרט אַ נישקשהדיק לאַנגע צייט. הער זשאַק איז גערעכט. מען דאַרף אין אַלץ לייקענען. מען דאַרף זיך האַלטן — און איר, איר האַלט זיך? פרעג איך אים — איך ווייס נישט, איך האָב זייער מורא, אָבער פון דעסטוועגן פּרווו איך — זעלבסטפאַרשטענדלעך, זאָג איך, איר זענט יונג, איר האָט ליב דאָס לעבן, מען וואַרט אויף איך אין דרויסן... אין אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט איך אויך אויסגעהאַלטן — קיינער וואַרט נישט אויף מיר — אָבער איר פאַרלירט נישט דעם, וועלכער שטעלט פאַר איך פאַר דעם איינציקן זין צום לעבן. — ניין איך פאַרליר קיינעם נישט, איך האָב קיינעם נישט צו פאַרלירן. — זענט איר, אַזוי אַרום, געוווינט צו זיין אַליין — דאָס לערנט מען זיך אויס. אויך איר קענט זיך עס אויס־

לערנען״. מיר שווייגן אַ ווײַלע, דערנאָך פרעגט ער מיך: „וואָס זאָל איך אים זאָגן אין אײַער נאָמען? — בעט אים צו ענדערן דעם שמועס. אַלץ וואָס ער זאָגט האָט נישט קיין משמעות. נישטאָ די מינדעסטע האָפענונג אַרויסצוגיין פון דאַנען. אויב איך לייקן אַזוי ווי ער בעט מיך, אָדער נישט, זע איך נישט אײַן וואָס דאָס קען ענדערן. זיי וועלן תמיד האָבן געגנוג באַווייזן. זאָגט אים, אַז די מאַפּע פון פּראַגט האָבן זיי געפונען ביי אונדז — איך וועל אים זאָגן״. יעדעס מאָל, ווען ער פאַרלאָזט מיך, פאַרשטאָפּט ער צוריק דאָס לאָך, צוליב פאַרזיכטיקייט, איך פאַרשטיי אים זייער גוט. איך באַדויער עס אָבער, ווייל צוטוענדיק מײַן אויג צו דער עפענונג, וואָלט איך געקענט זען די מויער הינטער וועלכער ס׳געפינט זיך זשאַק.

מײַן פינגער טוט מיר אויפסניי וויי. איך דאַרף אים ווידער בעטן אײַנצעצן דאָס טיכל. פאַר וואָס, אַז מען האָט עמעצן ליב, ווינטשט מען אים, ער זאָל לאַנג לעבן? צי איז עס אין דער אמתן אַ סימן פון ליבע? און אויב דאָס לעבן דאַרף זײַן אומדערטרעגלעך? פאַר וואָס זאָגט מען נישט: „איך ווינטש דיר, זאָלסט שטאַרבן ווי צום שנעלסטן, ווייל איך האָב דיך ליב און דאָס לעבן איז פאַר דיר פּײַנלעך?״

דער מאַן קומט צוריק. „ער וויל בלויז, זאָגט ער, אײַער צוזאָג, אַז איר וועט אין אַלץ לייקענען. ער פאַרלאַנגט פון אײַך מער גאָרנישט. — איר ווייסט דאָך גוט, אַז דאָ קען מען גאָרנישט צוזאָגן. זיי האָבן באַזונדערע מעטאָדן. — ער זאָגט, אַז איר זענט זייער אַ מוטיקע און ער איז איבער־צייגט, אַז אויב איר ווילט, וועט איר קענען אויסהאַלטן. ער בעט אײַך, איר זאָלט וועלן אויסהאַלטן. — דאָס וועט גאָרנישט העלפן. — ער ערגערט זיך זייער. ווי עס זאָל נישט זײַן, אויב איר גלויבט, אַז דאָס קען גאָרנישט ענדערן, פאַר וואָס זאָלט איר טאַקע נישט צוזאָגן?

ער האָט מיר אויך געזאָגט: „אויב זי האָט מיך באמת ליב, וועט זי דאָס טאָן״. איך פאַרקוועטש מײַנע ציין כדי נישט צו שרייען. ס׳איז נישט איבערצוטראָגן. כדי צו מאַכן אַ סוף, זאָג איך יאָ. איך ווייס שוין מער נישט וואָס איך נעם אויף זיך. איבעריקנס האָט עס קיין שום באַטייט נישט. איך זאָג יאָ, כדי צו האָבן מנוחה. און דער אומבאַקאַנטער צווישן אונדז ווערט מיר דערווידער. ס׳זעט מיר אויס, אַז די ווערטער, וואָס ער ברענגט

מיר, געהערן נישט מער צו זשאַקן. אפשר ענדערט ער זיי. ער קען זיי לינדערן ווי ער וויל, אָדער זיי מאַכן אכזריותדיקער. ס'איז פֿאַר אים אַ שפּיל, וואָס צעשטרייט אים אין זיין איינזאַמקייט. „ווילט איר אַזוי גוט זיין און נאָך אַ מאָל נאָס מאַכן דאָס טיכל? — זעלבסטפאַרשטענדלעך, זאָגט ער, מען דאַרף עס אָפּט איינגעצן". ס'דאַכט זיך מיר, אַז אין זיין תשובה איז פֿאַראַן אַ ביסל צו פֿיל דינסטגרייטקייט און פֿאַר וואָס זאָל ער נישט זיין איינער פֿון די פֿאַרשווינען, וואָס מען באַנוצט אין די תפיסות, כדי צו דערפֿירן מענטשן זיי זאָלן זיך מודה זיין? אויב אַפֿילו דאָס איז אַזוי, אַרט דאָס מיך קנאַפּ. וואָס קען דאָס ענדערן? ער דערלאַנגט מיר דאָס באַנעצטע טיכל און איך וויקל עס אַרום מיין פֿינגער. איך דערפֿיל אַן אמתע דערלייכטערונג.

דער מאַן האָט זיך דערווייטערט, נאָר דאָס מאָל האָט ער פֿאַרגעסן צו פֿאַרשטאָפּן דאָס לאָך. מיין פֿינגער גייט אַדורך. דאַן בויג איך זיך איין און קוק. איך זע אים דייטלעך: אַ קליין הייקערל מיט אַ גרויסן אָפּראַזירטן קאָפּ. זיינע הענט האַלט ער פּלאַטשיק אָנגעלענט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט — צוויי גרויסע און שיינע הענט, וואָס מ'וואָלט געזאָגט, אַז זי געהערן צו אַן אַנדער קערפּער — און ער רעדט. איך וואַרט. איך דאַרף זען אַ פּנים אויף אָט דעם קערפּער פֿון אַ קריפּל. איך דאַרף עס פֿאַר יעדן פּרייז, כדי זיך צו באַפֿרייען פֿון דעם קאָשמאַר־געפֿיל, וואָס רופֿט אין מיר אַרויס אַ מורא. איך אַנטדעק דאָס פּנים, בעת ער קומט צוריק צו מיר: דער אומגעלומפּערטער קערפּער פֿאַרמאָגט אַ יוגנטלעך פּנים, טראַגיש אויסגעצויגן דורך זיין נאַקעטן שיידל, פֿון וועלכן ס'קריכן אַרויס גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן. איך האָב דעם איינדרוק, אַז ער קוקט אויף מיר. איך טו זיך אַ וואָרף אויף צוריק.

„צי זענט איר דאָ? זאָגט ער. — יאָ — איך האָב מיט אים גערעדט. ער איז צופֿרידן — מיין הער, זאָג איך, איר הערט מיך, מיין הער? — יאָ, איך הער אייך זייער גוט. — איך וויל אייך דאַנקען פֿאַר אַלעם. פֿאַר דעם טיכל און פֿאַר אים. איך בין געווען אַ ביסל האַרט אַ ווילדע צוריק, אָבער... איך וויל אייך דאַנקען, ווייל איר זענט געווען אַזוי גוט צו אונדז. — איר דאַרפֿט עס נישט. — איך בין גליקלעך, וואָס כ'בין נישט אַליין. פֿריער איז

אייער קאַמער געווען לײדיק און פון דער אַנדערער זייט איז געזעסן אַן אַלטער, וואָס האָט נישט געוואָלט רעדן מיט מיר״. דערנאָך פרעגט ער מיך: „צי האָט איר זייער מורא געהאַט די נאַכט? — עס איז געווען זייער אַ לאַנגע נאַכט, זאָג איך. — זיין מאַמע איז געווען מיט אייך — צי ווייסט איר, אַז מען האָט אים דערשאָסן? — יאָ, איך האָב עס געזען — זיי טוען עס תמיד ביים טאָג־באַגינען, טייל מאָל אַפילו אַ ביסל פריער. איך קוק זיי נאָך. — און די אַלטע, וואָס האָבן זיי מיט איר געמאַכט? — זיי האָבן זי מסתמא פריי געלאָזט — האָט זי, הייסט עס, בחינם אויסגעגעבן די אַנדערע. — זי האָט גערעדט? — יאָ, זי האָט גערעדט.״ דאָס קול פון קליינעם מאַן נעמט גרילצן: „אַזאַ פּאַסקודסטווע! זי איז טאַקע נישט מער ווי אַ פּאַסקודסטווע. — איך גלויב נישט, זאָג איך. — דאָס קינד האָט אַלץ איבערגעטראָגן, כדי זיי צו דעקן און זי האָט זיי אַרויסגעגעבן. איך זאָג, אַז זי איז אַ פּאַסקודסטווע. — אויב איר וואָלט די נאַכט פאַרבליבן מיט איר, וואָלט איר דאָס נישט געזאָגט. די מענטשלעכע כוחות האָבן אַ גרענעץ. איך אַליין ווייס נישט וואָס איך וואָלט געטאָן אויף איר אָרט.

— איר וואָלט אַזאַ זאַך נישט געטאָן. (און זיין שטים נעמט אָן אַן אַקצענט פון פחד). איר וואָלט דאָס נישט געטאָן. — דאָס איז גאָרנישט זיכער, זאָג איך. — אָבער איר האָט דאָך פּאָרט איבערגעטראָגן, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן אייך אָנגעטאָן, אייער פינגער... — אַוודאי, אָבער דאָס איז דערפאַר, ווייל איך ווייס, אַז מיר האָבן מער גאָרנישט צו פאַרלירן, אַז אַלץ איז שוין פאַרלאָרן. דאָס איז אַ סך לייכטער״. ער הערט זיך נישט צו צו מיינע רייד און חזרט איבער: „איך בין זיכער, אַז איר וואָלט עס נישט געטאָן, ניין, איר וואָלט עס נישט געטאָן. איך קען אייך. הער זשאַק האָט מיר דערציילט וועגן אייך״. כדי אים צו באַרויִקן, זאָג איך: „גאָך אַלעמען איז מעגלעך, אַז איך וואָלט עס אפשר נישט געטאָן״. — „איר זעט, זאָגט ער מיט אַזאַ דערלייכטערונג, אַז עס ווערט מיר קלאָר, אַז כ׳האָב נישט באַדאַרפט צו אים נאָר וואָס אַזוי רעדן. — „האַלט אייער האַנט אונטערן לאָך״, זאָג איך צו אים און איך לאָז פאַלן דריי צוקערלעך אויף דער אַנדערער זייט. „וואָס איז דאָס? פרעגט ער מיך — צוקערלעך״. נאָך אַ שווייגן, זאָגט ער: „איך באַדויער, אָבער עס איז נישט פאַראַן קיין

לאַך אין דער אַנדערער וואַנט. איך וועל זיי נישט קענען איבערגעבן דעם הער זשאַק. — דאָס איז פאַר אייך". אַ שטילקייט פאַלט ווידער צו צווישן אונדז. אַ ווילע שפּעטער זאָגט ער: „זיי זענען זייער גוט, ווילט איר מיר ווידער געבן אייער טיכל? — מיין פינגער טוט מיר אַ סך ווייניקער וויי", זאָג איך אַדורכשטופּנדיק דאָס טיכל.

מען ברענגט די זופּ און בעת איך עס, טראַכט איך, אַז אין זעלבן מאָמענט עסן זשאַק און דאָס הייקערל די זעלבע זופּ. דער געדאַנק, אַז מיר וועלן אין גיכן שטאַרבן, זעט מיר אויס צו זיין אומגלויבלעך. אומגלויבלעך און נאַריש, זעלבסטפאַרשטענדלעך וועלן מיר זיך אַרויסדרייען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן. די רוסן וועלן קומען אין דער לעצטער מינוט, אָדער מען וועט זיך פּלוצעם דערוויסן, אַז ס'איז פאַרווערט צו הרגענען יידן. עפּעס וועט געשען, דאָס איז זיכער. ווי אַזוי וואָלט מען דען געקענט עסן מיט אַזאַ צופרידנקייט, אויב מען וואָלט אויף אַן אמתן געדאַרפט שטאַרבן?

אַ שעה שפּעטער קומט נאָך מיר דער סאָלדאַט. אין ביוראָ ווייזט מיר דער שיינער אָפיציר אַ פאָטאָגראַפיע פון וויקן.

— מען האָט דאָס געפונען אין אייערע זאַכן, זאָגט ער. דאָס איז געווען אייער פריינד? ער האָט מיטגעאַרבעט מיט אייך?

— ניין, זאָג איך, איך האָב אים קוים געקענט.

— איר קענט רעדן פריי, ער האָט זיך אין אַלץ מודה געווען.

איך פאַרשטיי, אַז די פאָסטקע אין אַ נאַרווע.

— איך קען אים זייער ווייניק און דאָס וואָס ער האָט אייך דערציילט גייט מיך זייער קנאַפּ אָן.

דאַן פירט דער סאָלדאַט אַריין וויקן. ער שמייכלט צו מיר פריינדלעך:

— גוט מאָרגן, מאַניאַ.

דער אָפיציר זאָגט:

— זי טענהט, אַז זי קען אייך קוים און אַז איר זענט נישט פאַרמישט אין דער שפּיאָנאַזש־געשיכטע.

— ס'איז קיין מאָל נישט געווען קיין שום שפּיאָנאַזש־געשיכטע.

— ווי אַזוי קענט איר עס וויסן? איר קענט זי דאָך זייער ווייניק?

— איך קען זי פון זייער לאַנג. זי איז געווען מיין געליבטע. פרעגט

איך נאָך, ווען מען איך זאָגן און וואָס שייך דער מעשה מיט די רוסן איז עס אַן אַבסורד.

— פאַר וואָס האָט זי זיך נישט מודה געווען, אַז זי קען איך אַזוי גוט?

— איר ווייסט דאָך, אַז קיין שום פּרווּ איז זיך נישט לייכט מודה צו אַזעלכע זאַכן.

— איר קענט זיך צוריקציען.

וויק ווענדט זיך צו מיר:

— אַדיע, מאַניאַ, נעם זיך נישט צו פיל איבער. אַלץ אָרדנט זיך סוף כל סוף איין, אַזוי צי אַנדערש.

איך קוק אויף אים גלייך און רעד נישט אויס קיין וואָרט. ווען ער איז פאַרשוווּנדן, נעמט מיך ווידער אַרום אַ פּחד. מען רעדט שוין אַפילו נישט וועגן זשאַקן: זיין גורל איז אַ געחתמעטער.

— צי איז אמת דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט? פרעגט דער אָפיציר.

— יאָ, ס'איז אמת, זאָג איך. און איך גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז אומבאַוווּסטזיניק פּרוּוו איך דאָך ראַטעווען מיין הויט.

— איר האַלט אַלזאָ מיך פאַר אַזאַ באַזיון? און די מאַפּע? נו, זייט זיך מודה, ווייל דאָס איז פאַר איך דער איינציקער אופן זיך צו ראַטעווען.

די דרייסטקייט און די שנאה שווימען אין מיר אַרויף פון דאָס ניי. ס'איז נאָך גאָרנישט פאַרענדיקט און מיין לאַגע איז אַלץ די זעלבע: אָן אַן אויסוועג.

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

— איר האָט געהערט די נאַכט, דאָס ייִנגל, וואָס האָט פּונקט ווי איר, אַרויסגעוויזן אַ שלעכטן ווילן און ווען מיר זענען געווען געצוווּנגען צו געבן אַ קליינע לעקציע. גיט אַ טראַכט וועגן דעם.

דער סאָלדאַט פירט מיך צוריק אָפּ און לאָזט מיר נאָך אַ ציגאַרעט. ווען איך בלייב אַליין, רוף איך צו דעם הויקער און דערלאַנג אים אַ העלפט פון ציגאַרעט. דערנאָך דערצייל איך אים ווי אַזוי וויק און איך זענען געוואָרן קאָנפראָנטירט און ווי אַזוי ער האָט געפּרוּווט מיך צו דעקן. ער גיט איבער מיינע ווערטער זשאַקן און קומט צוריק מיט אַן אָפּטימיסטישער תשובה: זשאַק איז איבערצייגט, אַז אַלץ וועט זיך גוט ענדיקן פאַר מיר.

אויב דער געדאַנק, אַז איך וועל בלייבן לעבן, קען אים ברענגען אַ פּאַר־לייכטערונג, איז כדאַי אים צו דערהאַלטן ביי דער אילוזיע. „זאָגט זשאַקן, אַז אויך איך גלויב איצט, אַז אַלץ וועט זיך גוט ענדיקן".

ווען עס איז נישט מער געבליבן פון טאָג ווי אַ ביסעלע ליכט אָנגעהאָנגען אין דעם קאַמער־פענצטערל, זאָגן מיר זיך אַלע דריי מערערע מאָל אַ גוטע נאַכט. דער הויקער און איך זאָגן זיך קעגנזייטיק צו זיך אויפצוּוועקן, אויב עס וועט עפּעס די נאַכט פּאַרקומען. אָבער די נאַכט גייט אַדורך רויִק.

צו מאָרגנס קומט מען נאָך מיר און איך ווער געשלאָגן. איך פּרוביר נישט מער זיך צו שפּילן מיט מיין שטאָלץ. איך לאָז מיך פאַלן אויף דער ערד און דעק צו דעם קאָפּ מיט מיינע אָרעמס. איך באַמי זיך צו אָנטשפּאַ־נען וואָס מער מיינע מוסקלען. ווען ס'איז געענדיקט, העלפט מען מיך זיך אויפהויבן און מען באַנדאַזשירט אויפסניי מיינע ווונדן.

אין מיין קאַמער, ליגנדיק אויפן בויך, הער איך די שטים פונעם הויקער, אַ זייער נאָענטע און צערפּולע. איך האַלט זיך נישט איין און באַקלאָג זיך און זאָג אים ווי שטאַרק עס טוט מיר וויי.

— פּרוּווט אויסצוהאַלטן, טייערע פרוי, פּרוּווט אויסצוהאַלטן. איך ווייס, אַז עס טוט אייך וויי, אָבער אין אַ שעה אַרום וועט אייך שוין זיין בעסער, נישט מער ווי אַ קליינע שעה.

די מילדקייט פון דעם קול רופט ביי מיר אַרויס טרערן און דאָס וויינען מאַכט מיר גרינגער. איך וויין איבער זיך אַליין, איבער מיין צעמזיקטן רוקן. כ'ווער איינגעוויגט דורך די מיטפילנדיקע ווערטער, וואָס פליסן אַראָפּ פון דער וואַנט.

דערנאָך זאָגט ער:

— הער זשאַק קלאַפּט, ער רופט מיך. מיט אַ מאָל הער איך אויף צו וויינען.

— דער עיקר זאָגט אים גאָרנישט. — ער האָט געהערט, ווען מען איז געקומען נאָך אייך. — אויב אַזוי, זאָגט אים, אַז מען האָט מיך ווייטער אויסגעפרעגט און אַז איך האָב אין אַלץ געלייקנט, אַזוי ווי איך האָב אים צוגעזאָגט. — גוט, איך וועל אים זאָגן. — וואַרט צו, טו איך אַ געשריי, גיט

מיר אייער וואָרט, אַז איר וועט אים נישט זאָגן, אַז מען האָט מיך געשלאָגן. — איך גיב אייך מיין וואָרט. און כ׳קען זיך נישט איינהאַלטן צוצוגעבן: „קומט דערנאָך צוריק, בלייבט מיט מיר״.

ווי נאָר ער פאַרלאָזט מיר, הייב איך ווידער אָן צו וויינען, אָבער איך געוווין זיך שוין צו צו דעם ווייטאָג און כ׳דערפיל ווידער אַ קעלט. איך געפין אַ צוקערל און וויינענדיק וואַרף איך עס אַריין אין מויל. דערנאָך צי איך פאַמעלעך אַריבער איבער זיך די קאָלדרע. דער הויקער קומט צוריק און זאָגט מיר, אַז זשאַק איז זייער צופרידן, זייער שטאָלץ פון מיר. — פּרוּווט אַ ביסל שלאָפן, איך בלייב לעבן אייך. — איך וועל פּרוּוון, זאָג איך, אָבער איך בעט אייך, דערציילט מיר עפּעס. — איך וואָלט געוואָלט, אָבער... איך האָב קיין מאָל נישט געלייענט עפּעס אַנדערש ווי פּעליעטאָנען און דערפון איז מיר אויך ווייניק וואָס פאַרבליבן אין זכרון... — דערציילט וואָס עס זאָל נישט זיין, וואָס עס פאַלט אייך איין. — יאָ, זאָגט ער און ווערט אַנטשוויגן. בלית ברירה בין איך גרייט אַנטקעגנצוגיין דעם שלאָף אַליין און פּלוצעם דערגייט צו מיר זיין קול: — „זי האָט געהייסן יאַנקאַ. זי האָט פאַרמאָגט תקיפות און גאווה, איך האָב זי אָבער ליב געהאַט. זי פלעגט אַ זאָג טאָן: „ראָבערט״ און באַלד בין איך שוין געווען לעבן איר. „נעם דאָס פּראָוויאַנטן־קערבל און גיי מיר נאָך, דער עיקר זאָלסט צו מיר נישט רעדן, אַזוי ווי דו וואָלטסט מיך נישט געקענט״. און איך פלעג איר נאָכגיין אַ היפּש ביסל אָפּגערוקט פון איר. איך פלעג קוקן אויף איר דין צעפּל, וואָס פלעגט אונטערשפּרינגען ביי יעטוועדן טריט אירן. צוקומענ־דיק צו דער קלייט, פלעג איך אַוועקשטעלן דאָס קוישל אויף דער ערד און אַליין זיך באַהאַלטן אונטער אַ בוים. יאַנקאַ פלעגט נעמען דאָס קוישל און אַריינגיין אין קראָם. אָפטמאָל פלעגט זי דאָרט פאַרבלייבן זייער לאַנג. זי פלעגט שוין אויסנוצן די געלעגנהייט כדי זיך צו שפּילן מיט דער קרעמערינס מיידעלע. ווען זי פלעגט אַרויסגיין, פלעגט זי אַוועקשטעלן דאָס קוישל אויפן זעלבן אָרט און אַוועקגיין פאָרויס. איך פלעג עס נעמען און פלעג נאָכגיין יאַנקאַן תמיד אַזוי אָפּגערוקט פון איר. אָפט מאָל איז דאָס קוישל געווען זייער שווער און איך האָב זיך דאַן געזאָגט מיט שטאָלץ, אַז זי וואָלט עס נישט געקענט טראָגן. פאַר דער טיר פלעג איך עס אַוועקשטעלן און

נעמען וואַרטן. זי פלעגט זיך אויסדרייען אַן ערנסטע און שטאָלצע: „אַ דאַנק ראָבערט" פלעגט זי מיר זאָגן און פאַרשווינדן אין הויז. אַן אַנדערש מאָל פלעג איך זי אָנטרעפן ווען זי איז געשפּרונגען איבער אַ שטריק, אָדער האָט געשפּילט מיט אירע פּילקעס. דאַן פלעגט זי אויף מיר קוקן ווי כ׳וואָלט געווען אַ דורכזיכטיקער. בלויז דאַן ווען זי פלעגט אַרויסגיין מיט איר קוישל, פלעג זי מיך רופן: ראָבערט".

אָט וועגן וואָס עס טראַכט אַ פאַרשפּאַרטער אין אָט דעם קעלער, וואַרטנדיק אפשר אויפן טויט. וואָסער לעבן האָט דער דאָזיקער מענטש, אַז אַ קינדער־דערמאָנונג זאָל ביי אים איבערלעבן אַלע אַנדערע זכרונות? — „איר שלאָפט?, פרעגט ער שטיל. — ניין, איך שלאָף נישט. — ס׳איז נאַריש איך אַזעלכעס צו דערציילן". איך זאָג אים, אַז ניין, אַז דאָס איז נישט נאַריש, און גיב צו: „איך הייס מאַריאַ". פאַר וואָס זאָל איך אים אָנגעבן מיין פאַלשן נאָמען? צוליב פאַרזיכטיקייט? ס׳איז לעכערלעך. טאָ פאַר וואָס? אפשר דערפאַר, כדי מיר איינצורעדן, אַז דאָס אַלץ פּאַסירט בלויז מיט דער מאַריאַ, וואָס איז אין דער אמתן נישט איך. און פאַר וואָס זאָל נישט יעדער איינציקער שפּילן די פינצטערע קאָמעדיע אונטער אַ פאַלשן נאָמען? ווען דער פאַרהאַנג וועט זיך אַראָפּלאָזן נאָך דער לעצטער שחיטה, וועלן די אַקטיאָרן אָפּווישן די פאַרב פון זייערע פנימער, לאָזנדיק הינטער זיך דעם פיקטיוון בר־מינן פון זייער פּערסאָנאַזש. אייגנטלעך, ליידן און שטאַרבן בלויז די פאַרשטעלונגען, און דאָס אויך נישט רעאַל. און פּלוצעם פאַלט מיר איין, אַז דער הויקער האָט ערשט בלויז אָנגעהויבן זיין געשיכטע. „און יאַנקאַ, זאָג איך, וואָס איז מיט איר געשען? — איך ווייס נישט. — ווי אַלט זענט איר געווען צו יענער צייט? — איך דערמאָן זיך נישט גענוי. אַכט יאָר, אפשר ניין — זאָגט מיר, ראָבערט, איר זענט דאָ צוליב אַן ערנסטן ענין? — איך האָב איבערגעטראָגן בריוו צווישן עטלעכע מענטשן, וואָס זענען טעטיק געווען אין אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. — איר האָט קיינעם נישט אויסגעגעבן? — מען האָט זיי אַלע אַרעסטירט און זיי האָבן מיך אויסגעגעבן. — איר ווייסט, ווען מען שלאָגט אייך, איז טייל מאָל שווער זיך ווידערצושטעלן — זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אָבער איך בין אַפילו נישט געווען אַ זייעריקער, איך האָב

בלויז געטראָגן בריוו. — איר האָט באמת נישט געאַרבעט פאַר זיי? — ניין. — איר האָט נישט געוואָלט? — מיר דאַכט זיך, אַז זיי האָבן נישט געהאַט צו מיר קיין צוטרוי. מיין הויקער רופט נישט אַרויס קיין צוטרוי, ווייל, שטעלט זיך פאָר, אַז איך בין אַ הויקער".

אַ שטילקייט נעמט הערשן צווישן אונדז. דאַן רופט ער מיך: „אָט אַ דער וויק האָט געדאַרפט זיין אַ בראַווער טיפּ. הער זשאַק האָט מיר דערציילט וועגן אים. איר נעמט זיך זיכער שטאַרק צום האַרצן צוליב אים. — ניין, זאָג איך. ס'איז מאָדנע, אָבער איך טראַכט נישט וועגן אים". ער ענטפערט נישט. „איך ווייס נישט ווי אַזוי עס אייך געבן צו פאַרשטיין. איצט, ווען איר האָט מיר גערעדט וועגן אים, טראַכט איך, נאַטירלעך. ער איז געווען זייער גוט פאַר אונדז. — איר האָט זיכער געקענט זייער אַ סך מענטשן, וואָס זענען געווען גוט צו אייך, זאָגט דער הויקער. — יאָ, אָבער וואָס ענדערט עס דען? — מען ווערט דערצו צוגעוווינט". זאָגט ער. מיר שווייגן לאַנג. צום סוף טו איך אים א פרעג — „זייט אַזוי גוט און טוט אַ קוק וואָס עס מאַכט זשאַק? — אייער רוקן... זאָגט ער — מיין רוקן טוט מיר אַ סך וויניקער ווי — גוט, איך גיי". אין דער צייט ווען ער רעדט מיט זשאַקן, זאָג איך זיך, אַז מענטשן אין אונדזער לאַגע באַגייען אַ פעלער, ווען זיי קערן זיך צוריק צו זייער פאַרגאַנגענהייט. פאַראַן צו פיל זאַכן, וואָס גיבן אייך צוריק דעם טעם פון לעבן. מען דערוואַרעמט זיך מיט באַקאַנטע געשעענישן און מיט געפילן, וואָס באַגייסטערן אייך און וואָס פירן אייך סוף כל סוף צו אַ פּרוכטלאָזן רעוואָלט. מען דאַרף, פאַרקערט, זיך זאָגן, אַז אַלץ וואָס איז געווען, האָט קיין מאָל נישט געהאַט די מינדעסטע וויכטיקייט, אַז דער נאַטירלעכער צושטאַנד פונעם מענטשן איז מורא און פינצטערניש, אַז ווען אַ מענטש ווערט אַוועקגעריסן פון אַ באַקוועמער עקזיסטענץ, צו וועלכער ער האָט זיך געהאַט צוגעוווינט, פאַרלירט ער אפילו די געפילן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די רעאַלסטע און טיפסטע, ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ צעשראָקענער, בייזוויליקער חיה וואָס ווערט געשמיסן דורך דעם בלינדן אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג. לאָגיש גענומען, וואָלט ער באַדאַרפט בלויז מנוחה. און אויב דער טויט דאַרף זי אים ברענגען, פאַר וואָס זאָל ער עס זיך נישט ווינטשן?

נישט פילנדיק, זינק איך איין אין שלאָף. אָבער ס׳קומט צו מיר נישט דער טויט, נייערט פאַרבייגייענדיקע פאַרגעניגנס פונעם פשוטן טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ פאַרשטאַרטע לאָז איך זיך צוריקציען צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען איך פלעג גיין איבער די גאַסן, ווען איך פלעג לאַכן, עסן, טרינקען. די סקאַלע פון די ווערטן, וואָס איך האָב זיך געשאַפן פאַר מיין פערזענלעכן געברויך, טוט זיך אַ קער איבער און דאָס לעבן אין וועלכן מען שפּאַצירט, אין וועלכן מען לאַכט, אין וועלכן מען עסט, אין וועלכן מען וואַרעמט זיך אויף דער זון, דאָס דאָזיקע לעבן צעשטראַלט זיך מיטן גאַנצן אמת פון דער וועלט, מיט דעם איינציקן, ווונדערבאַרן אמת פון דער וועלט.

די טעג פאַרגייען. עס שאַפט זיך אַ סדר און רעגולירט מיין עקזיסטענץ, מאַכט זי אין אַ געוויסער מאָס ווייניקער פיינלעך. איך לערן זיך אויס וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן עסן, עסן מיט פאַרגעניגן. איך געוווין זיך צו צו דער קעלט, איך געוווין זיך סוף כל סוף צו צו מיינע וויזיטן אויבן. און ווען איך קום פון דאָרט צוריק, געוווין איך זיך צו זיך אָוועקצולייגן אויפן בויך, און קרעכצנדיק צו וואַרטן ביז דער ווייטאָג ווערט לייכטער. ראָבערט האַלט מיר געטריי געזעלשאַפט און דינט ווייטער ווי אַ פאַרמיטלער צווישן זשאַקן און מיר. מיר חזרן זיך תמיד איבער די זעלבע רייד, די זעלבע באַנאַלע ווערטער, וואָס, אַדורכשפּרייזנדיק געהיים די וואַנט, באַקומען זיי אַן אייגנאַרטיקן, אויפרייצנדיקן, כמעט אומגעווייגלעכן כאַראַקטער. דער פּחד און דאָס אומדערטרעגלעכע וואַרטן פון די ערשטע טעג ווערן ביסלעכווייז אָפּגעטעמפּט. פון מאָל צו מאָל קומט מיר אויס די צייט צו זיין לאַנג, גאָר פשוט, גאָר נאַריש. וויפל טעג זענען אַזוי אַרום פאַרפלאָסן? איך הייב נישט אָן צו וויסן. ס׳טרעפט, אַז עמעצער, גאָר נאָענט שרייט אָדער קרעכצט. אויך צו דעם געוווינט מען זיך צו. דאָס איז פּיינלעך, פאַרשטייט זיך, אָבער בלויז אויף אַזוי פיל אויף וויפל איר האָט מורא, אַז דאָס זעלבע קען אויך מיט אייך פאַרקומען. זשאַקן און ראָבערטן לאָזן זיי צו רו. בלויז מיך נעמען זיי כמעט יעדן טאָג און מען פירט מיך אַרויף אויבן. דער יונגער און שיינער אָפיציר פּרוּווט כסדר מיך באַוועגן צו רעדן. אָבער עס זעט אַלץ מער און מער אויס, אַז זיין איבערצייגונג ווערט שוואַכער און

כ׳וואָלט אַפילו געגומען גלויבן, אַז דאָס לאַנגווייליקט אים. בלויז דאַן ווען דאָס כשוף־שטעקעלע באַווייזט זיך אין זיין האַנט, באַלעבט זיך זיין פּנים און ער געפינט צוריק דעם פלאַם וואָס כ׳האָב אין אים געזען אין אָנהויב. נאָך יעדער אויספאָרשונג ווערן מיינע ווונדן תּמיד דעזינפעקטירט און ריין פאַרבאַנדאַזשירט. איך גלויב, אַז ער האָט דאָס אַזוי ליב ווי מיך צו שלאָגן. און אין דער זעלבער צייט, וואָס ער פּאָרעט זיך אַרום מיר מיט פּרעציזע און לייכטע באַוועגונגען, פאַרפעלט ער קיין מאָל נישט מיר איינצורוימען עטלעכע קליינע דערמוטיקונג־ווערטער. צום סוף האָט אויך געטראָפן, אַז מען האָט אין מיר פאַרגעסן אין משך פון צוויי אָדער דריי טעג.

עס פאַרענדיקט זיך דער פערטער טאָג, וואָס איך בין נישט אַרויף אין ביורא. פאַר דער צייט האָט דער רוקן באַוויזן זיך אַ ביסל צו פאַרהיילן און איך קען שוין איצט שלאָפן אויף אַ זייט. דעם טאָג האָבן מיר אַלע דריי געשפּילט אין רעטענישן. מען האָט געציילט די פּונקטן און זשאַק האָט געוווּנען. איידער מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָבן מיר ווי תּמיד זיך געווינטשן מערערע מאָל אַ גוטע נאַכט. צום ערשטן מאָל פאַרגעס איך צו זאָגן ראָבערטן: „אויב עפּעס געשעט, וועקט מיך אויף״. איך האָב פאַרגעסן און ער זאָגט מיר פּשוט: „אַ גוטע נאַכט מאַריאַ, שלאָפט רויִק״. איך האָב זיך איינגעגנורעט אין דער קאָלדרע און איך רוף דעם שלאָף.

מיט אַ מאָל געפין איך זיך מיט ברייט צעעפנטע אויגן אויף אַ שטיקל הימל, וואָס איז נאָך פינצטערלעך און זויגט אין די שאָטנס פון דער קאַמער ווי אַ שוואָם. — פאַר וואָס בין איך שוין אויף? אומזיסט באַמי איך זיך צו דערמאָנען, וואָסער חלום ס׳האָט געקענט פאַרטרייבן דעם שלאָף. איך האָב מורא... עפּעס קומט פאָר. איך קלאַפּ אין דער וואַנט און רוף: „ראָבערט! ראָבערט!״ ער ענטפערט מיר גלייך. „וואָס איז געשען? מען האָט מיך אויפגעוועקט... ענטפערט מיר, ראָבערט. — עס איז פאַרגעקומען אַן עקזעקוציע — ווער? איך ווייס נישט״. שוין כאַפּ איך זיך אָן אין די קראַטעס. טיף אין הויף דערזע איך אַ געשטאַלט וואָס ליגט אויסגעצויגן אויף דר׳ערד. דער מאַן איז געפאַלן פאַרויס אין זיין גאַנצער לענג, נישט אַזוי ווי דאָס ערשטע מאָל, אַ נעבעכדיקער קליינער קנויל... דער אָ האָט אויפגעהאַלטן זיין גרייס און זיין מענטשלעך אויסזען. עס האָט זיך מיר

אויסגעדאַכט צו זען די בלאַסקייט פון אַן אָפּגעגאָלטן שיידל. עס איז נאָך טונקל. איך לייג זיך צוריק.

„נאָך איינער, זאָג איך צו ראָבערטן. איר ווייסט באמת נישט ווער דאָס איז? — ניין, איך ווייס נישט". דער הויקער האָט געשריגן, ער, וואָס הויבט קיין מאָל נישט אויף זיין שטים. „גייט זען, וואָס זשאַק מאַכט. — ער שלאָפט, זאָגט ער, ער שלאָפט". — ווי אַזוי ווייסט איר עס? — ער באַוועגט זיך נישט. — וועקט אים אויף. איר הערט מיך? וועקט אים אויף — זייט פאַרנונפטיק, מאַריאַ, ס'איז בעסער אים צו לאָזן צו רו. — וועקט אים גלייך אויף".

ניין, זשאַק האָט נישט קיין אָפּגעגאָלטן קאָפּ. נאָך נעכטן האָט ער מיר געזאָגט, אַז מען האָט אים נישט אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ. אין דער דערבייִיקער קאַמער הערט מען נישט קיין שום באַוועגונג. „ווו זענט איר? — דאָ", ער שטייט אַלץ ביי דער וואַנט. איך זאָג אים: „פאַר וואָס ווילט איר נישט אויפוועקן זשאַקן? — איך גיי אים אויפוועקן, זאָגט ער. איך הער ווי ער גייט. ער קומט שנעל צוריק, שוין צו שנעל. „אַלץ איז ווי צום בעסטן, זאָגט ער. — גייט, פרעגט אים דעם נאָמען פון מיין מאַמען און ברענגט מיר זיין ענטפער". דאָס מאָל בלייבט ער שטיל און רירט זיך נישט. מיט איין שפרונג בין איך אויפן בענקל, די הענט פאַרקלאַמערט אַרום די קראַטעס, ס'איז כמעט טאָג. און איך זע אים. איך זע דאָס ברוינע רעקל, זשאַקס רעקל, זשאַקס שוואַרצע שטיוול. מיט זיין נאַקעטן קאָפּ, וואָס ליגט אויפן אייזדעק זעט ער אויס זייער אַ גרויסער. איך לאָז אָפּ די קראַטעס און פאַל אַראָפּ אויף דער ערד. איך זאָג „ניין" עטלעכע מאָל, גאַנץ מעכאַניש, אַזוי ווי מען וואָלט עס דאָך באַדאַרפט זאָגן, כאָטש מען גלויבט אין דעם נישט. דערנאָך רוף איך מיין מאַמען און ווען זי איז דאָ, זאָג איך איר: „זיי האָבן אים דערהרגעט". און די מאַמע זאָגט: „איך ווייס, איך ווייס. — און איך, וואָס וועט פון מיר ווערן? — גאָרנישט, זאָגט זי, גאָרנישט, מען דאַרף וואַרטן. פאַר דיר איז עס נאָך נישט געענדיקט". איך הויב זיך אויף און שריי אויס: „אויב דאָס איז עס וואָס דו ביסט מיר געקומען זאָגן, קענסטו צוריקגיין פון וואַנען דו ביסט געקומען! איך ווייס, אַז אַ מאַמע דאַרף תמיד ברענגען האָפענונג, און ווידער אַ מאָל האָפענונג. אָבער איך, איך שפיי

אויף דעם, דו הערסט מיך, איך שפּיי אויף דער האָפענונג, וואָס דו ברענגסט מיר״.

מיט אַ מאָל ווערט מיר קלאָר, אַז איך שריי אין אַ פוסטער קאַמער. איך ווייס, אַז אויב איך וועל תיכף נישט אויפהערן, וועל איך שוין קיין מאָל מער נישט קענען אויפהערן. איך בלייב שטיל. איך הער, אַז מען קלאַפּט אין דער וואַנט און אַז מען רופט מיך: „מאַריאַ״... „מאַריאַ״... אָבער דאָס גייט מיך נישט אָן.

דער וועכטער ברענגט די קאַווע און דערלאַנגט מיר אַ ציגאַרעט. איך שאָקל מיטן קאָפּ. ער צינדט אים אָן און דערלאַנגט אים מיר ווידער. ווען ער איז אַרויס, וואַרף איך אים אַוועק און צעטרעט אים מיטן פוס. דערנאָך נעם איך דאָס טעפּעלע צווישן די הענט און האַלט עס ביז עס ווערט קאַלט. דאָס לופטשיקל געפינט זיך איצט אויף אַן אומענדלעכער הויך. איך וועל עס שוין קיין מאָל מער נישט קענען דערגרייכן.

אַ ביסל שפּעטער געפין איך זיך ווידער אין ביוראָ. מעכאַניש הויב איך אָן אויסצוטאָן מיינע זאַכן. „ניין, זאָגט דער אָפיציר, מען וועט איך מער נישט שלאָגן, מען וועט איך דערשיסן״.

דאַן טו איך צוריק אָן מיין מאַנטל. איך באַמערק, אַז זיין קאָלעגע, דער דיקער, איז דאָ און אויך צוויי אַנדערע, וואָס איך קען נישט. אַ גרויסע צערטלעכקייט נעמט מיך אַרום פאַר זיי אַלע און דער עיקר פאַר דעם יונגן, וואָס האָט צו מיר גערעדט, און איך זאָג אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק. ער מיינט, אַז כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען און ער חזרט איבער: „מען וועט דיך דערשיסן״. אַזוי ווי איך האַלט אין איין קוקן אויף אים רויק, מאַכט ער אַ באַוועגונג און זאָגט: „פּאַם־פּאַם״ און איך חזר איבער: „אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק״. ער טוט אַ צי מיט די פּלייצעס און דרייט זיך אויס צו די אַנדערע:

— צי איז זי נישט אַ מאָל אַ ביסל... זאָגט איינער און ער רירט אָן זיין שטערן.

— אָ ניין, זאָגט דער שיינער אָפיציר, איך קען זי גוט.

— טאָ פאַר וואָס? זאָגט דער אַנדערער.

— זי סימולירט.

אַז אַנדערער דערגענטערט זיך צו מיר און קוויטשעט. ער קוויטשעט זייער לאַנג, שעלט, זאָגט מיר צו, אַז כ׳וועל פּגרן ווי אַ הונט. מיט איין מאָל שטעלט ער זיך אָפּ.

— זי לאַכט, שרייט ער אויס, זי לאַכט! איך האָב זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון. מען וועט זי נישט דערשיסן אָט אַזוי, דאָס וואָלט געווען צו לייכט. זי מוז רעדן! סוף כל סוף וועט זי דאָך רעדן, איך פאַרזיכער אייך, אַז יאָ.

ער גייט אַרויס און טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר. מען פירט מיך צוריק אין מיין קאַמער. איך קוק אויפן לופטשיקל. איצט דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך קען עס דערגרייכן. איך גיי אַרויף אויפן בענקעלע: דער הויף איז פּוסט. אויך מיין קאַמער איז פּוסט פּונקט ווי די קאַמער דערביי. איך לייג זיך אַוועק. שפּעט ביי נאַכט שלאָף איך איין.

צו מאָרגנס ברענגט מיר דער סאָלדאַט אַן עמער מיט הייס וואַסער און אַ שטיקל זייף.

— דאָס איז אויף אַרומצוואַשן זיך, זאָגט ער.

— איך האָב נישט קיין חשק זיך צו וואַשן.

— איר דאַרפט זיך וואַשן, ווייל איר גייט אַוועק פון דאַנען.

— איך וויל נישט אַוועקגיין פון דאַנען. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן מיך דערשיסן.

— איך ווייס מער גאָרנישט, איר דאַרפט זיך וואַשן.

— אָבער, מען האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז מען וועט מיך דערשיסן.

— ווען מען איז פאַרמשפּט, קומט דער טויט תמיד. דאָ אָדער אַנדערשוווּ, איילט זיך צו.

ער גייט אַרויס און איך הער ווי ער ברענגט אַריין עמערס אין אַנדערע קאַמערס. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז פאַראַן אַן עמער אויך פאַרן הויקער. איך טו זיך אויס. מיין קערפּער ווערט בלוי אויף דער קעלט. דער קאָנטאַקט מיטן הייסן וואַסער רופט אַרויס הונדערטער דרעשטשעס, וואָס ברענגען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך אַ פינצטערן ווייטאָג, וועלכער דריקט ערגעץ ווו אין די טיפענישן, פון דעסטוועגן טוען מיינע הענט זייער אַרבעט געוויסנהאַפט. איך רייב זיך מיט דער ברוינער כראָפּעוואַטער קאָלדרע

אויסמײַדנדיק די פּלייצע, ס׳איז מיר מער נישט קאַלט. אַ געפיל פון פיזישן ווילטאָג פרוווט זיך אַריינשלייכן אונטערן ווייטאָג, געפינט נישט קיין אַרויסגאַנג. צעגייט זיך. דער הויקער קלאַפּט אין דער וואַנט. ס׳פאַרדריסט מיך אויף אים, וואָס ער לעבט. איך ענטפער נישט. איך זעץ זיך אַוועק און קוק אויפן וואַסער, אין וועלכן כ׳האָב זיך געוואַשן. איך קוק אויפן שמוץ, וואָס כ׳האָב אַראָפּגעריסן פון מיין קערפּער. איך באַדויער עס. כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז כ׳בין איצט מער אויסגעשטעלט, ס׳איז פּונקט ווי איך וואָלט צוריקגעקומען צום מענטשלעכן מצב, אין וועלכן ס׳קען נישט זיין קיין אָרט אי פאַר מיר אי פאַרן דאָזיקן ווייטאָג.

דער וועכטער קומט צוריקנעמען דעם עמער. ער לייגט מיר פאַר אַ ציגאַרעט און איך ריר זיך נישט. ער צינדט אים אָן און שטעקט אַריין צווישן מיינע פינגער. נאָך דעם ווי ער איז אַוועק, וואַרף איך דעם ציגאַרעט אַוועק אויף דר׳ערד, אָבער דאָס מאָל הויבט זיך מיין פוס נישט אויף אים צו צעטרעטן. איך קוקט זיך צו צום שמאָלן שטרייפל רויך, וואָס הויבט זיך אין ספּיראַלן, דערנאָך בויג איך זיך פאַמעלעך אַרונטער, הויב אויף דעם ציגאַרעט און גליטש אים אַריין צווישן מיינע ליפּן. דער הויקער קלאַפּט ווידער. איך האָב נישט דעם מינדעסטן חשק אים צו הערן. איך וויל מער קיין מאָל נישט הערן אַרויסזאָגן דורך עמעצן דעם נאָמען זשאַק. ער רופט מיך עטלעכע מאָל. צי וועט ער מיך נישט לאָזן צו רו? ער לעבט, ער ווייס, אַז ער וועט אַרויס פון דאַנען, ער דאַרף זיין משוגע פאַר פרייד. פאַר וואָס דען נישט? אַ גאַר גרויסע פרייד אַרומצושלעפּן זיין פאַרקריפּלט קערפּערל צווישן חוזק און רחמנות פון לייטן. ער וועט בלייבן אַליין אין זיין ווינקל, אַ ציטערנדיקער, אויפפּאַסנדיק, צוהערנדיק זיך, כדי צו האָבן דעם איינדרוק, אַז ער לעבט. פאַר וואָס האָט ער זיך געקלאַמערט אין זיין קליין, נעבעכדיק לעבן? ער האַלט אין איין קלאַפּן, כ׳וואָלט כמעט וועלן ער זאָל שטאַרבן, אָט דער קאַליקע, פאַר וועלכן כ׳האָב נאָך נעכטן געהאַט אַ ביטער און שעמעוודיק געפיל פון רחמנות. ס׳איז אָבער מער נישט פאַראַן קיין מיטלייד אין מיר און אויך נישט קיין שום אַנדער דורך מענטשן באַצייכנט געפיל. איך האַלט זיך אַזוי נידעריק, אַזוי שפּלדיק, אַז די מענטשלעכע ווערטער קענען צו מיר נישט דערגרייכן.

ענדלעך איז דער הויקער אַן אַנטמוטיקטער שטיל געוואָרן. און איך האָק אָפּ דעם קאָנטאַקט מיטן דרויסן. מיט מיין פאַרגאַנגענהייט, מיט מיר אַליין. די קעלט, אַ מער בייסיקע ווי די צו וועלכער כ'בין ביז איצט געווען צוגעוווינט, האָט מיר געמאַכט צוריקבאַקומען דעם באַוווסטזיין, אַז איך געפין זיך אויף אַ פּלאַטפאָרם פון אַ לאַסטוואָגן מיט איין האַנט אַ צוגעבונ־דענער צו אַ פרעמדער האַנט. מיר זענען אַ סך, אַנגעפּראָפּט איינער אויפן צווייטן. עס זענען אויך דאָ צוויי דייטשן מיט מאַשין־געווער. ווען דער לאַסטוואָגן רירט פון אָרט, באַמי איך זיך וואָס מער צו צעפּירן מיינע פיס, כדי נישט צו פאַרלירן מיין גלייכגעוויכט. די שנעלקייט מאַכט דעם ווינט שאַרפער און מיט מיין פרייער האַנט שטעל איך אויף דעם קראַגן פון מיין מאַנטל.

# אין שוץ פון דער צייט

איך שטויס אָפּ דעם קערפּער, וואָס האָט זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזן און וואַקל זיך אַ ווײַלע, פּרווונדיק צוריק צו געפינען מײַן גלײַכגעוויכט. דערנאָך הערט אויף מײַן רעכטע געפּענטעטע האַנט צו ציִען מײַן אָרעם. דער לאַסטוואָגן שטעלט זיך אָפּ. דער אײַנגעשטילטער ווינט בלאָזט שוואַכלעך. פּלוצעם צעשפּליטערט זיך דאָס שווײַגן אין געשרײַען און געבילן. די דײַטשע קולות שמײַסן אונדז. מען באַפעלט אונדז אַרונטערצוגיין: „שנעל" *). אין צווײַען, אומגעשיקט, געשטערט פון די קייטן, שפּרינגען מיר. דער לאַסטוואָגן דערווײַטערט זיך. די פיר עס־עס־לײַט, וואָס האָבן אונדז באַגלייט, בלײַבן מיט אונדז. קיינער וואַגט נישט צו רעדן. מיר געפינען זיך נאָענט פון אַ נידעריקער, פינצטערער געבײַדע מיט ווינציק פענצטער. דאָס וואַרטן פאַרלענגערט זיך און צו ביסלעך ווערט די לופט האַרבער און נעמט אַרום אונדזערע פנימער ווי מיט אַ מיר־מלשטיין. ענדלעך עפנט זיך אַ טיר. מען פירט אונדז אַרײַן אין אַ לאַנגן, אָפּגעקאַלכטן קאָרידאָר, אין וועלכן די טירן זענען אויך געשמירט אויף ווײַס.

— דאָס איז אַ משוגעים־הויז, זאָגט עמעצער.

אַ פרוי וועקט זיך אויף פון איר פאַרשלאָפנקייט און הויבט אָן צו וויינען. די בײַטש פון עס־עס־מאַן האַקט אויף איין מאָל איבער אירע זיפצן.

מען צעטיילט אונדז אין צוויי גרופּעס: די מענער פאַרשווינדן דורך איינער פון די טירן. און כ׳האָב קוים צײַט צו באַמערקן דעם באַשיידענעם שמייכל פונעם הויקערל, וואָס זוכט מײַן בליק.

---

* אויף דײַטש אין טעקסט.

— דו באַוועגסט זיך ספּעציעל, כדי מיר ווי צו טאָן? זאָגט די פרוי צו וועלכער איך בין צוגעקייטלט. איך צי מיט די פּלייצעס.

— אויסוווּרף, זאָגט זי.

זי האָט געפונען דאָס פּאַסירוואָרט, וואָס דערלויבט איר אויפסניי אַריינצודרינגען אין לעבן. אַזוי אַרום קלאַמערט זי זיך אין אַ היימישער, באַרויִקנדיקער בייזקייט, וואָס איז איר פּאַרטיידיקונגס־געווער קעגן דער וועלט.

די צוויי עס־עס־לייט, וואָס זענען געבליבן מיט אונדז, פאַררויכערן פּאַפּיראָסן. דער ריח פון טאַבאַק נעמט קיצלען אין מיר אַן אַלטן שווין איינגעדרימלטן באַגער. איך דערפיל שטאַרק דעם פאַרלאַנג נאָך איין מאָל אויסצופירן איינעם פון די קליינע זשעסטן, וואָס איך האָב אַזוי פיל מאָל געמאַכט אויף אַ מעכאַנישן אופן, נישט טראַכטנדיק אַפילו און וואָס נעמט איצט אָן אַזאַ ווּכטיקע באַדייטונג. און איך פיל אויך, אַז איך בין הונגעריק, אַז עס איז מיר קאַלט. דאָס אַלץ באַטייט, אַז איך בין אויף אַן אמת לעבעדיק, דאָס הייסט, אַז איך וועל ליידן. אויב מיין קערפּער קומט שוין צו זיך, געפינט אָפּ זיינע באַגערן, זיין אַקטיוויטעט, וועט אויך מיין קאָפּ נאָכקומען, און דאָס וועט זיין אומדערטרעגלעך.

מען פירט אונדז אַריין אין אַן ענגן צימער. זיין מעבל באַשטייט בלויז פון אַ טישל און אַ בענקל פון ווייסן האָלץ. די ווענט זענען באַדעקט מיט שענק. אַ פרוי אין אַ ווייסער, ענגער בלוזע, אַ פּוילישע, רופט זיך אָפּ צו אונדז:

— טוט אייך אויס און לאָזט אייערע זאַכן אויף דער פּאָדלאָגע, איר וועט גיין נעמען אַ טוש.

די עס־עס־לייט נעמען פון אונדז אַראָפּ די האַנט־קייטן. אַ ווילע שטייען מיר און רייבן זיך די האַנט־געלענקען.

— „שנעל.*)

מיר טוען זיך דאָן אויס מיט אומגעלומפּערטע באַוועגונגען. נאַקעטע גייען מיר אַרויס אין קאָרידאָר. מען דאַרף אים אַדורכלויפן אין זיין גאַנצער

* אין דייטש אין טעקסט.

לענג, כדי אָנצוקומען צום טוש. מיר גייען איינע נאָך דער אַנדערער. די פרויען גייען געבויגענע מיט איין האַנט אויף דער ברוסט, מיט דער אַנדערער אויפן געשלעכט. זיי שעמען זיך מיט זייער קערפּער, באַווייזן אָבער בלויז אויף אַ לעכערלעכן אופן אונטערצושטרייכן דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט צו פאַרבאַהאַלטן. זיי גייען פּאָרויס מיט קליינע שנעלע טריט, פּונקט ווי די קאַפּלעס פון דיל וואָלטן געבריט זייערע נאַקעטע פיס, און וויגן מיט זייערע היפּטן. די דייטשן אַמוזירן זיך. זיי ווייזן אויף אונדז אָן מיט זייערע פינגער און לאַכן.

נאָך אַן אייז־קאַלטן טוש, לאָזט מען אונדז דאָ וואַרטן גאַר לאַנג ביז אונדזערע קערפּערס ווערן בלוי. ענדלעך ברענגט מען אונדזערע זאַכן. מען האָט זיי אויסגעפּאַרעט און זיי זענען נאָך וואַרעם. אַנטוענדיק זיך, האָב איך אַ געפיל פון ווילשטאַנד, וואָס איך האָב קיין מאָל נישט געפילט אין מיין אַמאָליקער עקזיסטענץ פון אַ צעבאַלעוועט מיידל. מען טוט אונדז ווידער אָן די האַנט־קייטן און מיר גייען אַרויס, נאָך אַלץ באַוואַכט פון די עס־עס־לייט, וואָס וואָלטן שוין, זעט אויס, געוואָלט ס׳זאָל נעמען אַ סוף.

אויף די גאַסן שטעלן זיך אַ ווײַלע די דורכגייער אָפּ, כדי אויף אונדז צו קוקן. דערנאָך דערווייטערן זיי זיך זייער שנעל. מיר ווייסן נישט ווו מיר זענען, וווהין מיר גייען. ווען עס עפנט זיך פאַר אונדז אַ גרויסע געביידע, אַרומגענומען מיט אַ פּאַרקאַן, ווערט אונדז קלאָר, אַז מיר זענען אָנגעקומען אויפן באַשטימטן אָרט. די עס־עס־לייט פירן אונדז אַריין אין אַ ביוראָ. נאָך דעם ווי זיי נעמען אונדז צום לעצטן מאָל אַראָפּ די האַנט־קייטן, דערלאַנגען זיי די פּאַפּירן דעם אונטעראָפיציר, וואָס געפינט זיך דאָ. דאַן גייען זיי אַוועק. דער אונטעראָפיציר ציילט אונדז אויף אַ הויכן קול: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס. אַ מיטליעריקע פרוי, אָנגעטאָן מיט אַ שטרענגער עלעגאַנץ, איז אַריין נאָך אונדז. זי גייט צו צום ביוראָ און קוקט דורך די פּאַפּירן. זי טוט אַ געשריי:

— מאַריאַ יאַנטשעווסקאַ.

איך מאַך אַ שריט פּאָרויס.

— קום.

איך גיי איר נאָך דורך קאָרידאָרן און שטיגן, אַרויף און אַראָפּ. איך

בין צוריק אַריינגעגאַנגען אין דעם צושטאַנד פון גלייכגילט, אין וועלכן כ'האָב זיך געפונען, ווען כ'האָב פאַרלאָזט די געסטאַפּאָ. איך פאַרווער מיר זיך צו אינטערעסירן מיט אַלץ, וואָס קען מיט מיר נאָך געשען. די פרוי עפנט אַ טיר מיט איינעם פון איר גרויסן בינטל שליסלען און זי דאַרף מיך שטופּן כדי איך זאָל אַריינגיין. פינף פּאָר אויגן שטעלן זיך אָן אויף מיר, פינף פּאָר הענט הערן נישט אויף צו טאָן זייער אַרבעט. זיי זיצן הינטער אַ לאַנגן טיש און יעדע פון זיי האָט פאַר זיך אַ פּאַק שקאַרפּעטקעס. קיין איינע זאָגט נישט אַרויס קיין וואָרט. איך זעץ זיך צו אויפן עק פון דער באַנק. לעבן מיר שושקעט אַ שטים:

— זי איז אַוועק.

די, וואָס האָט גערעדט, איז אַ קליינע אַלטיטשקע, וועמעס גרויע האָר זענען צעטיילט אין צוויי נעבעכדיקע צעפּ. איך האָב נישט קיין צייט זיך צו וווּנדערן איבער דער לעכערלעכקייט פון דער פריזור פון אַ מיידעלע. זיי רעדן אַלע מיט אַ מאָל, שטעלן מיר פראַגעס אַזוי גיך, אַז איך קען זיי נישט פאַרשטיין. איך קוק זיי אָן איינע נאָך דער אַנדערער: יונגע און אַלטע, אַלע זענען זיי געקעמט מיט צעפּלעך.

— נו, זאָגט אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק, בעת ס'נעמט הערשן אַ שטיל־קייט, אָט אָ די, האָט שוין דאָ נישט אויף לאַנג, האָסט געהערט? איך גיב דיר נישט מער ווי דריי חדשים ביז דו וועסט קראַפּירן.

— איך לאָז זיך אויס דערפון, זאָג איך, און איך שמייכל צו איר. מען וועט מיך באַלד דערשיסן.

— הער, הענריעטע, זאָגט די זעלבע, אַ מונטערע, אָט האָסטו אַ געזעל־שאַפט פאַר דיר.

די, צו וועלכער זי האָט זיך געוואָנדן, איז אַ שיין יונג מיידל. אָן שום ספק אַ פּויערטע, וואָס שטייט און קוקט אויף מיר רויִק מיט אירע ברייטע בלויע אויגן.

— מען האָט דיר געזאָגט ווען? פרעגט זי מיך.

— ניין, מען האָט מיר געזאָגט אין גיכן.

— מיר האָבן זיי אויך געזאָגט אין גיכן און אָט בין איך שוין דאָ דריי חדשים.

זי רעדט מיט אַ נייטראַלער שטים, נישט אויסדריקנדיק קיין שום באַזונדער געפיל. זי שטעלט פעסט.

— איך האָף, אַז פאַר מיר וועט עס נישט זיין אַזוי לאַנג, זאָג איך.

— מען קען קיין מאָל נישט וויסן, זאָגט זי און נעמט זיך צוריק צערעוון די שקאַרפּעטקעס.

דורך דער טיר, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געעפנט, טוט מען אַ וואָרף אויפן דיל אַ קלייד פון גרויען לייוונט, אַ קאָפּ־טיכל און אַ פּאָר טרעפּעס. די פרויען בויגן אַראָפּ די קעפּ און די באַוועגונג פון די נאָדלען ווערט פאַרשנעלערט. אין דרויסן פאַרדרייט זיך אַ שליסל און ס׳דערווייטערן זיך טריט. — דאָס איז פאַר דיר, זאָגט מיר הענריעטע, און מיט דער גאָמבע ווייזט זי מיר די זאַכן, וואָס ליגן אויפן דיל. נעם אַרונטער דיינע מלבושים, דו וועסט בלויז לאָזן אויף זיך דיין העמד, אָבער נישט די הויזן, די פאַרמשפּטע האָבן נישט קיין רעכט צו טראָגן קיין הויזן. מאַך עס גיך. אויב זי קומט צוריק און טרעפט דיך אָט אַזוי, וועט זי דיך שלאָגן. אירע שליסלען טוען זייער וויי.

איך וויל איר זאָגן, אָט דער קליינער, זי זאָל זיך פאַר מיר נישט זאָרגן, זי זאָל האַלטן אירע עצות פאַר זיך, לאָזן מיך צו רו; אַז איך באַדאַרף נישט קיין אַנדערע זאַכן ווי די רשעות און די טפּשות פון מענטשן; אַז זי דאַרף נישט פּרוּוון מיך צו רירן מיט איר פריינדשאַפט, אַז ווי ס׳זאָל נישט זיין, שפּייַ איך אויף אַלץ, אַז עס לוינט זיך נישט. אָבער זי קוקט שוין מער נישט אויף מיר. אירע אויגן זענען אַרונטערגעלאָזן אויף איר אַרבעט. זי איז די איינציקע, וואָס אַרבעט שטייענדיק. אפילו אונטער דעם אומגעלומ־פּערטן קלייד, לאָזן זיך פאַרשטעלן אַ הויכע ברוסט, אַ שמאָלע טאַליע און לייכט געצייכנטע היפּטן פון אַ קוים אַנטוויקלטן מיידל. צווישן איר און מיר זיצט די אַלטע, וואָס אירע גרויע צעפּ נעמען אויף אַ גראָטעסקן אופן אַרום אַ צעאַקערט פּנים: זי האָט פייכטע אויגן, אַזוי ווי אַן אַלטער הונט און אירע צעקרימטע פינגער, ציטערדיקע, אומגעלומפּערטע, פּרוּוון איינצופעדעמען אַ נאָדל. אַ ביסל ווייטער געפינט זיך די פרוי, וואָס האָט מיר פאַרויסגעזאָגט אַ קורצע צוקונפט אין דער תפיסה. אירע זשעסטן זענען שנעלע, אירע קליינע אייגעלעך פאַרלירן גאָרנישט פון דעם וואָס קומט פאַר

אַרום איר. אויף דעם אַנדערן עק פון דער באַנק זיצט נאָך אַ יונג מיידל אָדער אַ יונגע פרוי, אַ גראָבע, נאַרעשעוואַטע און נאָך איינע פון אַ יאָר פופציק, נאָך מיט שוואַרצע האָר. נישט איר הולך, נישט איר לעכערלעכע פריזור, באַוויזן נישט צו פאַרווישן דעם איינדרוק פון אַ שטרענגער אָרדענונג און אָפּגעהיטער ריינקייט, וואָס זי מאַכט. איר פּנים איז האַרט, פאַרמאַכט, אָבער קלוג.

דאָס צימער איז גרויס, גוט באַלויכטן דורך זיינע דריי פענצטער. דער דיל פון האָלץ איז זייער ריין. עס שטייען פיר שורות דרייגאָרנדיקע בעטן איינס איבערן אַנדערן און יעדעס פון זיי איז פיין צוגעדעקט מיט אַ ברוינער קאָלדרע. אין אַ ווינקל — דער אומפאַרמיידלעכער עמער, אָבער מיט אַ דעקל וואָס בלאַנקט אַזוי, אַז מען קען מיינען, אַז ער איז דאָ כדי פריילעכער צו מאַכן דאָס צימער. אויף אַ ברעט שטייען אויסגעסדרט צוועלף מעטאַלענע טעפּלעך. נאָך די געסטאַפּאָ־קעלערס קען דאָס אַלץ באַטראַכט ווערן ווי קאָמפאָרט. אין מיין מאַנטל איז מיר נישט קאַלט, אָבער די פרויען רייסן אָפּט איבער די אַרבעט, כדי זיך צו רייבן די הענט. באַלד וועט מיר זיין אַזוי קאַלט ווי זיי. כדי וואָס גיכער צו מאַכן אַ סוף, טו איך זיך אויס כמעט אַרונטערדרייסנדיק מיינע זאַכן. איך לאָז בלויז איבער אויף זיך דאָס העמד, אויף וועלכן כ׳צי אַרויף דאָס גרויע קלייד. איך שטעק אַריין מיינע פיס אין די טרעפּעס און בינד אַרום מיין האַלדז מיטן טיכל. די טרעפּעס זענען צוויי מאָל צו גרויס אויף מיר און דאָס קלייד הענגט אויף מיר יאָמערלעך. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך בין מיט אַ מאָל געוואָרן אַ נעבעכדיקע זקנה. איך קוק אויף העגריעטען און באַמערק, אַז זי האָט צוזאַמענגעצויגן איר קלייד אין דער טאַליע און אונטער די ברוסטן. פאַר וואָס זאָל אַ פאַרמשפּטע צום טויט נישט פלעגן איר אויסזען? איך האַלט, אַז זי איז גערעכט און ווייס שוין, אַז איך וועל איר נאָכטאָן. די פרוי מיט די אויגן פון אַ טכויר פלאַצט אויס מיט אַ געלעכטער.

— נו, אַט איז זי אין גאַנצן אַ פאַרענדערטע. טו אויס די פיינע בגדים און דו זעסט וואָס עס בלייבט.

איצט קוקן זיי מיך אַלע אָן. דאַן זאָגט צו מיר די ברונעטע:

— נעמט צונויף אייערע זאַכן, מיין קינד. מאַכט דערפון אַ פּעקל.

און ענדערט אייער פריזור. דאָ דאַרפֿן אַלע זיין געקעמט אויפֿן זעלבן אופֿן.

פֿאַראַן אַ ווייכקייט אין איר קול, וואָס פּאַסט זיך נישט מיט איר שטרענג פּנים. די אַנדערע מיט די אויגן פון אַ טכויר זאָגט דאַן כמעט רעוועדיק:

— פּאַסקודסטוואָ. דו האָסט געפֿונען אַן אַנדער שטיק מיסט, כדי צו מאַכן אַריסטאָקראַטישע אָנשטעלן.

— איילט אייך צו, זאָגט מיר בלויז די ברונעטקע.

איך קלויב צונויף מיינע זאַכן און מאַך פֿון זיי אַ פּעקל. הינטער מיר וויינט עמעצער. אין דעם מאָמענט טוט זיך אַ דריי דער שליסל אין שלאָס, כאָטש קיין טריט האָט מען נישט געהערט. די וועכטערין קומט אַריין. מיין פּעקל איז פֿאַרטיק. די פֿרויען אַרבעטן מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן. בלויז די אַלטע, אַ פֿאַרבלענדטע דורך די טרערן, באַווייזט נישט צו פֿירן איר נאָדל. די וועכטערין דערנענטערט זיך. מען הערט דעם געקלימפּער פֿון די שליסלען איידער דאָס בינטל פֿאַלט אַראָפּ אויפֿן ווייסן קאָפּ.

ווען די וועכטערין מאַכט צו די טיר הינטער זיך, ליגט די אַלטע אַן אויסגעצויגענע אויף דער פּאָדלאָגע, דאָס פּנים פֿול בלוט. איך מאַך נישט קיין באַוועגונג, איך בין גוט דרעסירט. העגריעטע און די ברונעטקע הייבן אויף די אַלטע און לייגן זי אַוועק אויפֿן בעט. זיי ווישן איר אָפּ דאָס פּנים מיט דער לינקער זייט פֿון זייערע ספּודניצעס. זי קומט פֿאַמעלעך צו זיך און באַקלאָגט זיך אַזוי ווי עס טוען קינדער ביי נאַכט.

— מיר וואָלטן געקענט אַלע כאַפּן אַ פּסק צוליב אָט דעם אַלטן פּגר, זאָגט די פֿרוי מיט די קליינע אייגעלעך.

דאַן מאַכט די ברונעטקע צוויי טריט צו איר מיט אַ האַרב פּנים, דערנאָך באַטראַכט זי זיך און בלייבט שטיין.

— האַלט דיין מאַרדע, זאָגט זי בלויז.

אָבער יענע טוט זיך אַ וואָרף און שטעקט אויס די גראָבע נאָדל. די ברונעטקע כאַפּט אָן איר אָרעם, פֿאַרהאַלט זי און דערלאַנגט איר אַ קלינגעדיקן פּאַטש. דאָס איז געמאַכט געוואָרן געשיקט און פּרעציז. שווייגנדיק הייבן די פֿרויען צוריק אָן זייער אַרבעט. אויף איר בעט שיינט די אַלטיטשקע צו שלאָפֿן.

איך גיי זיך אַוועקזעצן. אין מיינע צוויי אָרעמס אויפן טיש לעג איך אָן מיין קאָפּ, וואָס ווערט שווער און נעמט זיך דרייען... איך זינק איין אין אַן אייז־קאַלט וואַסער. צו ערשט די פיס, דערנאָך די געלענקען, דאַן די היפטן, איך באַוועג זיך שווער אין וואַסער, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל טיפער. שוין דערגרייכט עס מיר ביז צו דער טאַליע, צו די ברוסטן, צום האַלדז... ס׳דערגרייכט שוין ביז צו מיין מויל. איך וואַג זיך נישט צו רירן. איך וואָלט באַדאַרפט שרייען... דאַן וואָלט איך זיך געפונען אויפן דיל פון ווייסן האָלץ, כ׳וואָלט זען די באַרויקנדיקע זשעסטן פון די פרויען, וואָס פאָרען זיך אַרום מיר, כ׳וואָלט זיי הערן עטעמען. איך עפן דאָס מויל, ווו עס פליסט שוין דאָס וואַסער... און אין אַ לעצטן אָנשטרענג נעם איך שרייען. איך וועק זיך אויף אַ דורכגעפרוירענע פון קאָפּ ביז צו פיס. די נאַכט איז אָנגעקומען און אַן עלעקטריש לעמפּעלע צעטיילט אַ געלע ליכט.

די פרויען לייגן צונויף זייער אַרבעט ציכטיק, נעמען צונויף די שקאָרפּעטקעס פאָרנוויז. די טיר עפנט זיך ברייט אויף. ס׳קומען אַריין צוויי אַרעסטאַנטקעס, וואָס טראָגן אַ גרויסן קעסל און הינטער זיי די אויפזעערין מיט אַ שעפּ־לעפל. די פרויען שטעלן זיך אויס אין אַ ריי, יעדע מיט אַ שיסל אין דער האַנט. איך שטעל זיך אַוועק אין דער ריי. די ברוינע פליסיקייט, ווו עס שווימט קאַרטאָפל־שאָלעכץ, בריט מיך אָנגענעם. לעבן מיר טרינקט דאָס דיקע מיידל פון שיסל און די זופּ רינט לענג־אויס איר גאָמבע. אירע אויגן לעבן אויף. ווען זי האָט געענדיקט, טוט זי אַ זיפץ און שמייכלט צו מיר. איך פון מיין זייט שמייכל אויך צו איר, ווייל מיט אַ מאָל געפין איך, אַז דאָס איז די סימפּאַטישסטע באַשעפעניש, וואָס כ׳האָב ווען עס איז באַגעגנט. העגריעטע עסט שטייענדיק און איילט זיך נישט. איר פּנים איז אָן אויסדרוק. זי רעגט מיך אויף.

— קענסט זיך נישט אַ ביסל אַוועקזעצן, כאָטש איין מאָל?

זי ענטפערט נישט, דאַן זאָגט מיר דאָס דיקע מיידל:

— זי האָט נישט מער קיין פלייש אויף איר הינטן. עס פוילט און עס שיילט זיך שטיקלעכווייז. צי פילסטו נישט דעם ריח פון צעפוילעניש? אַיי, פאַרסמט זי אונדז די לופט!

איך לאָז אַרונטער די אויגן, כדי מער נישט צו זען דאָס דאָזיקע

נאַרישע פּנים קעגן איבער מיר און, דער עיקר, כדי נישט צו זען די אַנדערע, וואָס שטייט און עסט זיך רויִק ווייטער. צום גליק לעשט זיך דאָס ליכט אויס. די פרויען גייען זיך לייגן אין דער פינצטער. איך ריר זיך נישט. די טיר עפנט זיך ווידער און ס׳טוט מיר אַ זעץ אין די אויגן דער שווערער אויפבליץ פון אַן עלעקטרישן פּאַקל. די וועכטערין קומט אַרײַן מיט פיר אַרעסטאַנטקעס.

— דו וועסט שלאָפן מיט דער־אָ, זאָגט זי צו מיר.

דערנאָך ווערט אַלץ צוריק שוואַרץ. עמעצער רירט מיך אָן ביים אַקסל.

— קום, זאָגט אַן אויסגעמאַטערטע שטים, מ׳דאַרף זיך לייגן. איך הויב אָן מאָרגן פינף אַ זייגער. איך אַרבעט אין דער וועשעריי.

אַ קאַלטע און צערונצלטע האַנט נעמט אָן מיינע. איך גיי איר נאָך. דאָס איז דאָס בעט פון אונטן.

— טו נישט אויס דאָס קלייד. ס׳איז צו קאַלט.

איך צי זיך אויס אויפן שטרויזאַק, לעבן דער פרוי, און מיר ציִען אַריבער איבער אונדז די איינציקע קאָלדרע. איך באַמי זיך צו באַשיצן מיין רוקן פון יעטוועדער ווייטיקדיקער באַרירונג.

— קום נענטער, זאָגט די פרוי, מען דאַרף זיך דערנענטערן, ווייל אַנדערש וועט אונדז זיין צו קאַלט.

מיין שכנטע איז ווייך און פעט, אָבער עטלעכע מינוט שפּעטער, פיל איך ווי ס׳גייט אין מיר אויף אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט.

— דיינע פיס זענען דאָך אַזוי פאַרפרוירן, זאָגט זי נאָך: אַ שלעכטע בלוט־צירקולאַציע. — און באַלד הער איך ווי זי שנאָרכט. אויף די שויבן, באַגאָסענע מיט לבֿנה־ליכט, בליען די פראָסט־בלומען. פון דער הויך נידערט אַראָפּ אַ קול:

— הייליקע מאַריאַ, גאָטס מוטער, איך וועל דיך ממיתן; שמוציקע הור, בעט פאַר אונדז.

אויף מיין גאַנצן קערפּער מערט זיך דאָס אַרומקריכן פון לייז. איך קראַץ זיך מילד, כדי נישט אויפצוּוועקן מיין שכנטע. מיינע פינגער זענען נאָך אַלץ געפרוירן און מיט אַ מאָל טראַכט איך וועגן דער אַלטער, וואָס

מען הערט מער נישט קרעכצן. אפשר איז זי געשטאָרבן. ס׳איז מעגלעך, אָבער דאָס האָט נישט קיין שום באַדייטונג. דאַן שלאָף איך איין.

איך וועק זיך אויף אַן איינגעקאָרטשעטע, אַ ציטערנדיקע. מיין שכנטע איז פאַרשוווּנדן. איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ פון אונטער דער קאָלדרע: ס׳איז פינצטער. די לבנה איז אַנטלאָפן פון די שויבן און כ׳באַמערק קוים די פענצטער דורך אַ געוויסער שוואַכקייט פון שאָטן. איך רייב שטאַרק מיינע היפטן.

אַ גלאָק קלינגט. עמעצער שפּרינגט אַרונטער אויפן דיל: באָרוועסע פיס פּאַטשן אויף דער פּאַדלאָגע.

— איילט אייך צו צו אַלדע טייוול. אין פינף מינוט איז דער ראַפּאָרט.

— גיי צום טייוול מיט דיין ראַפּאָרט, ענטפערט אַ פאַרשלאָפענע שטים. דאָס רופט באַלד אַרויס אַ שטורעם זידלערייען.

— מ׳דאַרף זיך נישט אַזוי צעהיצן באַלד אין דער פרי, מאַדאַם טערעזע, זאָגט די געלאַסענע שטים פון הענריעטען, ס׳איז שעדלעך פאַרן געזונט.

— הערט נאָר אַ ביסל די לעבעדיקע פוילעניש, וואָס גיט מיר עצות, זאָגט טערעזע אַן אויפגעבראַכטע.

איך הער זיי אַלע אויפשטיין און טו דאָס זעלבע. איך זוך מיינע טרעפּעס און געפין זיי נישט. איך זוך טאַפּנדיק אויף די קני. עמעצער טרעט מיר אַן אויף אַ האַנט. איך וויין און באַמי זיך צו דערשטיקן מיינע שלוכצן. נישט דערפאַר, ווייל דאָס טוט אַזוי וויי, נאָר פשוט, ווייל כ׳האָב שוין געענוג. וואָס טו איך נאָך דאָ, ליבער גאָט? מיין סוף האָט דאָך שוין פון לאַנג געדאַרפט קומען. דער לאָמפּ צינדט זיך אָן. איך וויש זיך אָפּ די נאָז מיטן אונטערשטן טייל פון מיין קלייד, דערנאָך געפין איך ענדלעך מיינע טרעפּעס.

— מאַכט שנעל אייערע צעפּלעך, זאָגט מיר די ברונעטקע.

מיטן נאָגל צעטייל איך מיינע האָר און פלעכט זיי אויף דער שנעל. מיר שטעלן זיך אויס אין צוויי רייען הינטערן טיש און באַלד באַווייזט זיך די אויפזעערין, עלעגאַנט, אַן אַ שפּרענקעלע אויף זיך.

— טערעזאַ וואָלסקאַ באַריכטעט, אַז עס זענען דאָ זעקס פרויען צום

ראַפּאָרט, קיינע פּעלט נישט. נישטאָ קיין קראַנקע, זאָגט די פרוי מיט די אויגן פון אַ טכויר, וואָס געפינט זיך אין דער ערשטער ריי.

אַן אַרעסטאַנטקע קומט אַריין, שטעלט אַוועק אויפן טיש אַ גרויסן קויש פול מיט זאָקן. די אויפזעערין קוקט מיך אָן.

— דו, דו וועסט מאַכן די קאַנטשיקעס.

מען לייגט פאַר מיר אַוועק שטיקלעך לעדער און אַ שער. די טיר פאַרמאַכט זיך און מיר בלייבן אַליין. די זאָקן ווערן געציילט און איינגעטיילט אין פינף הויפנס. העגריעטע פעדעמט איין שטייענדיק איר נאָדל. די אַלטע איז אויך דאָ מיט אַ געשוואָלן פּנים. דער פאָדעם אין אירע ציטערדיקע פינגער באַווייזט נישט צו טרעפן אין לעכל פון דער נאָדל.

— ווייל דו ביסט אַ נייע... זאָגט מיר טערעזע. אייגנטלעך, ווי רופט מען דיך?

— מאַריאַ.

— וועסטו אָנהויבן ריין מאַכן די פאָדלאָגע. אָט, נאַ דיר די באַרשט. און רייב גוט אומעטום, אַפילו אונטער די בעטן. אויב דו לאָזט אַפילו איין שפּרינקעלע שטויב, וועלן אַלע כאַפּן אַ פּסק.

— מיט דעם? זאָג איך, קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען האָט געקענט אָנרופן אַ בערשטל פאַר די נעגל.

— יאָג זיך צו, עפּעס אַנדערש איז נישטאָ.

איך בויג זיך אַרונטער און הויב אָן צו רייבן.

— ס׳אַראַ בהמה. מען דאַרף אָנהויבן אין אַ ווינקל און גיין תמיד אין דער זעלבער ריכטונג.

געהאָרכזאַם גיי איך אין אַ ווינקל. אָבער ווי נאָר כ׳בויג זיך איין הויבט מיר אָן וויי צו טאָן מיין רוקן. איך שטעל זיך אָפּ.

— דו האָסט זיכער קיין סך נישט געאַרבעט אין דיין לעבן, באַמערקט דאָס דיקע מיידל מיט פאַראַכטונג.

טערעזע קומט צו נענטער צו מיר.

— דאָס איז נישט קיין אַרבעט פאַר אַזאַ דעליקאַט מיידל ווי דו.

איך ענטפער נישט.

— מען קען דורכקומען. איך וועל מאַכן די אַרבעט און דו וועסט מיר געבן דיין פּאַרציע ברויט.

— וואָסער ברויט?

— מען וועט עס באַלד ברענגען. דו ווייסט, נישט קיין סך, אַ קליין פּיצל ברויט. איך זאָג עס, ווייל איך וויל דיר טאָן אַ טובה.

איך האַלט זיך איין, כדי איר נישט צו וואַרפן די באַרשט אין פּנים אַריין איך רייב ווייטער.

— נו, איז עס יאָ, אָדער ניין?

מיין רוקן טוט מיר אַלץ מער און מער וויי. איך גלייך זיך אויס, לאָזנדיק די באַרשט אויפן דיל. די פרויען האַלטן אין פאַרבעטן די בעטן. טערעזע כאַפּט די באַרשט און נעמט רייבן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט.

דער גלאָק קלינגט ווידער און מיר שטעלן זיך אויס ביי דער טיר, יעדע מיט אַ טעפּל אין דער האַנט. מיר באַקומען אַ קאָכלעפל ברוינע און ווילעכע פליסיקייט ווי אויך אַ פּענעץ שוואַרץ ברויט: די ברויט־פּאַרציע פאַרן גאַנצן טאָג. איך טרינק די פליסיקייט, וואָס סימבאַליזירט די קאַווע, קוקנדיק ווי אַזוי טערעזע פאַרשלינגט ממש אירע צוויי שטיקלעך ברויט. העבריעטע האָט אַוועקגעשטעלט איר טעפּל אויף דר׳ערד לעבן איר בעט. פון אונטערן שטרויזאַק שלעפּט זי אַרויס אַ פּאָר שמאַטקעס, וואָס זי טונקט איין אין טעפּל. איך דערנענטער מיך.

— לאָז מיר עס טאָן. איך האָב געאַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל.

נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, דרייט זי זיך אויס און פאַרקאַטשעט איר קלייד. אַן איבלדיקער ריח פאַרקלעמט מיין האַלדז. איר הינטן איז אין גאַנצן איין גרויסע וווּנד און ווען איך וויש אים אָפּ מיט דער איינגעטונקטער שמאַטע, שיילן זיך אָפּ שטיקלעך פלייש.

— ס׳וועט זיין בעסער, דו זאָלסט זיך אַוועקלייגן אויפן בעט, זאָג איך.

— ס׳איז נישט נויטיק, אַזוי איז אויך גוט.

זי רירט זיך נישט.

— לאָז די שמאַטקע. וועסט זי צובינדן מיט אַ דרים וואָל צום צערעווען, זאָגט זי ענדלעך. אָט אַזוי, ס׳איז זייער גוט.

זי לאָזט אַרונטער איר קלייד און איך צי אַרונטער מיינס.

— גיב נאָר אַ קוק אויף מיין רוקן.

אירע פינגער רירן מיך אָן דעליקאַט.

— ס'איז געשוואָלן. עס זעט אויס ווי אַ געשוויר. ער איז נאָך נישט אויסגעשטאַנען. איך וועל אַרויפלייגן אויף אים אַ נאַסע שמאַטע, וועט ער גיכער אַרויס. דאָס דאַרף זייער ווי טאָן.

איך ענטפער נישט. זיכער טוט עס זייער ווי און ס'טרעפט, אַז דער ווייטאָג איז נישט איבערצוטראָגן. אָבער וואָס קען מען ענטפערן דעם מיידל, וואָס קען זיך מער נישט אָוועקזעצן און וועמעס פלייש שיילט זיך אָפּ ווי די קאָרע פון אַ טויטן בוים?

מיר גייען צוריק אויף אונדזערע ערטער ביים טיש. די קעלט איז פיינלעך און איך בין הונגעריק. איך קוק כסדר אויפן גרויסן פּאַיאַנס־אויוון, פון וועלכע די אייזיקע לופט זעט אויס אַרויסצוקומען. איך פּיל אויף זיך העגריעטעס בליק.

— מען דאַרף אַרבעטן, זאָגט זי. דו צעשנייד דאָס לעדער אין שמאָלע פּאַסעקלעך. צעשנייד דאָס גאַנצע לעדער, דערנאָך וועל איך דיר ווייזן.

ס'זאָגט זיך לייכט שניידן לעדער. אומזיסט קוועטש איך די שער מיט בײדע הענט מיט אַלע מיינע כוחות. איך באַוויז אפילו נישט עס איינצו־שניידן. איך פּרוּוו פון אַן אַנדער זייט פון שטיק, מיט דער פוסטער האָפענונג, אַז דאָ וועט דאָס לעדער זיין נאָכגיביקער. איך באַוויז בלויז צעקאַליעטשן מיינע פינגער.

— דו גיסט מיר דיין זופּ פון מיטאָג און איך וועל דיר אָנשניידן עטלעכע פּאַסעקלעך, זאָגט מיר טערעזע.

— נישט קיין זופּ, נישט קיין ברויט, זאָג איך אין ווײסטן כעס. דער הונגער צעדרייט מיר די קישקעס.

— דו, דו וועסט האָבן אַ צעניזוקטע מאָרדע, פאַרענדיקט פילאָזאָפיש טערעזע.

— דאָס איז מיין מאָרדע אויב איך האָב נישט קיין טעות.

טערעזע ווערט צערייצט:

— קוק עס נאָר אָן. מען וויס נישט אַפילו, פון וואַנען דאָס קומט...

און דערצו אַ פֿאַרמשפּטע צום טויט. מען פֿאַרמשפּט נישט צום טויט פֿאַר גאָרנישט. צי ביסטו נישט אַ מאָל אַ זשידוווקע, וואָס באַהאַלט זיך אויס, האַ? אַ זיי זענען זייער כיטרע די פֿון דעם מין! איך, איך, קען אַ ביסל זשידוווקעס, וואָס באַהאַלטן זיך אויס און וואָס באַטראַכטן אַלעמען ווי יאָלדן.

איך פּלאַץ אַרויס מיט אַ געלעכטער. זי איז פֿאַרשפּאַרט פּונקט אַזוי ווי איך און פּרוווט נאָך מיר צו סטראַשען.

— כ׳זאָג נישט, אַז דו ביסט אַ זשידוווקע, דו, אָבער כ׳קען אַנדערע וואָס זענען עס און אויב אַט די אָ מיינען, אַז זיי וועלן זיך אַרויסדרייען, זאָג איך דיר, אַז זיי מאַכן אַ גראָבן טעות.

זי קוקט אַרויסרופֿעריש אויף דער ברונעטקע:

— זאָג נאָר דו, סוואָבאָדאַ, פֿון וואַנען אייגנטלעך קומסטו? דו ווייסט, איך ווױן אין פּלוינסק זינט פֿערציק יאָר און כ׳קען דאָרטן יעדן שטיין. נישט אמת, וואַנדאַ?

די דיקע מויד שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— דיך קען איך. איך קען די בראַדזיעצקאַ — און מיט דער גאָמבע וויזט זי אויף דער אַלטער — איך קען די צוויי, וואָס אַרבעטן אין דער וועשעריי, די צוויי פֿון דער קיך. די צוויי ראָצעריגס, וואָס זענען פֿאַרמשפּט צום טויט, זיי קען איך נישט, אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, זענען זיי דערליידיקטע. און דו? סוואָבאָדאַ? האָסט נישט מער ווי איין יאָר תּפֿיסה? פֿאַר וואָס?

— וואָס גייט עס דיך אָן? זאָגט די אַנדערע.

— דאָס קען מיר יאָ אָנגיין. אין אַ געוויסן טאָג בין איך געפֿאָרן נאָך פּלוינסק, כ׳האָב געקויפֿט שטאָף ביי זשידעס. נו, איז דאָרט געווען איין זשידוווקע, וואָס איז גאָר שטאַרק ענלעך געווען צו דיר.

סוואָבאָדאַ ציט מיט די אַקסלען. איך באַטראַכט זי: זי איז שטאַרק ברונעט, האָט אַ גראָבע נאָז און גערדיכטע ברעמען, וואָס קומען זיך צונויף. דאָס גיט איר עפּעס אַן אָריענטאַלישן אויסזען. אָבער אירע אויגן זענען קאַלטע, איר מויל איז פֿאַראַכטנדיק און קיין איין מוסקל טוט נישט קיין ציטער אין איר פּנים. ניין, ס׳איז אוממעגלעך. ווי אַזוי וואָלט עס אַ יידישקע פֿון איר עלטער געקענט אַזוי גוט שפּילן אַ קאָמעדיע?

— מען קען זאָגן, אַז זיי האָבן געטאָן אַ גוטע זאַך דערמיט וואָס זיי האָבן אונדז באַפרייט פון די אַלע יידן, זאָגט די גראָבע וואַנדאַ.

די אַלטע בראַדזיעצקאַ עפנט אירע צעניזוקטע ליפּן:

— שמוציקע שרצים. גוט האָט מען געטאָן.

העגריעטע אַרבעט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן. טערעזע באַטראַכט מיך. איך מאַך נאָך אַ מאָל אַ לעכערלעכע אָנשטרענגונג איינצושניידן אין לעדער.

— וואָס זאָגסטו דערצו, מאַריאַ?

מיט וואָסער פאַרגעניגן וואָלט איך איר אַ שפּיי געטאָן אין פּרצוף אַריין. וואָס האַלט מיך אָפּ דערפון? צי איז פאַר מיר נישט אַלץ פאַרענדיקט? מיינע פיר יאָר דרעסירונג, פאַרשטעלן זיך און ליגנס פענטען מיך. איך שווייג.

— דו האָסט אפשר סיבות צו שווייגן, זאָגט טערעזע. גוטע סיבות, נישט אמת?

— לאָז זי צו רו, זי איז אין תפיסה פונקט ווי מיר אַלע, זאָגט סוואָבאָדאַ.

טערעזע ענטפערט נישט. דאָס שיינט מיר צו זיין אַזוי מאָדנע, אַז איך טו אויף איר אַ קוק. אירע קליינע אויגן, אָנגעשטעלטע אויף דער סוואָבאָדאַ, פינקלען בייז. איך שטויס זיך אָן, אַז איר מוח אַרבעט מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, אַז זי פאַרלירט דאָס לשון. וואַנדאַ נעמט שילדערן מיט אַלע פּרטים די מאָלצייטן, וואָס מען פלעגט דערלאַנגען צום טיש ביי הער און פרוי ראָק. ווו זי איז געווען אַ דינסט. מיר אַלע הערן זיך איין און ווערן פאַרכאַפּט. איך שפּיר דעם ריח פון געבראָטנס, כ׳האָב אין מויל דעם געשמאַק פון די סאָסן, איך גאַווער. אפילו העגריעטע האָט אויפגעהערט צו נייען. די אַלטע בראַדזיעצקאַ, קאַלעטשענדיק די ווערטער צווישן אירע געשוואָלענע ליפּן, פּרוווט אַריינברענגען סובטעלע ענדערונגען אין דעם קאָך־רעצעפּט.

— און דו מאַריאַ, וואָס קלויבסטו אויס?

העגריעטעס שטים קלינגט קלאָר און פריילעך. די אמתע שטים פון אַ יונג מיידל. אָן וואַקלעניש, ענטפער איך:

— אַ פּיינקוכן.

דאָס וואָס כ׳פלעג אַממייסטן פּיינט האָבן אין דער היים. איך פלעג

קענען אָפּזיצן אַ שעה צייט פֿאַר מײַן טעלער, דרייענדיק אַהין און אַהער דאָס עסן אין מײַן מויל, און נישט קענען זיך אַנטשליסן עס אַרונטערצו־שלינגען. „עס, מײַן טײַערינקע, פֿלעגט זאָגן די מאַמע. עס, ווײַל אויב נישט וועסטו קיין מאָל נישט זײַן קיין דערוואַקסענע", און אָט פֿאַרגלוסט זיך מיר אַ פֿײַנקוכן, וואָס כ'וועל קיין מאָל שוין מער נישט קענען פֿאַרזוכן. דער גלאָק קלינגט צום דריטן מאָל דעם טאָג. מיר שטעלן זיך אויס פֿאַר דער טיר, וואָס עפֿנט זיך באַלד אויף.

באַוואַכט פֿון אונדזער וועכטערין, גייען מיר לענג אויס דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז אַ גענויע קאָפּיע פֿון ערשטן. ווײַט אין דער טיף, האַלט אַן אַרעסטאַנט מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ אין קערן. ווי נאָר ער הערט אונדז זיך דערנענטערן, שטעלט ער זיך אַוועק בײַ דער וואַנט מיטן רוקן צו אונדז. די בליקן פֿון די פֿרויען פֿאַרהאַלטן זיך אויף אים. די גראָבע וואַנדאַ באַלעקט אירע ליפּן מיט דער צונג, אַזוי ווי אַ קינד ווען עס דערזעט אַ נאַשוואַרג. אונדזערע טרעפּעס רופֿן אַרויס אַ שרעקלעכע געקלאַפּערײַ אויפֿן דיל. בײַ יעטוועדן טריט דראָען מײַנע טרעפּעס מיך צו פֿאַרלאָזן. איך קלאַמער אײַן מײַנע גראָבע פֿינגער, כּדי זיי צו פֿאַרהאַלטן און צום סוף באַקום איך קראַמפּן. דאַן שטעק איך מײַנע פֿיס טיפֿער אַרײַן אין די טרעפּעס און שלעפּ זיי, נישט אײַנבויגנדיק די קני. העגריעטע איז הינטער מיר.

— גיי שנעלער, שושקעט זי.

אַ גרויסע טיר שטייט אָפֿן פֿאַר אונדז. אויפֿן הויף וואַרטן אַנדערע אַרעסטאַנטקעס, בלויע פֿון קעלט. מיר טונקען זיך אײַן אין אַן אײַז־קאַלטער באָד. מיר דאַכט זיך, אַז כ'האָב נאָך קיין מאָל נישט געפֿילט אַזאַ קעלט. איך באַקום די לופֿט אַזוי ווי אַ זעץ מיט אַ פֿויסט אין דער טיף פֿון האַלדז. מיר שטעלן זיך אויס אין אַ שורה און הייבן אָן זיך דרייען אַרום דעם הויף. איך גליטש זיך באַלד אויס אויף דער פֿאַרפֿרוירענער ערד. עטלעכע מאָל פֿאַרליר איך אַזוי מײַן גלײַכגעוויכט. העגריעטע כאַפּט מיך אויף. די קעלט דרינגט אַרײַן אונטער מײַן קלייד און הייבט זיך אויף לענג־אויס מײַנע פֿיס. אַ פּאָר מינוט שפּעטער געהערט מײַן קערפּער נישט מער צו מיר. איך בין אײַנגעקלעמט אין אַ פּאַנצער פֿון מערמלשטיין. איך עטעם מיט פֿאַרזיכטיקייט, מיט פֿאַרפֿרעסטע צײַן. איצט לאָז איך זיך גיין אויפֿן

גליטש־אייז, מיטגעשלעפּט דורך מיינע טרעפּעס און נישט זענענדיק בכח צו קאָנטראָלירן דאָס דאָזיקע גליטשן זיך. הינטער מיר דערהערט זיך אַ געקריש פון אַ פאַל. די קאַרוזעלע שטעלט זיך אָפּ. נאָך אַ מאָל האַלט מיך אין די באַשיצנדיקע האַנט פון העגריעטען. אין דער שטילקייט טוט אַ פּיף אַ בייטש, און פאַלט אַרויף אויף אַ קערפּער. די קלעפּ פאַלן איינע נאָך די אַנדערע, דערנאָך קומען די געשרייען.

— דריי זיך נישט אום, זאָגט שטיל העגריעטע.

איך האָב נישט דערצו דעם מינדסטן חשק. דאָס אַלץ איז מיר אַבסאָלוט גלייכגילטיק. איך פאַרשטעל דאָס מויל מיט דער האַנט און עטעם דורך די פינגער. די לופט דרינגט אַריין ווייניקער וויטאָגלעך אין מיינע לונגען. אַ חוץ דעם פיל איך נישט די קעלט מער ווי אַ טויטער דאַרף פילן דאָס געוויכט פון דעם שטיין אויף זיין קבר.

— שנעלער, שרייט די אויפזעערין.

מיר יאָגן זיך צו. „שנעלער״! מיר יאָגן זיך נאָך מער צו. מיין קאָפּ ווערט אויסגעליידיקט. די ערד פאַרשווינדט. איך דריי זיך. איך דריי זיך. און דאַן טוט זיך אַלץ אַ קער אום און איך געפין זיך אַן אויסגעצויגענע אויפן גליטש־אייז. זייער הויך איבער מיר באַמערק איך דאָס פּנים פון דער וועכטערין. די בייטש טוט זיך אַ הויב.

— איר האָט נישט קיין רעכט צו שלאָגן די פאַרמשפּטע צום טויט, זאָגט אַ שטים.

די וועכטערין ענטפערט מיט אַ שטורעם פון קללות. די בייטש לאָזט זיך נישט אַראָפּ. עמעצער העלפט מיר זיך אויפצוהייבן. מען רעדט נאָך, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז עס איז זייער וויט, און איך קען נישט פאַרשטיין. ס׳דאַכט זיך מיר אויך, אַז איך גיי און מ׳האַלט מיך כסדר אונטער. איך גיי אַרויף אויף שטיגן. אַ טיר עפנט זיך... איך געפין זיך אויף איין מאָל אין אַ פינצטערניש. איך מאַך אַ טריט פאָרויס און טרעף אָן עפּעס ווייכס, וואָס גיט נאָך אונטער מיין געוויכט. דאַן שטרעק איך אויס בלינדערהייט מיין צווייטן פוס און ער פאַרטיפט זיך ביז איבערן קני. איך בויג זיך איין: איך געפין זיך אויף אַ באַרג פון שמאַטקעלעך. איך לאָז זיך אין גאַנצן נאָך און נורע זיך איין אין אָט דעם גן־עדן פון ווייכקייט. מיט ביידע הענט שאַר

איך אַן אויף מיר די שמאַטעס און ס׳דויערט נישט לאַנג און איך דער־וואַרעם זיך. פלוצעם פאַלט אויף מיר אַן אַ מורא. איך דערפיל אַן אַנוועזנ־הייט גאָר נאָענט. איך פאַרהאַלט מיין אָטעם. ווי וואָלט איך איצט זיך וועלן געפינען אויף דעם פּראַסטיקן הויף און זיך גליטשן איבערן אייז צוזאַמען מיט אַנדערע באַשעפענישן, וואָס זענען ענלעך צו מיר. די שפּאַנונג ווערט אומדערטרעגלעך. אַט וועל איך אַנהויבן צו וואָיען.

— מאַריאַ.

מיינע ציין קלאַפּן. ווידער אַ שושקעריי:

— מאַריאַ.

— ווער איז דאָ?

— דאָס בין איך, הענריעטע.

מיין פּחד פאַרוואַנדלט זיך אין אַ כעס:

— האָסט נישט געקענט באַלד זאָגן, בהמה וואָס דו ביסט!

— שריי נישט, עס איז נאָך אפשר עמעצער פאַראַן הינטער דער טיר.

— איך פייף אויף דעם.

ס׳פאַרוועלט זיך מיר שרייען פון דערלייכטערונג, פון פרייד.

— וואָס טוסטו דאָ?, זאָג איך.

— גאָרנישט.

— קום צו נענטער. ס׳איז דאָ אַזוי וווּנדערבאַר גוט. מען האָט אונדז צוגעגרייט אַ ווייך און וואַרעם בעט. גיב מיר דיין האַנט.

איך שטרעק אויס מיין האַנט און שאָקל זי אין אַלע ריכטונגען.

— נו, וואָס טוסטו?

— איך זוך דיך, זאָגט זי.

איך פּלאַץ אַרויס מיט אַ געלעכטער. דער געדאַנק, אַז מיר זענען ביידע צוזאַמען, פאַכען מיט די הענט און קענען זיך נישט באַגעגענען, שיינט מיר צו זיין אויסערגעוויינלעך קאָמיש.

— ביסט אין גאַנצן משוגע, זאָגט הענריעטע.

זי האָט זיכער געמאַכט אַ פּאָר שריט פאָרויס און זיך אָנגעשטויסן אויף די שמאַטעס, ווייל מיט אַ מאָל כאַפּ איך זי אויף אין מיינע אָרעמס. זי איז נאָך א דערפראָרענע. איך צי זי צו צו זיך.

— ניין, נישט אַזוי, זאָגט זי, איך מוז זיך לייגן אויף אַ זייט.

איך שטרעק אויס מיין אָרעם און זי לייגט אַוועק אויף אים איר קאָפּ. איך שאַר צונויף אויף אונדז אַ קופּע שמאַטעס. מיר שווייגן אַ לענגערע צייט. איך פיל ווי זי דערוואַרעמט זיך לעבן מיר.

— דו מיינסט, אַז מען וועט אונדז דאָ לאָזן? מען פילט זיך דאָ גאַר גוט.

זי ענטפערט נישט, נאָר איר האַנט גלעט מילד מיין אַקסל.

— דו האָסט מורא געהאַט מיט אַ ווײַלע צוריק? פרעגט זי.

— יאָ, זייער מורא געהאַט.

— און אויפן הויף?

— ניין, אויפן הויף האָב איך נישט מורא געהאַט.

— דו ביסט אַ מאָדנע מיידל, זאָגט זי נאָך. טייל מאָל מאַכסטו דעם איינדרוק פון אַ כשר קעלבעלע און טייל מאָל קומט אויס, אַז דו ווייסט מער ווי מיר אַלע דאָ צוזאַמען.

— דאָס איז אַלנפאַלס בעסער ווי דו, זאָג איך, וואָס מאַכסט בכלל קיין איינדרוק נישט.

— ביסטו טאַקע זיכער, אַז ס'איז אמת דאָס וואָס דו זאָגסט?

איר האַנט זוכט מיך דורך די שמאַטעס און פאַרמאַכט זיך אויף מיינער מיט אַ נישט געאַנטער קראַפט.

— דו פאַרשטייסט, זאָגט זי, איך וואָלט נישט וועלן, מ'זאָל עס זען.

איך ענטפער אויפן רוף פון אירע פינגער, וואָס קלאַמערן מיך פאַר־צווייפלט. און דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען טאָן, ווייל איך פאַרשטיי גאָרנישט. איך באַפריי מיין אַנדערע האַנט און גלעט אירע האָר. איצט וויינט זי שטילערהייט.

— איך האָב אַזוי מורא צו שטאַרבן. איך האָב אַזוי מורא צו שטאַרבן. ווי אַזוי דאַרף מען טאָן, כדי נישט מורא צו האָבן? דו מיינסט, אַז זיי וועלן אונדז דערשיסן?

— איך האָף, זאָג איך. דאָס איז דער בעסטער טויט, דער שנעל־סטער.

— האָסטו, הייסט עס, נישט קיין מורא?

— ניין.

— איך בין זיכער אַ פּחדן, זאָגט העגריעטע און פּרוּווט אַרויסצונעמען איר האַנט. איך פֿאַרהאַלט זי.

— ניין, דו ביסט נישט קיין פּחדן. דו ביסט דאָס מוטיקסטע מיידל, וואָס כ׳האָב ווען עס איז געזען. איך קען זיך וועטן, אַז דו האָסט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט בעת מען האָט פֿון דיר געשניטן פּאַסן.

— ניין, איך האָב נישט גערעדט, זאָגט זי און זי לאָזט איר האַנט אין מיינער.

— דו זעסט. מען דאַרף האָבן זייער אַ סך מוט, כדי דאָס איבערצוטראָגן. וואָס האָבן זיי פֿון דיר געוואָלט?

— די נעמען פֿון די, וואָס זענען געקומען צו אונדז אויף פֿאַר־זאַמלונגען. איצט איז זי אַ באַרויקטע. איך ווישׁ אָפּ די טרערן פֿון אירע באַקן.

— און דו, דיין רוקן, פֿאַר וואָס איז דאָס געווען?

— מער ווייניקער פֿאַר דער זעלבער זאַך.

ווי באַענט איך זאָל זיך צו איר נישט פֿילן, פֿאַרשליס איך זיך אין זיך אין דעם מאָמענט. אויסער דעם פֿאַלט מיר גאָרנישט איין, אַז מען קען זאָגן דעם אמת אָט אַזוי גאָר פּשוט.

— דו האָסט גאָרנישט גערעדט? פֿרעגט זי.

— ניין, זאָג איך און ס׳איז אמת.

— טאָ זאָג מיר, פֿאַר וואָס האָב איך מורא צו שטאַרבן און דו נישט?

איך זע בלויז איין אויפֿקלערונג און איך גיב זי איר.

— ווייל דו ווילסט לעבן און איך האָב שוין געענוג.

— ווי אַלט ביסטו?

איך בין אַלט דריי און צוואַנציק יאָר, אָבער לויט מיינע פֿאַלשע פּאַ־פּירן בין איך אַלט בלויז ניינצן. איך ווייס, אַז איך גיי שטאַרבן און דאָס האָט שוין נישט מער קיין באַדייטונג.

— כ׳בין אַלט ניינצן יאָר, זאָג איך.

אַזוי ווייט איז דער אומצוטרוי און דער ליגן געוואָרן פֿאַר מיר באַטירלעך.

— מיר זענען אין זעלבן עלטער, זאָגט זי נאָך. איך אָבער האָב אַזאַ

פאַרלאַנג צו לעבן. כ׳האָב זיך באַקענט מיט אַ בחור און וואָלט אַזוי געוואָלט אים זען נאָך אַ מאָל.

— ער לעבט נאָך?

אַן אומגעריכטע אייפערזוכט שטעלט אָפּ מיין האַנט, וואָס האָט געהאַלטן אין גלעטן אירע האָר.

— ווי אַזוי קען מען עס וויסן? זאָגט זי פאַרחלומט.

ער איז אפשר טויט, זאָג איך צו זיך מיט אַ שטיקל דערלייכטערונג. איך נעם ווייטער גלעטן אירע האָר.

— דו האָסט אים שטאַרק ליב געהאַט?

— איך ווייס נישט. ער פלעגט מיך קושן. איך וואָלט עס וועלן מאַכן נאָך אַ מאָל — אַפילו מיט אַן אַנדערן.

איך דערווייטער זיך מיט איין מאָל פון איר.

— וואָס איז מיט דיר?

— גאָרנישט, כ׳דאַרף זיך אַוועקלייגן אויף אַן אַנדער זייט. דער רוקן טוט מיר וויי.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך דיר קענען דורכשטעכן דעם געשוויר. ער איז נאָך דערווייל נישט רייף. אַזוי איז דיר באַקוועמער?

— יאָ, זאָג איך.

און ווידער ליג איך אויפן רוקן און עס טוט מיר זייער וויי. איך פיל דאָך, ווי זי פּרוּווט זיך צו מיר דערנענטערן, מיך זוכן. כ׳בין בייז אויף זיך, וואָס כ׳האָב זיך אָפּגערוקט. דאָס איז נישט איר שולד. ס׳נעמט מיך אַרום אַ גרויסער מיטלייד. איך דריי זיך אויס אויף דער אַנדערער זייט און דער ווייטאָג ווערט שוואַכער. מיר ליגן איינע לעבן דער צווייטער און ס׳איז אונדז וואַרעם. ווען מען וואָלט געקענט אַזוי פאַרבלייבן ביז צום לעצטן מאָמענט, ווען דער לעצטער מאָמענט וואָלט געקענט קומען שוין איצט איידער נאָך ס׳וועט אונדז ווידער קאַלט ווערן...

די טיר עפנט זיך, אַ סילועט פון אַ מאַן שניידט זיך אויס קעגן דעם טאָג, מאַכט אַ שריט, בייגט זיך איין... און גלייך דערנאָך פאַלט צו די נאַכט. געשען איז עס אַזוי שנעל, אַז כ׳האָב נישט באַוויזן צו זען די פאָרעם פון אונדזער קאָרצער, נישט זיין גרויס. איך באַפריי זיך פון די שמאַטעס.

אויף די הענט און די קני קריך איך צו צום קרוג און צום שטיקל ברויט. ווי גרויס ער איז און ווי שווער. גיך דריי איך זיך אויס צו הענריעטען.

— נאַ, זאָג איך, זע ווי שווער עס איז.

— ס׳איז אומגלויבלעך, זאָגט זי.

— מען פרעסט?

— פאַמעלעך, פאַמעלעך. דאָס איז אפשר די צוטיילונג אויף אַ גאַנצער וואָך.

— אויב אַזוי, לאָמיר צעטיילן. נעם אַ העלפט און האַלט עס אַ יאָר אויב דו ווילסט. איך עס אַלץ אויף. זאָל איך כאָטש איין מאָל זיך אָנפילן דעם בויך.

און איך צעברעך דאָס ברויט.

— קלויב אויס.

איינגעגראָבן אין די שמאַטעס, שטעקן מיר נישט מער אַרויס ווי דעם קאָפּ און אַ האַנט צו עסן.

— דו עסט צו שנעל, זאָגט הענריעטע, מ׳דאַרף אָנהאַלטן דאָס פאַרגעניגן.

זי איז גערעכט, אײדער איך שלינג אַרונטער, קיי איך לאַנג און זאָרגפעליק, פאַרטיילנדיק דעם געשמאַק פונעם ברויט אויף דער גאַנצער פלאַך פון מיין גומען. וואָס קלענער ס׳ווערט דאָס שטיק ברויט, אַלץ פאַמעלעכער קיי איך עס. צום סוף מאַך איך קליינע פּויזעס צווישן די ביסנס. ס׳נעמט מיך אַרום אַ מחיהדיקע שווערקייט. ס׳איז מיר וואַרעם, ס׳איז מיר גוט. און מיט איין מאָל קומט מיר אויס אכזריותדיק צו פילן אַזאַ ווילשטאַנד, אין דער צייט, וואָס ער מוז אויסטראָגן די לאַסט פון דער ערד אויף זיין אָפּגעגאָלטן קאָפּ. און איך זאָג מיר, אַז דאָס האָט נישט קיין שום באַדייטונג, היות ווי איך געפין זיך שוין אויפן וועג, וואָס פירט צו אים. איך פרעג הענריעטען:

— דו האָסט אַלץ אויפגעגעסן?

— יאָ, איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן. אין תוך גענומען איז מיר שוין אַלץ איינס.

ס׳זעט מיר אויס אוממעגלעך איך זאָל זיין נאָך אַ מאָל הונגעריק.

— דו ווילסט טרינקען?

— אַ ניין, נאָך נישט איצט. כ׳האָב מורא, דאָס זאָל אַראָפּשווענקען דאָס ברויט.

— איך וויל זיך אויסדרייען, זאָגט זי אַ מינוט שפּעטער. מיין זייט איז פאַרשטייפט געוואָרן.

— איך אויך.

— אויב אַזוי וועלן מיר דאָך זיין אויסגעדרייט צו זיך מיטן רוקן.

— מען דאַרף זיך טוישן מיט די ערטער.

העגריעטע קריכט אַריבער איבער מיר און מיר טוישן זיך מיט די ערטער.

— העגריעטע?

— יאָ.

— ווער איז די פרוי מיט וועלכער איך שלאָף?

— דאָס איז מאַרטאַ. זי וואַשט די וועש פון די סאָלדאַטן. זיי זענען צוויי ביי דער אַרבעט. — אַ גאַנצן טאָג די פיס אין וואַסער. זיי וועלן שוין לאַנג נישט אָנהאַלטן.

— און די צווייטע אַנדערע?

— זיי, זיי האָבן אַרויסגעצויגן דעם גוטן נומער: די קיך.

— און די, וואָס זענען מיט אונדז?

— די אַלטע בראַדזיעצקאַ איז אינגאַנצן עובר בטל. איר זון, וואָס האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן, איז אַנטלאָפן. וואַנדאַ די גראָבע בלאָנדינקע, האָט געדינט ביי איינעם, וואָס האָט באַהאַלטן יידן. פאַרשטייט זיך, פאַר געלט. מען האָט אים אַרעסטירט און זי אויך. זי איז מיט אים מסתם געשלאָפן, ווייל לויט איר, איז ער געווען אַ הייליקער.

— און סוואָבאָדאַ?

— מען ווייס נישט פאַר וואָס זי איז דאָ. סוואָבאָדאַ רעדט קיין מאָל נישט וועגן זיך.

— זי זעט אויס צו זיין אַ ווילדע.

— יאָ, אָבער מען ווייס נישט, וואָס זי האָט אין קאָפּ.

— דו מיינסט, אַז ס׳איז אמת דאָס, וואָס טערעזע האָט געזאָגט?

— טערעזע איז אַן אויסוווּרף, זי האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

— טאָ וואָס טוט זי דאָ?

— זי האָט אַ ביסל צו פיל איבערגעטריבן מיטן שוואַרצן מאַרק. ווען זיי האָבן דערזען, אַז מ׳קען שוין פון איר גאָרנישט האָבן, האָט מען זי איינגעשפּאַרט. זיי פאַרזיכטיק: דאָס איז אַ פאַסקודסטווע.

— איך דאַרף זיך מער נישט אויסהיטן פון קיינעם.

— ס׳איז אמת, זאָגט זי, ווי באַדויערנדיק, מירביידע דאַרפן זיך מער נישט אויסהיטן. פון דעסטוועגן קען זי נאָך פאַרסמען דאָס ביסל צייט, וואָס איז אונדז נאָך פאַרבליבן.

— מען וועט זי שוין אפשר מער נישט זען, זאָג איך, נישט זי און נישט די אַנדערע.

העגריעטע דערנענטערט זיך נאָך מער צו מיר און איך פיל איר אָטעם אויף מיין באַק.

— דו מיינסט, אַז זיי וועלן שוין מאַכן אַ סוף מיט אונדז?

איר שטים איז אַזוי נידעריק, אַז איך שטויס זיך אָן מער ווי איך פאַרשטיי אירע ווערטער.

— וואָס איז דאָס דען וויכטיק? מ׳דאַרף עס דאָך סיי ווי סיי דורכקו־מען. היינט האָסטו געפּרעסן, ס׳איז דיר וואַרעם, מען לאָזט אונדז צו רו. וואָס ווילסטו מער?

— אויב דו זאָגסט עס — און איר קול ציטערט — הייסט עס, אַז דו ביסט זיכער, אַז עס איז דער סוף.

איך לאָז זיך ווידער באַהערשן דורכן רחמנות, וואָס כ׳פיל צו איר.

— קיינער איז היינט גאָרנישט זיכער. איינס איז זיכער: ס׳איז נישט לאָגיש עמעצען צו שטראָפן און אים צו פאַרשפּאַרן אין דער פינצטערניש, ווען מען דאַרף אים דערשיסן.

זי טוליעט זיך צו מיר.

— דו מיינסט, דו מיינסט אויף אַן אמת?

נאָך אַ ווײַלע, ווערט איר קול צוריק אַ נאַטירלעכער און גייט אַרויס פריי פון איר האַלדז.

— דו ביסט געדעכט. מען שפּילט זיך נישט אין פאַרשפאַרן מענטשן אין דער פינצטערניש, כּדי זיי באַלד דערנאָך צו דערשיסן.

אירע הענט אַרום מיר ווערן לויזער. זי האָט אַ ביסל ווייניקער מורא, און באַדאַרף מיך אַ ביסל ווייניקער.

— ס׳איז אונדז דאָ גוט, מיינסט נישט אַזוי ?

זי ענטפערט נישט.

— ביסט שלעפעריק ?

— ניין, איך טראַכט וועגן אַ סך זאַכן.

— צו וואָס איז עס נויטיק ? דאָס, וואָס איז געווען, קענסטו נישט ענדערן. דאָס וואָס וועט קומען, קענסטו נישט איינהאַלטן. און דאָס וואָס ביסט אין איצטיקן מאָמענט, האָט נישט קיין שום באַדייטונג. ווען מען איז הונגעריק, טראַכט מען בלויז, אַז מען איז הונגעריק. ווען ס׳איז אונדז קאַלט, טראַכט מען אַז ס׳איז אונדז קאַלט. און ווען מען פילט נישט קיין הונגער און נישט קיין קעלט, דאַן נעמט מען טראַכטן וועגן כלערליי אידיאָטישע זאַכן.

— וואָס קענסטו דאָ טאָן עפּעס אַנדערש ?

— אפשר וואָלטן מיר געשפּילט ?

— אין דער פינצטער ? אין וואָס ?

— למשל, דו טראַכסט וועגן אַ זאַך אָדער וועגן אַ חיה. איך שטעל דיר פראַגעס. העכסטנס צען פראַגעס. אויב איך האָב נישט געטראָפן וואָס דאָס איז, האָב איך פאַרשפּילט. מסכּים ?

— גוט, זאָגט הענריעטע אַ הייטערע.

זי זעט מיר אַפּילו אויס צו זיין צו פריילעך און איך גיב צו :

— גיב אַכטונג. מען מאַכט נישט קיין שקרות. דו טאָרסט נישט ענדערן די זאַך וואָס דו האָסט זיך גענומען אין זינען, אויב דו זעסט, אַז איך טרעף. מיר הויבן אָן ?

— נו, יאָ.

— וואָסער לענג ?

— אומגעפער צוויי מעטער.

— פון וואָס איז עס ?

— פון לעדער.

— וואָסער לעדער?

— ברוין, אָדער שוואַרץ, אָדער ווייס, אָדער גרוי. אָדער ווייס און שוואַרץ. אָדער ברוין און שוואַרץ און... אַזוי ווייטער.

— צי האָט עס פּיסלעך?

— יאָ.

— צי לויפט עס שנעל?

— עס גייט נישט.

— דו מאַכסט חוזק פון מיר?

— אַבסאָלוט נישט.

— גוט. עס האָט פיס און עס גייט נישט. צי איז עס לעבעדיק?

— ניין.

— דו מאַכסט שקרות. דו האָסט געענדערט.

— איך מאַך נישט קיין שקרות. דו קענסט נאָך שטעלן פיר פראַגעס.

— צי האָב איך שוין געזען אַזוינס?

— יאָ, ס׳איז מעגלעך.

— דאָס קען מען זען אין שטאָט?

— אין שטאָט, אָדער אין פעלד.

— גענוג!

— נו, זאָל איך זאָגן וואָס דאָס איז?

— דאָס איז אַ פערד.

— אַ פערד? מען קען מיט דיר נישט שפּילן, ביסט צו נאַריש. דו האָסט געזאָגט, אַז עס לעבט נישט.

— זיכער. דאָס איז אַ געפּגרט פערד.

און זי לאַכט. שוין זייער לאַנג, ווי כ׳האָב זי נישט געהערט אַזוי לאַכן. איך וואַרט, אָבער זי לאַכט אַלץ שטאַרקער. זי האַלט זיך ביים פּאַרקייכן.

— דו ביסט נאָך נאַרישער, ווי כ׳האָב געמיינט.

— דו... דו האָסט... קיין מאָל נישט געזען אַ געפּגרט פערד?

איצט האָט זי באַקומען אַ שלוקערץ. און אויף איין מאָל קען איך זיך מער נישט איינהאַלטן. איך ברעך אויס אין אַ נישט געצווימטן געלעכטער.

איך לאַך פון זיך, פון געפּגרטן פערד, פון הענריעטעס שלוקערץ, פון אונדזער ביידנס נאַרישקייט.

— גיב מיר אַ ביסל וואַסער, זאָגט זי צווישן צוויי שלוקערצן, איך האַלט מער נישט אויס.

איך הויב זיך אויף, פאַרפּלאָנטער מיינע פיס אין די שמאַטעס און פאַל אויף די קני, נישט אויפהערנדיק צו לאַכן. איך באַוויז מיך אַ ביסל צו באַהערשן, כדי צוצוקריכן צו דער טיר, טאַפּנדיק מיט די הענט. הענריעטעס שלוקערץ נעמט אָן אַלאַרמירנדיקע פּראָפּאָרציעס.

— הער אויף אַ ווײַלע צו עטעמען, זאָג איך איר, עס וועט איבערגיין. איך געפין נישט דעם קרוג.

איך הער ווי זי פאַרקייכט זיך, קרעכצט, מאַכט אָנשטרענגונגען צו פאַרהאַלטן דעם אָטעם. צום סוף באַרויִקט זי זיך און איך געפין דעם קרוג. זי טרינקט אַ ביסל און דאַן זאָגט זי:

— אפשר וואָלט מען דערווייל זיך געמאַכט קאָמפּרעסן. דו אויפן רוקן, איך אויפן הינטן.

און ווידער ווערט זי פאַרכאַפּט דורך אַ משוגענעם געלעכטער. מיר נעצן אין די שמאַטעס און לייגן זיי אומגעשיקט אַרויף אויף אונדזערע ווונדן. ווען מיר האָבן עס פאַרענדיקט, לייגן מיר זיך צוריק אַוועק. פון צייט צו צייט ווערט נאָך איינע אָדער די אַנדערע אויפגעטרייסלט דורך די לעצטע לאַך־אָנפאַלן. הענריעטע גענעצט. דאַן הער איך איר רעגולער עטעמען. זי שלאָפט.

...די טיר פון מיין צימער עפנט זיך. אַ ליכט־שטראַל פאַלט אַלכסונדיק אויפן דיל. די מאַמע זאָגט: „קענסט אויסלעשן, דאָס קינד שלאָפט". דער ליכט־שטראַל פאַרשווינדט. איך צי אַרויף אויף מיין קאָפּ די קאָלדרע און פאַרמאַך זיך אין דער וואַרעמקייט און דער געהיימעניש פון די נעכט פון דער קינדהייט.

— ראַוס! *)

---

* דייטש אין טעקסט.

אינסטינקטיוו רוק איך זיך אַרונטער טיף אונטער דער קאָלדרע. דער עיקר — זיך נישט צו רירן. דאָס איז אַ שלעכטער חלום.

— ראַוס!

— שטיי אויף מאַריאַ, ס'איז דער סוף.

אין הענריעטעס קול פעלט יעטוועדער אויסדרוק. איך קריך אַרויס פון דעם פאַק שמאַטעס. דאָס ליכט פון אַן עלעקטרישער לאַמטער פאַר־בלענדט מיך. אַ בייטש שמייסט דורך די לופט. מיר לאָזן זיך שנעל לויפן, נישט פרווונדיק אַפילו צו געפינען אונדזערע טרעפּעס. ביי דער טיר וואַרט אויף אונדז אונדזער וועכטערין. די קעלט פון קאָרידאָר נעמט אונדז אַרום און בייסט אונדזערע באָרוועסע פיס. טרעפּ און אַנדערע קאָרידאָרן. אַ טיר. אַלע טירן זענען ענלעך צו זיך. ווי אַזוי קען מען וויסן? הענריעטע האַלט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, איר פּנים איז אָן אויסדרוק, גלייכגילטיק. דאָס איז די מאַסקע פון איר פּחד. אַ האַנט מיט געפּוצטע נעגל שטעקט אַריין אַ גרויסן שליסל אין שלאָס... און מיר געפינען זיך קעגן איבער טערעזען, וואַנדאַן און דער אַלטער בראַדזיעצקאַ.

— צו דער אַרבעט, זאָגט די וועכטערין.

און זי פאַרמאַכט די טיר. איך גיי צוריק אויף מיין אָרט. די שטיקלעך לעדער זענען פאַרשווונדן. אַ פּאַק זאַקן וואַרט אויף מיר. הענריעטע שטייט קעגן איבער מיר. מען גיט אונדז אַ נאָדל, פאָדעם. קיינער זאָגט נישט אַרויס קיין וואָרט. מיר האָבן נישט געהערט זיך דערווייטערן די טריט אין קאָרידאָר. דער קאָרצער, דאָס איז געווען צו שיין, אַז דאָס זאָל דויערן. מיר זענען ווידער הונגעריק; ס'איז אונדז ווידער קאַלט. איך באַמי זיך צו האַלטן מיינע פיס אין דער לופטן, כדי נישט צו באַרירן דעם אייז־קאַלטן דיל. דאָס איז נישט קיין באַקוועמע פּאָזיציע און מען קען זי לאַנג נישט איינ־האַלטן. איך נעם צונויף מיינע פיס אונטער מיר און דעק זיי צו מיט מיין קלייד.

— זי איז אוודאי אַוועק אויף די שפּיץ פינגער, זאָגט וואַנדאַ.

טערעזע אַרבעט פלייסיק מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן. מיר דאַכט זיך, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט.

— ווו איז סוואָבאָדאַ?, פרעגט הענריעטע.

איז עס, הייסט עס, דאָס. סוואָבאָדאַ איז מער דאָ נישטאָ.

— מען איז געקומען זי נעמען היינט אין דער פרי, זאָגט וואַנדאַ.

— פאַר וואָס ?

— דאָס איז געווען אַ יידישקע.

די מורא, וואָס כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל זי שוין מער קיין מאָל נישט קענען, נעמט מיך אַרום. מורא פאַר וואָס ? לעכערלעך. סוואָבאָדאַ האָט זייער גוט געשפּילט איר ראָל, אָבער צום סוף האָבן זיי זי געפּאַקט, אַזוי ווי ס׳דאַרף צו זיין. דאָס איז אַן אָפּטע דערשיינונג און מיט מיר האָט עס נישט קיין שייכות. וואַנדאַ זאָגט נאָך :

— אַרום מיטאָג־צייט האָט מען געהערט אַ שיסעריי אויפן הויף. דאָס איז אַלץ וואָס מען ווייס.

— איך וואָלט פון דעסטוועגן געשווירן, אַז דאָס איז געווען אַ קריסטין ווי מיר אַלע, זאָגט דאָס קול פון דער אַלטער בראַדזיעצקאָ. זיי זענען אַזוי כיטרע, די יידן.

טערעזע זאָגט גאָרנישט. איר נאָדל לויפט אַלץ שנעלער און שנעלער.

— און איר, איר ווייסט מער גאָרנישט ?

העני־יעטע שטעלט אַן אויף טערעזען אַ פּאָר אויגן.

— ווי אַזוי ווילסטו איך זאָל עס וויסן ?

טערעזע ציט מיט די פּלייצעס, נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ.

— איר האָט עס דאָך געזאָגט, אַז זי איז אַ יידישקע.

— זעט אויס, אַז איך בין נישט געווען די איינציקע, וואָס האָב געהאַט אַ פאַרדאַכט. און איבעריקנס, וואָס מישסטו זיך אַריין ? דו ווייסט ? עס קען דיך טייער קאָסטן צו פאַרטיידיקן יידן. מען קען דיר נאָך מאַכן טאַנצן איידער דו וועסט שטאַרבן.

טערעזעס קול האָט צוריק באַקומען זיינע אינטאָנאַציעס פול מיט שנאה, זי האַלט נאָך אָבער אַלץ אירע אויגן אַרונטערגעלאָזט.

העני־יעטע ענטפערט נישט. זי הויבט ווידער אָן צו אַרבעטן.

— אויב זי איז געווען אַ יידישקע, האָט זי געדאַרפט האָבן אַזאַ סוף, גיט וואַנדאַ נאָך צו.

דער אינצידענט איז געענדיקט.

— הענריעטע, זאָג איך, אפשר וואָלטן מיר אָנגעטאָן אַ פּאָר סקאַרפּעט־קעס? מיר וועלן זיך נאָך גוט צוקילן, אויב מיר וועלן בלייבן באָרוועס.

— מען וועט נישט האָבן קיין צייט זיי אויסצוטאָן...

— איז פאַרפאַלן.

איך טו אָן אַ פּאָר סקאַרפּעטקעס פון גראָבער גרויער וואָל. הענריעטע נייט ווייטער אַ באָרוועסע.

— דו ביסט אַ בהמה, זאָג איך. ס'איז שוין קיין חילוק נישט.

— איך האָב נישט ליב קיין קלעפּ.

און זי שטעלט מיר אַנטקעגן איר קאַלטע מאַסקע, אָן שום אויסדרוק. אָבער איצט ווייס איך, וואָס עס באַהאַלט זיך אונטער איר.

די טעג פאַרגייען. די לוילעכע קאַווע, די זופּ מיטאָג־צייט, די זופּ אין אָוונט, די אומענדלעכע שמועסן וועגן דעם עסן און וועגן מענער, וואָס איך הער אויס, מיט וועלכע איך אינטערעסיר זיך; די נעכט אויפן שטרויזאַק, וואָס ראַיעט פון לייז, אַנטקעגן אַ שלאַבעריקן קערפּער פון אַן עלטערער פרוי מיט געדונצלטע פון וואַסער געשוואָלענע פיס; די האַלוצינירנדיקע שפּאַצירן איבערן אייזגליטש... דער גלאָק, דער גלאָק, דער גלאָק... וואָס הייסט אונדז עסן, וואָס הייסט אונדז אַרויסגיין, וואָס הייסט אונדז זיך לייגן. יעדער טאָג, תמיד דער זעלבער און דאָך אַן אַנדערער, וואָס ציט זיך שרעקלעך לאַנג ביז צום אָוונט־גלאָק און ווען מען לייגט זיך, איז עס די לעצטע נאַכט, אָבער ס'איז אומפאַרמיידלעך, אַז דערנאָך זאָל זיך ווידער אָנהויבן דער זעלבער טאָג. און אַלע טעג מישן זיך צום סוף צונויף אין איין איינציקן גרויען, אייז־קאַלטן, אומענדלעכן און אומזיכערן טאָג.

און דאַן, אין איינעם אַ פרימאָרגן, אין אַן אומבאַשטימטער שעה פון דעם אומענדלעכן פרימאָרגן, הערן זיך טאָפּלטע שריט אין קאָרידאָר. די שריט פאַרהאַלטן זיך פאַר אונדזער טיר. אַלץ וואָס איז אומגעוויינלעך איז אַ סכנה. דער שליסל דרייט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעכער ווי געוויינלעך. דער גרילץ פון דער טיר, וואָס עפנט זיך, איז יאָמערדיקער ווי געוויינלעך. מיר האַלטן די אויגן אַרונטערגעלאָזט אויף אונדזער אַרבעט.

— אָט איז די פרוי, זאָגט די שטים פון דער וועכטערין.

איך הויב אויף דעם קאָפּ. הינטער דער וועכטערין זעט זיך אַ שוואַרצע סוטאַנע פון אַ גלח. אַ פינגער מיט אַ לאַקירטן נאָגל איז אויסגעשטרעקט קעגן טערעזען. טערעזע, מיט אויפגעריסענע אויגן פון שרעק, הויבט זיך פּאַמעלעך אויף און מאַכט צוויי שריט אויף צוריק. זי שטויסט זיך אָן אין אַ בעט. זי נעמט זיך בעטן:

— ניין, נישט איך... נישט איך...

דער גלח לאָזט זיך גיין צו איר.

— איר האָט געקענט מיין שוועסטער?...

ער האָט אַ שיינע טיפע און וואַרעמע שטים.

— איך האָב נישט געטאָן קיין שום שלעכטס...

— עס האַנדלט זיך וועגן דער פרוי סוואָבאָדאַ. דאָס איז געווען מיין שוועסטער.

— איך האָב נישט געוווּסט, איך שווער, אַז איך האָב נישט געוווּסט.

אירע אויגן דרייען זיך אין אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געזוכט, ווי אַזוי צו אַנטלויפן.

— איר האָט פאַרזיכערט, אַז זי איז געווען אַ יידישקע. איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט זי געקענט.

— יעדער קען האָבן אַ טעות. איך האָב נישט געוווּסט, אַז זי איז געווען אייער שוועסטער.

— אָבער איר האָט פאַרזיכערט, אַז איר קענט זי. צי האָט איר זי באמת געקענט?

זי חזרט איבער נאַרישעוואַטע:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז זי איז געווען אייער שוועסטער.

— זי איז געשטאָרבן און איר האָט זי דערהרגעט.

זיין שטים דריקט נישט אויס קיין שום כעס; זי איז בלויז טרויעריק, מיד. די וועכטערין האָט זיך דערנענטערט. דאָס בינטל שליסלען האַקט אין קאָפּ פון טערעזען. די שליסלען הויבן זיך אויף און פאַלן רעגולער אַראָפּ מיט אַ זעץ, לויט אַן אומגעשטערטן ריטעם. מיר זענען געוווינט דערצו. הענריעטע לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פון גלח. ער רירט זיך נישט. מען פילט, אַז דאָס איז עמעצער, וואָס איז שוין געווען דרעסירט.

דערנאָך זאָגט העגריעטע מיט אַ שטים, וואָס כ'האָב אין איר נישט געקענט:

— פּאַטערל, בענטש מיך.

דער גייסטלעכער קוקט זי אָן און רירט זיך נישט.

— איך דאַרף שטאַרבן. פּאַטערל, בענטש מיך, ווייל איך האָב זייער מורא.

די וועכטערין פאַרלאָזט טערעזען און דרייט זיך אויס.

— וואָס קומט דאָ פאָר?

— זי בעט אַ ברכה, זאָגט דער גלח העפלעך, צי קען איך איר זי געבן?

די וועכטערין גייט צו צו העגריעטען. ביידע פּנימער רירן זיך כמעט אָן. זי קוקט לאַנג אויף העגריעטעס מאַסקע אָן אויסדרוק.

— פּוילישער חזיר, זאָגט זי פּשוט.

און די פּרוי אין איר ציכטיקן גרויען, אויסגעצייכנט צוגעשניטענעם קאָסטיום, מיט דעם אינטעליגענטן שטערן, מיט די פּרעציזע און זיכערע באַוועגונגען, טוט אַ שפּיי אין פּנים פון דער פאַרמשפּטער צום טויט. העגריעטע טוט נישט קיין צוק מיט די ברעמען. איך האָב פּלוצעם דעם איינדרוק, אַז מיר זענען אַלע בלינד, אַז יעדער פון אונדז גייט וואַקלענדיק אין זיין אייגענער פינצטערניש.

די וועכטערין גייט אַרויס, הינטער איר דער גלח. טערעזע וואַשט ענדלעך אָפּצוווישן דאָס בלוט פון איר פּנים. זי פאַרשטייט, אַז זי האָט שוין באַצאָלט, אַז דערווייל האָט זי מער נישט וואָס מורא צו האָבן. זי קריגט צוריק איר נאַטירלעכן אויסזען, אַזוי ווי דער, וואָס טוט צוריק אָן יעדן מאָרגן זיינע קליידער פון נעכטן און גייט צוריק צו זיינע באַשעפטיקונגען.

— אַזאַ טאַראַראַם צוליב אַזאַ פּאַסקודסטווע. די שוועסטער פון אַ גלח... אַ שיינער גלח, אַ פּחדן. ער האָט אָפּגעזאָגט צו געבן זיין ברכה אַ פאַר־משפּטער צום טויט. און מיר קומט ער זאָגן מוסר! איך, איך זאָג מיין געבעט צוויי מאָל אין טאָג.

קיינער ענטפערט איר נישט. איך ווייס, אַז דאָס איז נישט צוליב גלייכגילט. זיי טראַכטן אַלע וועגן סוואָבאָדאַן. די שוועסטער פון אַ גלח... געשטאָרבן ווי אַ יידישקע. זיי שוויגן, ווייל זיי האָבן מורא פאַר טערעזען. און איך? איך האָב דעם איינדרוק, אַז כ'בין אויסער דעם שפּיל, אַז כ'וווין

ביי אַ ספּעקטאַקל, וואָס פאַרכאַפּט מיך נישט. מעגלעך, אַז איך האָב אַפילו דערפון אַ ביסל פאַרגעניגן. אומגערעכטיקייט פאַר אומגערעכטיקייט.

און דער טאָג ציט זיך ווייטער אין דער פלאָנסקער תפיסה פאַר פּאָליטישע. איין איינציקער טאָג, אַזוי ווי איין איינציקע נאַכט. די אומבאַקאַנטע לעבן וועלכער איך שלאָף איז נישט קיין באַרעדעוודיקע. זי ווערט גלייך אַנטשלאָפן. אויב זי רעדט, איז עס כדי זיך צו באַקלאָגן צוליב אירע פּיס. איין נאַכט, פון דעסטוועגן, דערציילט זי מיר פון איר זון, וועלכן זי האָט ערגעץ געלאָזן און וואָס האָט געהאַט די העזה אויפצוהויבן אַ האַנט אויף איר.

— אַפילו ווען איך דאַרף פּגרן, וועל איך אים דאָס נישט מוחל זיין.

דערנאָך קרעכצט זי שטילערהייט. צי טוט איר וויי? צי האָט זי רחמנות אויף זיך אַליין? מיר ליגן איינע האַרט לעבן דער אַנדערער, אונטער דער איינציקער קאָלדרע, וואָס גיט אונדז נישט די מינדעסטע וואַרעמקייט.

ווען איך וועק זיך אויף, קלאַפּנדיק מיט די ציין, דאַכט זיך מיר, אַז כ׳האָב ווייניק געשלאָפן. עמעצער בייגט זיך איבער מיר און רעדט אַרויס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. די טעמפּעראַטור האָט געמוזט פאַלן. איך דריק זיך צו צו דער פרוי. איר איז מסתמא נאָך קעלטער ווי מיר. דאָס אייז־קאַלטע וואַסער, אין וועלכן זי אַרבעט, דאַרף פליסן אונטער איר הויט. איך רייב מיר די היפטן און שלאָף צוריק איין.

די שטים פון דער וועכטערין שניידט דורך מיין שלאָף. איך האָב נישט געהערט דעם גלאָק, כ׳האָב נישט געהערט ווי די אַנדערע זענען אויפגעשטאַנען. דער לאָמפּ צינדט זיך אָן. איך הייב זיך אויף און טו אַ שטויס די פרוי, וואָס ליגט נאָך לעבן מיר. זי רעאַגירט נישט. די אַנדערע דריי אַרעסטאַנטקעס, וואָס גייען אַוועק יעדן טאָג פינף אַ זייגער צו דער אַרבעט, שטייען ביי דער טיר. צום ערשטן מאָל זע איך זייערע פּנימער. די וועכטערין דערנענטערט זיך צו מיין בעט. מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג רייסט זי אַרונטער די קאָלדרע. די פרוי ליגט אויף אַ זייט מיטן פּנים צום שטרויזאַק. די וועכטערין דרייט זי אויס. מיט אירע אויפגעריסענע אויגן זעט זי אויס ווי זי וואָלט נאַרישעוואַטע געשמייכלט.

— נעמט מיר עס אַוועק!

די דריי פרויען לויפן שנעל צו, נעמען דעם קערפער ביי די פלייצעס און ביי די פיס און שלעפן אים אַרויס פון בעט. וואַקלענדיק זיך, טראָגן זיי אים אַוועק, די טיר קלאַפּט זיך צו. דער לאָמפּ לעשט זיך אויס. איך נעם צונויף די קאָלדרע און לייג זיך צוריק. קיינער שלאָפט נישט מער. מען שושקעט זיך. זיי זענען אַלע צעהיצט, זיי שטעלן מיר פראַגעס. איך ווייס גאָרנישט. איך אַנטויש זיי. זיי וואָלטן וועלן האָבן איינצלהייטן. נישטאָ קיין שום מיטלייד מיט דער טויטער, בלויז אַ באַגער פון אַ סענסאַציע, כדי איבערצורייסן דעם קרייז פון נויט און פון איינזאַמקייט.

— דו האָסט נישט מורא?, פרעגט די גראָבע וואַנדאַ.

— מורא פאַר וואָס?

— ביסט דאָך געשלאָפן מיט אַ טויטער.

— נו, איז וואָס? דאָס בייסט נישט. דאָס שטערט ווייניקער ווי די לעבעדיקע.

און איך דערמאָן זיך דעם באַריר מיט דעם קאַלטן לייב. צי איז עס מעגלעך, מען זאָל נישט פילן עפּעס אַנדערש? מען זאָל מיט דעם טויט קענען אַזוי רויק שלאָפן?

דעם זעלבן מאָרגן באַוויזט זיך עוואַ. מיר האַלטן נאָך אין קאָמענטירן די געשעענישן פון דער נאַכט, בעת עס באַוויזט זיך דאָס דאָזיקע שיינע און שלאַנקע מיידל. אַ קליידל פון בלויער וואָל מאַכט בולט אַ פּראָוואָ־צירנדיקן קערפּער, אפשר אַ ביסל אַ צו פעסטן פאַר דעם איידעלן פּנים מיט די בלאָנדע געלאָקטע, קורץ געשוירענע האָר. אירע גרויסע טונקל בלויע אויגן און איר שמייכל שפּרודלען מיט יוגנטלעכקייט. ווייל זי שמייכלט, ווי עמעצער, וועמען מען האָט אָפּגעטאָן אַ גוט שפּיצל און וואָס שאַצט עס אָפּ. אַ דערשיינונג פון אַן אַנדער וועלט.

— גוט מאָרגן, זאָגט זי מיט אָט דער שטים פון דאָרט, ווו מען קען רעדן הויך און קלאָר.

העגריעטע און וואַנדאַ ענטפערן איר מיט זייערע אָפּגעבלאַקעוועטע מאַטע שטימען, מיט וועלכע מען רעדט אין תּפיסה. איצט גייט זי אַרום איבער דער קאַמער, באַטראַכט יעדע זאַך, נייגעריק, ווי אַ טוריסטין. אירע הויכע קנאַפּל קלאַפּן פריילעך אויפן דיל.

— ס׳איז גאַרנישט אַזוי שלעכט, זאָגט זי און הערט נישט אויף צו שמייכלען.

דערנאָך באַקוקט זי אונדז גענוי.

— צי דאַרף מען דאָ זיין אַזוי אָנגעטאָן? אויב אַזוי, איז בעסער, כ׳זאָל באַהאַלטן דאָס וואָס איך האָב אין מיינע קעשענעס.

און זי נעמט פון זיי אַרויס אַ ליפּן־שטיפט, אַ פּעקל ציגאַרעטן, שוועבעלעך, אַ טאָוועלע שאָקאָלאַד. זי פאַרשטעקט אַלץ אונטערן ערשטן בעסטן שטרויזאַק. איך באַקום קראַמפּן אין מאָגן. אַזוי גרויס איז מיין דערוועקטער באַגער צו רויכערן ווען כ׳דערזע די ציגאַרעטן.

— אויב דו ווילסט, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וואָס דו האָסט באַהאַלטן, דאַרפסטו מיר געבן אַ העלפט פון דעם שאָקאָלאַד, זאָגט טערעזע.

עוואַ פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער.

— ס׳איז דאָך אַן אמתע תפיסה, זאָגט זי. אַפילו אַ מסור איז פאַראַן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דו וועסט האָבן דיין שאָקאָלאַד, מיין קעצעלע. איך וויל זיך נישט באַווייזן ביים אָנהויב ווי אַ שלעכטע. אָבער אויב דו וועסט שפּעטער פּרווון מיר צו דערגיין די יאָרן, וועל איך דיר צעברעכן דיין מאָרדע.

טערעזע ענטפערט נישט. אַ ביסל שפּעטער ברענגט די וועכטערין אַריין דאָס אַרעסטאַנטן־אַנטועכץ פאַר עוואַ. זי טוט עס תיכף אָן. דאָס קלייד איז צו שמאָל פאַר איר און איר יונגער קערפּער זעט אויס נאָך מער אַרויס־רופעריש. אירע האָר זענען צו קורץ מ׳זאָל קענען מאַכן פון זיי צעפּלעך. זי פּרווט זיי פלאַך צו מאַכן מיט דער האַנט, אָבער די לאָקן קומען כסדר צוריק. דערנאָך פּרווט זי אַריינשטעקן אירע פיס מיט לאַקירטע נעגל אין די טרעפּעס.

— מען וועט מיר זיי דאַרפן אויסטוישן, זאָגט זי, זיי זענען באמת צו קליין פאַר מיר.

— מען דאַרף גאַרנישט זאָגן, אײַלט זיך צו דערקלערן די גראָבע וואַנדאַ. דו קענסט נאָך באַקומען קלעפּ.

— מען שלאָגט אייך דאָ? מאַכט די אַנדערע, אַ דערשטוינטע.

— עס טרעפט, זאָגט הענריעטע.

— פּרוביר מײַנע, זאָג איך, זײ זענען צו גרויס פֿאַר מיר.

ווײַל איך טראָג תּמיד די זעלבע טרעפּעס, וואָס מען האָט, צום באַדויערן געפֿונען.

— ווײַז זײ מיר.

זײ פּאַסן איר. און אירע פֿאַלן מיר נישט אַראָפּ פֿון די פֿיס. דער קאָשמאַר פֿון שפּאַציר קומט מיר איצט אויס ווײניקער שרעקלעך. עוואַ זעצט זיך באַלד אַוועק לעבן אונדז.

— ווי אַזוי שלאָפֿט איר דאָ?

— אין צווײען, זאָגט וואַנדאַ, גראָד איז מאַריאַ אַלײן.

— ווער איז מאַריאַ?

— דאָס בין איך, זאָג איך.

זי באַטראַכט מיר אויפֿמערקזאַם.

— כ׳בין צופֿרידן, וואָס דו ביסט עס.

איך שמײכל צו איר. דער געדאַנק צו שלאָפֿן לעבן דעם דאָזיקן שײנעם מײדל, פֿול מיט לעבן און וואַרעמקײט, איז ווײט נישט קײן אומאָנגענעמער. אַ ווײלע הערט אויף העגריעטע צו אַרבעטן און באַטראַכט אונדז בײדע אָן שום אויסדרוק אַזוי ווי שטענדיק. ס׳זעט מיר אויס, אַז אירע ליפּן ציטערן אַ ביסל. זי באַמערקט מײַן בליק און נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט.

עוואַ הײבט באַלד אָן צו לײדן פֿון קעלט אַזוי ווי מיר אַלע. אַנשטאָט צו בלײַבן זיצן און ציטערן, הױבט זי זיך אויף און מאַכט גימנאַסטישע באַוועגונגען. טערעזע קוקט אויף איר בײז, אָבער היט זיך צו עפֿענען ס׳מויל.

— ס׳איז בעסער, זאָגט ענדלעך עוואַ.

און זי לאַכט. מען וואָלט געקענט גלויבן, אַז זי האָט אַ פֿאַרגעניגן פֿון אַלעם, וואָס קען איר געשען.

— פֿאַר וואָס האָט מען דיך פֿאַרשפּאַרט? פֿרעגט וואַנדאַ.

— צוליב ליבע.

— ווי אַזוי? דערצײל, שטײט צו די גראָבע מויד.

— אויב מען וואָלט געקענט אויפֿקלערן די ליבע, וואָלט מען אויך געקענט זי באַטראַכטן מיט שכל און זיך איר קעגנצושטעלן. צוליב דעם טאַקע קען מען גאָרנישט אויפֿקלערן.

אַן ערנסטער אויסדרוק גייט ווי באַהאַלטענערהייט אַריבער איבער איר פּנים. איר שמייכל קומט שנעל צוריק.

— אָן שום ספק איז אַזוי אַרום אַ סך בעסער. ס׳וואָלט באמת געווען אַ שאָד מ׳זאָל זיך קענען אַנטקעגנשטעלן. מען רויכערט אַ ציגאַרעט? ווער פון אייך רויכערט?

איך בין די איינציקע. ווען זי דערלאַנגט מיר פייער, ציטערט דאָס ציגאַרעטל אַזוי שטאַרק צווישן מיינע פינגער, אַז דאָס פאַררויכערן קומט מיר אָן שווער.

— שוין לאַנג ווי דו האָסט נישט גערויכערט?

— אַ שפּאָר ביסל צייט.

— פון ווען אָן?

— איך ווייס נישט גענוי.

— אָרעם קינד, זאָגט זי, און אירע אויגן גלעטן מיין פּנים. לייג דיך אַ ביסל צו, איך גיי פאַרנעמען דיין אָרט.

אַן אויסגעצויגענע אויף מיין בעט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן לאָז איך פּאַמעלעך אַרונטער דעם רויך אין מיינע לונגען. עס מוז שוין באמת זיין זייער לאַנג ווי מיר פעלט אויס אָט דער וווּנדערלעכער גיפט. מיין קערפּער טיילט זיך אָפּ פון זיין וואָג און אַ לייכטע, לייכטע פלאַטער איך אין אַ בלוי־לעכן וואָלקן, איך הויב זיך, איך שוועב... איך בין שוין נישט מער ווי נעפּל, רויך... אַ ברי אין מיין פינגער פירט מיך צוריק אין דער וועלט פון געוויכט. איך ציִ אַרויס אַ לעצטן בלאָז פון פּיצינקן ציגאַרעט־רעשטל, וואָס צאַנקט און גיי דאַן צוריק פאַרנעמען מיין פּלאַץ ביים טיש. אַ ביסל שפּעטער ווערט מען געוואָר, אַז עוואַ איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער קיך. זי וועט אָנהויבן מאָרגן. טערעזע און וואַנדאַ זעגען גרין פון קנאה.

ענדלעך קומט די נאַכט. איך טו אויס מיינע טרעפּעס און גליטש זיך אַריין די ערשטע אונטער דער דינער קאָלדרע. עוואַ שיילט זיך אויס אין ליכט פון דער פולער לבנה.

— דו לייגסט זיך אָט אַזוי? זאָגט זי.

— ס׳איז צו קאַלט.

— און אין דער פרי גייסטו, פֿאַרשטייט זיך, אַרויס פֿון בעט אַן אָנגעטאָענע און דו קלאַפּסט מיט די ציין אַ גאַנצן טאָג. טו שנעל אויס דאָס קלייד.

— כ׳האָב בלויז אַ קורץ העמדל אויף זיך, זאָג איך שעמעוודיק, אַזוי ווי כ׳וואָלט זיך וועלן אַנטשולדיקן. און כ׳האָב דערביי גרויס פֿאַרגעניגן, וואָס זי גיט מיר באַפֿעלן. איך ווייס, אַז איך פֿאַרלאַנג נישט מער, נאָר איר צו פֿאָלגן.

— טו אויס דאָס קלייד, אויב נישט וועל איך אַליין עס דיר אויסטאָן.

איך מאַך נאָך אַן אָנשטעל, אַז כ׳וויל איר נישט פֿאָלגן, כדי מיין פֿאַרגעניגן זאָל דויערן לענגער. איך זע ווי עוואַ גייט אַרויס פֿון איר צו שמאָל קלייד, וואָס פּלאַצט ווען זי ציט עס אַדורך איבערן קאָפּ. זי לייגט זיך און שטופּט מיך אַרויס פֿון בעט.

— איך וויל דיך דאָ נישט אין דעם קלייד.

אויף גיך ציִ איך עס אַרונטער און גליטש זיך אַריין לעבן איר. צוויי אָרעמס נעמען מיך אַרום און דריקן מיך שטאַרק צו. מיין קאָפּ ליגט אויף איר האַרטער און הייסער ברוסט.

— נו, ס׳איז דיר בעסער געוואָרן, מיין טייערע?

פֿאַר וואָס האָט זי דאָס געזאָגט? איך פֿיל ווי עס צעגייט דאָס שטיק אייז, וואָס איך טראָג אויפֿן אָרט פֿון האַרץ, און וואַסער נעמט רינען פֿון מיינע אויגן, באַנעצן מיינע באַקן און עוואַס ברוסט ווערט נאַס פֿון מיינע טרערן. גאָט צו דאַנק, וואָס זי פּרוּווט מיך נישט באַרויִקן. שטילערהייט, פּאַמעלעך וויגט זי מיך איין. שפּעטער, שוין אין שלאָף, פֿיל איך ווי הייסע ליפּן באַרירן מיינע באַקן.

אויף מאָרגן איז דער טאָג פֿוסט אָן עוואַן. העכריעטע מיט איר פֿאַרשלאָפֿענעם פּנים מיידט אויס אויף מיר צו קוקן. דאָס אַרט מיך נישט. דער אָוונט ברענגט מיר עוואַן צוריק. איר וואַרעמקייט, אירע אָרעמס, וואָס נעמען מיך אַרום, איר לאַכנדיקע שטים.

— איך האָב דיר עפּעס געבראַכט, שושקעט זי.

מיינע פֿינגער פֿאַרמאַכן זיך אויף אַ שטיקל ברויט און צוקער. ווען איך האָב אַלץ אויפֿגעגעסן, זאָג איך:

— דאַרפֿסט עס מער נישט טאָן, עוואַ. דו ווייסט גאָרנישט אויף וואָס דו

שטעלסט זיך אויס.

— זאָרג זיך נישט פאַר מיר. איך ריזיקיר גאָרנישט. גיב בלויז אַכטונג אויף אָט דער שמוציקער מסורטע, זי זאָל גאָרנישט חושד זיין. דו ווילסט אַ ציגאַרעטל?

מיר רויכערן שטילערהייט. דערנאָך זאָגט מיר עוואַ:

— איך וועל דאָ לאַנג נישט פאַרבלייבן. מיין פריינד וועט מיך אין גיכן אַרויסבאַקומען פון דאַנען. שפּעטער וועל איך מאַכן וואָס איך וועל נאָר קענען, כדי דיך אויך אַרויסצושלעפּן.

— איך בין פאַרמשפּט צום טויט.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן. איך האָב געקענט פאַרמשפּטע צום טויט, וואָס זענען היינט פריש און געזונט.

— איך האָב נישט קיין חשק צו לעבן, עוואַ.

— ווייל דו ווייסט נישט וואָס עס הייסט לעבן. דו געהערסט צו דעם מין נעבעכדיקע מיידלעך, פאַר וועלכע אַלץ קומט פאַר אין זייער פאַנטאַזיע. דאָס לעבן איז עפּעס אַנדערש. דו וועסט זען, ווען דו וועסט אָנהייבן צו לעבן אויף אַן אמת, וועסטו זיך מער נישט קענען אָפּשטעלן.

איך וועל מיט איר נישט פירן קיין וויכוח. מיר קענען זיך נישט פאַרשטיין. אָבער דאָס איז אַ סך וויניקער וויכטיק ווי זי צו פילן לעבן מיר.

— דיין פריינד, זאָג איך, כדי צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש, וואָס איז ער אייגנטלעך?

— אַ דייטש, אַ העכערער אָפיציר.

איך ווער ווי פאַרשטייפט אין אירע אָרעמס. אָט איז עס. ס׳איז געווען צו שיין. כ׳האָב זיך געלאָזט איינוויגן דורך אַ פריינדין פון איינעם פון די מערדערס פון מיין משפּחה. זי פילט ווי כ׳רוק זיך אָפּ.

— נו וואָס? דאָס עקלט דיך? איך בין מיט אים געשלאָפן, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ דייטש, אָדער ווייל ער איז געווען אַן אָפיציר. כ׳בין מיט אים געשלאָפן, ווייל ער איז געווען אַ שיינער.

אָט צו וואָס איך בין דערגאַנגען, טראַכט איך. אַנשטאָט מיך צוצוגרייטן צום טויט, לעכץ איך גאָר צו דער אָנוועזנהייט פון א זונה.

— טאָ ווי אַזוי קומט עס, וואָס דו ביסט דאָ?

די ווערטער ווערן דערשטיקט אין מיין האַלדז. איך, וואָס האָב געמיינט, אַז כ׳בין שוין גלייכגילטיק צו אַלץ, צו געשעעענישן און באַשעפענישן, ווער אויפגעטרייסלט צוליב אַ פּשוט מיידל פאַר סאָלדאַטן.

— דאָס איז אַן אַנדער געשיכטע, זאָגט זי.

זי ציט צוריק אירע אָרעמס, אַזוי ווי זי וואָלט נישט וועלן מיר אויפצווינגען איר באַריר.

— כ׳וועל דיר עס זאָגן. דער אָפיציר איז נישט מיין ערשטער געליבטער. אויך נישט דער צווייטער. איך האָב אָנגעהויבן אַ סך פריִער. ווען איך שלאָף מיט אַ מאַן, פרעג איך נישט, ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט, אָדער צי האָט ער געלט. איך ווייס, אַז דאָס איז נישט מאָראַליש. איך ווייס אויך, אַז אין מיין קוואַרטאַל זאָגט מען, אַז איך בין אַ קורווע. איך קען זיך אָבער פאָרט נישט ענדערן. אַזוי בין איך. לעצטנס איז היינץ אַוועק אויף אורלויב, ער איז פון בערלין. בין איך געבליבן אַליין. אין איינעם אַן אָוונט, נאָך דער פּאָליציי־שעה, באַגעגן איך אַ מאַן, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ טויער. איך האָב געהאַט מיין דערלויבעניש אַרויסצוגיין נאָך די שעהען. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אים גענומען צו זיך אַהיים. ער איז געווען הונגעריק, עס איז אים געווען קאַלט. כ׳האָב אים געגעבן צו עסן און האָב אים אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. איך האָב אים גאָרנישט געפרעגט: דאָס איז נישט געווען מיין עסק. אָבער ער אַליין האָט גערעדט וועגן זיך. דאָס איז געווען אַ ייִד. ער האָט מער נישט געהאַט קיין געלט, קיינעם נישט, וואָס זאָל אים אויסבאַהאַלטן. ער איז נישט געווען מער יונג, אויך נישט איבעריק שיין. בקיצור, איך האָב זיך אוועקגעלייגט לעבן אים. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער האָט אַ חשק צו מיר, דאַרף ער זיך נישט קרעמפּירן. ער האָט מיך וואָרשיינלעך שלעכט פאַרשטאַנען. ער האָט מיר איבערגעחזרט, אַז ער האָט נישט קיין גראָשן: ער האָט מיך אַוודאי גענומען פאַר אַ פּראָסטיטוטקע. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין נישט טויב און אַז דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג. דאַן האָט ער זיך דערנעענטערט צו מיר, און ווען איך האָב אים אַרומגענומען מיט מיינע אָרעמס, איז אַנשטאָט צו טאָן ווי ס׳טוט אַ מאַן, האָט ער געוויינט, אַזוי ווי דו. דערנאָך איז ער איינגעשלאָפן. נאַטירלעך האָב איך אים פאַרהאַלטן ביי מיר, אָבער אין קוואַרטאַל האָט מען

עפּעס חושד געווען, עמעצער האָט געמסרט. מען איז געקומען און מ׳האָט אונדזביידן גענומען. אָט דאָס איז אַלץ.

— און ווען דיין היינץ וואָלט צוריקגעקומען?

— איך וואָלט זיכער געפונען עפּעס צו זאָגן: אַז דאָס איז געווען מיין קוזין, אָדער מיין פעטער.

מיר שווייגן אַ לענגערע צייט. עוואַ רירט מיך מער נישט אָן. איך טראַכט: זי איז אַ פּשוטע קורווע. און אויב אַפילו יאָ? אַ קורווע, וואָס נעמט אַריין צו זיך פון גאַס אַ פאַרפאַלגטן מאַן, גאַר פּשוט, נישט שטעלנדיק זיך קיין שום שאלות, אַ מאַן, פאַר וועלכן אַלע טירן פון אָנשטענדיקע מענטשן זענען פאַרמאַכט.

און איך שעם זיך דאָן צוליב מיינע ענגע פּרינציפּן פון אַ קליינ־בירגערין. און איך שעם זיך צוליב מיין עגאָיזם, פון דער אומבאַוווסטזיני־קייט פון מיין יוגנט.

— עוואַ, זאָג איך שטילערהייט, ס׳איז מיר קאַלט.

זי וואַגט נאָך נישט מיך צוצודריקן צו זיך.

— אפשר וועט מען פאַררויכערן נאָך אַ ציגאַרעט?

דער פלאַם באַלייכט איר פּנים מיט אויסגעצויגענע שטריכן און טרויע־ריק מויל אָן אַ שמייכל. איך שעם זיך פאַר זיך אַליין, איך רויכער מיט רוגזה. ווען אונדזערע ציגאַרעטן זענען אויסגעלאָשן, ציִ איך זי האַסטיק צו צו מיר און באַדעק אירע אויגן, איר האַלדז, אירע פּלייצעס מיט קושן און טרערן.

איך זע נישט עוואַן מער ביים טאָג־ליכט און ס׳איז מיר אַ ביסל שווער זיך צו דערמאָנען איר שיינעם קאָפּ פון אַ פּאַזש. ביי נאַכט זעען מיר אירע האָר צווישן מיינע פינגער מער נישט אויס צו זיין אַזוי זיידיק און איר פּנים נישט מער אַזוי גלאַט. אָבער זי נעמט מיך ווייטער אַרום מיט דער וואַרעמ־קייט פון אַ קרעפטיק און געזונט מיידל. אַזוי ווי די ציגאַרעטן ווערן אַלץ זעלטענער — רייכערן מיר נישט מער ווי איין ציגאַרעטל זאַלבע צווייט, כדי די, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין פּעקל, זאָלן דויערן וואָס לענגער. זי גיט זיך ווייטער אויף אַ געהיימנישפולן אופן אַן עצה און ברענגט מיר יעדן

אוונט אַ שטיקל ברויט און צוקער. מיר רעדן ווייניקער, ווייל יעדן אָוונט קומט זי צוריק אַ וואָס מער אויסגעמאַטערטע.

אין איינעם אַ טאָג קומט פּאַר אַ געשעעניש: מען ברענגט אונדז צוויי גרויסע עמערס מיט הייס וואַסער אויף אַרומצווואַשן זיך. אַ ווײלע בלייבן מיר אומבאַוועגלעך אַרום דעם פּאַרענדיקן וואַסער, נישט גלויבנדיק אונדזע־רע אויגן. דערנאָך הויבן די פרויען אָן זיך פיבערהאַפטיק אויסצוטאָן, אַרונטעררייסנדיק כמעט זייער אָנטועכץ. באַטירלעך, אַז טערעזע און וואַנדאַ פאַרנעמען באַלד ביידע עמערס. לעבן זיי שטייען אין גאַנצן נאַקעטע העבריעטע און די אַלטע בראַדזיעצקאַ און וואַרטן אויף זייער ריי. איך טו זיך נישט אויס. איך קוק אויף זיי. דער עיקר פאַרכאַפּן מיך זייערע בייכער. אַלע האָבן זיי געשוואָלענע, אָנגעצויגענע בייכער. אונטער זייער פאַרמלאָזן קלייד האָט זיך דאָס נישט באַמערקט. אַפילו די אַלטע בראַדזיעצקאַ, ביי וועמען ס׳הענגען נעבעכדיק אַראָפּ אירע אויסגעדאַרטע ברוסטן, האָט אַ גלאַטע הויט, וואָס איז ווי געשפּאַנט אויף איר בויך און פּוסט ווי אַ באַלאָן. איך קען נישט אָפּרייסן מײַנע אויגן פון די אַלע צוקונפטיקע מאַמעס פון געשפּענסט־קינדער. איך ווייס וויל, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון דעם ווייסן פּודער, מיט וועלכן מען מישט אויס די זופּ, כדי צו באַזייטיקן די מענסטרואַציע — און אין דער אמתן האָט קיינע פון אונדז זיי נישט געהאַט זינט זי איז אַריין אין תּפיסה. אָבער די אַלטע בראַדזיעצקאַ, דורך וואָסער פינצטערער געהיימניש רעאַגירט איר בויך אויף דעם זעלבן אופן?

טערעזע און וואַנדאַ יאָגן זיך נישט. זיי רייבן זיך, בלאָזן, שנייצן. זייערע קערפּערס ווערן רויט און דאָס וואַסער באַדעקט זיך מיט אַ גרויען ברוד.

— עס שטעכט, זאָגט וואַנדאַ, וויפל וואַשפּודער האָבן זיי געדאַרפט אַריינטאָן.

ענדלעך באַוויליקן זיי אַרויסצוגיין פון זייערע עמערס. זיי ווישן זיך אָפּ מיט די קאָלדרעס פון די אַרעסטאַנטקעס, וואָס אַרבעטן אין דרויסן. די אַנדערע צוויי פאַרנעמען זייערע ערטער אין דעם שמוציקן וואַסער.

— דאָס שטעכט דאָך אַ ביסל צו פיל, זאָגט טערעזע.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל מען איז מער נישט צוגעוווינט, זאָגט וואַנדאַ.

ווען די צוויי עמערס ווערן פריי, האָב איך שוין מער נישט קיין שום חשק זיך צו וואַשן. מיין אייגענער שמוץ איז מיר שוין ליבער, ווי דער, וואָס האָט געדיכט געמאַכט דאָס וואַסער. אַזוי אַרום בין איך די איינציקע, וואָס איז ניצול געוואָרן פון דעם געמיינעם שפּיצל. אַ שעה שפּעטער ווערט די הויט פון די פיר אומגליקלעכע פּורפּור־רויט און באַדעקט זיך מיט אומגע־הויער גרויסע בלאָזן. זיי נעמען שרייען. אַפילו העגנריעטע האָט פאַרלאָרן איר רויִקייט. די אַלטע בראַדזיעצקאַ וויינט ווי אַ קינד און שרייט כסדר:

— ס׳איז נישט יושרדיק אַזוי צו טאָן מיט אַן אַלטער פרוי... ס׳איז נישט יושרדיק אַזוי צו טאָן מיט אַן אַלטער פרוי...

זיי קענען נישט גיין, נישט זעצן זיך. געוויינלעך באַווייזט זיך די וועכטערין, ביים מינדעסטן גערודער, אַזוי ווי דורך אַ צויבער. איצט אָבער — גאָרנישט. איך מיין, אַז כ׳וועל משוגע ווערן מיט אָט די פיר לעבעדיקערהייט אָפּגעבריטע, וואָס וואָיען און וואַרפן זיך אויף זייערע בעטן, און רייסן אַראָפּ מיט זייערע נעגל די מוראדיקע בלאָזן, וואָס זענען פול מיט וואַסער. קיינער האָט נישט צוגעטאָן קיין אויג די גאַנצע נאַכט.

— דו ביסט זיכער, אַז דו האָסט גאָרנישט?, פרעגט מיך עוואַ צום פינפטן מאָל.

— איך האָב אַפילו נישט איינגענעצט מיין קליינעם פינגער.

— געלויבט צו גאָט, און זי דריקט מיך צו צו זיך.

מיר קומען אַדורך אַזוי די נאַכט, הערנדיק די ילֵלות, דאָס וויינען, די קללות און איך זע זיך ווי צוריקגעוואָרפן אין דער אַזוי נאָענטער פאַרגאַנגנ־הייט, אין דער פינצטערניש פון די געסטאַפּאָ־קעלערן, ווו כ׳האָב אויך געהערט ווי אוממענטשלעכע קולות קלאָגן, וואָיען און וויינען. איך טוליע זיך צו צו עוואַן. די פאַרגאַנגנהייט עקזיסטירט מער נישט. מען דאַרף מער וועגן איר נישט טראַכטן. און ס׳וועט אויך נישט זיין קיין צוקונפט. בלויז אַן אומבאַשטימטער אויגנבליק, וואָס שלעפּט זיך נאָך און ווייטער וועט אַלץ זיין גוט.

דריי טעג שפּעטער טאַנצן מיר. ס׳איז געווען סילוועסטער. מיר האָבן זיך געלייגט ווי שטענדיק. דאַן זאָגט די גראָבע וואַנדאַ:

— זי מוז איצט שלאָפן, די פּאַסקודסטווע.

— אַרויס פון די בעטן, מיידלעך, זאָגט עוואַ.

און מיר שטייען אויף: וואַנדאַ, הענריעטע, עוואַ און איך. מיר ציטערן אין פּראַסטיקן ליכט פון דער לבנה.

— מוזיק!, זאָגט עוואַ.

אויף איינעם פון די אויבערשטע בעטן זיצט איינע פון אירע קיד־חברטעס. זי האַלט צווישן אירע הענט אַ קעמל, איינגעוויקלט אין זיידן־פּאַפּיר. אויך טערעזע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איר בעט און באַטראַכט אונדז.

— מיר וועלן אָנהויבן מיט אַ טאַנגאַ, זאָגט עוואַ.

אָבער גלייך צעהיצט זיך טערעזע:

— איר ווילט פאַר יעטווערן פּרייז אונדז אַריינוואַרפן אין אַ צרה! איך, איך וועל עס נישט דערלאָזן! מיר וועלן דאָך נישט אויסקרענקען פאַר אַ פּאָר אויסגעלאַסענע מיידן. איר קענט נעמען די באַרשט און זיך רייבן דאָרט ווו עס בייסט אייך! מאָרגן וועט מען אַלץ וויסן, איך זאָג עס אייך צו. איך וועל אייך אָנלערנען, איך, ווי אַזוי צו לאָזן צו רו ערלעכע פרויען!

עוואַ דערנענטערט זיך צו איר.

— חזר איבער דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט.

טערעזע לאָזט אַראָפּ דעם טאָן:

— דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז דאָס איז אַ געפערלעכע שפּיל. מען האָט דאָס קיין מאָל נישט געזען אין אַ תפיסה. זיי, זיי מאַכן נישט קיין געלעכטער.

— איך אויך נישט, זאָגט עוואַ. דערפאַר וועסטו פאַרמאַכן דיין פּיסק, ווייל אויב איך וועל אים דיר דאַרפן פאַרמאַכן, וועסטו אים שוין קיין מאָל מער נישט קענען עפענען. פאַרשטאַנען?

טערעזע ענטפערט נישט.

— איך פרעג דיך, צי דו האָסט פאַרשטאַנען.

— נו, אַן עק שוין, זאָגט טערעזע, זיך שטיקנדיק פון שנאה. מאַכט זיך אייערע יאָלדישע שטיק, אויב עס געפעלט אייך.

עוואַ קערט זיך אויס צו מיר און נעמט מיך אַרום.

— מוזיק!

און די פרוי הויבט אָן אויסצושפּילן אויף איר קעמל די ערשטע טאַקטן

פון אַ טאַנגאָ, וואָס איז אַ מאָל געווען אין דער מאָדע. עווא פירט אָן זייער גוט. די אַנדערע צוויי טאַנצן אויך. דערנאָך טוישן מיר די פּאַרטנערקעס און איך טאַנץ איצט מיט הענריעטען. אונדזערע טריט פּאַסן זיך שלעכט צו.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל איך קען נישט פירן, זאָגט זי.

וואָס איז שייך דער גראָבער וואַנדאַ, טאַנצט זי גאָר פיין. איר נאַריש פּנים לייכט און די צופרידנקייט גיט איר כמעט צו אַ קלוגן אויסזען. אין דער נאַכט פון הייליקן סילוועסטער, טוישן זיך איינע נאָך די אַנדערע די טאַנגאָס, די פאָקסטראָטס, די וואַלצן. ס׳איז אונדז מער נישט קאַלט.

— און איצט אַ פּאָלקע, אַן אמתדיקע!

מיר לאָכן אַלע פיר. איך בין ווידער מיט עוואַן. מיר הויבן זיך אָן צו דרייען, אַלץ שנעלער און שנעלער. מיינע באָרוועסע פיס רירן קוים אָן דעם דיל. עוואָס געלעכטער קלינגט אין מיינע אויערן און די לבנה, אַ צעשניטענע אין צווייען דורך די צוויי קראַטעס, וואַקלט זיך.

די געשיכטע פונעם געפּגרטן פערד קומט מיר צוריק אויפן זין. איך לאַך אַזוי ווי עווא, אַזוי ווי הענריעטע, אַזוי ווי די גראָבע וואַנדאַ. און דער צוזאַמענשטויס קומט פּאָר. אויף איין מאָל שטויסן מיר האַסטיק אָן דאָס צווייטע פּאָרל און אַלע פיר ציען מיר זיך אויס אויף דר׳ערד, דאָ שטיקן מיר זיך ווייטער פון געלעכטער, ליגנדיק איינע אויף די אַנדערע מיט אויס־געמישטע הענט און פיס. די ערשטע גיט זיך הענריעטע אָפּ אַ חשבון פונעם בראָך. מיר האָבן אומגעקערט דעם עמער. ס׳פּאַרשפּרייט זיך אַן עיפּושדיקער ריח. דעם רעשט פון דער נאַכט גיבן מיר אַוועק אויף צונויפצונעמען דעם שמוץ מיט אונדזערע הענט. אין דער זעלבער צייט שפּילט אונדז דער אָרקעסטער, אויבן, אויף דעם קעמל, שעלמיש אויס אַ טרויער־מאַרש.

פון יאַנואַר אָן פליען מעכטיקע אַוויאָנען אין אַלץ גרעסערע מענגעס אַריבער די שטאָט. עווא חזרט מיר איבער דאָס וואָס אַלע ווייסן שוין: דאָס זענען רוסישע אַוויאָנען און די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך. ס׳נעמט נישט לאַנג און די ערשטע באָמבעס רייסן אויף נישט ווייט פון דאַנען. זיי רופן אַרויס אַ גערויש פון שנעלע טריט אין די קאָרידאָרן. דערנאָך נעמט הערשן אַ שטילקייט. וואַנדאַ פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער.

— זיי זענען געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן, זיי ציטערן פון פּחד.

— איך ווייס נישט פאַר וואָס דו ביסט אַזוי פריילעך, זאָגט טערעזע. מיינסטו, אַז די רוסן זענען בעסער פון די דייטשן?

— דאָס אַרט מיך זייער קנאַפּ. רוסן אָדער כינעזער, דער עיקר איז, אַז איך זאָל אַרויס פון דאַנען.

אַ נענטערער אויפרייס מאַכט אויפציטערן די שויבן.

— אַ די מנוולים. זיי וועלן דאָ אונדז לאָזן קראַפּירן.

הענריעטע אַרבעט געלאַסן ווייטער.

— צי הערסטו דען גאָרנישט? זאָגט וואַנדאַ.

— ס'איז מיר אַלץ איינס.

— דו האָסט נישט קיין חשק צו ווערן באַפרייט? האָסט נישט קיין חשק צו לעבן? דו, וואָס ביסט פאַרמשפּט צום טויט?

— ס'האַנדלט זיך נישט אין מיר, זאָגט הענריעטע. — איר גלייכ־גילטיקע מאַסקע פאַרשווינדט און ס'דעקט זיך אויף אַ פייערדיק און באַגייסטערט פּנים — ס'האַנדלט זיך נישט וועגן מיר. דאָס גאַנצע לאַנד וועט פון איין תּפיסה אַריבערגיין אין אַ צווייטער.

איך קוק זי אָן. איז דאָס, הייסט עס, איר אמתדיק פּנים. און איך שטעל זיך פאָר, אַז זי פאַרמאָגט אין זיך עפּעס, וואָס איז שטאַרקער ווי איר גרויסע מורא פאַרן טויט. וואָס שייך מיר, האָב איך בלויז מורא, אַז די רוסן קענען אָנקומען איידער מען וועט מיך דערשיסן און זיי וועלן מיך צווינגען צו לעבן. אָבער איך האָב צוטרוי צו די דייטשן. זיי וועלן שוין געגוי וויסן וואָס מען דאַרף. און נאָך אַלעמען קען דאָס אַלץ בלויז צואיילן די געשעענישן.

צוויי טעג שפּעטער פאַלן די באָמבעס גאָר נאָענט פון דער תּפיסה. די פרויען האָבן שטאַרק מורא. הענריעטעס פּנים בלייבט פאַרשלאָסן. אויך זי האָט מורא, טראַכט איך. דאָס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן. זיכער, עקזאַלטירט מען זיך, ס'גיט זיך איין אויף אַ מאָמענט צו באַזיגן די אייגענע נאַטור, אָבער ס'איז גאָר עפּעס אַנדערש, ווען ס'האַנדלט זיך אויפצוהאַלטן דעם מוט. די אַלטע בראַדזיעצקאַ וויינט ווי געוויינלעך.

— איך האָב אים דאָך געזאָגט, אַז ס'וועט נישט העלפן — און אירע טרערן מאַכן זיך אַן אַרט צווישן אירע קנייטשן — איך האָב אים דאָך

געזאָגט, מיר, פּאָליאַקן, האַלטן תּמיד אין איין קעמפן קעגן עמעצן. ווען מען פּאַריאָגט איינעם, קומט אָן דער אַנדערער. ווי אַזוי ווילסטו, דו נאַיווע בריאה, ווי אַזוי ווילסטו זיך שלאָגן קעגן אַ גאַנצער וועלט? מען דאַרף זיי לאָזן טאָן און בייגן דעם רוקן. מען איז שוין דערצו צוגעוווינט. און וווּ אַהין האָט עס אונדז דערפירט דאָס אַלץ? דיין אַלטע מאַמע איז אין תּפיסה און דו, גאָט אַליין ווייס וווּ. מען האָט געקענט רויִק לעבן. אָבער ניין, דו האָסט געוואָלט זיין אַ חכם, און פאַר וואָס? דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט פאַר וואָס? כדי געפעלן צו ווערן דער קליינער נאַרישער לערערין, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דיר ווי מיט אַ משרת און זיך געלאָזט טאַפּן פון דעם קצבס זון. אָט פאַר דעם גאַרנישט האָסטו דיין אַלטע מאַמע אַריינגעבראַכט אין תּפיסה אַריין. אָ! וואָסער אומגליק, ווי אַזוי וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן? איר, טערעזע, וואָס זענט אַ גוטע קריסטין, בעט פאַר אונדז.

— האַלט דיין מאָרדע, אַלטע משוגענע, זאָגט טערעזע, אַ גרינע פון פּחד.

ביי נאַכט נעמט עוואַ, זייער אַ צעהיצטע, מאַכן פּלענער פאַר אונדז ביידן. איך וויל זיך נישט אַנטקעגנשטעלן, וואָס וועט עס נוצן?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, וועסטו בלייבן מיט מיר, זאָגט זי. דו ביסט נישט מער ווי אַ קינד. דו דאַרפסט, מען זאָל זיך מיט דיר פאַרנעמען, אַזוי אַרום וועל איך וויניקער אַרומלויפן. זיכער, פון צייט צו צייט, ווען כ׳וועל זיך נישט קענען איינהאַלטן... אָבער נישט ביי אונדז. איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט האָבן חרפּות צוליב מיר.

און יענע נאַכט נעמט זי מיך אַרום נאָך פעסטער ווי אַלע מאָל. דאָס איז אונדזער לעצטע נאַכט. אויף מאָרגן אָוונט קומט עוואַ מער נישט צוריק. די, וואָס אַרבעט מיט איר אין דער קיך, גיט מיר צו וויסן, אַז מ׳האָט זי איבערגעשיקט מיט אַ קאָנוואָי אין דער פלאָצקער תּפיסה. זי גיט מיר איבער אַ מעסאַזש: „זאָג דער קליינער מאַריאַ, זי זאָל זיך האַלטן. אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן וועל איך זי צוריקגעפינען". האַלטנדיק דעם קאָפּ אונטער דער קאָלדרע, באַמי איך זיך צו דערשטיקן מיינע שלוכצן.

דאָס לעבן גייט ווייטער, אַזוי ווי געווען. מיר געוווינען זיך צו צו די

אוויאָנען, צו די באָמבאַרדירונגען. אַ חוץ טערעזען, וואָס איז ווי געליימט פון מורא, מיר רייסן אַפילו נישט איבער אונדזער אַרבעט. אויך די אַלטע בראַדזיעצקאַ זעט אויס צו ווערן גלייכגילטיק. אפשר ווערט זי בלויז מיט יעדן טאָג אַ ביסל מער טויב.

און אין איינעם אַן אָוונט — מיר האָבן זיך געהאַט נאָר וואָס געלייגט שלאָפן — צינדט זיך אָן דער לאָמפּ. זינט די אַרעסטאַנטן געדענקען, האָט דאָס נאָך קיין מאָל נישט פּאַסירט. טרייסלענדיק זיך פון פּחד און פון קעלט, זיצן די פרויען אין זייערע בעטן, די קאָלדרעס אַרויפגעצויגן אויף די פּלייצעס. קיינער וואַגט נישט צו רעדן. זיי קוקן אויפן געלן לעמפּל, וואָס הענגט אַראָפּ פונעם שוואַרצן שטריק. געשווינדע טריט איילן זיך אין די קאָרידאָרן.

— זיסער יעזוס, מורמלט טערעזע.

איך גלויב, אַז דאָס מאָל איז עס געקומען, טראַכט איך. ס׳איז נישט צו פרי. כ׳האָב נישט מורא, און דאָך פיל איך זיך עפּעס נישט גוט, מאָדנע דערשלאָגן. די טריט האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אונדזער טיר. דער שלאָס קלאַגט זיך אומענדלעך... די טיכטיקע געשטאַלט פון דער וועכטערין באַווייזט זיך.

— אויפשטיין!, טוט זי בלויז אַ זאָג.

קיינער רעאַגירט נישט. פאַרקערט, די פרויען ציען אַ ביסל מער אַרויף די קאָלדרעס אויף זיך.

— אַרויס, פּוילישע חזירים!

און זי נעמט פּאַכען מיט די שליסלען אין איר האַנט. אין איין אויגנבליק זענען מיר אַלע אויף די פיס און זוכן אונדזערע טרעפּעס.

— אין אַ ריי צו צוויי!

פון אַ זאַק שלעפּט זי אַרויס שטיקלעך דראָט, און בינדט צונויף אונדזערע הענט פּאַרלעכוויז. איך ווער פאַרבונדן מיט הענריעטען. דאָס ווערט דורכגעפירט אין אַ פולשטענדיקער שטילקייט. און צום לעצטן מאָל שפּרייזן מיר אַדורך די טיר פון דער קאַמער. דער היימישער קאָרידאָר, דורך וועלכן מיר פלעגן אַדורכלויפן צו מאַכן אונדזער שפּאַציר, אונטער דעם געלן ליכט פון די לאָמפּן, נעמט אָן אַן אומהיימלעכן אויסזען. די טרעפּ טיפן זיך

אַריין אין שאָטן און מער ווי איין מאָל שטויס מיר זיך אָן. איינע ציט מיט די צווייטע, אין אַ געקלימפּער פון טרעפּעס. אונטן, טרעפן מיר אָן אַ לאַנגע ריי אַרעסטאַנטן, צונויפגעקייטלטע אַזוי ווי מיר. פון הינטן דערנענטערט זיך אַ געהאַמער פון טרעפּעס.

דער הויף איז גאָר העל באַלויכטן פון פּראָזשעקטאָרן. אַלע אַקטיאָרן זענען דאָ צו דער לעצטער סצענע. איבער אונדז שטייט דער הימל ווי אַ שוואַרצער בלאָק, אַ שווערע אַפּוועזנהייט. דאָס ליכט הענגט זיך אויף אויף די געגאָלטע שיידלעך פון די מענער. דאָ און דאָרט, אַ ביסל ווייטער, גייען אַרום דייטשן באַוואָפנטע מיט מיטראַליעטן. אייניקע, מסתמא אָפיצירן, בילדן אַ באַזונדערע גרופּע אויף אַ פרייען שטח. זיי רעדן צווישן זיך און רויכערן. ווי נאָר איך באַמערק די ציגאַרעטן, עקזיסטירט פאַר מיר מער גאָרנישט, ווי דאָס באַדערפעניש צו רויכערן. נישט טראַכטנדיק מער, גיי איך אין דער ריכטונג צו זיי, מיטשלעפּנדיק הענריעטען, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן. בלינדערהייט שטויס איך אַוועק אַלץ, וואָס געפינט זיך אויף מיין וועג. אַזוי שטאַרק איז מיין באַגער צו רויכערן, אַז איך פיל נישט מער די קעלט און אַפילו נישט די דראָטן, וואָס שניידן זיך איין אין מיינע האַנט־געלענקן. אָט בין איך שוין גאָר נאָענט.

— אַ ציגאַרעט, זאָג איך צו דעם נאָענטסטן.

פנימער דרייען זיך אויס צו מיר. הענריעטע באַמיט זיך אומזיסט מיך צו שלעפּן אויף צוריק. איך שטיי פעסט. קיינער זאָגט נישט קיין וואָרט. דער דייטש ציט אַרויס אַ פּעקל פון טאַש און דערלאַנגט מיר. איך נעם אַרויס אַ ציגאַרעטל און ברענג אים גלייך צו מיינע ליפּן. איך ריר זיך אַלץ נישט. דער פלאַם פון זיין צינדער לייכט אויף לעבן מיין פנים. איך פאַררויכער און פאַרצי מיט פאַרגעניגן די ערשטע בלאָזן. איינער פון די דייטשן טיילט זיך אויס פון דער גרופּע, קומט צו צו מיר און באַטראַכט מיך אויפמערקזאַם.

— דאָס איז דאָך די קליינע מאַריאַ פון נאָווי־דוואָר, שרייט ער אויס.

צוויי אַנדערע דערנענטערן זיך. איך דערקען זיי. איך דערקען זיי אַלע דריי. ס'איז דאָ פאַראַן דער אָפיציר, וואָס האָט מיך רעגולער געשלאָגן אין דער געסטאַפּאָ פון נאָווי־דוואָר.

— וואָס טוסטו דאָ?, פרעגט ער מיך.

— אַ שפּאַציר אונטער די שטערן, זאָג איך. אַ ביז גאָר שיינער שפּאַציר.

איך האַלט אַ ציגאַרעטל צווישן די ציין, כ׳בין צופרידן. כ׳וואָלט געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער פון דער קעלט פאַרהאַרטעוועטע ליפּן פאָלגן מיך נישט מער.

דער אָפיציר ווענדט זיך צו איינעם פון זיינע קאָלעגעס:

— צי האָט איר באַוויזן עפּעס פון איר אַרויסצובאַקומען?

זיין קול איז פעסט און טרוקן.

— דאָס איז אַ פאַרמשפּטע צום טויט, זאָגט דער אַנדערער, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט.

— וואָס ענדערט דאָס? איר האָט פאָרט באַדאַרפט פּרווון.

הענריעטע, וואָס האָט זיך באַרוּקט, טוט מיך אומגעריכט אַ צי אויף צוריק. דאָס מאָל פאָלג איך. מיר גייען צוריק אין דער מיט פון די אַרעסטאַנטן, וואָס שטייען נאָך אַלץ אומבאַוועגלעך און שווייגן.

— דו גיסט מיר אַ פּאָר צי? זאָגט אַ מאַן און קוקט אויפן ציגאַרעטל.

איך פאַרצי אַ לעצט מאָל וויפיל איך קען נאָר, איידער איך דערלאַנג עס אים.

די דייטשן מיט די מיטראַלעטן האָבן אויפגעהערט אַרומצוגיין. זיי קומען צו צו אונדז, הייסן אונדז זיך אויסשטעלן לענג־אויס דער וואַנט, אויף דער גאַנצער לענג פון הויף. דערנאָך טרעטן זיי צוריק.

— מיטן פּנים צו דער וואַנט, ריטשעט אַ קול.

דאָרט ביים עק פון דער ריי קנאַלן די בייטשן. פּונקט אַזוי ווי געהאָרכזאַמע קינדער, וואָס דערמאָנען זיך זייערע לעקציעס, פאָלגן אַלע. אַ פּאָר צענטימעטער פאַר מיר איז איצט מער גאָרנישט ווי אַ שוואַרצע וואַנט. דאָס איז מיין גאַנצער אוניווערס. ס׳איז די רוּקייט, די שטילקייט. און אין דער שטילקייט, אין דער רוּקייט דער געקלאַפּ פון מיטראַליעטן, וואָס מען לאָדט אָן. דערנאָך, גאָרנישט, ווידער די פוסטקייט. לעבן מיר הויבט אימעצער פּלוצעם אָן צו רעדן, אַנדערע קולות ענטפערן, נעמען אויף, קלאַמערן זיך אין געשריי, וואָס האָט געהאַט די העזה אויסצוברעכן און גייט אַרויף גלייך צום הימל, ווי אַ קאָפּשווינדלדיקער זייל פון פּחד. איך גיב זיך

אַפּ אַ חשבון, אַז דאָס רעוועט אַזוי העגריעטע. מיטן שפּיץ פון מיין טרעפּע־
טז איך איר אַ קלאַפּ אין פוסבייגדל אַזוי שטאַרק ווי כ׳קען נאָר. דאָס געשריי
פאַרוואַנדלט זיך אין אַ קרעכץ פון ווייטאָג. די אַנדערע קולות שוועבן נאָך
אַ ווײַלע, אָבער, נישט האָבנדיק מער קיין אָנהאַלט, שטילן זיי זיך אויך איין.
אַ שטילקייט שפּרייט זיך אויס. דאָס מאָל הער איך רופן מיין נאָמען. איך
באַגרייף נישט תיכף. אָבער ס׳איז דאָך מיין נאָמען, וואָס דאָס דייטשע קול
רופט ווידער אַ מאָל, און די ווערטער הילכן אָפּ אין מיין שיידל:

— מאַריאַ יאַנטשעווסקאַ, ראַאוס פאַן דער רייע.*

איך וויל נישט פאַרשטיין. איך פאַרהאַלט מיין אָטעם, אַזוי ווי דאָס וואָס
איך עטעם וואָלט געקענט פאַרראַטן מיין אַנוועזנהייט. שנעלע טריט דער־
נעענטערן זיך, אַ האַנט לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיין פּלייצע. איך ריר זיך נישט
פון אָרט. די האַנט שטופּט מיך פאָרויס און די וואַנט פּלאַצט קעגן מיין
שיידל. איך גליטש זיך אויס לענג־אויס דעם קאַלטן שטיין, דער באָדן הייבט
זיך אויף און שאָקלט זיך. דערנאָך פאַלט עפּעס אַראָפּ אויף מיר און מאַכט
מיך אומבאַוועגלעך. איך שלאָף. אין מיין שלאָף קלאַפּט דער האָגל אין די
שויבן פון מיין צימער. אַ שאַרפער ווייטאָג אין מיין האַנט־געלענק ציט מיך
אַרויס אין דרויסן, אין דער געפרוירענער לופט פון דער נאַכט. איך שטעל
זיך אַנטקעגן... איך וויל נישט אַרויסגיין... איך בין פאַרמאַטערט... אַזוי
שטאַרק פאַרמאַטערט... איך שטיי ווידער אויף די פיס, העגריעטע איז לעבן
מיר און מיר קוקן אויף אָט די אַלע מענער און אָט די אַלע פרויען, אויף
דעם געפרוירענעם באָדן, לענג־אויס דער וואַנט, צונויפגעקאָרטשעטע, צע־
בראָכענע, איצט שוין רויִקע.

* אויף דייטש אין טעקסט.

# דאָס וואָס בלייבט

מיט די קני אויפֿן זיץ קוקט זי הינטער זיך. רעגולער גייט זי איבער מיט אירע הענט איבער איר פּלייצע, איבער אירע אָרעמס.

— אוי וויפֿל זיי זענען! זאָגט זי, דריי זיך נאָר אויס, וועסטו זען.

איך ריר זיך נישט. מײַנע אויגן זענען אָנגעשטעלט אויף די צוויי דייטשן, וואָס זיצן גלײַכע, מאַסיווע, מיט זייערע קעלנער אויפֿגעהויבן אונטערן היטל, אַזוי ווי בלאָקן, וואָס ווערן קוים אויפֿגעטרייסלט דורך דעם מאָנאָטאָנען מאָטאָרן־געטראַסק. זיי האָבן בײדע די זעלבע שווערקייט, דעם זעלבן אויסזען פֿון אַ מינעראַל. העכריטעטעס הענט פֿאַרהאַלטן זיך.

— איך קען נישט מער. זאָג זיי, אַז ס׳איז אונדז קאַלט. פֿאַר וואָס ווילסטו עס נישט זאָגן?

זי בויגט זיך אַריבער און איך דערפֿיל אויפֿן פּנים די לווילעכע פֿאַרע פֿון איר אָנהויך. זי זאָגט נאָך אַ מאָל:

— איך בעט זיך בײַ דיר, זאָג זיי, אַז מיר קענען מער נישט אויס־האַלטן. פֿאַרגעט האָבן זיי קאָלדרעס.

איר צודרינגלעך קול ווערט הכנעהדיק, נעבעכדיק.

— כ׳וועל קריגן אַ לונגען־אָנצינדונג. ס׳איז זיכער, אַז איך וועל עס קריגן. ס׳איז מיר שוין שווער צו עטעמען.

זי ווערט שטיל און קוקט אויס אויפֿן אײַנדרוק פֿון אירע ווערטער. איך ריר זיך נישט.

— דו, דו וועסט אויך פּגרן, שושקעט זי. און זי נעמט זיך ווידער בעטן:

— איך בלאָגע דיך, זאָג זיי, אַז ס׳איז אונדז קאַלט. זאָג זיי, זיי זאָלן אונדז געבן אַ קאָלדרע.

פּלוצלונג באַרויִקט זי זיך און פֿרעגט מיך מיט איר געוויינלעכער שטים:

— ווי אַזוי זאָגט מען אויף דייטש „קאַלט״?
— קאַלט. *

דאָס וואָרט איז אַרויס פון מיין מויל פון זיך אַליין. מיט אַ האַלבן קול חזרט זי איבער מערערע מאָל: קאַלט, קאַלט. שטייענדיק אַלץ אויף די קני, דרייט זי זיך אויס צום פּאַרנט און מיט קינדערשע, בעטנדיקע אינטאָנאַציעס, שרייט זי אויס קעגן די גלייכגילטיקע פּלייצעס פון די עס־עס: קאַלט.

מיר פאָרן זייער פּאַמעלעך, נאָכגייענדיק די טריט פון מיליטער־אָפּטיילונגען, וואָס מאַרשירן פאָרויס, הינטן, און ביי די זייטן. העטנריעטע שטייט אויף די קני און בעט זיך ביי די צוויי געטעער: קאַלט, קאַלט, קאַלט...

— וועסט נישט פאַרמאַכן דיין מויל? זאָג איך, ס׳וועט גאָרנישט העלפן.

זי הערט מיך נישט. זי דאַרף מיך נישט מער. זי פאַרמאָגט אַ וואָרט פון דער געהיימער שפּראַך פון די געטער. זי קען צו זיי רעדן, זיי איבעררעדן. מיט דער הילף פון דעם וואָרט דערציילט זי, גיט זי צו פאַרשטיין, בעט זי זיך.

— קאַלט, איך בעט אייך, הערן אָפּיצירן. ס׳איז מיר אַזוי קאַלט אין מיין לייכט קליידעלע. מיינע פיס זענען באָרוועס אין מיינע טרעפּעס. ס׳איז מיר קאַלט, ס׳איז מיר אַזוי קאַלט... קאַלט, האָט רחמנות אויף מיר. איך בין יונג, איך וויל לעבן. איך באַגער אַזוי אַרויסצובאַקומען זיך. קאַלט, קוקט מיך אָן. איך קען זיך אַפילו נישט אַוועקזעצן. איך האָב נישט מער קיין פלייש אויפן הינטן. קוקט מיך אָן, איך בין געצווונגען זיך צו האַלטן אויף די קני. קאַלט, וואַרפט מיר צו אַ קאָלדרע, איין איינציקע קאָלדרע. קאַלט, איך בעט אייך.

— האַלט די מאָרדע.

מיין געשריי טרעפט זי ווי אַ קנאַל פון אַ בייטש. זי צעפּענטעט זיך. זי בעט נישט מער. זי דראָט, שילט. קאַלט, קאַלט, קאַלט. אַ היטל טוט זיך אַ דריי אויס. אויף אַ רוקן באַווייזט זיך דריי פערטל פון אַ פּנים. צוויי ברייטע גרויע אויגן, אָן אויסדרוק, קוקן זי אָן. העטנריעטע נעמט דאָן צונויף אירע הענט אַזוי ווי אַ קליין מיידל פאַר אַ הייליקן בילד און זי בעט:

---

* אויף דייטש אין טעקסט.

קאַלט, קאַלט. די אויגן פֿאַרשווינדן. העגריעטעס קול צעלאָזט זיך אויפֿסניי, צוגעשפּיצט, פֿאַרצווייפֿלט. פּאַרנט זעט זיך עפּעס אַ באַוועגונג, די געאָ־מעטריע פֿון אַ פּלייצע צעפֿאַלט זיך. אַ קאַלדרע וואַרפֿט זיך אַראָפּ אויף העגריעטעס קאָפּ, דערשטיקט אירע יללות; אַ צווייטע פֿאַלט אויף מיינע קני. מיר וויקלען זיך איין אין זיי.

— דו זעסט, זאָגט זי, זיי זענען גאָרנישט אַזוי שלעכט. און זי גיט צו: אַ דאַנק מיר, האָסטו אַ קאַלדרע.

מיטן קליינעם געהיימנישפֿולן שמייכל אין די ליפּן־ווינקלען, אַזוי איינ־געהילט אין דער קאַלדרע, איז זי ענלעך אויף אַ פֿאַרמלאָזער, נישט פֿאַרענ־דיקטער געטשקע. אונטער דער קאַלדרע הערן אירע הענט נישט אויף צו אַרבעטן. און אָן שום ספֿק געלינגט איר זיך צו פֿאַרשאַפֿן אַ ביסל וואַרעמקייט, ווייל איר שמייכל ווערט ברייטער. זי זאָגט מיר פֿריינדלעך:

— דו וועסט זען, מיר וועלן זיך אַרויסדרייען.

איך קוק זי אָן. זי מאַכט אַ באַוועגונג אויף צוריק.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

דער אויטאָ שטעלט זיך אָפּ. ער שטעלט זיך אָפּ אָפּט. איינער פֿון די עס־עס־מענער גייט אַרונטער און קומט צוריק אַ פּאָר מינוט שפּעטער, שעלטנדיק דעם צושטאַנד פֿון די וועגן און דאָס לאַנד, וואָס פֿאַרמאָגט אַזעלכע פֿאַרשאָלטענע שאָסייען. זיי עפֿענען קאָנסערוון־פּושקעס און הייבן אָן צו עסן.

— כ׳בין הונגעריק, זאָגט העגריעטע.

פֿון נעכטן אָוונט האָבן מיר גאָרנישט געגעסן.

— הונגער אויף דייטש איז הונגער, זאָג איך.

— וואָס?

איך חזר איבער: הונגער.

— זאָג זיי עס דו, איצט דאַרפֿסטו זאָגן. דו ביסט אַזוי הונגעריק פּונקט ווי איך. און מיט אַ ווײַלע פֿריער, איז דיר אויך געווען אַזוי קאַלט. נו? דו מאַכסט זיך פֿאַר אַ גרויסער דאַמע, אָבער האָסט מורא. יאָ, דו שטאַרבסט אַוועק פֿון מורא. מיט זיי האָסטו נישט די העזה צו עפֿענען דאָס מויל. האָ?

זי איז צופרידן, וואָס זי האָט געפֿונען דעם אויסטייטש.

— האָסט דאָך געזען, ווי אַזוי איך האָב געמאַכט צו קריגן די קאָלדרעס.

פּרווו, אויף וואָס וואַרטסטו? נו פּרווו שוין!

אויפֿן באַרג־אַראָפּ פֿונעם וועג, זיצן די זעלנער אין שניי מיטן אָפּענעם זאַק אויף די קני. זייערע קינבאַקן באַוועגן זיך.

— נו, פּרווו שוין!

מען הערט דעם רעגולערן גערויש פֿון קייען וואָס עס מאַכן די עס־עס־לייט וועלכע זיצן פֿאַר אונדז.

— ווי אַזוי איז זיין הונגעריק?

— הונגער.

זי שושקעט דאָס וואָרט. דאַן זאָגט זי באַשיידן:

— הונגער.

די עס־עס־לייט הערן נישט אויף צו קייען. מערערע מאָל חזרט זי איבער: הונגער, זוכנדיק די ריכטיקע אינטאָנאַציע, דעם געהעריקן אופֿן אַרויסצוזאָגן דאָס הייליקע וואָרט, וואָס וועט אַרויסבאַקומען דאָס עסנוואַרג. דער מאַן דרייט זיך נישט אויס, אָבער עס שטרעקט זיך אויס אַ האַנט מיט אַן אָפֿענער פּושקע. העגריעטע באַפֿרייט זיך פֿון איר קאָלדרע און כאַפּט זי אויף. זי עסט זייער שנעל, אַזוי ווי אַ חיה.

— נאַ! זאָגט זי ענדלעך און שטעלט אַוועק די פּושקע אויף מיינע קני. זי איז דריי פֿערטל ליידיק.

— עס! איך ריר זיך נישט.

— דערפֿאַר, וואָס כ׳האָב דיר געלאָזן ווייניקער ווי אַ העלפֿט, ביסטו ברוגז? איך האָב זיך נישט געקענט אָפּשטעלן צו דער צייט, כ׳בין געווען אַזוי הונגעריק.

מיט כעס גיט זי צו:

— אָבער דו האָסט אויך גאָרנישט געטאָן כדי עס צו האָבן.

איך נעם די פּושקע און עס לאַנגזאַם, דערוואַרעמענדיק אין מיין מויל דאָס געפֿרוירענע פֿלייש. די עס־עס־לייט פֿאַררויכערן ציגאַרעטן.

— מ׳וועט שוין אַהין קיין מאָל נישט אָנקומען, זאָגט איינער. ער וויקלט פֿונאַנדער אַ לאַנד־קאַרטע.

— מען וועט קענען דורכשניידן דורך דאַנען, לענג־אויס דעם וואַלד. דערנאָך וועלן מיר אָנקומען אויפֿן שאָסיי.

— לאָמיר פּרוּוון, זאָגט דער אַנדערער.

ער לאָזט הילכן זיין סיגנאַל. פֿויל הויבן זיך די סאָלדאַטן אויף. דער אויטאָ פֿאַרקערעוועט זיך און לאָזט זיך פֿאָרן דורכן פֿעלד. איך האַלט מיך אָן מיט איין האַנטביים טירל און לאָז מיין קערפּער נאָכגיין דעם טרייסלענ־דיקן ריטעם פֿון אונדזער וואָגן. אַ שטאַרקערע אויפֿטרייסלונג וואַרפֿט הענריעטען צוריק אויף איר געזעס. זי טוט אַ געשריי פֿון ווייטאָג. ביים וואַלד־ראַנד גייען מיר צוריק אַרויף אויף אַן ערד־וועג. מיר פֿאָרן שנעלער און לייכטער. אין דער ווייטנס צייכנט די דייטשע אַרמיי אָן אַ טונקעלן שטריך, אַן איבערגעלאָזטן אויפֿן וועג. אויך הענריעטע קוקט זיך צו. אונדזערע קעפּ קלאַפּן זיך אָן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— פֿאַר וואָס שטעלן זיי זיך? מורמלט הענריעטע און איר פּנים ווערט בלוי.

די עס־עס־לייט שפּרינגען אַרונטער.

— ראַוס.*

זי קלאַמערט זיך אין מיר.

— גיי נישט אַרונטער... זיי גייען אונדז הרגענען.

איך פּרוּוו אויפֿצורייסן אירע פֿינגער. אומזיסט. דאַן טו איך אַ קלאַפּ מיטן גאַנצן כּוח פֿון מיין פֿויסט. ווען דער ווייטאָג צווינגט זי נאָכצולאָזן, עפֿן איך דאָס טירל און שפּרינג אַרויס פֿון אויטאָ. די עס־עס־לייט וואַרטן.

— די אַנדערע אויך.

הענריעטע פֿאַרנורעט זיך אַ ציטערנדיקע אין אַ ווינקל.

— קום, זאָג איך. זיי ווילן, דו זאָלסט אויך אַרונטערגיין.

— זיי וועלן מיך הרגענען.

— אויך דאָ קענען זיי דיך הרגענען.

איך דערלאַנג איר די האַנט. זי קלאַמערט זיך אין איר, נאָר אַנשטאָט אַרונטערצוגייך, ציט זי מיך צו זיך. איך האָב שוין גענוג. איך בויג זיך איין און גיב איר אַ ביס אין האַנט. זי לאָזט מיך תּיכּף אָפּ.

---

* אויף דייטש אין טעקסט.

— איך וועל זיי זאָגן, אַז דו ווילסט נישט אַרונטערגיין.

— ניין, ניין, זאָגט זי, טו עס נישט.

און זי גייט אַרויס. איינער פון די עס־עס־לייט האָט אפשר נישט ווילנדיק אָנגענומען מיט זיין האַנט דעם רעוואָלווער. ביידע דרייען זיך אום און מאַכן אייניקע טריט. אַ גרויסע רויִקייט גייט אויף אין מיר. דער שניי איז דיק. ס׳וועט זיין אָנגענעם זיך אין אים צו פאַרטיפן. איך דערמאָן זיך אין אַ שפּיל, אין וועלכן איך האָב געשפּילט, ווען כ׳בין געווען גאָר אַ קליינ־טשינקע: מען פלעגט צוזאַמענגעמען די פיס, אויסשפּרייטן די אָרעמס, און מען פלעגט זיך לאָזן פאַלן אויפן שניי. דאָס האָט געהייסן זיין ווי אַ מלאך, ווייל ווען מען האָט זיך אויפגעהויבן, זייער פאָרזיכטיק, איז געבליבן אַ פאַרטיפונג, אין אַ פאָרעם, וואָס האָט געקענט אָנגיין ווי די פון אַ מלאך מיט צעשפּרייטע פליגל. די דייטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אויך די צייט. איך באַטראַכט דעם שניי, וואָס פאַרבעט מיך, צו מאַכן דעם מלאך צום לעצטן מאָל. איך וואַרט מען זאָל מיר צוהעלפן. אָבער די עס־עס־לייט שטייען צווישן צוויי ביימער און דרייען זיך אַלץ נישט אויס. זיי האָבן לייכט צעשפּרייט די פיס און זיי זענען משתין. די צייט באַפרייט איר אָטעם. העגריעטע איז לעבן מיר.

— זיי האָבן פּשוט געוואָלט זיך אויספּישן, זאָגט זי אַן אַנטציקטע. און זיי האָבן אַפילו געטראַכט וועגן אונדז.

זי זעצט זיך צו און באַטראַכט די צוויי גרויע סילועטן מילד און דאַנקבאַר.

— פּיש זיך אויס, זאָג איך, ווען סטו דערנאָך זיין ווייניקער נערוועז.

זי הויבט אויף צו מיר איר אומרויִק פּנים.

— זיכער. און איך טו צו איר אַ גרויסן שמייכל.

זי הויבט זיך אויף.

— דו ווילסט מיר אָנמאַכן אַ שרעק. פאַסקודסטווע!

די דייטשן קומען צוריק און מיר גייען צוריק אַריין אין וואָגן. אַ שעה שפּעטער קומען מיר אַרויס אויפן שאָסיי. מיר דאַכט זיך, אַז מיר זענען אָנגעקומען אויפן זעלבן אָרט, פון וואַנען מיר זענען אַוועק, צווישן די זעלבע סאָלדאַטן, וועמענס אומענדלעכע קייט פאַרקלענערט זיך ביים האָריזאָנט.

מיר באַוועגן זיך פֿאַמעלעך, מיר שטעלן זיך אָפּ, מיר פֿאָרן ווייטער, כדי זיך ווידער אָפּצושטעלן. הענריעטע זאָגט:

— וואָס וואַרפֿסטו מיר פֿאָר? פֿאַר וואָס באַהאַנדלסטו מיך אַזוי? דאָרט, אין תּפֿיסה, האָבן מיר זיך דאָך גאַנץ ליב געהאַט.

אין איצטיקן מאָמענט האָט זי מער נישט מורא פֿאַרן טויט. זי דאַרף בלויז עמעצן, וואָס זאָל איר זאָגן, אַז אַלץ וועט זיין גוט, אַז דאָס לעבן וועט זיין שיין, אַז זי וועט קענען גוט עסן, אַז ס׳וועט איר זיין וואַרעם, אַז זי וועט געפֿינען אירע עלטערן, אַז זי וועט זיך לאָזן גלעטן דורך בחורים. איך זאָג צו זיך, אַז ס׳איז אַ סך ווייניקער אומיושרדיק, אַ סך ווייניקער אכזריותדיק צו פֿאַרניכטן אַזאַ יונג לעבן, וואָס וויל בשום אופֿן נישט אונטערגיין, ווי צו לאָזן זיך שלעפּן דאָס אַנדערע לעבן, וואָס זאָגט זיך אָפּ און וואָס מען פֿאַר־געסט אויסצולעשן. איך פֿאַרמאַך די אויגן און מאַך זיך שלאָפֿן.

ווען כ׳עפֿן צוריק די אויגן, איז שוין די נאַכט דאָ. מיר קומען אָן נאָענט צו אַ דאָרף. די ערשטע הייזער באַווייזן זיך, שוין אויפֿגעגעסענע דורכן שאָטן. איבער זיי רויטלט זיך דער הימל. מיר פֿאָרן איבער דער הויפּט־גאַס, דערנאָך פֿאַרקערעווען מיר זיך. הענריעטע טוט אַ געשריי. פֿון ביידע זייטן ברענען די הייזער. די צעשטערטע נאַכט שלעפּט זיך נעבעכדיק אין די ווינקלען. דער שניי איז ראָז. דער אויטאָ שטעלט זיך אָפּ.

— וואָס איז דאָס ווידער?, זאָגט איינער פֿון די דייטשן.

דער אַנדערער ציט מיט די פּלייצעס.

— קום זיך אָנוואַרעמען, זאָגט ער.

זיי גייען אַרונטער. מיר זענען גאַר נאָענט פֿון אַ הויז, פֿון וועלכן פֿלאַמען רייסן זיך אַרויס שטיקערווייז. זיי שטעכן זיך פּלוצעם אַדורך, דאַן ציען זיי זיך צוריק אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך דער אייז־קאַלטער לופֿט, און זוכן אַנדערע אַרויסגאַנגען, צום דאַך צו, הענגען זיך אָן, צופֿרידענע, אין די לאָדנס פֿון אַ פֿענצטער און צעשפּריצן זיך אין טויזנטער פֿונקען. אַ געברום פֿון אַ פֿאַרצוקנדיקער חיה באַגלייט זייער טאַנץ, דאָס טרעשטשען פֿוןביינער צעבראָכענע דורך מעכטיקע קינביינער. סאָלדאַטן גייען אַרויס פֿון דער נאַכט, דערנעענטערן זיך, שטרעקן אויס זייערע הענט. אַ צאַפּלדיק ליכט, אַזוי ווי דאָס קלאַפּן פֿון פֿליגל, פֿאַרמערט זייערע שאָטנס.

די צוויי עס־עס־לייט זענען דאָ, האַלב אויסגעדרייט צו אונדז, און גיבן אויף אונדז אַכטונג מיט אַ ווינקל פון אויג.

— ווי גוט ס׳דאַרף דאָ זיין, זאָגט הענריעטע.

זי טראַכט נישט דערפון, אַז דאָס איז אַ הויז וואָס ברענט. זי דאַרף בלויז האָבן אַ וואַרעמקייט. מיין פאַנטאַזיע באַווייזט סילועטן, וואָס לויפן אַרום ווי משוגענע צווישן פלאַמען, זוכן אומזיסט אַן אויסגאַנג און פאַלן דערנאָך אַריין, צונויפגעקאָרטשעטע, וואָיענדיקע, אין שייטער. יאָ, איך זע זיי, כ׳פאַרבלייב אָבער אַ גלייכגילטיקע. דאָס זענען זאַכן, וואָס זענען שוין פאָרגעקומען אין דער פאַרגאַנגענהייט. מורא און רעוואָלט, וויטאָגן און אומגליקן — דאָס אַלץ בין איך אויסגעשטאַנען איבער מיינע כוחות. הענריעטע לענט אָן איר פּנים מיט ליבשאַפט קעגן דער שויב. זי שמייכלט מיטן גאַנצן גלאַנץ פון איר יוגנט, פון איר שיינקייט, אונטער דעם פאַר־כשופטן ליכט פון חורבן.

— ס׳איז וואַרעם, זאָגט זי.

דערנאָך שרייט מען אויס אַ באַפעל און די מענער גייען אַוועק, פאַמעלעך, קעגן זייער ווילן, שלעפנדיק די פיס אין דער נאַכט אַריין, צו דער קעלט. די עס־עס־לייט באַווייזן אונדז ווידער זייערע גלייכגילטיקע רוקנס. הענריעטע ציילט אויף אַ הויכן קול די אונטערגעצונדענע הייזער. זי האָט אָפּגעציילט זיבעצן. ווייטער איז מער גאָרנישטאָ. בלויז דאָס לייכטע וויגן זיך, וואָס אין זיין ריטעם גייען מיר פאָרויס אין דער ריכטונג פון ערגעץ נישט.

— מאַריאַ..., הויבט אָן הענריעטע.

— לאָז מיך צורו. איך שלאָף.

— דו שלאָפסט די גאַנצע צייט, דו זעסט אַפילו נישט, אַז זיי גייען אַוועק, זיי אַנטלויפן.

— איך בין נישט קיין פּאַטריאָטקע, זאָג איך. מיר איז אַלץ איינס. די וואָס זענען געבליבן ליגן אין הויף פון דער תפיסה, זיי איז אויך אַלץ איינס.

— ס׳זענען אויך פאַראַן די אַנדערע, זאָגט הענריעטע.

— די אַנדערע ווי דו.

— דו אויך.

— ס׳איז נאָך גאָרנישט אַזוי זיכער, זאָג איך לאַכנדיק.

די מורא נעמט זי ווידער אַרום.

— דו מיינסט? אַז... איצטער... ניין, דאָס איז נישט מעגלעך. אויב זיי וואָלטן אונדז באַדאַרפט הרגענען, וואָלטן זיי דאָס שוין געטאָן.

איך לאַך מיט חוזק.

— וואָס איז די נפקא־מינא? מיר בײדע שפּילן נישט קיין ראָלע. די אַנדערע וועלן בלייבן. דו, די פּאַטריאָטקע, דו וואָלסט געדאַרפט דערפון אַ טראַכט טאָן.

זי איז אין גאַנצן צערודערט, זי קלאַמערט זיך אין מיר.

— צי האָסטו פאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבן געזאָגט? זאָג מיר, איך בעט דיך, זאָג עס מיר.

איך שווייג. איך האָב ליב צו פילן ווי די חיהשע מורא ראַנגלט זיך ביי מיין זייט.

— וואָס האָבן זיי געזאָגט? זאָג מיר וואָס זיי האָבן געזאָגט.

זי גייט מיר אויף די נערוון.

— זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט.

— אויב אַזוי, וווּהין פירן זיי אונדז?

— צום טייוול. און איצט וועסטו איינגעמען אַ שטומעניש, איך שלאָף.

איך צי אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ און שלאָף באמת איין.

צו מאָרגנס איז די זעלבע ווייסקייט און ס׳איז נאָך קעלטער, אויב ס׳איז בכלל מעגלעך. פאַר נאַכט קומען מיר אָן אין אַ גרויסער שטאָט. אונדזער אויטאָ פאַרלאָזט די קאָלאָנע מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן און פאָרט דורך שמאָלע געסלעך צום צענטער. אויף די טראָטואַרן גייען מענער און פרויען אין ווינטערדיקע מאַנטלען מיט פוטערנע קראַגנס. דער ספּעקטאַקל שיינט מיר צו זיין אויסטערליש. זיכער איז שוין אין מיין געדאַנק נישטאָ מער קיין אָרט פאַר מענטשן וואָס גייען רויִק אויף אַ גאַס מיטן דאָזיקן באַנאַלן אויסזען. מיר שטעלן זיך אָפּ פאַר אַ געביידע מיט אַ פאַסאַדע. די עס־עס־לייט הייסן אונדז אַראָפּגיין. זיי שטופּן אונדז פאַרויס. אָט געפינען מיר זיך אין אַ זייער גרויסן, פולשטענדיק פוסטן פאָדערהויז. מיר גייען אַרויף אויף ברייטע טרעפּ, באַדעקטע מיט אַ טונקל־רויטן טעפּיך. אין דער הויך —

אַ קאָרידאָר. איינער פון די דייטשן קלאַפּט אָן אין דער ערשטער טיר אויף אונדזער רעכטער זייט. ער עפנט, שטופּט אונדז אַריין. דער לוקסוס־ביוראָ, ווו מיר געפינען זיך, איז ליידיק. אויף אַן אַרבעט־טיש פון פּאַליסאַנדער רינט די טינט אַרויס פון אַן אומגעדרייטן טינטער. טונקעלע טראָפּנס רינען אַראָפּ איינער נאָכן אַנדערן אויפן טעפּיך. אַ דייטשיש זידל־וואָרט פּאַלט צו אין דער שטילקייט. מיר גייען אַרויס אין קאָרידאָר. די עס־עס־לייט עפענען טירן, איין מאָל רעכטס, איין מאָל לינקס. מיר גייען פאָרויס און זיגזאַגעווען אַזוי ווי שיכורים. דער קאָרידאָר האָט נישט קיין סוף און אַלע צימערן זענען פּוסט. כל זמן מיר וועלן האָבן כוח פאָרויס צוגיין, וועלן זיין טירן צו עפענען און ביז דער אומענדלעכקייט פּוסטע ביוראָס, וואָס פאָלגן זיך נאָך איינע נאָך די אַנדערע. צי זענען מיר אַ מאָל נישט פאַרבליבן דאָרט, אויפן תּפיסה־הויף, צווישן די דערשאָסענע קערפּערס? די רייזע, די וועגן, אָט די אומ־ענדלעכע קאָרידאָרן, צי זענען זיי נישט אַמאָל אַ טייל פון אַ חלום, וואָס פּילן אויס אונדזערע טויטע אויגן? אַ פרוי אין טרעפּעס מיט אַ קאָלדרע אויף די פּלייצעס וואַרפט זיך אַרויף אויף מיר. איך שטעל זיך אָפּ אַן אויפגעטרייסלטע פונעם שטויס. איך שטיי פאַר אַ גרויסן שפּיגל, וואָס פאַרענדיקט דעם קאָרידאָר. איך קוק זיך אָן מיט פיינטשאַפט. און מיר גייען צוריק אין אַן אַנדערער ריכטונג, און מיר גייען שנעל פאַרביי פאַר די ברייט געעפנטע טירן רעכטס און לינקס.

אויף די העכערע שטאָקן געפינען זיך די זעלבע קאָרידאָרן, ס'איז דער זעלבער מדבר אין די ביוראָס און די זעלבע קינסטלעכע אומענדלעכקייט. פון צייט צו צייט טוט אַן עס־עס־מאַן אַ געשריי אָן איבערצייגונג: „איז עמעצער דאָ?" און זיין פראַגע הילכט צום סוף אָפּ אין שפּיגל, וואָס שיקט אים צוריק אַ פּנים מיט קינבאַקן, מיט אויגן אויפגעריסענע פון שרעק. איך געפין דאָן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן אים און דעם פּנים פון הענריעטען. זיי קוקן זיך מער נישט אום אויף אונדז. זיי גייען פאָרויס און מיר גייען זיי נאָך. טייל מאָל רעדן זיי שטילערהייט צווישן זיך. ביידע היטלען בייגן זיך אַריבער איינס צום צווייטן און די ברייטע פּלייצעס פאַררונדיקן זיך, פאַלן אַראָפּ. צוויי יתומים.

ווען זיי זענען צוריק אויף דער גאַס, יאָגן זיך די דייטשן צו, נישט

אומקוקנדיק זיך. איך גיי זיי געהאָרכזאַם נאָך. העגריעטע כאַפּט מיין אָרעם און ציט מיך אויף צוריק. מיט איין טרייסל באַפריי איך זיך פון איר. די דייטשן פאַרשווינדן ביים עק פון דער גאַס. אַ מינוט ווייס איך נישט וואָס צו טאָן. דאַן נעם איך לויפן און דעריאָג זיי. איך זאָג צו זיי:

— פאַרלאָזט מיך נישט. איר האָט נישט קיין רעכט, איצט. איך דאַרף איך האָבן. איר דאַרפט בלויז מאַכן איין באַוועגונג, איר האָט עס מיר צוגעזאָגט. פאַר איך איז עס דאָך גאַרנישט. איר האָט עס שוין געטאָן טויזנטער און טויזנטער מאָל, טאָ טוט עס אויך פאַר מיר.

זיי שטעלן זיך נישט אָפּ. איך לויף זיי נאָך און חזר איבער אונטער־טעניק:

— איר האָט עס מיר צוגעזאָגט, איר קענט מיך מער אַזוי נישט לאָזן.

און פּלוצעם זענען זיי שוין זייער ווייט. זיי זענען פאַרשוואונדן אינעם בלויען אָוונט. איך שטיי אויפן זעלבן אָרט, ווו כ'האָב זיך פאַרהאַלטן, ווען זיי האָבן פאַרקערעוועט ביים עק פון דער גאַס. אַלץ איז געשען אין מיין קאָפּ. פאַראַן איצט אַ סך זאַכן, וואָס געשען בלויז אין מיין קאָפּ. איך קען גיין און מיינע פיס זאָלן זיך נישט באַוועגן, רעדן און נישט עפענען דאָס מויל.

— קום, זאָגט העגריעטע, מען דאַרף געפינען אַן אָרט אויף דער נאַכט.

איך דריי זיך צו איר אויס מיטן רוקן און דערווייטער זיך. זי גייט מיר נאָך. אירע טרעפּעס ענטפערן אָפּ דעם טריט פון מיינע. זי וויל נישט צוגעבן, אַז זי עקזיסטירט נישט פאַר מיר. מען קוקט אויף אונדז מיט נייגיר.

— מען דאַרף פרעגן ווו מיר געפינען זיך.

— נאָך וואָס? דו ווילסט באַזוכן די שטאָט?

אַ שלאַנקע שיינע פרוי קומט אונדז אַנטקעגן. העגריעטע פאַרשטעלט איר דעם וועג:

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם, זאָגט זי, ווי הייסט די שטאָט?

די פרוי ענטפערט:

— וויר שפּרעכען נור דויטש*) און זי גייט ווייטער איר וועג.

---

* דייטש אין טעקסט.

— דאָס איז שוין דייטשלאַנד, זאָגט העגריעטע אַ פּאַרציטערטע.
— די אַנדערע דורכגייער רעדן פּויליש, די אויפשריפטן זענען אויך אין פּויליש, זאָג איך.
און שוין פאַרהאַלט זי אַ מאַן, וואָס ענטפערט איר האַסטיק און גייט שנעל אַוועק:
— דאָס איז טאָרון, זאָגט זי.
— אַ היסטאָרישע שטאָט, זאָג איך. פאַראַן דאָ צו זען אינטערעסאַנטע מאָנומענטן.
די גאַס אויף וועלכער מיר גייען איז צו ברייט. צו פיל מענטשן גייען דאָ אַדורך. די דורכגייער לאָזן אונדז פילן, אַז אונדזער אַנוועזנהייט פּאַסט זיך דאָ נישט אַריין. מיר דרייען זיך אַריין אין דער ערשטער קווערגאַס און גייען אין דער ריכטונג פון שמעלערע געסלעך, ווו די נאַכט לייגט זיך פינצטערער.
— איך בין מיד, זאָגט העגריעטע, מען דאַרף עפּעס געפינען. דעם פאַרשוין, וואָס כ׳האָב נאָר וואָס אָפּגעשטעלט, האָב איך געוואָלט עפּעס אויפקלערן, אָבער ער איז גלייך אַוועק.
— מען קען צו זיי גאָרנישט האָבן. מענטשן האָבן נישט ליב קיין לייז.
אונדזערע טרעפּעס קלאַפּן אויפן ברוק. צווישן די דעכער האָבן די שטערן אַ האַרטן אָפּגלאַנץ. טייל מאָל זעט זיך אַרויס אַ שמאָלער פּאַס ליכט פון אַ ווינקל פון אַ פאַרהאָנגענעם פענצטער.
— מען פּרוווט? זאָגט העגריעטע.
— מען פּרוווט, וואָס?
— אָנקלאַפּן ערגעץ.
— נו, פּרווו, זאָג איך.
— נו, און דו? איך האָב שוין גענוג. תמיד דאַרף איך זיך אַן עצה געבן פאַר אונדז ביידן.
— מען קען זיך צעשיידן, זאָג איך גלייכגילטיק.
און איך מאַך זיך אַוועקגיין.
— וואַרט צו, זאָגט זי.
איך צי צונויף ענג אַרום מיר די קאָלדרע און נעם שפּאַצירן מיט

קליינע טריט, כמעט אויף איין אָרט, וואַרטנדיק אויף איר. איך פיל נישט די מינדסטע אומגעדולד. העַנריעטע קומט צוריק און מיר גייען ווייטער.

— כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין פיר טירן, זאָגט זי, זיי האָבן אַפילו מיך נישט געוואָלט אויסהערן.

מיר זעט עס אויס צו זיין זייער נאַטירלעך. העַנריעטע טוט אַ פּאָנפע; זי וויינט אין דער שטיל. אונדזערע טרעפּעס קריצן אינעם שניי. מיר געפינען זיך אין אַן אַלעע, מיט ביימער פון ביידע זייטן, הינטער וועלכע ס׳דאַרפן זיך מסתם געפינען קליינע פאַרשטאָט־ווילעס. מיר זענען אַליין. מיט אַ פּאָר מינוט פריִער איז פאַר אונדז פאַרבייגעגאַנגען דער לעצטער פאַרשפּעטיקטער דורכגייער, דעם קאָפּ איינגעַנורעט אין זיין פוטערנעם קאָלנער. ס׳איז די נייע לבנה. אויפן פינצטערן הימל לויכטן די שטערן מיט אַ פּראַסטיקן פייער. העַנריעטע גיט זיך אַ וואַקל, מאַכט נאָך איניקע שריט און בלייבט שטיין.

— קום, זאָג איך.

זי שאָקלט מיטן קאָפּ. טרערן לויכטן אויף אירע באַקן. זי שאָקלט מיטן קאָפּ, און ענטפערט נישט. זי פּאָנפעט. מיר געפינען זיך לעבן אַ פּאַרקאַן פון אַ גאָרטן. דאָ און דאָרט שוואַרצן זיך ביימער אונטערן שניי, וואָס באַשווערט זייערע צווייגן. אין דער טיף רוט אַ ווייסער דאַך איבער די סודות פון וואַרעמקייט פון ווילטאָג, אונטערן שוץ פון גלייכגילטיקע שטערן. אַ שיין ווייַנאַכט־קאַרטל. איך וואָלט נישט געוואָרן צו פיל איבערראַשט ווען כ׳זע בלישטשען גאָלדיקע אותיות מיט ברכות. דער טויער פון פּאַרקאַן איז אַ ביסל געעפנט. איך טו אים אַ שטופּ. ער עפנט זיך מיט אַ קרעכץ. אונדזערע טרעפּעס פאַרטיפן זיך אין אַ ווייכן שניי.

— זיי וועלן דיר נישט עפענען, זאָגט העַנריעטע נעבעכדיק.

איך פיל אין מיינע הענט ווי די קלאַמקע פון דער טיר איז רונדיק און גליטשיק. די קעלט דרינגט אַריין לענג־אויס מיין אָרעם. ס׳איז פאַר מיר נאַטירלעך, אַז די טיר גיט נאָך, אָן אָנשטרענגונג. איך קער זיך אויס צו העַנריעטען, וואָס שטייט אויפן ערשטן טרעפּל פון פּעראָן.

— קום.

— ניין, מען ווייס נישט, וואָס ס׳איז אינעווייניק.

איך לאָז זיך אַריין אין דער פינצטערניש. פאַרזיכטיק מאַך איך צוויי אָדער דריי שריט. איך שטעל זיך אָפּ.

— צי איז עמעצער דאָ פאַראַן ?

מיין קול פאַלט אַריין אין דער שטילקייט, וואָס פאַרמאַכט זיך איבער אים. העגריעטע האָט זיך נישט גערירט, זי זאָגט:

— זיי וועלן דיך אַרויסוואַרפן אין דרויסן.

— ווער זיי? ס'איז קיינער נישטאָ.

איך באַטאַפּ די ווענט און געפין ענדלעך דאָס וואָס איך זוך. אַ לייכטער קנאַק, און פונעם גאַרנישט באַווייזט זיך אַ קאָרידאָר. אַ מאַטער גלאָבוס פאַרשפּרייט אַ זיסע ליכט. אויפן דיל, וואָס איז זאָרגפעליק אויסגעפּראָטירט מיט וואַקס, לאָזן מיינע טרעפּעס שוואַרצלעכע צייכנס.

— פאַרמאַך די טיר, זאָג איך צו העגריעטען, וואָס שטייט אויף דער שוועל.

— זיי דאַרפן זיין אויבן, זאָגט זי און איך הער ווי אירע ציין טרייסלען זיך.

איך האַלט שוין די האַנט אויף דעם טרעפּ־פּאַרענטש און גיי אַרויף, נישט קימערנדיק זיך איבעריק וועגן רויש וואָס איך מאַך. אויפן שטיגן־בריקל עפענען זיך דריי צימערן. אַלע דריי, ווי כ'האָב פאַראויסגעזען, זענען ליידיק. אינעם צימער אין וועלכן איך גיי אַריין, איז דאָס בעט האַלב אויפ־געבעט. פּאַפּירן, ליידיקע שאַכטלען זענען אַנגעוואָרפן אויף ד'ערד. אין אַ ברייט צעעפנטער שאַנק זעט מען מלבושים אויף הענגערס, זאָרגפעליק אויסגעסדרטע איינער לעבן צווייטן, אַזוי ווי זיי זאָלן דערמאָנען דער צייט, ווען ס'האָט דאָ געהערשט אָרדענונג. „מלבושים פון טויט" זאָג איך צו זיך. בלויז טויטע קענען האָבן אַזאַ פיין געהאַלטענע גאַרדעראָבע. דאָס צימער אַליין איז אויך טויט. מען האָט עס דערהרגעט אויף דער שנעל. און דאָס געווער פונעם פאַרברעך האָט מען פאַרגעסן אויפן נאַכט־טישל. עס וועגט שווער אין מיין האַנט. איך קוק נאָך דעם קוילן־אָנלאָדער. עס פעלט נישט אין אים קיין איינציקע קויל. אַ מאַטע שטים זאָגט אין מיין רוקן:

— לאָז עס אָפּ.

מיט באַרוועסע פיס שטייט העגריעטע אויפן טעפּיך. אירע אויגן זענען אָנגעשטעלט אויפן רעוואָלווער. איך באַטראַכט זי.

— מען וואָלט געזאָגט, אַז דו האָסט מורא.

— לייג עס אַוועק, זאָגט זי, אויסמיידנדיק מיין בליק, מען דאַרף זיך דערמיט נישט שפּילן.

— מען האָט דיך נישט געלערנט, ווי אַזוי זיך דערמיט צו באַנוצן? זי שאָקלט מיטן קאָפּ. ביסטו טאַקע אַ מאָדנע ווידערשטענדלעריך. ס׳איז אָבער נישט צו שפּעט, איך וועל דיך אויסלערנען.

— איך בעט דיך...

— קוק. מען לאָזט אַרונטער דעם זיכערקייט־ריגל. אין דער לופע איז דאָ אַ קויל. כדי צו צילעווען, מאַכסטו אַזוי ווי דו וואָלסט עפּעס געוויזן מיטן פינגער, מיטן וויַיז־פינגער, אָט אַזוי. איצט, איז גענוג אַ קוועטש צו טאָן דאָ. און... האָפּ! אויס מיט העבריעטען. ס׳איז איינס, צוויי. נישטאָ אַפילו קיין צייט צו פילן אַ ווייטאָג. האָסט פאַרשטאַנען? נו פּרווו.

איך לייג איר אַריין דעם רעוואָלוועך אין האַנט אַריין.

— נו, פּרווו, צילעווע אויף עפּעס, למשל אויף מיר, און דו טוסט אַ קוועטש אויפן צינגל. נו, גיכער. האָב נישט קיין מורא. כ׳האָב דיר געזאָגט אַ ליגן, ער איז נישט אָנגעלאָדן.

העבריעטע האַלט דעם רעוואָלוועך אויף דער פלאַך פון איר האַנט, מאַכט עטלעכע טריט און לייגט אים פּאַמעלעך אַוועק אין שופלאָד פון נאַכט־טישל, וואָס זי פאַרמאַכט.

— ווי פאַר אַ מלחמה־העלדין ביסטו אַ גרויסער פּחדן, ווייל דו ביסט אָן שום ספק אַ העלדין. איבעריקנס דאַרפסטו בלויז ווייזן דיין הינטן, מען זאָל דיר גלויבן.

נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, פאַרלאָזט זי דאָס צימער און גייט שטילערהייט אַראָפּ פון די שטיגן מיט אירע באָרוועסע פיס. איך גיי איר נאָך און מיינע טרעפּעס גליטשן זיך אויס אויף אַ שטיג. איך באַוויַיז קוים זיך אָנצוכאַפּן אין דעם פּאַרענטש. אין דער קיך צינדט העבריעטע אָן אַ גרויסן עמאַלירטן אויוון. אירע באַוועגונגען זענען פּרעציזע, די זאַכן קומען איר אין די הענט אַריין, נישט צווייפלענדיק, אַזוי ווי זי וואָלט שוין דאָ אַ מאָל געווען... איך לאָז זיך פאַלן אויף אַ שטול און באַטראַכט זי. אָט איז עמעצער, וואָס האָט געפונען זיין אָרט. אינסטינקטיוו, נישט מאַכנדיק די

מינדעסטע אָנשטרענגונג. אירע אויגן האָבן דעם בליק פון אַ פליסיק קינד, אירע באַקן פאַררויטלען זיך. אויפן טיש באַווייזט זיך ברויט, פוטער, קאָנפיטור. דער טשייניק הויבט אָן צו זינגען. העגריעטע וואַרפט מיר צו אַ פּאָר פּאַנטאָפל. איך טו זיי אָן. זי בלייבט אַ באָרוועסע.

— צי איז דער רעוואָלווער געווען אָנגעלאָדן, אָדער נישט? פרעגט זי ענדלעך.

— יאָ, ער איז געווען אָנגעלאָדן, זאָג איך.

העגריעטע פאָרעט זיך כסדר אין דער קיך. זי גיסט אָן דעם טיי אין די גלעזער. זי דרייט זיך אויס צו מיר מיטן רוקן.

— אויב דו ווילסט, זאָגט זי, וועלן מיר צוזאַמען אַהיימגייך צו אונדז. מיין טאַטע איז נישט קיין לייכטער מענטש, אָבער אפשר האָט ער זיך געביטן. מיין מאַמע...

איך הער זי נישט מער. עס קומט איר נישט אויפן זינען, אַז זיי קענען זיין געשטאָרבן. ניין, דאָס וואָס עס באַאומרויקט זי, איז דער שווערער כאַראַקטער פון איר פאָטער. אַזוי ווי איך שווייג, שטייט זי נישט צו. מיר עסן שטילערהייט. פונקט ווי אין דער תפיסה עסט העגריעטע שטייענדיק. זי הערט נישט אויף צו לייגן דאָס עסן אין מויל אַריין און לאָזט זיך אַפילו נישט קיין צייט עס אַרונטערצושלינגען. זי פרעסט ווי אַ חיה. צום סוף באמערק איך, אַז כ׳האָב געענדיקט אין דער זעלבער צייט וואָס זי. איצט נעמט זי אַרונטער פון טיש, זאַמלט צונויף די קרישקעס, וואַשט אויס דאָס געפעס. אַ גוטע באַלעבאָסטע. זי וועט זיין אַ גוט ווייב. אין אַ גרויסער שיסל גיסט העגריעטע אַריין וואַסער, וואָס ווערט וויאַלעט.

— כ׳האָב געפונען פערמאַנגאַנאַט, זאָגט זי אַ פריילעכע.

זי הויבט אויף איר קלייד, בינדט עס פעסט אַרום דער טאַליע און זעצט זיך אַריין אין וואַסער. איר פּנים פאַררויטלט זיך.

— עס שטעכט, זאָגט זי.

די זאַכן אַרום אונדז הייבן אָן זיך צו פונאַנדערלאָזן אין דער וואַרעמקייט. איך זע זיי בלויז ווי דורך אַ נעפּל. העגריעטעס שטים דערגרייכט צו מיר אַ שוואַכע, אַ דערשטיקטע.

— צי ווילסטו מיר רייניקן מיינע ווונדן?

איך זאָג: „יאָ, זעלבסטפאַרשטענדלעך" און ריר זיך נישט פון אָרט. אויפן טיש, פאַר מיר, ליגט אַ פּעקל וואַטע, אַ טובע פּאָמאַדע, גאַזע, אַ שער. העלריעטע, אַן אַנטבלויזטע ביז דער טאַליע, איז אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן. שטיקער צעפּוילט פלייש שיילן זיך אָפּ אונטער מיינע פינגער.

— דו וועסט האָבן אַ הערלעכע ווונד, אַ ריינע ביז גאָר, אין גאַנצן אַ נייע, זאָג איך.

איך לייג אַרויף אויף איר הינטן שטיקלעך גאַזע, באַשמירטע מיט פּאָמאַדע, און בינד זיי צו מיט אַ ברייטן באַנד, וואָס כ'וויקל איר אַרום איבער די היפּטן.

— אַ דאַנק, זאָגט זי. דו דערמאָנסט זיך, ווי דו האָסט דאָס ערשטע מאָל, מיך געריייניקט?

איר שטים ווערט סענטימענטאַל, פאַרנעצט מיט צערטלעכקייט.

— איך דערמאָן זיך לחלוטין גאָרנישט.

זי האָט אַרונטערגעצויגן איר קלייד און נעמט זיך איצט מעטאָדיש וואַשן. ווען זי האָט געענדיקט, וויקלט זי זיך איין אין אַ הימל־בלויען שלאָפראָק. אירע נאַסע האָר פאַלן אויף אירע פּלייצעס.

— כ'האָב אים געפונען אויבן, אין אַ שאַנק, זאָגט זי, ווייזנדיק מיר דעם שלאָפראָק. איך גיי דיר צוגרייטן וואַסער.

— צו וואָס?

— וואָס הייסט? זאָלסט זיך אַרומוואַשן. וועסט זיך דאָך נישט לייגן אַזוי.

איך פיר אַדורך אַ האַנט איבער מיין האַלדז. די הויט איז ברודיק, האַרט. אַן אמתער פּאַנצער. אונטן דאַרף עס זיין ווייך, שוצלאָז.

— איך וויל זיך נישט וואַשן.

— אָבער דאָך...

— כ'האָב דיר געזאָגט, ניין.

זי שטייט נישט צו. מיר גייען אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. אויפן פּאָדערהויז־גאַנעקל פרעגט העלריעטע:

— מיר שלאָפן צוזאַמען?

— דו ביסט צו ריין פאַר מיר, זאָג איך. ס'איז פאַראַן אַ בעט אין יעדן צימער. אַ גוטע נאַכט.

— צינד נישט אָן אויבּ די פאַרהענגסט נישט דאָס פענצטער, זאָגט העניריעטע, ווען איך פאַרמאַך די טיר הינטער זיך.

איך דאַרף נישט קיין ליכט. אין מיין תפיסה־קלייד גליטש איך זיך אַריין צווישן די פרישע ליילעכער. איך הער ווי העניריעטע לייגט זיך. אַ פּאָר מינוט שפּעטער רופט זי מיך.

— וואָס ווילסטו נאָך?

— לאָז אָפן די טיר.

— האָסט מורא?

— יאָ, כ׳האָב מורא, איך בעט דיך.

— דאָס ליכט פון איר צימער ציט אַרויס אַ שפּיציקע צונג צווישן דעם טיר־שפּאַלט, בעת איך לייג זיך צוריק.

— און איצט לאָז מיך צורו, זאָג איך.

ביסלעכווייז דערהער איך דעם טיק־טאַק פון אַ וואַנט־זייגער ערגעץ ווו אין הויז. דערנאָך הער איך אַ געוויין. דאָס איז העניריעטע. זי האָט זיך געמאַכט איר נאַכט־טואַלעט. נאָך דעם קערפּער, די נשמה. איך קראַץ רוגזהדיק מיט ביידע הענט מיין קאָפּ. דאָס מאַכט לייכטער. הינטערן פענצטער אין גאָרטן ציילן די ביימער מיט זייערע צעקאָרטשעטע צווייגן די שטערן.

איך הויב זיך אויף. איך האָב דערפילט זייער דערנענטערן זיך. איך ווייס אַז זיי זענען דאָ. איך גיי צו צום פענצטער. און איך זע זיי צוגויפגעדריקטע איינע צו די אַנדערע. זייערע מטושטשע קערפּערס האָט די נאַכט צונויפגעמישט. זייערע פּנימער, ווי בלאַסע פלעקן, זענען אויסגעדרייט צו מיר מיט צעשוווּמענע שטריכן. דאָס פּאַספּאַריזירן פון שניי פּאַרטשעפּעט זיך אין זייערע אויגן, זייערע ציין. זייערע הענט לייכטן. פּאַמעלעך עפנט זיך דאָס פענצטער. איך עטעם איצט צוזאַמען מיט זיי אַריין די זעלבע פראָסטיקע לופט. אַ שטים זאָגט: „לאָז אונדז אַריין, ס׳איז אונדז קאַלט״. ווער האָט עס גערעדט? ס׳דערהערן זיך אַנדערע שטימעס, אַזוי ווי דאָס שאָרכן פון טויטע בלעטער: „לאָז אונדז אַריין, ס׳איז אונדז קאַלט״ און נאָך אַנדערע, מאָנאָטאָנע וואָס אַ מאָל מערער, חזרן איבער: „לאָז אונדז אַריין, ס׳איז אונדז קאַלט״. אַ גאַנצער כאָר מורמלט, בעט זיך. שפּעטער דערהויבט זיך נאָך אַן

איינצלנע שטים, און איך דערקען זי: „מיר זענען אַלע דאָ און ס׳איז אונדז קאַלט, לאָז אונדז אַריין״, זאָגט מיר מיין פאָטער. איך געפין זיך שוין אונטן אין קאָרידאָר, נישט וויסנדיק אַליין ווי אַזוי. איך באַמי זיך צו עפענען די טיר דרייענדיק די קליאַמקע אין אַלע זייטן. אומזיסט. איך וואַרף זיך אויף דער טיר, איך טרייסל זי, אָבער זי בלייבט פאַרמאַכט. איך נעם דאָן שרייען:

— איך קען נישט, איך קען נישט, איך קען נישט!

ס׳דערגייט צו מיר זשאַקס קול: „גיי ברענגען דעם שליסל״.

ליגנדיק אויפן בויך, דעם קאָפּ איינגעגנורעט אין קישן, שלאָפט העני־ריעטע רויִק. איך רייס אַרונטער דאָס ליילעך און די קאָלדרע.

— גיב מיר דעם שליסל!

— נאָך וואָס? זאָגט זי, כדי דו זאָלסט זיי אַריינלאָזן?

— דו האָסט געוווּסט, אַז זיי זענען דאָ?

— יאָ, זיי זענען אונדז נאָכגעגאַנגען, אָבער איך האָב פאַרמאַכט די טיר הינטער אונדז. איך האָב זי גוט פאַרמאַכט.

— גיב מיר תיכף דעם שליסל.

— ניין, איך וועל דיר אים נישט געבן.

דער רעוואָלווער איז אין מיין האַנט.

— דעם שליסל, זאָג איך.

— ניין, זאָגט זי, טו עס נישט.

— דעם שליסל, גיכער.

פון אונטער דעם קישן ציט זי אַרויס אַן אויסערגעוויינלעך גרויסן שליסל און דערלאַנגט מיר אים מיט ביידע הענט. איך וואַרף אַוועק דעם רעוואָלווער און גיי אַראָפּ. ווי שווער ס׳איז צו מאַניפּולירן דעם שווערן שליסל. צוויי מאָל פאַלט ער מיר אַרויס פון דער האַנט און דער גערויש פון זיין אַראָפּ־פאַלן הילכט מאָדנע אָפּ איבערן גאַנצן הויז. ענדלעך באַוויז איך אים אַריינצושטעקן אין שלאָס. אין זעלבן מאָמענט דערהערן זיך שאָסן. דאָס קומט פון אויבן. מיט אַלע מיינע כוחות דריק איך אויפן שליסל. איך דריי אים איין מאָל, צוויי מאָל. די טיר עפנט זיך. מען שיסט נישט מער. זיי ליגן אין שניי צונויפגעמישטע, איינער אויפן אַנדערן. שטייענדיק אויף די קני, הויב איך אויף די דאָזיקע טויטע, אומבאַקאַנטע קעפּ. איך זוך. איך שלעפּ

זיי אַרויס פון אונטער אַן אָרעם, אַ קערפּער. איך נעם זיי אין מיינע הענט, איך קוק אויף זיי. אָפּט מאָל דאַרף מען זיך אָנשטרענגען, כדי צו דערקענען די היימישע שטריכן, וואָס דער טויט האָט פאַרגליווערט. דעריבער קוק איך זיך איין אין זיי זייער אויפמערקזאַם. דערנאָך וואַרף איך זיי אַוועק, אומבאַ־קאַנטע. כסדר אומבאַקאַנטע. איך שלעפּ זיך אויף די קני אין שניי, פון איינעם צום צווייטן. איך בין שוין אָן כוחות. ערשט צום סוף, ווען כ׳האָב שוין דורכגענישטערט די אַלע פרעמדע פּנימער מיט פאַרלאָשענע אויגן און אָפענע מיילער, ערשט דאַן האָב איך זיי געפונען. זיי ליגן אַלע דריי אויסגעצויגן לעבן פּאַרקאַן. דאַן באַווייזט זיך הענריעטע אין ליכט פון אַ פענצטער. זי טראָגט איר הימל־בלויען שלאָפראָק און שרייט אויס מיט פרייד.

— איך האָב זיי אַלע דערהרגעט, איך האָב זיי אַלע דערהרגעט!

איך שטעל זיך אויף און לויף צום הויז. אין איר צימער שטייט הענריעטע פאַר אַ שאַנק־שפּיגל און קעמט אירע לאַנגע האָר. דער רעוואָל־ווער ליגט אויפן בעט. איך כאַפּ אים. זי דערזעט מיך אין שפּיגל און די האַנט, וואָס האַלט דעם קאַם, בלייבט אָן באַוועגונג.

— ניין, זאָגט זי, ניין, ניין...

— דו האָסט געשאָסן אויף מיינע טויטע, דו, פּאַסקודסטווע!

זי זאָגט מער גאָרנישט. איר האַנט פאַלט אַרונטער. איך שיס. הענריעטע איז אויסגעצויגן אויפן טעפּיך, פונקט אַזוי ווי די אַנדערע, אין דרויסן, אינעם שניי. און איך שיס ווייטער, ביז אירע אויגן ווערן גלאָזיק.

צו מאָרגנס וועקט מיך הענריעטע.

— קום אַרונטער עסן, זאָגט זי צו מיר.

אונטן איז דער קיך־אויוון אָנגעצונדן. דער טיש איז געגרייט און די זון דרינגט אַריין דורכן פענצטער. אַ גרויסער טאָפּ וואַסער שטייט אויפן פייער.

— אויב דו ווילסט זיך אַרומוואַשן... זאָגט מיר הענריעטע נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן.

איך האָב זיך אַרומגעוואַשן. איך גיי צוריק אַרויף אין מיין צימער און לייג זיך. אַ ביסל שפּעטער קומט אַרויף הענריעטע און בלייבט לאַנג שטיין לעבן מיין בעט.

— פאַר וואָס טוסטו זיך נישט אָן? זאָגט זי ענדלעך, ס׳איז דאָ פאַראַן אַלץ וואָס מען דאַרף.

— מיר איז גוט אַזוי.

— מען זאָגט, אַז ס׳זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַרבלייבן אַט אַזוי, נאָך דעם.

— נאָך וואָס?

— נאָך דער תפיסה.

איך טו איר אַ שמייכל.

— דו מיינסט, אַז איך בין אַ צעדרייטע?

— פריִער ביסטו אַזוי נישט געווען.

— דו האָסט געזאָגט, אַז דו ווילסט צוריקגיין אַהיים. אויף וואָס וואַרטסטו?

— איך קען דיך דאָ נישט לאָזן.

— פאַר וואָס? איך פיל זיך דאָ זייער גוט.

— אָן דיר וועל איך נישט אַוועקגיין.

— יאָ, איך ווייס, דו האָסט מורא צו גיין אַליין. דערווייל רעכן נישט אויף מיר. איך וועל זיך נישט אַרומשלעפּן אין דרויסן, ווען ס׳איז אַזוי קאַלט.

— מען דאַרף דאָך אַ ביסל אַרויסגיין כדי צו זען, וואָס עס קומט פאָר.

— ווער לאָזט דיך נישט? גיי. איך בין נישט נייגיריק.

— קום מיט מיר, זאָגט זי מילד.

— דו האָסט זיך אויך זייער געביטן. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אַ שטאַרקע, אַ מוטיקע. כ׳האָב דיך באַוווּנדערט. צי ווייסטו, אַז דו האָסט מיר אימפּאָנירט? מסתמא איז דיין מוט אַרויסגעוואַקסן פון די באַדינגונגען.

גראָד אין דעם מאָמענט דערהערט זיך אַן אויפרייס, וואָס מאַכט אויפציטערן די שויבן. ס׳איז אַ באָמבע. העגריעטע ווערט בלאַס.

— דו הערסט, וועסט קענען צוריק ווערן אַ מוטיק מיידל. די מלחמה איז נאָך נישט פאַרענדיקט.

זי קוקט מיך אָן מיט כעס.

— מ׳וואָלט געזאָגט, אַז דאָס פאַרשאַפט דיר פאַרגעניגן.

— אויב דו ווילסט טאַקע וויסן, פאַרשאַפּט עס מיר אַפּילו גרויס פאַרגעניגן.

— וואָס איז מיט דיר פאָרגעקומען, כדי זאָלסט אַזוי זיין? און זי מאַכט אַ טריט אויף צוריק.

— כ׳וועל דיר אַן אַנדערש מאָל דערציילן מיין קליינע געשיכטע. איצט וועלן מיר אַרויסגיין זען וואָס עס קומט פאָר.

איך געפין אַ פּאָר רייטהויזן, שטיוועלעך צוויי מאָל צו גרויס פאַר מיר און אַ מענערישע מאַרינאַרקע. די הענריעטע האָט געפונען הויכע שיך און אַ פרויען־מאַנטל.

אין דרויסן זענען די גאַסן פּוסט. ענדלעך באַגעגנט מען אַן אַלטיטשקע. „ס׳איז מער אין שטאָט נישט פאַרבליבן קיין איין „שוואָב״, זאָגט זי אונדז. זיי זענען די נאַכט אַנטלאָפן״.

— און די באָמבעס? פרעגט הענריעטע.

— דאָס זענען די רוסן. מען שמועסט, אַז זיי דאַרפן קומען אַ ליאַדע מינוט.

אין דער וויט דערהערט זיך אַן עכאָ פון אַ האַרמאַט.

— לאָמיר גיין אַהיים, זאָגט הענריעטע.

אין דער קיך מאַכט זי אַ טייג פון מעל מיט וואַסער. זי האָט צוריק אַרויפ־גענומען אויף זיך די מאַסקע אַן אויסדרוק, וואָס זי האָט געהאַט אין תפיסה.

— די מלחמה, זאָג איך, דאָס גיט דיר צו שטאָלץ.

— דיר אויך. דו געפינסט צוריק לשון.

מיט דעם טייג גרייט הענריעטע צו פלעצלעך, וואָס זי לייגט אַריין אין בראָטאויוון אַריין. דער גערויש פון די האַרמאַטן דערנענטערט זיך אַלץ מער און מער.

אין משך פון פינף טעג האָב איך זיך צוגעקוקט ווי אַזוי הענריעטע מאַכט אירע פלעצלעך. מיר האָבן זיי געגעסן מיט האָניק. פון דער אַנדערער זייט שטאָט פאַלט דער הימל אַראָפּ טאָג און נאַכט אונטער דעם דונער, וואָס ווערט אַלץ מער און מער דראָענדיק. כל זמן די זון שיינט, איז הענריעטע רויִק און זי שווייגט. אין אָוונט אָבער ווערט זי אומרויִק און געפינט זיך נישט קיין אָרט. איך הער ווי זי וואַרפט זיך אין איר בעט פון איין זייט אויף

דער צווייטער און קען נישט איינשלאָפֿן. זי פּרוּווט אָבער מער נישט רעדן צו מיר. די פֿינפֿטע נאַכט וועקט זי מיך אויף.

— זיי זענען דאָ, זאָגט זי.

דורכן פֿענצטער קוקן מיר ווי זיי גייען אַדורך די גאַס — ווייסע סילועטן אָן אַ פֿאָרעם. זיי גייען פֿאָרויס אין אַן אומאָרדענונג, אין פּולסטן ווירוואַר.

— די דייטשן האָבן פֿון דעסטוועגן געהאַט מער אויסזען, זאָג איך.

איך לייג זיך צוריק. צו מאָרגנס גאָר פֿרי וועקט מיך העגריעטע ווידער אויף.

— פֿאַרן פֿאַרקאַן זענען פֿאַראַן צוויי.

— נו, איז וואָס? זאָג איך. כ׳האָב זייער פֿיינט, ווען מען רייסט מיך אַרויס פֿון שלאָף. דאָס זענען דיינע באַפֿרייערס. גיי, גיב זיי אַ קוש.

— זיי ליגן אין שניי.

— טאָ לאָז זיי רויִק ליגן. אויב זיי זענען טויט, וועלן זיי מער קיינעם נישט דערגיין די יאָרן.

כ׳האָב געהערט ווי איינער קרעכצט.

איך הויב זיך אויף און אין מיין כעס טו איך אָן דעם רעכטן שטיוול אויפֿן לינקן פֿוס און דעם לינקן אויפֿן רעכטן. די שטיוול זענען אַזוי גרויס, אַז אין דער אמתן מאַכט עס נישט אויס.

זיי ליגן טאַקע ביידע אויסגעצויגן אויפֿן שניי, אַ פּאָר טריט ווייט פֿונעם פֿאַרקאַן. איינער, נאָך גאָר אַ יונגער, האָט פֿאַרמאַכטע אויגן. זיין פּנים איז בלוי, צווישן זיינע איינגעדאַרטע באַקן שפּיצט זיך אַרויס אַ גרויסע נאָז. דער אַנדערער קוקט מיך אָן און באַקלאָגט זיך שוואַכלעך. ער איז אַלט, זיין באָרד איז גרוי. איך בויג זיך אַראָפּ איבער אים. אַ שנירל פֿון אַ קול וויקלט זיך אָפּ, ציטערט, ברעכט זיך אָפּ. איך באַוויַיז אויפֿצוכאַפּן אַ פּאָר ווערטער, זיי צו פֿאַרשטיין.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן קומען נאָך אונדז.

עפּעס ציט צו מיין בליק. איך באַטראַכט אויפֿמערקזאַם דעם ייִנגערן: אַ צייכן פֿון פֿאַרע שוועבט אַרום איבער זיין מויל. איך נעם אין האַנט אַריין אַ ביסל שניי און רייב אים איין דעם פּנים. אָן רעזולטאַט. איך זאָג צו העגריעטען:

— העלף מיר, מיר וועלן זיי אַריינטראָגן אין שטוב אַריין.

— עס וועט אפשר בעסער זיין זיי דאָ לאָזן און גיין עמעצן מעלדן.

איך מאַך, ווי זי וואָלט גאָרנישט געזאָגט.

— נעם אים אונטער די פּלייצעס, איך וועל האַלטן די פיס.

מיר שפּרייזן אַדורך דעם גאָרטן און צוויי, דריי מאָל לאָזן מיר אים שיר נישט אַראָפּפאַלן. אפשר וועט דער אַלטער זיין ווייניקער שווער. אינעם פּירהויז, אין מאָמענט, בעת מיר האַלטן אים אין אַוועקלייגן, פאַלט איין פוס זיינער אַרויס פון מיין האַנט און שלאָגט זיך אָן אין דיל. אַ געשריי פון אַ פאַרווונדעטער חיה רייסט זיך אַרויס. ער האָט געעפנט די אויגן.

— קום, זאָג איך צו הענריעטען, און מיר גייען צוריק אַרויס.

אין קעגנזאַץ צו דעם, וואָס איך האָב געהאָפט, איז דער אַלטער נאָך שווערער. מיר מוזן זיך אָפּשטעלן עטלעכע מאָל, ביז מיר דערגייען צום הויז, ווו דער צווייטער הערט נישט אויף צו וואָיען אין פּירהויז. מיר ברענגען אַרונטער צוויי מאַטראַצן און לייגן זיי אַרויף אויף זיי. ביים יונגן איז די היפּט צעניזוקט און דער אַלטער האָט אַ וווּנד אין בויך. הענריעטע גרייט צו אַ פּערמאַנגאַנאַט־פּליסיקייט. מיט אַ שער צעשנייד איך זייערע הויזן, דער־נאָך וואַש איך זייערע ווונדן.

— מיר האָבן נישט מער קיין באַנדאַזשן.

— וועט מען נעמען די ליילעכער.

איך קוק זי אָן. זי איז ווייס און קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פיס.

— גיי, מאַך אונדז טיי.

זי דרייט זיך אויס, גייט צו מיט וואַקלענדיקע טריט צו דער וואַש־שיסל און נעמט ברעכן. דערנאָך גרייט זי צו דעם טיי. איך גיב אים דעם ייִנגערן מיט אַ לעפעלע. אינעם הויז־אַפּטייקל האָב איך געפונען לינדערונג־פּילן און איך גיב אים פון זיי דריי אַרונטערצושלינגען. אַ ראָזע קאָליר באַפאַרבט קוים זיינע באַקן.

— מיין פוס טוט מיר זייער ווי, זאָגט ער מיר.

— שלאָף, שפּעטער וועט דיר ווערן בעסער.

אַזוי ווי אַ קינד, וואָס וויל באַווייזן זיין געהאָרכזאַמקייט, פאַרמאַכט ער גלייך די אויגן.

— דו קענסט רוסיש? פרעגט מיך העבריעטע, איר קול איז פֿאַר־דעכטיקט.

— דו קענסט גיין שלאָפֿן, זאָג איך. איך דאַרף דיך מער נישט האָבן.

זי גייט אַוועק, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. איך דערנענטער זיך צום אַלטן. ער איז רויק. זיינע גרויסע טרויעריקע אויגן זענען ברייט צעעפֿנט.

— איך בין דורשטיק.

— מען דאַרף נישט טרינקען, ווען מען האָט אַ וווּנד אין בויך.

— דאָס האָט שוין מער נישט קיין שום באַדייטונג. גיב אַ טרונק, מאַמעלע.

איך לייג אונטער אַ קישן אונטער זיין קאָפּ.

— איך קען נישט, באַטיושקאַ, זאָג איך.

קיין מאָל האָב איך נישט געוווּסט וואָס דאָס וואָרט באַטייט גענוי. עס פֿלעגט זיך אָפֿט איבערחזרן אין די קליינע רוסישע מעשהלעך, וואָס מיין מאַמע פֿלעגט מיר דערציילן.

— גיב מיר אַ טרונק, איך בעט דיך.

איך באַנעץ אַ שטיקל גאַזע און פֿיר עס אַדורך איבער זיינע אויפֿגעפֿלאַצטע ליפּן.

— כ׳בין דורשטיק אינעווייניק, מאַמעלע.

איך פֿיר ווידער מיט דער גאַזע איבער זיינע ליפּן. ער כאַפּט די גאַזע צווישן די ציין און נעמט זי נאַגן.

— זיי פֿאַרנונפֿטיק, באַטיושקאַ.

— כ׳וועל זיין פֿאַרנונפֿטיק. כ׳וויל דיר נישט פֿאַרשאַפֿן קיין זאָרג.

איך פֿאַרצי די פֿאָרהאַנגען, כדי דאָס ליכט זאָל אים נישט שטערן.

— ווילסטו בלייבן אַ ביסל מיט מיר, מאַמעלע?

איך זעץ זיך אַוועק אויף דר׳ערד לעבן אים.

— האָסטו אַ סך געליטן בעת דער מלחמה?

— גענוג, זאָג איך.

— איצט איז געענדיקט, די מלחמה איז געענדיקט. מיר זענען געקומען

מיטן שלום. דו זאָגסט גאָרנישט? דו פֿאַרשטייסט נישט? מיר זענען געקומען איך צו באַפרייען. ביסטו דען נישט צופֿרידן?

— ניין.

— און פֿאַר וואָס, מאַמעלע? פֿאַר וואָס ביסטו נישט צופֿרידן?

— איר קומט צו שפּעט.

— ס׳איז נישט צו שפּעט פֿאַר דיר.

— ס׳איז צו שפּעט פֿאַר מײַנע.

— האָסט געוויינט?

— ניין, איך האָב נישט געוויינט.

— מען דאַרף וויינען, מען דאַרף וויינען, מאַמעלע. דאָס מאַכט לײַכטער. איך האָב אַ סך געוויינט, ווען כ׳האָב באַגראָבן מײַן פֿרוי. אָט אַזוי גייט דער צער אַוועק. אַנטשולדיק מיר, אָבער איך בין נאָך דורשטיק.

מיט אַ לעפּעלע גיב איך אים אַ פּאָר טראָפּן וואַסער.

— איך האָב צוויי זין און דריי טעכטער. אַ סך אייניקלעך. איך האָב אויך אַ הייזקע, אַ גאָר קליינע, אָן אייגענע. איך וועל זי מער נישט זען.

— דו קענסט געזונט ווערן, באַטיושקאַ.

— איך וויל גאָרנישט לעבן לאַנג, אָבער שטאַרבן וואָלט איך וועלן דאָרט ביי מיר, צווישן אייגענע מענטשן. ס׳איז שווער צו שטאַרבן איינער אַליין.

— איך וואָלט וועלן גיין מיט דיר.

— אין מײַן הויז אַרײַן?

ער שמייכלט צו מיר. נישט וועגן זײַן הויז טראַכט איך. אָבער איך זאָג:

— יאָ, אין דײַן הויז אַרײַן.

— דו מיינסט, אַז מען קען נאָך געזונט ווערן מיט אַזאַ וווּנד ווי מײַנע? זאָגט ער שעמעוודיק.

— דאַרפֿסט זיך נישט באַוועגן, נישט טרינקען. איך קען אַזעלכע, וואָס זענען געזונט געוואָרן.

— דו קענסט אויף אַן אמתן אַזעלכע, מאַמעלע?

— יאָ, איך קען אַזעלכע.

— אויב אַזוי, וועל איך מער נישט טרינקען. דו וועסט קומען מיט מיר,

דו וועסט זען מיינע עפּלביימער. עס זענען נישט פאַראַן קיין בעסערע עפּל אין רוסלאַנד, ווי די פון מיינע עפּלביימער.

אַ ווײַלע בלייבט ער שטיל, דערנאָך זאָגט ער:

— ס'טוט מיר אַ ביסל מער ווי. נישט קיין סך, בלויז אַ ביסל מער.

— מען דאַרף נישט רעדן. דו שטרענגסט זיך אָן. פּרוּוו אַ ביסל שלאָפן.

— יאָ איך וועל שלאָפן. גיב מיר נאָך איין טראָפּן וואַסער.

און טאַקע, ער שלאָפט איין. אָבער זיין אָטעם איז אַ קורצער, אַ הילכיקער. איך גיי אַרויף אָן געררויש, זאָגנדיק זיך, אַז נישט ער און נישט איך וועלן מער נישט זען דעם צוויט פון זיינע עפּלביימער. איך לייג זיך צו אויף מיין בעט, וואָס איז איצט אָן אַ מאַטראַץ און קוק אויפן סופיט. די פאַרב, וואָס שיילט זיך, לאָזט זען מאָדנע פיגורן. צו ביסלעך הויבן זיך אָן באַוועגן מענטשלעכע פאָרמעס. זיי קלאָגן זיך. שטילע ווייטלעכע קולות, וואָס וויגן איין, וואָס באַרויִקן. איך הער זיך צו צו זיי. אויפן ראַנד פון שלאָף הער איך זיי נאָך. פּלוצעם ווערן פון די קרעכצן געשרייען. העגריעטע שטייט לעבן מיר.

— גיי אַרונטער און שטיל זיי איין, זאָגט זי. איך קען שוין מער נישט.

דער, וואָס רעוועט, איז דער יונגער. איך פּרוּוו אים באַרויִקן. איך זאָג אים, אַז מען וועט אים איין גיכן קומען נעמען און אַוועקפירן אין אַ שפּיטאָל, אַז דאָקטוירים וועלן זיך מיט אים פאַרנעמען, אַז ער וועט געזונט ווערן. אָבער ער הערט בלויז דאָס קול פון זיין ווייטאָג, וואָס ער פּרוּווט צו פאַרדעקן מיט זיינע געשרייען. איך גיב אים צו טרינקען, איך גיב אים פּילן איינצו־נעמען. דער אַלטער קרעכצט מיט פאַרמאַכטע אויגן.

— מאַמעלע... ס'איז אָן אמת, אַז מען וועט קומען אונדז נעמען אין שפּיטאָל אַריין?

— יאָ, באַטיושקאַ.

— ניין, זיי וועלן מער נישט קומען, זיי האָבן אָן אונדז פאַרגעסן.

— זיי וועלן קומען, איך וועל גיין נאָך זיי.

— ווען וועסטו גיין, מאַמעלע?

— אָט באַלד.

איך לאָז איבער העגריעטען לעבן זיי. איך גיי זייער לאַנג לענג־אויס

די פּוסטע גאַסן איידער איך טרעף אָן רוסישע סאָלדאַטן. איך גיב זיי צו פֿאַרשטיין. זיי פֿירן מיך צו אַן אָפֿיציר. איך גיב אויפֿסניי צו פֿאַרשטיין. ער זאָגט מיר, אַז דערווייל קען מען גאָרנישט טאָן. אין שפּיטאָל איז קיינער נישטאָ, קיינער נישט. מען דאַרף וואַרטן ביז עס וועט קומען דער דאָקטאָר און די סאַניטאַרן.

— די מענטשן וועלן שטאַרבן, זאָג איך. איך האָב גאָרנישט מיט וואָס זיי צו פֿלעגן. ער באַדויערט.

— דאָס זענען דאָך אייערע מענטשן.

— עס זענען דאָ אַ סך, וואָס זענען געבליבן אויף די וועגן. אַ סך אַנדערע.

ער גיט מיר אַ פּראָפּוסק. איך לאָז אים אונדזער אַדרעס.

— נו? מאַכט דער אַלטער, ווי נאָר איך בין אַריינגעקומען.

— זיי וועלן קומען מאָרגן, באַטיושקאַ, ס'איז נאָך קיינער נישטאָ אין שפּיטאָל.

— גוט, איך וועל וואַרטן ביז מאָרגן. גיב מיר כאָטש עטלעכע טראָפּן וואַסער.

דער ייִנגערער הערט זיך צו און זאָגט:

— ביז מאָרגן איז בלויז איין נאַכט. איך קען נאָך אויסהאַלטן איין נאַכט.

די ווייטערדיקע טעג חזר איך איבער דריי מאָל דעם זעלבן ליגן, וואָס הייסט „מאָרגן״. זיי פּרוּוון גלויבן און זיך קלאַמערן אין דעם. איך בין די גאַנצע צייט לעבן זיי. הענריעטע גייט כמעט מער נישט אַראָפּ. זי פֿאַרשפּאַרט זיך אין איר צימער, ווו זי וואַרט מיט אומגעדולד אויפֿן טאָג, ווען מיר וועלן פּטור ווערן פֿון די גוססדיקע, וואָס שטערן איר. איך זאָג איר:

—פֿאַר וואָס גייסטו נישט אַוועק?

— מיר זענען צוויי.

— ס'איז אמת, דו רעכנסט נאָך אַלץ אויף מיר, איך זאָל דיך באַגלייטן אַהיים. אָבער איך יאָג זיך נישט. דאָס קען לאַנג דויערן.

גענומען האָט עס אַ סך ווייניקער צייט, ווי איך האָב געמיינט. דעם פֿערטן טאָג זענען זיי דאָ. זיי נעמען אַוועק דעם יונגן און זאָגן צו באַלד צוריקצוקומען נעמען דעם אַלטן. אָבער דער אַלטער יאָגט זיך שוין נישט.

ער האָט נישט מער וווהין צו גיין. ווען מיר בלייבן אַליין, זאָג איך אים:

— דו זעסט באַטיושקאַ, איר זענט געקומען צו שפּעט פאַר מיר און זיי זענען געקומען צו שפּעט פאַר דיר.

העגריעטע גייט אַרונטער די טרעפּ. דער קראַגן פון איר מאַנטל איז אויפגעשטעלט. אויפן רוקן טראָגט זי אַ גרויסן זאַק.

— מען גייט אַוועק, זאָגט זי.

— וואָס טראָגסטו אין זאַק ?

— זאַכן.

— וואָסערע זאַכן ?

— וועש, קליידער, נוצלעכע זאַכן...

זי באַמערקט מיין שמייכל.

— דייטשן האָבן דאָ געוווינט ! איך האָב דאָך אַ רעכט צו נעמען דאָס, וואָס זיי האָבן אַוועקגענומען ביי אונדזעריקע.

— אָבער דענערוויר זיך נישט. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך.

— עס זעט אויס, ווי דו וואָלסט מיך באַשולדיקט. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך בין בלויז אַן איינפאַכע פויערטע און אַז דו ביסט אַ געבילדעטע מיידל, אַ בורזשויקע, אָבער דאָס איז נאָך נישט קיין סיבה דו זאָלסט עס מיר כסדר פאָרוואַרפן.

— דערוועגן, זעסטו, האָב איך לחלוטין נישט געטראַכט.

— טאָ פון וואָס זשע טראַכסטו יאָ מיט דיין גלייכגילטיקן אויסזען ?

— זאָרג זיך נישט. דו ווילסט אַוועקגיין, איז גוט, לאָמיר אַוועקגיין.

פאַר דעם פאַרקאַן לאָז איך העגריעטען און קער זיך אום צוריק. דער רעוואָלווער איז נאָך אַלץ אין דעם שופלעדל פון נאַכטטישל. איך לייג אים אַריין גאָר אונטן אין דער האַנט־טאַש, וואָס כ׳נעם מיט מיט זיך. איידער איך פאַרלאָז דאָס הויז, גיי איך נאָך אַריין אַ לעצט מאָל אין קיך. ס׳איז וואַרעם, דער קיך־אויוון ברענט נאָך. מעכאַניש, לייג איך צו אַ שטשעפּע האָלץ. איך קום צוריק צו העגריעטען און מיר גייען אַוועק. מיר קערן אויס דעם רוקן צו דער שטאָט און גייען דורך די קליינע געסלעך פון דער פאָרשטאָט זוכן דעם ברייטן שליאַך. פאַר אַ הייזל רייניקט אַ מאַן אַוועק דעם שניי פון דעם

טראָטואַר מיט אַ לאָפּאַטע. ער שטעקט אַריין די לאָפּאַטע אין שניי און קוקט אונדז אָן.

— מיר גייען קיין וואַרשע, זאָגט העניריעטע. צי קענט איר אונדז אָנווייזן דעם וועג?

— וואַרשע? זאָגט דער מאַן, וואָס פאַלט אייך איין. איר וועט אַהין קיין מאָל נישט אָנקומען.

— פאַר וואָס?

— די באַנען גייען נישט, נישטאָ די מינדעסטע קאָמוניקאַציע, קיין שום וואָגנס אויף די וועגן, גאָרנישט.

— מיר וועלן גיין צופוס.

— צופוס? ער באַטראַכט אונדז מיט מיטלייד: — אָבער, פריילין מיינע, דאָס איז אוממעגלעך. און איך ראָט אייך נישט צו פּרוּוון. פאַראַן מאָדנע פאַרשוינען אויף די וועגן. מען דאַרף מער גאָרנישט האָבן צו פאַרלירן, כדי צו ריזיקירן. אויף אייער אָרט וואָלט איך אָפּגעוואַרט. גלייבט מיר, עס איז פאַרזיכטיקער, אַ סך פאַרזיכטיקער.

העניריעטע שטעלט אַוועק איר זאַק ביי זיינע פיס, זי זאָגט מער גאָר־נישט.

— דורך וואַנען דערגרייכט מען דעם שאָסיי? פרעג איך.

— איך האָב אייך געגעבן אַן עצה. אויב איר ווילט מיר נישט פאָלגן, איז דאָס אייער עסק. דרייט זיך אַריין גלייך לינקס און איר וועט תיכף אָנקומען אויפן גרויסן שאָסיי. ווייטער... איז דאָס אייער זאַך.

— אַ דאַנק. איך ווענד זיך צו העניריעטן: נו, דו גייסט?

— דער הער איז אפשר גערעכט, הייבט זי אָן. ס׳וואָלט אפשר בעסער געווען... דו מיינסט נישט אַזוי...

— איך מיין גאָרנישט. דו האָסט דאָך געוואָלט גיין, טאָ לאָמיר גיין.

זי לייגט צוריק אַרויף דעם זאַק אויפן רוקן און מיר גייען אַוועק. אַ פּאָר מינוט שפּעטער גייען מיר שוין אויפן שאָסיי.

— דער זאַק איז שווער, זאָגט העניריעטע.

— רעכן נישט אויף מיר, איך זאָל אים טראָגן.

— אין אים איז אויך פאַראַן עסנוואַרג פאַר אונדז ביידע.

— וואָס ?

— פּלעצלעך און צוקער.

— גוט, וועל איך טראָגן די פּלעצלעך מיטן צוקער, אָבער נישט עפּעס אַנדערש. אויב דו ווילסט אַהיימברענגען צו דיין פֿאַמיליע דיין מלחמה־רויב, ביסטו פֿריי.

— איך האָב דיך גאָרנישט נישט געבעטן. כ׳האָב בלויז געזאָגט, אַז דער זאַק איז שווער.

— אויב עס וועט דיר נמאס ווערן אים צו טראָגן, וועסטו אים אַוועקוואַרפֿן.

— איך וועל גאָרנישט אַוועקוואַרפֿן, זאָגט זי מיט רוגזה.

מיר לאָזן הינטער זיך די לעצטע הייזלעך, וואָס ווערן וואָס אַ מאָל שיטערער, נעבעכדיקער און טיילן זיך אָפּ פֿון דער שטאָט. דער וועג שניידט אַדורך אַ פּוסטן שטח און די דאָזיקע גאַנצע ווייסקייט, וואָס די זון וואַרפֿט אונדז אין פּנים אַריין, טוט מיר ווי אין די אויגן. די קרומע ליניע פֿונעם האָריזאָנט זעט אויס, ווי זי וואָלט געצייכנט געוואָרן מיט אַ קאָמפּאַס, אָן דעם מינדעסטן פּגם. איך האָב דעם איינדרוק, אַז איך באַוועג זיך אויף איין אָרט. אויב דער וועג ווערט משופּעדיק, נעמט זיך דער גאַנצער שטח דרייען אַרום דער זון און ס׳ענדערט זיך גאָרנישט. צוויי מאָל שטעלן מיר זיך אָפּ צו עסן אַ פּלעצל און אַ ביסל צוקער. בלויז ביים צווייטן אָפּשטעלן זיך האָבן מיר באַמערקט אַ וואַלד. אויף וויפֿל מען קען זיך אָפּגעבן אַ חשבון, דאַרף ער זיין נאָענט. די פֿאַרבלענדקייט האָט אים פֿאַר אונדז ביז איצט פֿאַרשטעלט.

— איך האָב נישט ליב דעם דאָזיקן וועג, זאָגט הענריעטע. אפֿשר וואָלטן מיר געגאַנגען מיטן וואַלד ?

— אַ גוטער איינפֿאַל, מיר וועלן קענען שפּילן ווי אין „רויטן היטעלע״.

— דו מיינסט, אַז ס׳זענען דאָרט דאָ וועלף ?

זי קוקט אויף מיר מיט אַ געוויסן אומרו. פֿאַר וואָס זאָל איך דווקא אַרויסרופֿן אין איר אַ מורא ? פֿאַר וואָס זאָל איך וועלן אויסלעשן איר לעבנספֿרייד, וואָס שטעקט אין איר, אַ פֿרייד, וואָס איך פֿיל נישט ?

— פֿון וואַנען זאָל איך עס וויסן ?

— ס׳וועט אפשר זײַן בעסער, מיר זאָלן נישט פֿאַרלאָזן דעם וועג. — נאָך אַלעם קען מען זיך אויך האַלטן ביים וועג אין וואַלד, נישט אַרײַנלאָזנדיק זיך צו טיף אונטער די ביימער.

דאָס איז אַן אַלטער און טונקעלער סאָסנע־וואַלד. דיקע שיכטן שנײ שטאַפּלען זיך איבער אונדז און שווערן אַראָפּ מיט טויזנטער פּודן שטילקייט אויף די צווייגן. פֿון צייט צו צייט לאָזט אַן עפּענונג פֿאַלן אַ שטראַל, וואָס צינדט אָן אָט די ווייסע טויטקייט. מיר לאָזן הינטער זיך דעם באָדן, אַ צעשעדיקטן פֿון אונדזערע טריט. דאָס וואָס מיר דרייען זיך דאָ אַרום קומט מיר אויס צו זײַן אומאָנשטענדיק. פֿאַר וואָס דאַרף זיך העגריעטעס קול לאָזן הערן אַזוי אומבאַוווסטזיניק פֿאַרשייט? ווען איך פֿאַרעקשן זיך און ענטפֿער איר נישט, ווערט זי שטיל. אַ קוים באַמערקבאַרער ציטער פֿון אַ שאָטן, אַזוי ווי אַ שיינער שיכט שנײ וואָלט זיך געלייגט אויף די אויבערשטע צווייגן, גיט אונדז צו וויסן, אַז די נאַכט איז נאָענט. דאַן באַמיען מיר זיך צוריקצוגעפֿינען דעם שליאַך. מײַנע צו גרויסע שטיוול הערן מיך נישט אויף צו רייבן און זיי פֿאַרוווּנדן מײַנע פֿיס. און די געדולדיקע קעלט דרינגט אַרײַן דורך אונדזער מידקייט. ביים ראַנד פֿון וואַלד שטעלט העגריעטע אַוועק איר זאַק אין שנײ און קניט אויף אים. די נאַכט קומט אָן מיט איר שיפּלעכן גאַנג.

— מען דאַרף עפּעס געפֿינען, זאָגט מיר העגריעטע מיט אַ בלאַגענדיקן קול, אַזוי ווי דאָס וואָלט אָפּהענגיק געווען פֿון מיר. איך נעם אַ ביסל שנײ אין מויל אַרײַן און וואַרעם עס לאַנג, איידער איך שלינג עס אַראָפּ.

— ס׳איז גאָרנישטאָ, זאָגט זי ווידער. ס׳איז גאָרנישטאָ.

— ס׳איז נישט קיין מדבר. מיר וועלן סוף כּל סוף אָנטרעפֿן אויף אַ דאָרף.

דאָס דאָרף האָבן מיר אַנטפּלעקט אַ דאַנק אַ פּאָר שלעכט פֿאַרשטעלטע פֿאַסמעס ליכט. העגריעטע לאָזט זיך לויפֿן דורכן פֿעלד אין דער ריכטונג פֿונעם ליכט. איך לויף איר נאָך. מיר ווערן אײַנגעזונקען אין שנײ ביז צו די קני. העגריעטע ציט זיך אויס ווי גרויס זי איז. איך העלף איר זיך אויפֿשטעלן.

— וואַרף אַוועק דעם פּאַסקודנעם זאַק, זאָג איך איר.

— ניין, ס׳וועט שוין גוט זײַן.

איך לייג איר נישט פאַר אים צו טראָגן. איך אַליין בין שוין אָן כחות און האַלט פאַר אומזיניק מיטצושלעפּן מיט אַזוי פיל שוועריקייטן די אַלע אומנוצלעכע זאַכן, וואָס זי האָט מיט זיך גענומען.

— וועסט זיך שטענדיק קענען איינוויקלען אין אַן אויסגעהאָפטענעם טישטעך איידער דו וועסט שטאַרבן. דאָס וועלן זיין זייער פיינע תכריכים.

איך פיל ווי אירע נעגל גראָבן זיך איין אין מיין האַנט.

— זע, די ליכט זענען פאַרשוווּנדן.

ס'איז אמת. מען זעט מער גאָרנישט. בעת כ'בין געווען אין גאַנצן פאַרנומען מיטן אַרויסציִען מיינע פיס פונעם שניי, און נישט לאָזן דאָרט מיינע שטיוול, האָב איך גאָרנישט באַמערקט, אַז זיי זענען פאַרשוווּנדן.

— אָ! מאַריאַ, טו עפּעס, טו עפּעס...

און זי ברעכט אויס אין אַ געוויין.

— נישטאָ צוליב וואָס צו וויינען, זאָג איך. מיר געפינען זיך גאָר פּשוט אין אַ קעסל. די ליכט זענען אויף יענער זייט.

נישט וואָס כ'האָב אויף איר רחמנות; זי שפּילט מיר אויף די נערוון. די לעצטע אויפטרייסלונגען פון איר פאַרצווייפלונג דריקן זיך נאָך אויס אין עטלעכע שלוקערצן. מיר הויבן ווייטער אָן גיין, דאָס מאָל פּאַמעלעך, און שטעלן זיך אָפּ יעדע צען טריט. דער שניי זאַמלט זיך אָן אין מיינע שטיוול. מיר מאַכן וואָס אַ מאָל אַ גרעסערן אָנשטרענג זיך אַרויסצורייסן פון דער נאַכט אַרויס, וואָס ציט אונדז פאַר די פיס אין דער דאָזיקער ווייכער און זיך רירנדיקער דיקקייט.

— מען זעט נאָך אַלץ גאָרנישט, זאָגט העגריעטע שטילערהייט, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט אויסצודריקן דעם געדאַנק אויפן קול.

— טראַכט נישט, זאָג איך, גיי.

מיר שטעלן זיך אַלץ עפטער אָפּ.

— איך קען שוין נישט מער, זאָגט העגריעטע.

האַלטנדיק איר זאַק אויף דער פּלייצע, לאָזט זי זיך פאַלן אויף די קני און זינקט איין ביז צו דער טאַליע. איך קוק אַרום זיך און דערזע פּלוצעם די ליכט. איך ווייז זיי העגריעטען.

— מיר זענען געגאַנגען מיטן רוקן צו זיי.

— ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

— איך ווייס נישט. און אפשר זענען עס אַנדערע ליכט.

זי יאָגט זיך נישט אויפצושטיין.

— וואָס וואַרטסטו?

— אויב מיר גייען ווייטער, וועלן זיי אפשר פאַרשווינדן ווי די אַנדערע, זאָגט זי מיט אַ קליין קולעכל.

איך טו אַ צי מיט די פּלייצעס און נעם זיך גיין. ווען איך דריי זיך אויס, שוין גאָר נאָענט פונעם ערשטן הויז, שטייט העגריעטע אַ פּאָר מעטער הינטער מיר.

— מיר האָבן זיי סוף כל סוף געפונען, מאַכט זי, צוקומענדיק נאָענט צו מיר. און ווען מיר שטייען שוין פאַר דער טיר, זאָגט זי מיר: „קלאַפּ אָן".

איך קלאַפּ אָן. קיין שום גערויש ענטפערט נישט.

— שטאַרקער, שושקעט זי.

איך קלאַפּ שטאַרקער, אַלץ גאָרנישט. העגריעטע טוט זיך אַ וואָרף אויף דער טיר און פּויקט אין איר אַריין מיטביידע פויסטן. אין דער הייך עפנט זיך אַ פענצטער. אַ קול פון אַ פרוי שליידערט אַרויס:

— וואָס איז עס? מען קלאַפּט נישט ביי מענטשן אין דער שפּעטער נאַכט.

— עפנט אונדז, ביטע, מאַדאַם, זאָגט העגריעטע, מיר זענען לאַנג געגאַנגען. מיר האָבן נישט מער קיין כוחות.

— איך קען זיי, די לאַבוזעס, וואָס שלעפּן זיך ביי נאַכט אויף די וועגן.

— בלויז אַ קליין ווינקעלע...

דאָס פענצטער פאַרמאַכט זיך.

— ס'איז נישט מעגלעך, זי זאָל אונדז לאָזן אין דרויסן אויף אַזאַ פראָסט...

און זי שרייט אויס אַ פאַרצווייפלטע: „מאַדאַם, הערט מיך, מאַדאַם!..."

איך גיי באַלד צו צו אַן אַנדער הויז. דאָס מאָל גיט אונדז, פון הינטער דער טיר אַ מענער־קול אַן עצה צו גיין צום טייוול. העגריעטע שטייט מער נישט צו.

— זיי וועלן נישט עפענען.

— זיי וועלן יאָ עפּענען, וועסט זען.

איך קלייב אויס אַ הויז, וואָס שטייט אַ ביסל אָן אַ זייט. ווי פאַרויס־געזען, שטאַרבן אָפּ די ערשטע קלעפּ אין דער שטילקייט. איך פאַרליר נישט דעם מוט און מיין געדולד ווערט באַלד פאַרגיטיקט דורך אַ היפּשער פּאָרציע זידלווערטער. איך לאָז דעם מאַן אויסלאָדן זיין כעס. דערנאָך זאָג איך:

— עפנט די טיר, מיר זענען באַוואָפנט. איך וועל עס אייך נישט איבערחזרן צוויי מאָל. איך גיי אויפרייסן דעם שלאָס און אייך צוזאַמען מיט אים.

איך ציִ אַרויס דעם רעוואָלווער פון מיין האַנט־בייטל.

— איך לאָך זיך אויס פון אייערע סטראַשונקעס. טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען און וואָס שנעלער!

איך שטעל אָן מיין רעוואָלווער אויפן שלאָס פון דער טיר און שיס אויס.

— איצט עפנט, איידער איך צינד אונטער אייער בודע. איך צייל ביז דריי.

— הערט אויף! איך גיי עפענען.

די טיר עפנט זיך פאַרזיכטיק. פאַר אונדז שטייט אַן עלטערער מענטש, אַ הויכער און מאָגערער אין לאַנגע אונטערהויזן, מיט אַן אָפן מויל קוקט ער אויפן רעוואָלווער, וואָס איז אָנגעשטעלט אויף אים.

— איר פאַרשטייט דאָך, מאַדאַם, די צייטן זענען נישט קיין זיכערע. איך בין אַן אַלטער מאַן און ווין דאָ איינער אַליין מיט אַ געפאַנגענעם.

— איך פאַרשטיי זייער גוט. לאָזט אונדז אַריין און גייט אונדז עפּעס צוגרייטן צום עסן. איר וועט אונדז אויפקאָכן וואַסער. איך קער זיך אויס צו הענריעטען: דו גייסט אַריין?

— דער רעוואָלווער... זאָגט דער אַלטער, איז נישט נויטיק, אַלץ וואָס איר דאַרפט וועט איר ביי מיר געפינען.

אין דער גרויסער קיך שטייט אַ בעט מיט אַ גרויסער רויטער פּערענע, ווו דער מאַן איז מסתם געשלאָפן. אַ שטרויזאַק איז אויסגעשפּרייט לעבן אויוון. איינגעוויקלט אין קאָלדרעס ליגט עמעצער, וואָס זעט אויס צו שלאָפן.

— דאָס איז אַ דייטשער געפאַנגענער. מיר האָבן עטלעכע אַזעלכע אין דאָרף. דער־דאָ איז זייער אַ ווילער.

אויפֿן שטרויזאַק טוט זיך גאָרנישט קיין ריר. ס׳איז אוממעגלעך, ער זאָל נישט האָבן געהערט דעם קנאַל פֿונעם רעוואָלווער. ער האַלט מסתּם, אַז ס׳איז געזינטער נישט צו געבן קיין פּיפּס. אין קאַמין געפֿינט זיך נאָך געגוג ברענענדיקע קוילן און הייס וואַסער אין אַ גרויסן טאָפּ. דער אַלטער גייט אַריין אין דערבייאיקן צימער, פֿון וועלכן ס׳בלאָזט אַרויס אַ קאַלטע לופֿט.

— פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, זאָג איך.

ער פֿאַרמאַכט זי הכנעהדיק. הענריעטע נעמט איר זיך־באַד. דערנאָך איז מיין ריי פֿאַר מיינע פֿאַרווונדיקטע פֿיס. דער אַלטער קומט צוריק און ברענגט אונדז צו עסן. ער איז געוואָרן זיס ווי האָניק און פֿאַרשילט די מלחמה, וואָס צווינגט יונגע מיידלעך צו בלאָנדזשען איבער די וועגן.

— איר קענט זיך גיין לייגן שלאָפֿן, זאָג איך אים. מיר האָבן אַלץ וואָס מיר דאַרפֿן.

— אָבער... איך שלאָף דאָך דאָ.

— נו, וועט איר איין מאָל שלאָפֿן אַנדערשוווּ.

— איר ווייסט, אין אַנדערן צימער איז קאַלט. מיר הייצן בלויז דאָ, איך בין אַן אַלטער מאַן.

דער רעוואָלווער ליגט לעבן מיר אויפֿן טיש.

— שלאָפֿן דאָ וועלן מיר.

— אויב אַזוי, ווינטש איך אייך אַ גוטע נאַכט.

הענריעטע ענטפֿערט: אַ גוטע נאַכט. ווען מיר האָבן געענדיקט עסן, וויל זי אַרונטעררוימען פֿון טיש. זי פֿאַלט פּשוט פֿון מידקייט.

— לאָז עס, זאָג איך, און לייג זיך שלאָפֿן.

זי פֿאָלגט. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי האָט פֿאַר מיר מורא. איך לעש אויס די ליכט און בלייב נאָך אַ ווײַלע זיצן, קוקנדיק ווי די ברענענ־דיקע קוילן רויטלען זיך. איך צווינג מיינע אויגן צו וואַרפֿן אַ בליק איבער דעם שטרויזאַק, ווו עס שלאָפֿט דער דייטש. מען הערט אים אַפֿילו נישט עטעמען. צום סוף גיי איך זיך לייגן לעבן הענריעטען. איך גליטש אַרונטער

דעם רעוואָלווער אונטערן קישן. דאָס פייער איז טויט, אָבער מיט מיינע אויגן, ברייט אויפגעריסענע אין דער חשכות, האַלט איך דעם קאָפּ כסדר אויסגעדרייט צום ווינקל, ווו דער דייטש ליגט אויף דער ערד, אַ באַשיצטער דורך דער שטילקייט און דער פינצטערניש, ביז וואַנען די מידקייט האָט גובר געווען מיין קערפּער... מיין קאָפּ טיילט זיך אָפּ און פאַלט אַריין אין דער פאַרגעסנקייט.

דער אַלטער הוסט. איינגעהילט אין דער וואַרעמקייט פון דער פּערענע, הער איך זיך צו ווי דער אַלטער הוסט. די נאַכט גייט אַוועק. דאָס צימער טויכט אַרויס פון שאָטן אַזוי ווי אַ מיט בלאָטע באַדעקטער שיפּבראַך ביי ים־אָפּפלוס. צום סוף שטילט זיך דער אַלטער איין. איך הער בלויז אַ דאַפּלט, רויִק אָטעמען: העגריעטעס און דעם אַנדערנס. ס'איז מחיהדיק וואַרעם אונטער דער פּערענע. איך קען נאָך שלאָפן. ס'איז געגוג צו פאַרמאַכן די אויגן, אָבער איך ווייס גאַנץ געגוי, אַז איך וועל נישט שלאָפן. דאָס עטעמען פונעם דייטש פילט איצט אויס דאָס צימער. איך הייב זיך אויף אַן געריש און צינד אָן דאָס ליכט. ער ליגט אויפן רוקן. אין שלאָף מאַכט זיין מויל אַ גרימאַסע פון אַ קינד. ער איז זייער יונג. ווען איך דערזע זיינע העלע האָר און זיין שטערן, טו איך כמעט אַ געשריי. איך דריי זיך אויס און טו זיך שנעל אָן. איך נעם אַרויס דעם רעוואָלווער פון אונטער דעם קישן. שטייענדיק לעבן אים, ריר איך אים אָן מיט מיין שטיוול. מיט איין מאָל, אָן שום איבערגאַנג, רייסט ער זיך אַרויס פון שלאָף. ער זעצט זיך צו און קוקט אויף מיר. איך קען נישט אָפּווענדן מיינע אויגן פון זיין שטערן און פון זיינע העלע האָר. גאָט צו דאַנק, די ענלעכקייט איז איצט אַ ווייניקער בולטע.

— וואָס ווילט איר פון מיר? זאָגט ער ענדלעך זייער שטיל.

— שטיי אויף. מיר וועלן ביידע מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר.

אויך איך דערשטיק מיין קול. דער רעוואָלווער איז אָנגעשטעלט אויף זיין פּנים.

— איך קען אייך נישט, איך האָב אייך קיין מאָל נישט געטאָן קיין שלעכטס.

איך דערזע אויפסניי דעם שמייכל פונעם שיינעם בלאָנדן אָפיציר אין דער געסטאַפּאָ. דאַן טו איך צו אים אַ שמייכל.

— אויך איך, זאָג איך העפלעך, האָב קיין מאָל קיין שלעכטס נישט געטאָן די דייטשן. הייב זיך אויף.

ער רירט זיך נישט. איך רייס אַרונטער די קאָלדרעס.

— שטיי אויף!

ער שטייט אויף און ציט אויס זיין האַנט צו די מלבושים, וואָס ליגן ציכטיק צוזאַמענגעלייגט לעבן דעם שטרויזאַק.

— ס׳איז נישט נויטיק, זאָג איך. דו געפעלסט מיר אויך אַזוי.

מיר רעדן ווייטער אין דער שטיל, אַזוי ווי צוויי פאַרשווערערס. איך שטעל זיך אַוועק הינטער אים.

— פאָרויס. עפן די טיר. מאַך נישט קיין גערויש. נו, גיי אַרויס.

איך פאַרמאַך די טיר הינטער אונדז. זיינע באָרוועסע פיס זינקען אַריין אין שניי כמעט ביז צו די קני.

— מאַרשיר, גיי אַרום אַרום דעם הויז.

איך גיי אים נאָך מיטן רעוואָלווער אין האַנט. ער פרוווט לויפן.

— ניין, זאָג איך, פּאַמעלעך, דאַרפסט זיך נישט פאַרמאַטערן.

מיר דרייען זיך אַרום דעם הויז. די לעצטע שטערן ווערן דערטרונקען אין דער בלאַסקייט פון קאַיאָר. ס׳הויבט מיר אָן צו ווערן קאַלט, אָבער איך גיי הינטער אים מיט דער זיכערקייט, אַז ס׳וועט קיין מאָל קיין סוף נישט נעמען. מיר האָבן זיך פאַרנומען גיין אויף לאַנג, אויף אייביק, ער און איך, ער אין זיין אונטערוועש און מיט די נאַקעטע פיס, איך מיטן איינגעפרעסטן רעוואָלווער אין מיין האַנט, מיט אַ פינגער, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו געבן דעם קליינטשינקן קוועטש, וואָס וואָלט געענוג געווען איבערצורייסן דעם גיהנום־קרייז, אין וועלכן מיר זענען ביידע געפאַנגען. און דאָס לעבן ציט זיך צוריק פון מיין געפרוירענער האַנט, וואָס ווערט די פאַרלענגערונג פון דעם שטיקל שטאָל, וואָס איך האַלט. דער דייטש טוט זיך אַ וואַקל. ער שטעלט זיך אָפּ, קערט זיך אום. זיינע ליפּן זענען וויאָלעט.

— איך קען נישט מער, זאָגט ער, איך האָב דאָך אייך גאָרנישט געטאָן? איך פאַרשטיי נישט.

— איך האָב אויך גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— וואָס האָבן זיי דען אייך געטאָן, איר זאָלט זיין אַזוי?

— ווער זיי? דו ביסט עס. גיי פאַרויס.

— האָט רחמנות, איך קען נישט מער.

ער שטייט. זיין קאָפּ הענגט אַראָפּ איבער דער ברוסט. זיינע קני זענען איינגעבויגן, זיינע אָרעמס צונויפגעדריקט אַרום זיך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרטיידיקן. און איך שטיי אַנטקעגן דעם האַלב־נאַקעטן מאַן און קען נישט שיסן. מיר זענען ביידע נעבעכדיק. איך זאָג אָן איבערצייגונג:

— גיי פאַרויס, אַז נישט שיס איך.

— שיסט נישט, איך וועל גיין.

איך גיי אים כסדר מעכאַניש נאָך. יעדעס מאָל ווען ער גייט פאַרביי פאַר דער טיר פונעם הויז, ווערט זיין גאַנג לאַנגזאַמער. ער שטעלט זיך אַפילו אַ ביסעלע אָפּ. און איך זאָג אים:

— אויף וואָס וואַרטסטו? ס'איז מער נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן. גיי.

דאַן איילט ער צו זיין טריט און, ווען דער קרייז איז פאַרענדיקט, נעמט ער ווידער גיין פּאַמעלעך. דאָס מאָל שטעל איך זיך אָפּ.

— שפּאַציר זיך ווייטער אַליין אַרום און אַרום. איך האָב שוין גענוג, איך וועל שטיין הינטערן פענצטער און וועל זיך צוקוקן ווי דו גייסט פאַרביי. נאָר קוים ווילסטו אַנטלויפן, איז דער וועג אַ פרייער.

— לאָזט מיך אַריינגיין מיט אייך, איך בעט זיך ביי אייך.

אייגנטלעך איז עס אַלץ, וואָס ס'איז מיר געבליבן צו טאָן. איך וויל וואָס גיכער אַ סוף מאַכן צו אָט דער טרויעריקער קאָמעדיע. אָבער גראָד אין דעם מאָמענט איז ער צוגעקומען אַ ביסל צו נאָענט און ער צווינגט מיך אויף אים צו קוקן. די מאָנסטרועזע ענלעכקייט טרעפט מיך ווי אַ זעץ פון אַ פויסט און איך שריי אויס:

— פאַרשווינד! פאַרשווינד, אָדער איך שיס!

אַלע זידלווערטער פון זיין שפּראַך, וואָס איך האָב זיך געהאַט אויסגעלערנט, רייסן זיך אַרויס פון מיין מויל. ווען ער איז פאַרשוווּנדן הינטערן הויז, גיי איך אַריין.

העבריעטע שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר קיילעכדיקע, צעשראָקענע אויגן.

— וואָס האָסטו געטאָן אין דרויסן? ווו איז דער דייטש?

און בעת זי רעדט, גייט יענער פאַרביי פאַרן פענצטער. זי באַמערקט אים. זי שטייט אויף און טוט זיך אָן שווייגנדיק. דער אַלטער דאַרף נאָך מסתמא שלאָפן.

— לאָמיר אַוועקגייז, זאָגט הענריעטע.

איידער זי נעמט אַרויף דעם זאַק אויפן רוקן, פאַרגעסט זי נישט אַריינ־צולייגן אין אים דאָס גאַנצע עסנוואַרג, וואָס איז געבליבן אויפן טיש. אין מאָמענט ווען מיר עפענען די טיר, גייט פאַרביי דער דייטש. איך דערוווייטער זיך, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ. איך ווייס, אַז ער שטייט נאָענט צו דער אָפענער טיר און קען פראַנק און פריי אַריינגיין, און אַז ער רירט זיך נישט.

איך האָב אַ טיפן, פאַרצווייפלטן פאַרלאַנג, אים נאָך איין מאָל צו זען. די ליניע פון זיין שטערן, ווי די האָר זענען שוין ביי אים שיטערער, שאַפן דעם גרויסן קאָנטראַסט מיט זיין יונגן פנים... אפשר איז געווען נויטיק, ער זאָל זיין אַן אָנגעטאָענער.

יאָ איצט בין איך זיכער, אַז ווען ער וואָלט געטראָגן זיין אוניפאָרם, וואָלט איך געשאָסן. דאַן וואָלט איך אָן שום ספק געוואָרן אויסגעלייזט.

אויפן וועג קומען אונדז אַנטקעגן פון דער ווייטן צוויי סילועטן. מיר פאַרטיפן זיך גלייך אין וואַלד, כדי ווייטער צו שפּאַנען דעם לאַנגן מאַרש, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן נעכטן און וואָס וועט אָנהאַלטן אין משך פון זעקס טעג. אין די נעכט פלעגן זיך די טירן עפענען פאַר מיין רעוואָלווער. דערשראָקענע און שמייכלענדיקע נפשות פלעגן אונדז אָנביטן זייער עסנוואַרג און אַ געלעגער. מיר זענען געשלאָפן אונטער גרויסע, רויטע פּערענעס, אין דער וואַרעמקייט פון פעדערן פון עופות, וואָס זענען שוין לאַנג טויט. יעדן פרימאָרגן פלעגט די צייט מאַכן אַ שפּרונג אויף צוריק, כדי מיר זאָלן נאָך אַ מאָל איבערלעבן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. דאַן האָבן מיר געלאָזן הינטער זיך דעם וואַלד און אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, אין דער מיט פון ברודיקן שניי, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שמוציקע הייזער פון דער וואַרשעווער פאַרשטאָט.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ מיילשטיין און הענריעטע האָט אַנידערגעקניט לעבן מיינע פיס. פון איר זאַק ציט זי אַרויס אַ שטיק ברויט און אַ וווּרשט. בעת מיר עסן, קער איך אַוועק מיין בליק פון דער שטאָט,

וואָס כ׳וואָלט געוואָלט שוין קיין מאָל מער נישט זען. איך טראַכט וועגן די מענטשן, וואָס שפּרייזן גראָד אין דעם מאָמענט, איבער די גאַסן, גייען אַהיים צו זיך... הענריעטע האָט געענדיקט, אָבער זי בלייבט אויף די קני.

— נו, אויף וואָס וואַרטן מיר?, זאָג איך.

נישט רירנדיק זיך, זאָגט זי:

— איך דאַרף גיין אויף רעכטס. ס׳איז שוין מער נישט זייער ווייט.

— נו, וועסטו גיין אויף רעכטס.

— און דו?

— איך בין גענוג גרויס צו געפינען מיין וועג.

— וואָס וועסטו מאַכן?

— און דו וווהין גייסטו איצט?

— וואָס הייסט, זאָגט זי אַ פאַרוווּנדערטע, איך גיי צו אונדז אַהיים.

— איך גיי אויך אַהיים.

— כ׳האָב געמיינט...

— ברעך זיך נישט דעם קאָפּ.

— קום מיט מיר, אויב דער טאַטע איז נישט צופרידן, וועט מען גיין וווינען אַנדערשוווּ זאַלבעצווייט.

זי הויבט אויף דעם קאָפּ צו מיר אַזוי ווי אַ קינד, וואָס וועט אָט־אָט אַרויסברעכן מיט אַ געוויין. איך וואָלט איר וועלן זאָגן, אַז זי איז אַ ווויל מיידל, איר צווווינטשן גליק, זי זאָל אין גיכן קענען זיך אָוועקזעצן ווי אַלע און נישט מוזן אַנידערקניִען, ווען זי וועט זיך דאַרפן אָפּרוען. אָבער איך זאָג:

— שטעל זיך אויף. ס׳איז צייט צו גיין, אויב דו ווילסט נאָך אַהיימ־קומען איידער עס ווערט נאַכט.

זי הויבט זיך אויף, גיט זיך אַ וואַקל ווי יעדעס מאָל, ווען זי קניט אַ לענגערע צייט. זי קוקט מיך אָן.

— דו האָסט מיר קיין מאָל גאָרנישט דערציילט וועגן זיך און עס אַרט מיך נישט ווער דו ביסט. איך ווייס בלויז, אַז דו האָסט נישט וווּהין צו גיין, אַז דו ביסט אַליין. קום מיט מיר.

איך פיל, אַז מען דאַרף וואָס גיכער מאַכן אַ סוף. דאָס דאָזיקע מיידל ווערט געפערלעך.

— דו ביסט זייער אַ גוטע, מיין קינד, אָבער איך גלויב נישט, אַז מיר וועלן זיך לאַנג קענען פאַרטראָגן. די מלחמה, זעסטו, דערנענטערט צווישן זיך פאַרשידנאַרטיקע מענטשן, אָבער דאָס דויערט נישט לאַנג.

— איך פאַרשטיי וואָס דו ווילסט זאָגן. און איר פּנים פאַרהאַרטעוועט זיך, פאַרמאַכט זיך, איך בין נישט מער ווי אַ פּויערטע. אָבער טייל מאָל איז דאָס בעסער ווי זיך אַרומצושלעפּן ווי אַ פאַרלוירענער הונט.

זי געפינט צוריק איר אויסמיידנדיקן בליק, פול מיט חשד, וואָס זי האָט אַזוי אָפט מיר געהאַט אַרויסגעוויזן, זינט מיר האָבן פאַרלאָזט די תּפיסה. איצט בין איך זיכער, אַז אַלץ וועט ווערן לייכט. איך העלף איר צוריק אַרויפנעמען איר זאַק אויפן רוקן.

— איך האָף, זאָג איך, אַז פון די דאָזיקע מתנות וועלן דיינע עלטערן הנאה האָבן. האָסט זיך אַזוי פיל אָנגעשטרענגט זיי צו טראָגן.

מסתּם מיינט זי, אַז איך מאַך פון איר חוזק. נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, דערלאַנגט זי מיר די האַנט. איך זאָג:

— אַדיע, און פיל גליק.

איר האַנט אין מיינער איז קאַלט און אָן לעבן. און אָט גיי איך שוין אין דער ריכטונג פון די ערשטע הייזער און איך הער ווי זי לויפט הינטער מיר, פאַרשנעלער איך מיינע טריט, אָבער זי דעריאָגט מיך.

— פאַרגעס נישט מיין אַדרעס. אויב עפּעס וועט נישט זיין ווי עס דאַרף צו זיין, גיב מיר צו וויסן.

— אַלץ וועט זיין ווי צום בעסטן. זאָג איך, אָבער זי שטייט צו:

— זאָגסט מיר צו מיר צו וויסן צו געבן?

איך זאָג צו. נאָך צוויי מאָל חזרט זי איבער איר אַדרעס.

— וועסט זיך דערמאָנען?

זי דריקט זייער פעסט מיינע הענט אין אירע.

— פאַרגעס נישט, אַז דו האָסט צוגעזאָגט.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, זאָג איך, זעלבסטפאַרשטענדלעך.

ערשט דאַן דרייט זי זיך צוריק אויס און דערווייטערט זיך כמעט לויפנדיק. איך קוק איר נאָך און זע זיך אַרום, אַז כ׳בין אומפּעיִק איבערצו־חזרן אַיין איינציק וואָרט פון איר אַדרעס. אין די גאַסן פון דער פאַרשטאָט

באַוויזט זיך דאָ און דאָרט די ווייסקייט פונעם שניי צווישן דער בלאָטע, ווי די לעצטע סימנים פון אַ פאַרלוירענער אומשולד. איך גיי פאָרויס גלייך פאַר מיר. מיין האַנטבייטל הוידעט זיך לייכט אין מיין האַנט. אַ קליין מיידעלע גליטשט זיך אויס און פאַלט ביי מיינע פיס. איך הויב זי אויף „מאַמע! רעוועט זי, מאַמע, מאַמע, מאַמע...‟ איך ווייס נישט פאַר וואָס איך האָב גענומען לויפן כדי זי נישט צו הערן. איך געפין זיך אין אַ ברייטער גאַס, ווו ס׳צינדן זיך אָן שויפענצטערס פון געשעפטן. איך דערנענטער זיך צו איינעם פון זיי. אַ ווײַלע באַטראַכט איך אין דער שויב מיין אָפּבילד, מיינע גאָר גרויסע שטיוול, מיין שווערע מענערישע ברודיקע און צעקנייטשטע קורטקע. איך בין גראָטעסק. איך דערווייטער זיך פון די שויפענצטערס און גיי אויפן ראַנד פון טראָטואַר. אומבאַוווסטזיניק קומט מיר צוריק אָן אַלטע געוווינהייט פון די קינדער־יאָרן: איך באַמי זיך צו שטעלן די פיס, נישט אָנרירנדיק די שפּאַלטן צווישן די שטיינער... אַזוי גיי איך מיט אַ געבויגע־נעם קאָפּ און שטויס זיך אָן אין עמעצן. צוויי אָרעמס פאַרמאַכן זיך אַרום מיר, כדי מיך איינצוהאַלטן.

— איר ציילט די שטיינער? זאָגט אַ שטים, און איך האָב עפּעס אַ בלאַסן איינדרוק, אַז מען האָט מיר שוין אַ מאָל געשטעלט די פראַגע.

— אַנטשולדיקט מיר, זאָג איך.

דער מאַן האַלט מיך אַלץ אין זיינע אָרעמס און איך פיל, אַז כ׳יאָג זיך גאָרנישט זיך פון זיי צו באַפרייען. ער איז הויך און שטאַרק: ער טראָגט אַן אוניפאָרם. ער זאָגט:

— ס׳מאַכט נישט אויס. עס טרעפט, אַז אויך איך טו עס. ווען איך וויל אין עפּעס פאַרגעסן... ער מאַכט לויז זיינע אָרעמס און גיט צו העפלעך: צי האָט איר עפּעס צו פאַרגעסן?

— אַ סך זאַכן.

— פון וואַנעט קומט איר?

איך זאָג עס אים.

— אָבער עס איז נאָך נישטאָ קיין שום קאָמוניקאַציע אויף די וועגן.

— צופוס.

— צופוס? איר דאַרפט זיין טויט מיד. ער זעט אויס צו זיין זייער

דערשטוינט. איך האָב אַן אויטאָ, דאָ נישט ווייט. איך וועל אייך צופירן אַהיים. ווּ ווױנט איר?

— אין לובלין.

ער צעלאַכט זיך הילכיק. זיין געלעכטער איז אַנגענעם, אָפנהאַרציק און פריילעך.

— דאָס איז נישט גאָר נאָענט, זאָגט ער, ס'איז אַוודאי צוויי הונדערט און פופציק קילאָמעטער צום ווינציקסטן.

ער האָט אַ קליין וואָנצעלע, וואָס צעשפּרייט זיך ווען ער לאַכט. מיט איין מאָל האָב איך מער נישט קיין חשק אים צו זען.

— אַ גוטע נאַכט, זאָג איך שוין גייענדיק.

ער דעריאָגט מיך.

— און צי קען מען וויסן, וווּהין איר גייט איצט?

איך ענטפער נישט. ס'ווילט זיך מיר מער נישט רעדן מיט אים.

— הערט מיך אויס. מאָרגן דאַרף איך אַדורכפאָרן לובלין, איך וועל אייך מיטנעמען.

— ווּ קען איך אייך מאָרגן טרעפן? פרעג איך.

— ס'בלייבט נאָך אַ גאַנצע נאַכט, און מען דאַרף ערגעץ ווּ איבער־נעכטיקן.

— איך וועל זיך אַן עצה געבן.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן און קומט מיט מיר.

ער רעדט צו מיר מיט דער האַרבער שטים, וואָס עס באַנוצן די דערוואַקסענע, ווען זיי ווילן אָנשרייען אויף קינדער. איך זע נישט גענוי ווי ער זעט אויס. אין דער אמתן איז מיר אַלץ איינס ווער ער איז און וווּאַהין ער וויל מיך פירן. ס'איז געשען אַ נס. ווידער זאָגט עמעצער וואָס איך דאַרף טאָן. איך גיי לעבן אים. זיינע לאַנגע פיס מאַכן זייער גרויסע טריט און איך דאַרף כמעט לויפן, כדי צו גיין גלייך מיט אים. ער לייגט נישט מער קיין אַכט אויף מיר. פאַר אַ קאַפעהויז פאַרהאַלט ער זיך פּלוצעם און קוקט אויף מיר אַזוי ווי ער וואָלט מיך געזען צום ערשטן מאָל. אַ געדולדיקע וואָרט איך. ענדלעך טוט ער אַ שמייכל און לייגט אַרויף זיין האַנט אויף מיין אָרעם.

— אַנטשולדיקט מיר, זאָגט ער, כ'האָב זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט.

און ער ציט מיך אַרײַן אין קאַפֿע אַרײַן. ער גיט מיר צו טרינקען אַ זייער הייסן גראָג, און דאַן נאָך איינעם. דער אַלקאָהאָל ברענט און שלאָגט מיר אַרויס אויף די באַקן. איך פֿיל זיך זייער מיד. כ'וואָלט געוואָלט זיך מער נישט רירן.

— איר זענט אַ זייער שיין יונג מיידל, זאָגט ער און דערנענטערט זײַן שטול.

איך האָב נישט דעם אײַנדרוק, אַז די ווערטער זענען געווענדט צו מיר, נאָר צו עמעצן אַנדערש, וואָס מען זעט נישט און ווען ער נעמט אַרום מײַנע פּלייצעס מיט זײַן אָרעם, זעט ער מיר אויס צו זײַן אַזוי ווײַט, אַז איך רעאַגיר נישט. פּלוצעם דערווײַטערט ער זיך. דאָס מאָל לייגט זיך זײַן בליק באמת אויף מיר.

— איך האָב נישט ליב אַזעלכע מיידלעך ווי איר, זיי מאַכן מיך טרויעריק.

איך זאָג:

— יאָ, פֿאַרשטייט זיך.

איך בין מעכאַניש מסכים מיט אַלץ וואָס ער זאָגט. דאַן לאָזט ער זיך אַרײַן אין אַ לאַנגן מאָנאָלאָג, אין וועלכן עס רעדט זיך פֿון פֿרויען, וואָס ברענגען מיט זיך אומגליק, וואָס דערלויבן אייך נישט צו לעבן, פֿרײַ צו עטעמען. און ער רעדט אויך וועגן דער לעבנס־פֿרייד, דער אמתער, דער איינציקער, דער וואָס פֿילט אויס יעטוועדע מינוט, ווען מען לאַכט, מען טרינקט און מען טוט נאַרישקייטן. אין דעם שטעקט דער אמת, דער איינ־ציקער אמת פֿון די מענער. אַזוי אַרום זענען זיי עכט און באַווײַזן צו טאָן וווּנדערבאַרע זאַכן. אָבער דעם דאָזיקן אמת דערשטיקט מען, ווײַל ער איז געפֿערלעך. אַן אמתער מאַן איז אַ געפֿאַר פֿאַר די אַנדערע, פֿאַר די, וואָס פֿאַבריצירן זיך אַליין געדולדיק, טאָג־טעגלעך און וואָס פֿאַרטרעטן זייער אמתדיקן איך דורך דעם געמיינעם ליגן. ער זאָגט נאָך אַ סך אַנדערע ווערטער, וועלכע איך פֿאָלג זייער שלעכט נאָך. פֿון צײַט צו צײַט גיב איך צו: „יאָ? זעלבסטפֿאַרשטענדלעך". ער באַמערקט דאַן מײַן אָנוועזנהייט און זעט אויס צו זײַן צופֿרידן, וואָס איך בין דאָ. צום סוף שמעלצן זיך צונויף זײַנע

ווערטער אין אַ נישט קלאָרן געמורמל, וואָס וויגט מיך. קוים וואָס איך האַלט אָפּן די אויגן. האַלטנדיק מיין קאָפּ צווישן די הענט, חזר איך נאָך איבער: „יאָ, זעלבסטפאַרשטענדלעך".

ווען זענען מיר אַוועק? ווי אַזוי? איך ווייס עס מער נישט. איך זיץ לעבן אים אין אויטאָ און ער זאָגט מיר: „איר דאַרפט זיך אויפוועקן, קליינינקע". ער העלפט מיר אַרונטערגיין. מיר געפינען זיך פאַר אַ ווילע צווישן טענענבוימער. ווי נאָר ער שטעקט אַריין דעם שליסל אין שלאָס אַריין, דערהערן זיך באַלד אייליקע טריט. די טיר עפנט זיך: צוויי פרויען שטייען פאַר אונדז. מיינע אויגן געוווינען זיך ביסלעכווייז צו צו דער ליכט. איינע פון די פרויען איז אין די אָרעמס פון מיין באַגלייטער און חזרט איבער אַ פאַרליבטע „מיין טייערער, מיין טייערער"... ער קלאַפּט איר ליבלעך אויף די פּלייצעס און קוקט פון דעסטוועגן אויף דער צווייטער, וואָס שטייט אָנגעלענט אָן דער וואַנט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. אַ קאַרג ליכט פאַלט אויף אַ יונג געשטופּלט פּנים, וואָס זיין גאַנץ לעבן האָט זיך ווי פאַרבאַהאַלטן אין די אויגן פון אַ טיפן בלוי.

— „גוט ב׳אָוונט, זשאַן, זאָגט ער איר.

— ווער איז עס?

זי שטעלט אָן אַ פינגער אין מיין ריכטונג. די גרויסע, בלאָנדע פרוי, וואָס הענגט נאָך אַלץ אין זיינע אָרעמס, הערט מיך נישט אויף צו איגנאָרירן. ער באַפרייט זיך מיט מילדקייט פון אירע הענט.

— קלאָטילדאַ, איך ברענג דיר דאָס יונגע מיידל.

אַ שיינער קאָפּ פון אַ ליאַלקע דרייט זיך אויס צו מיר און, דערזעענדיק מיך, שיינט זי זיך פּלוצעם אויסצולעשן, כדי מיר אָנצובּיטן די געזיכט־שטריכן פון אַן אומגליקלעכער פרוי. אַזוי ווי די אַנדערע, פרעגט זי:

— ווער איז עס?

— איך ווייס גאָרנישט, זאָגט דער מאַן, איך האָב זי געטראָפן אויף דער גאַס, זי וואַנדערט שוין אַרום זייער לאַנג, זי איז הונגעריק און פאַלט פון די פיס. פאַרנעמט זיך מיט איר. איך דאַרף אַוועקגיין.

— דו וועסט נישט אַוועקגיין! שרייט אויס די פרוי. דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אַז דו וועסט מער נישט אַוועקגיין.

— איך מוז, זאָגט ער, אַן אומצופרידענער. איך האָב צו נעמען אינסטרוקציעס פאַר מיין אַפּפאַרן.

— דאָס איז נישט אמת, זאָגט דאָס יונגע מיידל מיט די בלויע אויגן. די פרוי ווערט דערשטיקט פון כעס.

— דו לויפסט נאָך אַלץ נאָך נאָך דער... נאָך דער...

— איך בעט אייך, מאַכט נישט קיין סצענעס פאַר אַ פרעמדער.

— דערפאַר טאַקע האָסטו זי אַהערגעבראַכט, כדי אונדז צו פאַרמאַכן דאָס מויל. דיך אַרט קנאַפּ, וואָס זי איז הונגעריק אָדער מיד.

זי וואַרפט זיך אויף זיין האַלדז מיט אַ געבעט:

— גיי נישט אַהין, מיין טייערער, גיי נישט אַהין, בלייב מיט אונדז.

— זיי נישט לעכערלעך, קלאָטילדאַ, זאָגט די צווייטע. דו ווייסט דאָך גוט, אַז ער וועט אַוועקגיין.

— פאַרנעם זיך מיט איר, זאָגט דער מאַן, ווייך. מאָרגן אין דער פרי וועל איך זי אַהיימפירן.

— מען וועט זי אַרויסטרייבן, ווי נאָר דו וועסט זיין פון יענער זייט טיר, זאָגט מיט רוגזה די יונגע.

— ניין, זשאַן, דו וועסט עס נישט טאָן, זאָגט ער, מיט אַ שיינעם שמייכל: דו ביסט דאָס בעסטע מיידל אין דער וועלט. מיר וועלן זיך זען מאָרגן. און זאָל זי זיין גרייט זייער פרי.

ער גייט אַוועק. איך האָב דעם איינדרוק צו זיין אַן אָביעקט, וואָס ער האָט איבערגעגעבן די צוויי פרויען. קלאָטילדאַ האַלט אַ האַנט פאַרן מויל און וויינט יאָמערלעך.

— באַרויִק זיך, זאָגט די צווייטע, פאַר וואָס דאַרפסטו תמיד אַלץ אַרויסווייזן פאַר לייטן.

— איך האָב דאָס רעכט, ער איז מיין מאַן.

— נו יאָ, נו יאָ, מען ווייס עס. זי דרייט זיך אויס צו מיר. קומט און אַנטשולדיקט אונדז ווי מיר האָבן אייך אויפגענומען.

דאָס רעדט צו מיר אַ גוט דערצויגן מיידל, אַ צאַרטס און ליבלעכס. מיר גייען אַרויף אויף שטיגן. קלאָטילדאַ גייט אונדז נאָך.

— איר וועט נעמען אַ באָד און זיך איבערטאָן, זאָגט מיר זשאַן.

זי גייט מיט מיר אַריין אין באָדצימער. די וואַנע איז פול. זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ בענקל און זאָגט מיר:

— איר זעט, מ׳האָט אויף אייך נישט געוואַרט, פון דעסטוועגן איז אַלץ גרייט. מען האָט גראָד אָנגעפילט די וואַנע, יאָגט זיך צו כל זמן דאָס וואַסער איז נאָך הייס.

— איך דאַנק אייך, זאָג איך, נישט רירנדיק זיך.

— נו, אויף וואָס־זשע וואַרט איר?

איך הויב זיך אָן אויסצוטאָן. זי לאָזט נישט אַרונטער פון מיר די אויגן, נישט פאַרלירנדיק קיין איינעם פון מיינע באַוועגונגען.

— איר זענט גאַנץ שיין, זאָגט זי ענדלעך. ווי אַזוי קומט עס, וואָס ער האָט עס נישט באַמערקט?

— ווער?

— יאַן.

— איר מיינט דעם מאַן, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער?

— יאָ, דעם מאַן, וואָס האָט אייך אַהערגעבראַכט, זאָגט זי אַ פריילעכע. דאָס שטיקל זייף ליגט רעכטס.

— אַ דאַנק.

אָבער איך שטרעק נישט אויס די האַנט, כדי עס צו נעמען. די מידקייט בלאָזט אָן מיין קערפּער און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי פילט אויס די גאַנצע וואַנע. זשאַן הויבט זיך אויף.

— איך וועל אייך צוהעלפן.

איך לאָז זיך. איך גיב זיך אונטער נאָך אַ מאָל דעם פאַרגעניגן צו זיין אונטערטעניק אַן אַנדערנס ווילן און גאָרנישט נישט האָבן צו טאָן אַליין. איצט וויקלט זי מיך איין אין אַ באָדמאַנטל און רייבט מיך ענערגיש. כ׳האָב אַ שטאַרקן פאַרלאַנג נאָך אַ מאָל אַריינצוגיין אין דער וואַנע, כדי זי זאָל טאָן נאָך אַ מאָל דאָס זעלבע.

— נו, איצט קומט טרינקען עפּעס וואַרעמס.

זי פירט מיר אַריין אין אַ צימער, וואָס איז איינגעטונקען אין גאָלד פון אַ גרויסן אַבאַזשור־לאָמפּ. אַ טיפער פאָטעל נעמט מיך אויף. דערלעבן, אויף אַ קאַנאַפּע, ליגט אַן אויסגעצויגענע פיגור און וויינט.

— דאָס איז קלאָטילדאַ, זאָגט מיר זשאַן, זי וועט נאָך אַזוי וויינען אַ געוויסע צייט.

דערנאָך ברענגט זי מיר טיי און ברויט מיט פּוטער. דאָס מאַנאָטאָנע יאָמערן פון דער פרוי דויערט כּסדר. איך האָב נישט די מינדעסטע בייגיר, ס׳אינטערעסירט מיך נישט צו וויסן ווו איך געפין זיך. עס איז מיר וואַרעם, מען גיט מיר צו עסן און מען לאָזט מיך צו רו. וואָס שייך די פרויען, קומט מיר נישט אויפן זין, אַז זייער האַלטונג קען אַרויסקומען מאָדנע. זיי וויינען אין אַן אַנדער וועלט, אין וועלכער כ׳בין אַריינגעדרונגען דורך אַ טעות. דאָס וואָס זיי זענען, גייט מיך נישט אָן. דאָס, וואָס איך בין, דאַרף זיך געפינען מחוץ פון זייער השגחה. זשאַן שטעלט אַוועק אַ פלעשל און דריי גלעזלעך אויף אַ נידעריק טישל.

— נו, ס׳איז נאָך נישט געענדיקט? זאָגט זי צו דער קרעכצנדיקער פיגור אויף דער קאַנאַפּע. קום נעמען אַ גלעזל מיט אונדז.

קלאָטילדאַ שטעלט זיך אויף.

— ער האָט נישט קיין רעכט מיך אַזוי צו פאַרלאָזן, מיר זענען פאַר־הייראַט.

זשאַן פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער.

— פאַר וואָס לאַכסטו?

— ווייל דו ביסט לעכערלעך, ליבע מומע. דו קענסט בלויז וויינען און איבערחזרן, אַז ער איז דיין מאַן, אַז דו ביסט זיין פרוי. פון דעסטוועגן דאַרפסטו פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט ליב זיך צו דערמאָנען דעם טאָג ווען ער האָט מיט דיר חתונה געהאַט. און אויסער דעם האָט ער פיינט טרערן. וואָס ווילסטו? ער האָט ליב דאָס לעבן, ער האָט ליב זיך פאַרוויילן. ווי אַזוי ווילסטו ער זאָל בלייבן מיט דיר, וואָס דערגייט אים כּסדר די יאָרן און רופט ביי אים אַרויס אַן עקל מיט דיינע לאַקרעצדיקע סענטימענטאַלקייטן.

— און דו, זאָגט קלאָטילדאַ, דו פירסט זיך אפשר אויף בעסער?

— איך געהער צום ערנסטן מין, צו דעם וואָס דענקט נאָך. ער איז פאַר אים געפערלעך. ער ווייס עס און מיידט אים אויס ווי די פּעסט. און איבעריקנס, קענסטו דאָך נישט פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל לאַכן מיטן פּרצוף, וואָס איך האָב. נו גענוג, קום נעמען אַ גלעזל.

קלאָטילדאַ רירט זיך נישט און זשאַן טראָגט איר צו איר גלעזל. זי קוקט דורך אירע טרערן, מיט צערטלעכקייט, אויף איר פּלימעניצע.

— זשאַן, אַן דיר וואָלט איך שוין פון לאַנג געשטאָרבן.

— מיט דיר איז אַ צרה. ס'איז תמיד דאָס זעלבע. אָדער דו וויינסט, אָדער דו ווערסט סענטימענטאַל.

איך טונק איין מיינע ליפּן אין אַ פליסיקייט פון אַ פאַרדעכטיקער זיסקייט. איך שלינג עס אַראָפּ און באַלד הויבט עס אָן צו פליסן אין מיר ווי אַ צעלאָזענער מעטאַל. ווי נאָר איך שטעל אַוועק מיין האַלב־פול גלעזל, ווערט עס ווידער אָנגעפילט. איך רעגוליר מיינע באַוועגונגען לויט די באַוועגונגען פון קלאָטילדאַן. מיר הייבן אויף אונדזערע גלעזלעך אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלבער צייט שטעלן מיר זיי צוריק אַוועק. זשאַן גייט פון איינער צו דער אַנדערער מיטן פלעשל אין דער האַנט. זי טרינקט שטייענדיק. איך בין שיכור, איך ווייס עס, שיכור אויף אַזוי ווייט, אַז איך קען זיך נישט אויפהויבן. אָבער איצט הויבן אָן די צוויי פּרויען אויף אַן אמתן צו עקזיסטירן פאַר מיינע אויגן. איך זע זיי. איך זע, אַז קלאָטילדאַ איז נישט אמתדיק בלאָנד, נאָר אַז אירע האָר זענען געפאַרבט. איר גלאַט פּנים ווערט דיקלעך און מען קען פאָרויסזען, אַז עס וועט נישט לאַנג נעמען און אירע פליישן וועלן אַראָפּפאַלן אונטער זייער געוויכט. זי האָט אַ שמאָל און טרויעריק מויל. די אָדערן אויף אירע הענט מיט בלוטיקע נעגל, הויבן זיך אַרויס. הענט פון אַלטע פרויען. זשאַן האָט אַ קליינעם און עלאַסטישן גוף און אַן אַראָגאַנטע ברוסט. זי בייגט זיך אַריבער איבער קלאָטילדאַן, וואָס זאָגט נאָך אַ מאָל „פאַר וואָס האָט ער מיך נישט ליב“? און זי זאָגט איר: „דו ביסט אַן אויסוווּרף, טייערע מומע. דו האָסט מיך דאָ אַהערגעבראַכט, ווייל דו ווייסט, אַז ער האָט ליב גאָר יונגע, האַלב־רייפע פרוכט. כדי אים איינצוהאַלטן, כדי ער זאָל שלאָפן מיט מיר און נישט אַרומלויפן אין דרויסן. און פאַר אַ פּנים ווי מיינס, האָסטו נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן, נישט אמת“?

— דו ביסט אַ מאָנסטער, זאָגט קלאָטילדאַ. איך האָב דיך אויפגענומען ווייל...

— ווייל איך בין אַ יתומה, איך ווייס עס. און דו ווייל דו ביסט אַ גוטע.

— יאָ, איך בין אַ גוטע, שרייט קלאָטילדאַ, אָבער קיינער וויל עס נישט זען. איך האָב דיך גענומען צו זיך אויס רחמנות און דו האָסט מיר דערפאַר באַדאַנקט, שלאָפנדיק מיט אים.

— איך בין מיט אים געשלאָפן און איך וועל עס ווייטער טאָן, יעדעס מאָל ווען איך וועל האָבן די געלעגנהייט.

— קיין מאָל מער נישט, דו הערסט, קיין מאָל נישט.

— אָבער יאָ און דו וועסט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז דו שלאָפסט, ווי געוויינלעך. ביי נאַכט זעט ער נישט מיין פּנים. אין דער פרי, ביים פרישטיק, וועט ער זיין העפלעך צו דיר. ער וועט דיר דערלאַנגען די פּוטער, די קאָנפיטור. אויף מיר וועט ער אויסמיידן צו קוקן. דו וועסט זיין גליקלעך און וועסט מיך רופן דיין טייערע זשאַנעלע, וועסט מיך קושן.

— איך וועל דיך אַרויסוואַרפן.

— ניין, ערשטנס וואָלט ער דאָס דיר קיין מאָל נישט מוחל געווען און צווייטנס ביסטו דאָך אַ גוטע. דו וועסט האָבן צו פיל האַרץ־ווייטאָג ביים געדאַנק, אַז איך בלאָנקע זיך אַרום אויף די גאַסן, אַ הונגעריקע, אַן אַ גראָשן. און אויסער דעם האָסטו מיך ליב, טאַנטע קלאָטילדאַ, אויף דיין אופן.

— איך האָב דיר זייער ליב, טייערע זשאַנעלע...

און קלאָטילדאַ ברעכט אויס אין אַ געוויין. זשאַן נעמט זי אין אירע אָרעמס.

— וויין נישט, זאָגט זי, מאָרגן וועסטו האָבן רויטע אויגן און וועסט זיין מיאוס, ווען ער וועט צוריקקומען.

— ביסט זיכער, אַז ער וועט צוריקקומען? שטאַמלט קלאָטילדאַ אַרויס צווישן צוויי געוויינען.

— אָבער זיכער, זיכער. און זשאַן גלעט איר מומעס בלאָנדע האָר. דו וועסט אָנטאָן דיין בלוי קלייד, וואָס קליידט דיר אַזוי גוט און ער וועט זאָגן, אַז דו ביסט שיין.

— גיב מיר נאָך אַ ביסל צו טרינקען, טייערע זשאַנעלע.

דאָס יונגע מיידל קומט צוריק מיט אַ ניי פלעשל און שטעלט אָן אירע אויגן אויף מיר.

— איר זענט נאָך אַלץ דאָ ?

איך שמייכל צו איר פריילעך.

— ווו ווילט איר זאָל איך דען זיין ?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, קיינער איז קיין מאָל נישט אויף זיין אָרט.

זי גיסט אָן מיין גלעזל. איך דאַרף טרינקען, כדי כ׳זאָל ווייטער אַזוי הנאה האָבן פון דעם שמועס צווישן די צוויי פרויען. זשאַן זעצט זיך אַוועק לעבן קלאָטילדאַן, וואָס האָט זיך ווידער אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע. זי רעדט צו איר אַזוי שטיל, אַז איך כאַפּ נישט אויף, וואָס זי זאָגט. און אפשר האָט זיך דער געזאַנג פון אַלקאָהאָל אין מיר אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז ער פאַרטושט אירע ווערטער.

איך וועק זיך אויף אין זעלבן פאָטעל מיט אַ קישעלע אונטערן קאָפּ און אַ קאָלדרע אויף די קני. דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשן. ס׳איז טאָג. זשאַן ברענגט מיר דעם פרישטיק.

— איר זענט אַזוי געשמאַק געשלאָפן, זאָגט זי, אַז כ׳האָב איך נישט געוואָלט אויפוועקן און לייגן אין בעט אַריין.

זי איז צוריק געוואָרן אַן ערנסט, יונג, באַשיידן מיידל, וואָס מען דערקענט באַלד, אַז זי האָט באַקומען אַ גוטע דערציִונג. זי לאָזט מיר אַ בוך און איך פאַרברענג דעם פרימאָרגן באַמיִענדיק זיך צו לייענען, אָבער אומזיסט. זי פאַרנעמט זיך דערוויַיל מיט דער ווירטשאַפט, מיטן קאָכן און מיט איר מומען, וואָס ליגט נאָך אין בעט. מיר זענען איצט דריי, וואָס וואַרטן אויפן צוריקקומען פונעם מאַן. די מומע בלייבט אין איר צימער און זשאַן דערלאַנגט מיר דעם מיטאָג מיט אַלע סימנים פון העפלעכקייט, וואָס מען וויַיזט אַרויס צו אַ וויכטיקן גאַסט. איך טראַכט וועגן דעם פייער וואָס ס׳ברענט אונטער דער דאָזיקער קאַלטער אויסערלעכקייט און בין מקנא דעם מיידל, וואָס זי קען ביי אַ געלעגנהייט זיך לאָזן פאַרכאַפּן פון אַ לעבן, וואָס איז באַשיינט פון פאַרגעניגן און פון ליידן.

דער מאַן קומט אָן נאָך מיטאָג. באַלד ביים אַריינקומען שרייט ער אויס צו מיר:

— זענט איר גרייט, פריילין ? מיר האָבן נישט צו פאַרלירן קיין צייט.

ער קלאַפּט מיר אויף דער פּלייצע. „האָט איר גוט געגעסן ? גוט גע־

שלאָפֿן?" און נישט וואַרטנדיק אויף קיין תשובה: "מיר פֿאָרן גלייך אַוועק".

אָבער עס פֿאַרגייט נאָך אַ שעה. אין דערבייאיקן צימער שושקעט מען זיך. פֿון איר צימער, אויבן, רופֿט קלאָטילדאַ מיט אַ באַשיידענער און בעטנדיקער שטים. דערנאָך הער איך ווי דער מאַן לאַכט ערגעץ ווו אין הויז. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זיי דרייען זיך און יאָגן זיך אַלע דריי אַרום דעם צימער, אין וועלכן איך געפֿין זיך. זייערע קולות דערגייען צו מיר אַ מאָל נאָענטע, אַ מאָל ווייטע, אַ מאָל פֿון רעכטס, אַ מאָל פֿון לינקס. מאָמענטנווייז דאַכט זיך מיר, אַז איך זע דעם מאַן, בעת ער וויל אַנטלויפֿן און פֿאַלט אַרויף אַ מאָל אויף איינער, אַ מאָל אויף דער אַנדערער, נישט קענענדיק בשום אופֿן זיך אַרויסרייסן פֿון זיי. ענדלעך קומט ער נאָך מיר און מיר גייען אַרויס. די פֿרויען ווייזן זיך נישט.

בעתן פֿאָרן האָב איך לעבן מיר אַן אָנגענעמען באַגלייטער, פֿול מיט גוטע כוונות און פֿריינדשאַפֿט. ער רעדט, וויצלט זיך, לאַכט, אַ פֿרייער, אַ גליקלעכער אַן באַדויער. ער מאַכט נישט דעם מינדעסטן אָנדייט אויף דעם, וואָס ער האָט געלאָזן הינטער זיך, זיין הויז, זיינע פֿרויען. ער דריקט אויף דעם פֿאַרגיכערונג־פּעדאַל און וויל איך זאָל פֿונקט ווי ער הנאה האָבן פֿונעם געשווינדן פֿאָרן אין אַ באַקוועמען אויטאָמאָביל. מיר שטעלן זיך אָפּ עסן אין אַ דאָרף־אכסניה. ער עסט מיט דער זעלבער פֿריילעכקייט ווי ער רעדט, ווי ער פֿירט די מאַשין. מיט דער זעלבער פֿריילעכקייט, וואָס ער האָט מסתמא צו דערפֿילן אַלץ וואָס איז אָנגענעם אין לעבן און פֿון וואָס מען קען געניסן אַ לייכט פֿאַרגעניגן אָן קאָמפּליקאַציעס. מיר פֿאַרענדיקן דעם מאָל־צייט מיט אַ פּאָר גלעזלעך בראָנפֿן. אויף דער ווייטערדיקער רייזע, בין איך אַזוי באַשווערט פֿונעם עסן און באַטויבט פֿונעם אַלקאָהאָל, אַז כ'לייג מער נישט קיין אַכט אויף דעם וואָס ער רעדט. אַזוי אָבער ווי איך דין אים בלויז ווי אַ פּרעטעקסט, ער זאָל קענען טראַכטן אויפֿן קול, באַמערקט ער דאָס נישט. אַוונטצייט קומען מיר אָן אין לובלין. ער פֿרעגט מיך:

— ווו ווילט איר זאָל איך אייך אַרונטערלאָזן?

— דאָ, זאָג איך, נישט אומקוקנדיק זיך אַפֿילו.

ער פֿאַרהאַלט מיין האַנט.

— גייט געזונטערהייט אַהיים. און ער שמייכלט צו מיר ליבלעך.

איך זע ווי דער וואָגן דערווייטערט זיך. און פּלוצעם נעמט מיך אַרום אַ מורא, צי האָט ער אַ מאָל נישט געהאַט קיין טעות, צי האָט ער מיך נישט געלאָזן אין אַ פרעמדער שטאָט, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע שטעט, וווּ איך בין אָנגעקומען אַרום אָוונט, גלייכגילטיקע אָדער פיינטלעכע שטעט. איך וויל לויפן, שרייען ער זאָל זיך אָפּשטעלן, האַלטן זיין צוזאָג מיך אַהיים צו פירן... ער האָט נישט קיין רעכט מיך צו לאָזן דאָ, איינע אַליין, אין מיטן פון דער אומבאַקאַנטער גאַס, וואָס גייט טיף אַריין אין דער נאַכט. דער אויטאָמאָביל איז פאַרשוווּנדן. איך מאַך עטלעכע טריט, דאַן סדרט זיך אַלץ אויס אין רוים און אין דער צייט. די אימה פאַרלאָזט מיך גלייך און באַלד שטעלט זיך די געוויינלעכע פראַגע: וווּ וועל איך שלאָפן די נאַכט? מיין זכרון רופט צוריק אַרויס אין מיר נעמען, אַדרעסן. איך דאַרף בלויז אויסקלייבן, איך קען זיך אָבער נישט אַנטשיידן. איך גיי און חזר איבער צו זיך אַליין: וווּ וועל איך שלאָפן די נאַכט? נישט פילנדיק, פאַרשנעלער איך די טריט. אַנדערע נעמען, אַנדערע אַדרעסן. איך האַלט אין איין איבערדרייען די פראַגע אין מיין קאָפּ, בעת די גאַסן, וואָס ווערן מיר צוריק היימיש, קייטלען זיך איינע אין די אַנדערע לויט אַ לאָגיק אָן איבעררּאַשונגען, כדי מיך סוף כל סוף צו פירן פאַר אַ הויז, מיין הויז. איך גיי אַריין אין מיין הויף. די טרעפּ פירן מיך צו פאַר מיין טיר. איך באַמערק, אַז דאָס גלעקל איז פאַרשוווּנדן. מיין האַנט, אַ דערשטוינטע, זוכט עס נאָך. דערנאָך קלאַפּ איך אָן. ס'ווילט זיך מיר אַפילו נישט וויסן ווי אַזוי איך בין דאָ אַהערגעקומען. איך ווייס בלויז איין זאַך: די טיר דאַרף זיך עפענען. איך קלאַפּ ווידער. ס'וועקן זיך אויף שלעפּנדיקע טריט. אַ ליכט־פּירעק שפּרייט זיך פאָרזיכטיק אויס. אַ קאָפּ מיט גרויע האָר לענט זיך אַרויס.

— ווער איז דאָס? זאָגט די פרוי.

— אָבער... איך וווין דאָ.

— דאָ וווין איך.

איך באַמי זיך צוריקצושטופּן די טיר. אָבער די פרוי קלאַמערט זיך אין איר און מיר אַמפּערן זיך שטילערהייט. איך הער ווי זי דעכעט, דערנאָך טוט זי אַ ביל:

— די מעשה וועגן די אַלטע באַלעבאַטים וועט מער נישט אָנגיין. שוין

מינדעסטנס צען האָבן עס געפּרוּווט, און אויב איר זענט די אייגנטימעריןְ, קענט איר קומען מיט דער פּאָליציי.

מיט מיין גאַנצער וואָג שטעל איך זיך אַנטקעגן קעגן אָט דעם פיינטלעכן ווילן. ס׳דערנענטערט זיך אַ מענער־שטים.

— נאָך איינע, זאָגט די פרוי אַן אויפגעקאָכטע, נאָך איינע, וואָס האָט דאָ געוווינט.

— וואַרף זי אַרויס.

— איך קען נישט. זי לאָזט נישט פאַרמאַכן...

עמעצער טוט זיך אַ שטעל הינטער דער פרוי. אַן אָרעם שטויסט מיך אַוועק און די טיר פאַרקלאַפּט זיך. איך בלייב נאָך אַ ווײַלע אָנגעלענט אויף דער טיר. מיין קאָפּ איז פּוסט. ענדלעך רוק איך זיך אַוועק. די טרעפּ זענען אין שאָטן, אָבער מיין האַנט טרעפט איינע אַליין דעם פאַרענטש. איך גיי אַרויף. פיראונצוואַנציק שטיגן אויף יעדן שטאָק. איך צייל געוויסנהאַפט. איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל... די טיר פון בוידעם איז לינקס. זי איז פאַרמאַכט. גיי איך צוריק אַרונטער און צייל פון דאָס ניי די שטיגן, פינף שטאָק, אונטן, שטעלט זיך דער ווינטערדיקער הימל פון מיין קינדהייט אַריין צווישן די מויערן און די שטערן מאַכן צו מיר די זעלבע צייכנס פון דער טיפעניש פון דער זעלבער נאַכט, וואָס האָט אויף מיר תמיד דאָ געוואַרט, וואָס וואַרט אויף מיר זינט יאָרהונדערטער, זינט נעכטן. ס׳איז גאָרנישט פאָרגעקומען. די אַלטע קינדערישע פּחדים פאַרבאַהאַלטן זיך ווייטער אין שאָטן און מיין פוס דערקענט דאָס אָרט, ווו עס פעלט אַ ברוקיר־שטיין. מען האָט נישט געהאַט קיין צייט אַריינצוברוקירן אַ נייעם אויף זיין אָרט. שטעט וועלן אויפגעבויט ווערן און וועלן צעשטערט ווערן איבער דער וועלט, איידער מען וועט עס באַווייזן צו טאָן. איידער עס ענדערן זיך די געשטאַלטן, ווו עס סדרן זיך אויס די שטערן. איידער דער שאָטן וועט זיך באַפרייען פון די קינדערישע שרעקן.

איך גיי אַרונטער. מיין פוס ציט צו איינעם נאָכן צווייטן די שטיגן, אַרויס פונעם תהום. בלויז דאָס טרעפּל, אויף וועלכן איך שטעל אַוועק מיין פוס, עקזיסטירט אַ ווײַלע אין דער דיקקייט פון דער נאַכט, אין וועלכער איך זינק אַריין — און אויך די שאַרסטיקייט פון דער וואַנט, וואָס מיין האַנט

רירט אָן. דאָס איז נישט מער דער דורכזיכטיקער שאָטן פון דרויסן, אין וועלכן עס ציטערט נאָך די דערמאָנונג פון טאָג. ס׳איז גאָר פשוט די נאַכט, די וואָס איז געווען צום ערשטן, פאַר יעטוועדער ליכט און פאַר יעטוועדן געדאַנק. איך גיי אַרונטער, ווייט פון מענטשן, צו די פרידלעכע געגנטן, וואָס וועלן זיך עפענען אין איינעם אַ טאָג, כדי זיי אויפצונעמען. דאָרט וועלן זיי מער נישט מאַכן קיין טומל, וועלן מער נישט מורא האָבן, וועלן מער נישט פילן קיין ווייטאָג, וועלן מער נישט דאַרפן אויספילן זייער איינזאַמקייט. זיי וועלן זיין אויף זייער אָרט. אַ טיר עפנט זיך פאַר מיר אַזוי ווי מען וואָלט אויף מיר געוואַרט. איך לאָז זיך אַריין אין קאָרידאָר, וואָס איז ברייט ווי מיינע צוויי צעשפּרייטע אָרעמס. און אָט זענען די טירן. די ערשטע דריי זענען פאַרמאַכט. אָבער די פערטע ציט זיך צוריק אונטער מיין האַנט און איך ווייס, אַז עס קאָן אַנדערש נישט זיין. איך גיי אַריין אין אונדזער קעלער. איך גיי פאָרזיכטיק פאָרויס, מורא האָבנדיק, אַז דער שטח זאָל נישט זיין אָנגעוואָרפן מיט פרעמדע זאַכן. שריט נאָך שריט... און איך שטויס זיך אָן אָן עפּעס. מיינע הענט פרווון אַנטדעקן, באַגעגענען אַ היל־צערנעם צודעק, אַ לייכט פאַררונדיקטן, מעטאַלענע רינגען... זיי טאַפּן אַרום, ווילן זיך דערוויסן, פרעגן אויס די אייזנס, די טשוועקעס מיט גרויסע קעפּ און דער פאַרדאַכט, וואָס קומט אויף אין מיר, ווערט אַ זיכערקייט. דאָ, אין דעם חושך, איז צוריק אויפגעקומען דער גרויסער קופערט פון מיין ניאַנקע. איך דאַרף נישט אָנקומען צו מיינע אויגן, כדי אים צו דערקענען. ער איז פאַראַנקערט אין מיין זכרון מיט אַלע זיינע שאָרסטיקייטן, אַפילו מיט די קליינע קערנדלעך פונעם האָלץ, פון וועלכן ער איז געמאַכט. איך עפן אויף דעם דעקל און טו אַריין מיינע הענט טיף אינעווייניק. ער איז פוסט. דאַן מאַך איך אים צו און זעץ זיך אויף אים אַוועק. איך בלייב אַזוי זיצן, וואַרטנדיק, אפשר, איך זאָל ווערן צעשווומען אין דער פינצטער. כ׳בין מטומטם און אויסגעמאַטערט. אַ פיינלעך געפיל ציט מיך אַרויס פון מיין פאַרגליווערטקייט. איך צי זיך אויס, אַרומנעמענדיק דעם קופערט מיט מיינע אָרעמס, אַזוי ווי כ׳וואָלט געקענט דערשטיקן קעגן אים דעם ווייטאָג, וואָס שטיקט מיך אין מיין ברוסט און וואָס זוכט פאַר זיך אַן אויסגאַנג. איך הער ווי עמעצער זיפצט אין דעם פוסטן קופערט, עפּעס אַ שטיל זיפצן, וואָס

פרוווט זיך אַרויסרייסן דורך דעם צודעק. איך גיב מיר סוף כל סוף אָפּ אַ רעכענונג, אַז איך ווייַן עס. איך וויין. צום ערשטן מאָל, אַזוי ווי ס׳טוען אַנדערע, אַזוי ווי אַלע די, וואָס באַוויינען זייערע טויטע ביז דער וויטאָג צעברעכט זיך און צעשווימט אין די טרערן...

אַנטקעגן מיר הויבט זיך אויף אַ פינצטער געסל. מיינע פיס גליטשן אויף אייזיקער ערד. אפשר דערפאַר, ווייל ס׳איז אַזוי זייער לאַנג. דער באַרג־אַרויף ווערט אַלץ מער און מער משופּעדיק און דער סוף פון דער גאַס פאַר־לירט זיך אין אַ שאָטן, וואָס הערט נישט אויף זיך צוריקצוציִען. אַ קאַלטער ווינט קומט מיר אַנטקעגן, דער נאַכטיקער הימל נידערט אומברחמנותדיק אַרונטער, שטעלט זיך אָבער אָפּ ביים ראַנד פון די דעכער, אַזוי ווי אַ הענ־געגדיקע פינצטערע מאַסע, וואָס די גאַנצע מענטשלעכע אימה פאַרהאַלט אויף אַ ווייל, אויף אַ לעבנסדויער, איידער זי וועט ווערן צעשוווּמען. און דער ווינט, דער מאַניאַק, אַ געכאַפּטער אין אַ פּולאַפּקע, דערשטיקט זיך אין שמאָלן דורכגאַנג פון דער גאַס, ווו ער צעטרייסלט די טויטע פענצטער. איך ווייס נישט וווהין איך גיי. איך ווייס נישט וואָס עס דערוואַרט מיך ביים סוף. צו וואָס זיך אַזוי פיל אָנשטרענגען? ס׳וואָלט דאָך געווען אַזוי פּשוט זיך צו לאָזן פאַלן אויף דער ערד. דער שלאָף וואָלט זיכער געקומען... איך בין אַזוי מיד, אָבער אַ קול, וואָס מען דערהערט נישט, שרייט: פאָרויס! ביז וואַנען? ביז וואַנען? איין טריט, נאָך איינער און נאָך איינער, איך גיי פאָרויס... ביז וואַנען? איך וואָלט וועלן זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג פון וועג, וואָס כ׳האָב שוין אַדורכגעמאַכט... די גאַס אונטער מיר זינקט אַריין אין דער אומזיכערקייט פון שאָטן. צי וואָלט נישט געווען פאַרנונפטיקער זיך לאָזן אַראָפּפאַלן באַרג אַראָפּ, זיך לאָזן אַראָפּגליטשן ביז אונטן, אפשר אויף אייביק, אפשר כדי צו דערגרייכן דעם פּונקט, פון וועלכן אַלץ האָט זיך איין מאָל אָנגעהויבן, ווו מידקייט און ליידן האָבן אפשר קיין מאָל נישט עקזיס־טירט? „גיי פאָרויס!״ באַפעלט דאָס קול. איך דריי זיך אויס און באַמערק אַז כ׳בין נישט מער אַליין. פון דער וויטן נידערט אַראָפּ אַ געשטאַלט פון אַ מאַן און קומט מיר אַנטקעגן, און מאָדנע, נישט געקוקט אויפן אָפּשטאַנד, דערזע איך אין דער נאַכט אַ לאַנגן שוואַרצן רעקל און איבער אים אַ הוט. אָבער נישט קיין פּנים. אין דעם מאָמענט גיט מיר דער ווינט פון דאָס ניי

אַ האַסטיקן שטויס און וואַרפט מיך אום. ווען איך פּרוּוו זיך אויפהויבן, נאָגלט מיך אַן אומדערטרעגלעכער ווייטאָג אין פוס־געלענק צו דער ערד.

— ס׳טוט אייך ווי?, זאָגט אַ שטים.

ער שטייט צוויי טריט פון מיר, און אונטער זיין הוט באַוויַיז איך נאָך אַלץ נישט צו זען זיין פּנים. די פּאָלעס פון זיין לאַנגן שוואַרצן רעקל באַוועגן זיך פּאַמעלעך אין ווינט, וואָס זיין רוגזה האָט זיך, זעט אויס, איינגעשטילט. ער קומט צו נאָך נענטער, בויגט זיך איין און מיט איין האַנט אונטער מיינע פּלייצעס, מיט דער אַנדערער אונטער מיינע קני, הויבט ער מיך אויף אָן אָנשטרענג.

— איר זענט נישט בכוח צו גיין אַליין, גיט ער מיר צו פאַרשטיין.

ער שפּאַנט מיט אַ גלייכן טריט, גלייכגילטיק צו דער וואָג פון מיין קערפּער, און צו דער שאַרפער משופּעדיקייט פונעם וועג. איך גיב זיך אונטער דעם געַנוס פון נישט דאַרפן מער קעמפן, אָבער ביסלעכווייז פיל איך אַ מין אומבאַקוועמקייט און דערשלאָגנקייט. די לופט, וואָס דרינגט אַריין אין מיינע לונגען, טוט מיר ווי. מיט יעדער ווילע ווערט דער ווייטאָג שאַרפער. ער זעט אויס עס צו באַמערקן און זאָגט מיר:

— איר עטעמט צו שטאַרק.

— איך האָב תמיד אַזוי געעטעמט, זאָג איך, אַ דערשטוינטע.

— מעגלעך, אָבער איצט דאַרפט איר זיך אויסלערנען צו עטעמען אַנ־דערש: בלויז אַזוי פיל לופט, וויפל ס׳איז נויטיק, נישט דערשטיקט צו ווערן.

פלוצעם גיב איך מיר אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס איז ער, אַז דאָס איז זיין אָרעם וואָס דערשטיקט מיך, דער אומברחמנותדיקער דרוק פון זיין אָרעם אַרום מיין ברוסט. איך וויל זיך ראַנגלען, אָבער דער ווייטאָג ווערט נאָך מער צוגעשפּיצט. און דאָס זעלביקע גלייכגילטיקע קול גיט מיר אַן עצה:

— טוט ווי איך זאָג אייך, וועט איר ווייניקער ליידן.

איך פּרוּוו שרייען, רופן נאָך הילף, און איך קען בלויז אַרויסעטעמען אין אַ קרעכץ דאָס ביסעלע נישט גענוגנדיקע לופט, וואָס איך קען נאָך איינשלונגען.

— איר זענט נישט פאַרנונפטיק, זאָגט ער, צי זעט איר דען נישט, אַז איך וויל אייך העלפן?

אַ באַזיגטע, אַ פּאַריאושטע, באַמי איך זיך איינצוועטעמען קליינע ביסעלעך לופט, געגנוי דאָס, וואָס מען דאַרף צום לעבן, אַ זייער קליינע און באַשיידענע איינעטעמונג. און דער ווייטאָג ווערט שטילער, ווערט דער־טרעגלעך.

— אַנטשפּאַנט זיך, זאָגט דער מאַן, לענט זיך באַקוועמער אָן אָן מיר.

איך טו אַזוי ווי ער הייסט מיר. איך לאָז מיין קאָפּ ליגן אויף זיין פּלייצע. איך בין אים שוין כמעט דאַנקבאַר, וואָס ער שפּאָרט מיר איין די מידקייט פון גיין, פון קעמפן קעגן דעם ווינט. ער האָט זיך אונטערגענומען זיך צו פאַרנעמען מיט מיר, מיט מיין מידקייט. איך דאַרף זיך מער נישט שטעלן די פראַגע צי איך גיי אויפן ריכטיקן וועג. ער גייט שוין און טראַכט פאַר מיר. דערפאַר פאַרלאַנגט ער בלויז פון מיר, איך זאָל דיסקרעט עטעמען. כדי ס׳זאָל מיר זיין באַקוועמער, ווייל איך מיט מיין אָרעם אַרומ־נעמען זיין האַלדז. מיין אָרעם לעכערט אים דורך... איך טרעף אָן בלויז די ליידיקייט. און מיט איין מאָל גיט זיך דער הימל אַ וואַקל און באַגראָבט מיך אין די טיפענישן פון זיין חשכות.

איך בין נאָך אַלץ אין דער פינצטער, אויסגעצויגן אויפן קופערט. און איך זאָג צו זיך, אַז ס׳דאַרף זיך שוין אויפהויבן איינער פון די אומ־צאָליקע טעג, וואָס זענען מיר נאָך פאַרבליבן צו לעבן אויבן, אין דער הויך.